מאַרגאַרעט לאַרקין

# די זעקס טעג פון יד־מרדכי

ייִדיש: דוד שטאָקפיש



„יד־מרדכי" מוזיאון

געווידמעט

מיין ערשטן אייניקל גַ ל י ת

אַ געבוירענע אין יד־מרדכי

ד ע ר  א י ב ע ר ז ע צ ע ר



די לויף־טראַסע איז ניט באַשטימט
נאָר פאַר די מיט לאַנגע פיס.
און די שלאַכט איז ניט נאָר פאַר די
וואָס האָבן ביקסן מיט לאַנגע לופעס.

אומבאַקאַנטער, 1862

דער ענין פון דעם בוך איז קאַמף. אַ הייפל מענטשן, ערד־אַרבעטער, זענען געשטאַנען קעגן אַ סך און אַ דאַנק זייער האַלטונג און ווידערשטאַנד, צוגעשמידט צו זיך אַ מצרישן כוח אין דער גרייס פון אַ דיוויזיע און אַזוי אַרום אָפּגעווענדעט די קראַפט פון שונאס דרוק אויף אַנדערע ישובים.

געווען עטלעכע עטאַפּן אין די אַטאַקעס, געצילט קעגן דעם יידישן ישוב אין דרום־טייל פון ארץ־ישראל — צום ערשט שעדיקן די וואַסער־קוואַלן און די רערן, דערנאָך פאַרצוימען די וועגן וועלכע האָבן פאַרבונדן די יידישע ישובים, און צום סוף — זיי אַטאַקירן און שטורעמען.

מיט קלאָרן באַוווסטזיין און פעסטן גלויבן, האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי זיך געגרייט צו דער שלאַכט, אין וועלכער ווינציקע זענען געשטאַנען קעגן אַ סך. זעקס טעג האָט געדויערט דער ווידערשטאַנד פון די ווייניקע, זעקס טעג און זעקס נעכט, ביז ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז זיי וועלן ניט קענען ממשיך זיין און בלייבן אין זייער ישוב. דעריבער האָבן זיי גענומען מיט זיך די פאַרוווּנדעטע, פאַרלאָזט דאָס אָרט און אַריבער אין אַ צווייטן ישוב, כדי שטאַרקן זייערע כוחות און פונדאַסניי דעראָבערן זייער באָדן, וועלכן מ'האָט אָקערשט פאַרלאָרן.

אַזאַ איז די דערציילונג פון יד־מרדכי און זיינע מענטשן אין דער תקופה פון דער באַפרייונגס־מלחמה. דאָס בוך אַנטפּלעקט אַ קאַפּיטל מוט און איבערגעגעבנקייט, וואָס האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן און אַזוי טייער געמאַכט די ישראלדיקע ישובים פאַר דער יונגער און זיך באַנייענדיקער מדינה.

חיים לאַסקאָוו, רב-אלוף

# פאָרוואָרט פון דער אויטאָרין

די מענטשן פון יד־מרדכי
די חלוצים וואָס האָבן געגרינדעט און געקעמפט,
די נייע עולים וועלכע האָבן געהאָלפן פונדאַסניי בויען דעם פונקט,
די יוגנטלעכע וואָס וועלן פאָרזעצן די אַרבעט —

איז געווידמעט דאָס דאָזיקע בוך

ווען מ׳האָט מיך פאַרבעטן צו קומען קיין יד־מרדכי און שרייבן די דערציילונג אויפן אָרט, איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו העלפן אין דער אַרבעט. אירע מיטגלידער: יהושע קציר, איבערזעצער; אליהו רייכער, דער גערטנער און ביבליאָטעקאַר, וועלכער האָט בעת מיין ערשטן באַזוך אין קיבוץ אין יאָר 1959, דערציילט וועגן די קאַמפן וואָס האָבן זיך געפירט פון ישוב: שאול מירבערג, געוועזענער מוכטאַר און מיטגליד פון דער זיכערקייט־קאָמיסיע פון קיבוץ: עזרא ריבליס, זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר פון אָרטיקן ביולעטין און פאַרוואַלטער פון אַרכיוו פון יד־מרדכי; גרשון גבעוני, לייטער פון דער שול אין קיבוץ און משה כרמי, סעקרעטאַר פון קיבוץ. מיין דאַנק די אַלע וואָס האָבן מיר פיל געהאָלפן אין דער אַרבעט. צווישן די בין איך פאַרפליכטעט באַזונדערס אונטער־צושטרייכן די הילף פון „שיקע" קציר. כ׳האָב געשמועסט מיט מענטשן, וואָס זייער שפּראַך, קולטור און רעליגיע זענען ניט מיינע. טיילמאָל האָב איך פון זיי פאַרלאַנגט דערינערונגען, וואָס האָבן זיי אָפּט ווי געטאָן און אַריינגעבראַכט אין אַ שלעכטער שטימונג. דער אייגנאַרטיקער צוגאַנג פון שיקען און זיין האַרציקייט כלפי מיר און כלפי די מיט וועלכע כ׳האָב געשמועסט, האָבן אונדז געהאָלפן זיך דערנענטערן. אויף דער געזעגענונגס־מסיבה, וועלכע דער קיבוץ האָט לכבוד מיר איינגעאָרדנט אין יאָר 1960, האָט ער געזאָגט, אַז „ווען מיר האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט, איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי וועט זיך ענדיקן דאָס שרייבן דעם ספר". און אויב כ׳האָב מצליח געווען מיט דעם בוך, דאַרף איך אים זיין דערפאַר דאַנקבאַר.

מרים באַטלהיים פון דערבייקן קיבוץ זיקים האָט פאַר מיר איבער־געזעצט די דערציילונגען פון די קיבוץ־חברים און זיי אויפגענומען אויף אַ טייפּ־רעקאָרדער און אויך איבערגעזעצט פאַר מיינעטוועגן פיל דאָקומענטן. איר באַגייסטערונג און ענערגיע זענען פאַר מיר געווען אַ גרויסע הילף.

גאָלדע כרמי האָט געצייכנט די מאַפּעס, כ׳זאָל זיך אָריענטירן אין די איינצלהייטן און גאַנג פֿון די שלאַכטן.

איך דאַנק אויך מיין פריינד ד״ר א. פרענקעל, לייטער פֿון דער פֿאָרש־אָפּטיילונג פֿונעם רעגירונגס־פרעסע־ביוראָ, פֿאַר זיין הילף און דערמוטיקונג. באַזונדערס שאַץ איך אָפּ זיין פּינקטלעכקייט און קפדנות ביים קאָנטראָלירן פֿאַרשידענע פּרטים.

אומקערנדיק זיך קיין ישראל אין יאָר 1962 מיט די ערשטע סקיצן פֿון דעם דאָזיקן בוך, איז מיר דערלאַנגט געוואָרן הילף און אַ טרייע עצה פֿון דריי מיליטער־לייט: רב־אלוף לאַסקאָוו, שמעון אבידן — געוועזענער שעף־פֿון דער „גבעתי״־דיוויזיע, און סגן־אלוף גרשון ריבלין. מעגלעך, אַז אין מיין בוך וועלן זיך אַנטפּלעקן עטלעכע טעותים — איז דאָס ניט זייער שולד. איך בין אַלעמען דאַנקבאַר פֿאַר דער הילף און ווערטפֿולער און העפֿלעכער קריטיק.

מיין טיפֿסטן דאַנק די פֿינף־און־פֿופֿציק פּרויען און מענער — די באַטייליקטע אין די שלאַכטן — וועלכע האָבן געטיילט מיט מיר זייערע זכרונות און דערפֿאַרונגען. אַ גרוס און אַ דאַנק פֿאַר די צוויי קאָמענדאַנטן פֿון פּונקט.

דאָס האָבן די מענטשן פֿון יד־מרדכי פֿאַרלאַנגט, אַז די נעמען וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם בוך, זאָלן זיין אויסגעטראַכטע. אויסער דעם, האָב איך דאָ איבערגעגעבן זייער סיפור־המעשה, ווי זיי האָבן אים מיר דערציילט.

מאַרגאַרעט לאַרקין

מעקסיקאָ-סיטי, מאַי 1963.

# 1

# בראשית...

דער קיבוץ יד־מרדכי, וואָס איצט איז געוואָרן 20 יאָר זינט זיין באַזעצן זיך אויפן אָרט, געפינט זיך איין קילאָמעטער צפונדיק פון עזה־פּאַס. צוליב זיין געאָגראַפישער לאַגע, איז דער קיבוץ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַכט־פעלד. ליגנדיק אויפן הויפּט־שאָסיי וואָס פירט צפונדיק קיין תל־אביב, האָט ער אין באַפרייונגס־קריג אויסגעטראָגן די פולע לאַסט פון די אַטאַקעס פון די מצרישע כוחות, וועלכע זענען אַריינגעדרונגען אין לאַנד. פון געשיכטע־שטאַנדפונקט פון דער באַפרייונגס־מלחמה, איז די שלאַכט, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי יד־מרדכי, געווען ניט מער ווי אַ קליינער צוזאַמענשטויס. פיל מערער מענטשן זענען געווען באַטייליקט אין די קאַמפן וואָס האָבן זיך געפירט אין אַנדערע ערטער פון לאַנד; געווען ישובים, וואָס די צייט פון זייער באַלאַגערונג האָט זיך געצויגן פיל לענגער; אין דער דאָזיקער קורצער און אַכזריותדיקער תקופה, האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַנדערע שלאַכטן, אין וועלכע די קעמפּפערס זענען מיט זייער געוואַגטקייט און גבורה ניט אָפּגעשטאַנען פון די פאַרטיידיקערס פון יד־מרדכי. נאָר די פאַרטיידיקונג פון יד־מרדכי האָט געהאַט אַ חשיבות, וועלכע איז דעמאָלט נאָך ניט אָפּגעשאַצט געוואָרן אין דער פולער מאָס לויט איר טיפער מיליטעריש און פאָליטישער באַדייטונג.

אין אָנהייב איז יד־מרדכי ניט אויפגעשטעלט געוואָרן אין נגב און אויך ניט געטראָגן דעם נאָמען. ער איז אַלס קליינער ישוב לעבן נתניה געגרינדעט געוואָרן דורך צוויי גרופּעס חלוצים פון פוילן, מיטגלידער פון „השומר הצעיר". איין גרופּע איז געקומען פון וואָלין און שלעזיע און די צווייטע — פון גאַליציע. ווייל אַ העלפט פון זייערע חברים האָבן זיך נאָך געפונען אין פוילן אויף הכשרה, האָט יעדער גרופּע באַזונדער ניט געהאַט גענוג כוח אליין אויפצושטעלן אַ קיבוץ. דעריבער האָבן זיך ביידע קבוצות צוזאַמענגעגאָסן, מיט דער האָפענונג צו שטאַרקן דעם כוח, ווען די אַנדערע חברים וועט געלינגען עולה צו זיין אין היימלאַנד. זייער קאָלאָניזאַציע־פּונקט האָבן זיי אָנגערופן מצפּה־הים. פון דעם פּונקט, אַזוי האָבן זיי געמיינט, וועלן זיי

קענען אויסקוקן דאָס אָנקומען פון זייערע חברים פון יענער זייט ים.

אין יענע טעג האָבן אַלע יונגע קיבוצים געליטן נויט און דחקות — און מצפּה־הים איז פון דעם שטאַנדפּונקט ניט געווען אַנדערש. צום ערשט האָבן די חברים געוווינט אין געצלטן און אַ פּאַרלאָזט פּאַק־הויז פון אַ פּרדס האָט זיי געדינט אַלס עס־זאַל. די איינציקע אַרבעט, וועלכע די קיבוץ־חברים האָבן באַקומען, איז געווען ביים אַראָפּנעמען די מאַראַנצן פון די ביימער. די מענער האָבן געריסן די פּרוכט פון די ביימער, בעת די פרויען זענען געווען באַשעפטיקט אין פּאַק־הויז ביים סאָרטירן. די דאָזיקע אַרבעטן זענען בדרך־כלל געטאָן געוואָרן דורך אַראַבער, דעריבער איז דער לוין פאַר זיי געווען אַ נידעריקער. די מענער האָבן פאַרדינט 20 גרוש אַ טאָג און די פרויען — 17 און אַ האַלבן גרוש.

די חברים פון מצפּה־הים האָבן זיך באַמיט צו שפּאָרן פון זייער מויל, כדי זיך איינשאַפן אויסשטאַטונג, אַרבעטס־בהמות און באַמיסטיקונג אויף צו אַנטוויקלען די 16 דונאַם באָדן וואָס זענען געווען אין זייער רשות. זיי אַליין האָבן פאַר זיך באַשטימט צוויי־דריי גרוש אַ טאָג אויף עסן און איינער פון די חברים האָט זיך אַפילו געוויצלט, אַז „דאָס עסן איז גורם דערצו, אַז מיר זאָלן בלייבן אָרעמעליים". ביזן היינטיקן טאָג, ווען דער באַשפּייזונגס־בודזשעט איז פאַרגרעסערט געוואָרן צענפאַכיק און מערער, האָבן די קיבוץ־חברים ליב צו דערמאָנען די רייד פון יענעם חבר, וואָס גיט זיי אַ דערינערונג פון זייערע ערשטע טעג אין לאַנד.

„די פּוטער דאַרף מען שמירן גאָר דינינקע, אַז ס׳זאָל אויסזען ווי דער פּענעק ברויט שוויצט" — פלעגט לאה די קעכין געבן אָנווייזונגען אירע געהילפינס. פליש האָט געקאָסט טייער און דעריבער פלעגט עס בלויז איינמאָל אין חודש זיך באַווייזן אויף די טישן פון די חברים, דערצו נאָך — פון נידעריקער קוואַליטעט. פון דער אַנדערער זייט אָבער, זענען פּרוכטן געווען ביליק; לאה פלעגט די פּרוכטן טיילן מיט אַ ברייטער האַנט — און די חברים פלעגן זיך בונטעווען און באַמערקן, אַז מע דאַרף טוישן דעם נאָמען פון זייער ישוב אויף „קיבוץ קאָמפּאָט". דער בודזשעט האָט ניט דערלויבט דעם לוקסוס פון געבן אַ גאַנץ איי אַ נפש, פלעגט מען דעריבער אויסקאָכן די אייער אויף האַרט אָדער פון די פאַרגרייטן אַן אייערשפּייז, כדי יעדן דערלאַנגען אַ האַלבע פּאָרציע. דאָס בצימצומדיקע עסן איז געוואָרן קענטיק ביי די חברים, וועלכע האָבן צען שעה אין טאָג געאַרבעט אונטער דער גליענדיקער זון און גאָר שנעל האָט מען ביי זיי אַנטדעקט סימנים פון שוואַכקייט און שלעכטן געזונט־צושטאַנד. פיל האָבן געליטן פון שרעקלעכע געשווירן, אָבער קיינעם איז ניט איינגעפאַלן, אַז די שלעכטע דערנערונג איז די הויפּט־סיבה פון זייערע ליידן. געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן געליטן

פון זונשלאַג און דיזענטעריע. אויך סקאָרבוט געהערט צו די קראַנקייטן פון וועלכע זיי האָבן געליטן. דאָס שלעכטע עסן און דער מאַנגל אין געלט, וואָס האָט ניט דערמעגלעכט צו היילן זיך ביים דענטיסט, האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אין די ציינער פון די חברים. טיילמאָל האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט קענען אַקלימאַטיזירן אין לאַנד און אויסהאַלטן ביי דער אַרבעט אין די זאַמדן פון נתניה. זיי האָבן זיך אָבער פאַרעקשנט און געפּלייסט אין דער אויפגאַבע. ניט כדי צו קאַפּיטולירן פאַר שוועריקייטן זענען זיי געקומען פון אַזאַ ווייטן מרחק און אַזוי שווער געליטן.

דינה, די אַרבעט־פאַרטיילערין, פלעגט שטענדיק זיך יאָגן נאָך בעסער באַצאָלטע אַרבעטס־פּלעצער. אין יענער צייט האָט מען געפּלאַסטערט אַ נייעם שאָסיי צווישן תל־אביב און חיפה. דאָס איז געווען אַ קאַטאָרזשנע און שמוציקע אַרבעט — צעקלאַפּן שטיינדלעך און אַספאַלטירן, אָבער מענער, ווי פּרויען, זענען געלאָפן צו דער דאָזיקער אַרבעט. געווען חברטעס, וועלכע זענען אַוועק צו הויז־ווירטשאַפט, אַנדערע האָבן געאַרבעט אַלס וועשינס אָדער בייערינס. צווישן אַנדערע, האָבן די קיבוץ־חברים זיך באַשעפטיקט מיט דער „שטיק־אַרבעט" פון אַרויסרייסן טשעוועקעס פון ברעטער וואָס מ'האָט גענוצט ביים בוי. בעלקעס און ברעטער צום בויען זענען אין ארץ־ישראל געווען אַ יקר־המציאות, און די בוי־אונטערנעמער האָבן זיך ניט דערלויבט צו קויפן נייע ברעטער צו שטעלן רושטאָוואַניעס, נאָר פלעגן זיך אַלעמאָל באַנוצן מיט די אַלטע.

ביסלעכווייז האָבן די חברים זיך אויסגעלערנט פאַרשידענע אַרבעטן. עטלעכע פון זיי האָבן באַהערשט די מלאכה פון באַקן ברויט און גאָר שנעל האָבן זיי אין נתניה אויפגעשטעלט אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקריי. אַנדערע זענען געוואָרן בוי־אַרבעטער.

„אַז מיר זענען געקומען קיין נתניה, איז דאָס געווען אַ שטאָט פון באַראַקן. און אַז מיר האָבן זי פאַרלאָזט, האָט זי אָנגעהויבן ווערן אַ שטאָט, געבויט פון צעמענט און ציגל" — האָבן מיר געזאָגט אייניקע פון די ערשטע קיבוץ־חברים, וועלכע כ'האָב גענומען מיט זיך אויף אַ באַזוך צו יענעם אָרט, ווו ס'איז בשעתו אויפגעשטעלט געוואָרן דער קיבוץ מצפּה־הים. בעת דעם באַזוך האָבן זיי מיר אָנגעוויזן אויף די אַלע געביידעס, וועלכע זיי האָבן אויפגעבויט מיט זייער פּראַצע — די שטאָט־פאַרוואַלטונג, קינאָ־זאַל, אַמטן און וווינהייזער. שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן פון אַ מאָדערנער שטאָט, איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן אין דער פאַנטאַזיע דאָס בילד פון אַ קליין שטעטל, אַ שמוציקס און אָפּגעלאָזטס, ווי זיי האָבן עס מיר געשילדערט.

עס איז אַדורך אַ שטיקל צייט און די מענטשן פון מצפּה־הים האָבן אויפגעשטעלט אַ קליינע ווירטשאַפט. דער גרינוואַרג־גאָרטן איז זיך פּרעכטיק

צעוואָקסן, מען האָט זיך פאַרשאַפט עטלעכע קי און עופות און מען האָט אַפילו אָנגעהויבן אויפשטעלן אַ בינשטאָק. די שלאַנקע און העל־האָריקע פּאַניע, וועלכע האָט זיך אויסגעלערנט פלעגן בלומען־גערטנדלעך אין אייגעם פון די אַרבעטערינס־ווירטשאַפטן, איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאַראַנטוואָרט־לעכע צו אַנטוויקלען די באַשיינונגס־גערטנדלעך פון קיבוץ. אויף דעם עטוואָס מטושטשדיקן בילד פון מצפּה־הים פון יענע טעג, קען מען אונטערשיידן גראָז־פּלאַנטן, אַלייען און אַ קוסטן־צוים, און דאָס ממש אין האַרץ פון די זאַמד־דיונעס, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דאָס אָרט.

אַזוי ווי לויט די אָנשווינגען פון דער באַוועגונג „השומר הצעיר”, דאַרף יעדער קיבוץ אויסהאַלטן מיט אייגענע כּוחות די זעלבסט־באַדינונגען, האָט מען אויפגעשטעלט אַ נייעריי, אַ וועשעריי, אַ רימעריי, שלאָסעריי און סטאָלעריי. אַז דער קיבוץ האָט געהאַט אַ גוטן סעזאָן פון אוגערקעס, האָט ער אויפן אָרט געגרינדעט אַ קליינע אונטערנעמונג צו קאָנסערווירן גרינ־וואַרג. אַזוי איז פאַרלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר אַ פאַבריק צו קאָנסערווירן פרוכטן און גרינוואַרג, וועלכע פּראָדוצירט היינט איבער אַ מיליאָן קאָנסערוון־פּושקעס אַ יאָר.

נאָך אַ צווייג וועלכן דער קיבוץ האָט אַנטוויקלט, איז געווען דער פיש־פאַנג. אין יענע טעג איז די צאָל יידישע פישערס געווען גאָר אַ קליינע. דעריבער האָט מען אין מצפּה־הים באַשלאָסן צוצוגרייטן פישערס. ווי ביי יעדן לעבנסוויכטיקן ענין וואָס האָט באַדאַרפט לייגן זיין שטעמפּל אויפן לעבן פון קיבוץ, איז אויך דער דאָזיקער באַשלוס ניט אַדורך אָן שטורמישע דיסקוסיעס. טוביה רייך, וועלכער איז שפּעטער געווען איינער פון די קאָמענ־דאַנטן פון יד־מרדכי בעת די קאַמפן, האָט מיר דערציילט וועגן דעם געראַנגל וואָס האָט זיך געפירט בנוגע דעם פּלאַן צו אַנטוויקלען דעם פישפאַנג. שמועסנדיק מיט מיר וועגן דעם, האָבן זיינע בלויע אויגן געגלאַנצט און דאָס ברוינע פּנים — געשמייכלט; הגם יענער שטורמישער וויכוח האָט זיך געפירט מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

טוביה האָט מיר אויפגעקלערט, אַז דעמאָלט איז פישפאַנג נאָך נישט געווען קיין געוויינלעכע באַשעפטיקונג, און דערפאַר האָט מען אין דער אַרבעטס־פאַרטיילונג ניט באַשטימט דערצו קיין אַרבעטער, ווי צו אַנדערע באַשעפטיקונגען און צו דער אַרבעט איז מען געגאַנגען פרייוויליק. נאָר אַזוי, ווי זייער צאָל איז געווען צו גרויס, האָט מען פון זיי אויסגעקליבן קאַנדי־דאַטן צו פישפאַנג.

„נאָך יענער זיצונג זענען צו מיר צוגעקומען פיל חברים און פּרובירט טרייסטן וואָס כ׳בין נישט באַשטימט געוואָרן צום פישפאַנג. זיי האָבן אַפילו

אונטערגעשטראָכן, אַז פּערזענלעך זענען זיי גאָרניט אויסן געווען מיטן ניט אויסקלייבן מיך״ — האָט טוביה דערציילט מיט געצוימטן כעס, צוליב דער אַמאָליקער אַנטוישונג. „זיי האָבן דערקלערט דעם ענין מיט דער טענה, אַז מען דאַרף איינהאַלטן פּולשטענדיקע גלייכגעוויכט צווישןביידע גרופּעס, פון וועלכע דער קיבוץ איז צונויפגעשטעלט. פון דער גרופּע גאַליציאַנער זענען געווען צופיל פּריוויליקע און דעריבער האָבן די חברים געמוזט אויס־קלייבן וועמען פון די לובלינער, דערפאַר האָט מען מיך ניט אויסגעוויילט. ביידע גרופּעס האָבן זיך נאָך ניט באַטראַכט ווי איין גאַנצקייט; זייער צוגע־בונדנקייט צו די באַזונדערע הכשרה־פּונקטן אין פּוילן איז נאָך געווען אַ געגנוג שטאַרקע. ערשט מיטן שטעלן די ערשטע חופּות, האָבן די חברים מצליח געווען גובר צו זיין די קליינלעכע חשבונות.

אָבער צום סוף, איז טוביה, טראָץ אַלעמען, געקומען צום ים און צום פישפאַנג. איין חבר פון דער צווייטער גרופּע האָט חרטה באַקומען און געבעטן טוביה ער זאָל איבערנעמען זיין אָרט. „צומערשט האָב איך גע־טענהט, אַז כ׳וועל בשום אופן ניט גיין צום ים און דאָס אַלץ צוליב מיין קעגנערשאַפט צו יענעם גאַנצן סיסטעם פון אויסקלייבן״ — האָט טוביה דערקלערט אין אַ ברוגזלעכן טאָן — „כ׳האָב ניט געקענט מסכים זיין מיטן דאָזיקן געדאַנקען־גאַנג. און נאָך היינט מיין איך, אַז ניט דאָס איז דער וועג, מיט וועלכן מען האָט דעמאָלט געדאַרפט גיין. נאָר עטלעכע חברים האָבן מיך אַזוי לאַנג צוגערעדט, ביז כ׳האָב צום סוף מסכים געווען זיך אָנצושליסן אין דער גרופּע פישערס״.

גאָר שנעל איז דער ים געוואָרן אַ גאַנצע וועלט פאַר די מענטשן, אָפּ־שטאַמיקע פון פּוילן, וועלכע זענען דערפון געווען אַזוי ווייט אַלע זייערע יאָרן. אומקערנדיק זיך פון ים, האָבן די פישערס געבראַכט אַ סך פאַרשי־דענע און משונהדיקע אונטערוואַסער־באַשעפענישן און אַ רייכן אויסוואַל פון וואַסער־געוויקסן און ים־פלאַנצונגען — אָבער דער שלל פיש איז געווען אַ קליינער. זיי האָבן זיך אַפילו אַוועקגעלאָזט אויף ווייטערע ערטער אין צפון, און איינע פון די מיידלעך איז צוגעטיילט געוואָרן צו די פישערס, כדי זיי גרייטן עסן און אין דער פרייער צייט פאַרריכטן די נעצן. אָבער טראָץ דעם וואָס זיי האָבן ווייט געוואַנדערט, דערגאַנגען אַפילו צום סועץ־קאַנאַל און פון דאָרט צום ים־סוף, האָט זיי דער ים ניט געגליקט — און דער פאַנג איז געווען אַ נעבעכדיקער.

מיט דער צייט זענען די וווין־באַדינגונגען פון די חברים בעסער געוואָרן. די מענטשן האָבן נאָך אַלץ געוווינט אין באַראַקן און אין געלטן און דער טוש מיט די באַקוועמלעכקייטן זענען נאָך געווען אַלגעמיינע, אָבער דער אויפגעבויטער עס־זאַל האָט זיי שוין געדינט פאַר די מאָלצייטן און אויף

אָפּצוהאַלטן פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענטרעפן. די קיבוץ־חברים גופא האָבן אויפגעבויט דעם עס־זאַל. דער הויכער און שמייכלדיקער רפאל רודער האָט דערציילט, ווי שווער ס׳איז געווען די דאָזיקע אַרבעט. „דער קיבוץ איז געלעגן ממש אויפן ברעג פון ים און ניט געווען צו אים קיין שום וועג פאַר אַ לאַסט־אויטאָ. מיר האָבן געמוזט אַרבעטן אין די נעכט און ברענגען אין קיבוץ דעם בוי־מאַטעריאַל דורך אַ מענטשן־קייט. איינער פון די חברים איז געשטאַנען ביים עק וועג, האַלטנדיק אין האַנט אַ געזאַלין־לאַמטערן און דערלאַנגט דאָס ברעט זיין נאָענטסטן שכן. און אַזוי זענען פון איינעם צום צווייטן איבערגעגאַנגען די ברעטער און מאַטעריאַלן, ביז זיי זענען דערגאַנגען צום צווייטן עק וועג — אין קיבוץ אַריין. טיילמאָל פלעגן מיר אַרבעטן ביז האַלבער נאַכט, כדי צוצושטעלן די בוי־מאַטעריאַלן פאַר די וואָס וועלן אַרבעטן די אַנדערע נאַכט״.

אין יאָר 1938 האָט אין מצפה־הים און אין דערבייִקע ישובים, זיך אָנגעהויבן פירן אַ טעטיקייט, וועלכער טויזנטער ישראלים האָבן אַ סך צו פאַרדאַנקען. אין רעזולטאַט פון די בלוטיקע געשעענישן וועלכע זענען אויסגעבראָכן אין 1936, האָט ענגלאַנד אָנגעהויבן פאַרקלענערן דעם עליה־קאָנטינגענט, ווייל זי איז געווען עמפינדלעך צו די פאָדערונגען פון די אַראַבער, די הערשער איבערן נאָפט. ניט געקוקט אויף דעם וואָס צענדליקער טויזנטער יידן פון נאַצי־דייטשלאַנד און פון די מזרח־אייראָפּעישע לענדער האָבן געקלאַפּט אין די טויערן פון לאַנד, האָט די בריטישע מאַכט צוגעטיילט אין יאָר 1938 בלויז 12.868 סערטיפיקאַטן. יענעם יאָר זענען אומלעגאַל געקומען אין לאַנד אַריין 14.675 יידן. די אומלעגאַלע עליה קיין ארץ־ישראל האָט דעמאָלט זיך געפירט אין די סאַמע שווערסטע באַדינגונגען. קאַפּיטאַנען פון אַלטפּרענקישע שיפן, אין וועלכע מ׳האָט געפירט קוילן, האָבן געוווּסט ווי אויסצונוצן די לאַגע פון די הילפלאָזע פליטים און געפאָדערט גרויסע סומען געלט פאַרן איבערפירן זיי, און דאָס נאָך דעם, ווי יענע האָבן מיט ניט קליינע אָנשטרענגונגען זיך דערשלאָגן צו די פּאָרטן פון איטאַליע און גריכנלאַנד. אין יאָר 1937 איז געשאַפן געוואָרן דער „המוסד לעליה ב׳״, כדי צו אָרגאַניזירן, אין מענטשלעכע באַדינגונגען, דאָס אַריינברענגען די מעפילים אין לאַנד. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט אויסגעקליבן מצפה־הים ווי איינעם פון די דריי פונקטן לענגאויס דעם ים־ברעג, וווּ עס וועלן לאַנדן די נייע עולים.

איצט איז דער קיבוץ, אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן „אָבסערוואַציע־טורעם צום ים״. ליכט אין די פענצטער אין דער ריכטונג צום ים, האָבן געדינט אַלס סיגנאַליזאַציע־צייכנס פאַר די מענטשן פון דער עליה ב׳. אַ געוויסע באַלייכטונג איז געווען באַשטימט פאַר די „הגנה״־מענטשן צו אַלאַרמירן זיי, אַז בריטישע וואַכן דרייען זיך

אַרום נאָענט פון אָרט; אַן אַנדערער ליכט־סיגנאַל האָט אָנגעזאָגט, אַז ס'איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן ווייטער אָנצוגיין מיט דער אַרבעט.

דער פעלזיקער ברעג פון נתניה און דאָס פעלן פון אַ וועלכער ס'איז בוכטע, האָבן געפאָדערט אַ ספּעציעלע אַקציע אויף איבערצופירן די עולים פון די שיפן אויפן ברעג. די גרופּע פישערס זענען שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסגעצייכנטן קאָמפּליאַזש פאַר דער דאָזיקער מלאכה. טוביה און אַנדערע פלעגן די רעטונגס־שיפלעך פון די שיפן לענקן ביז די ניט־טיפע וואַסערן ביים ברעג און דאָרט זענען די עולים אויפגענומען געוואָרן דורך אַנדערע מענטשן, וועלכע האָבן זיי גענומען אויף די אַקסלען און געטראָגן ביז דער יבשה. אַ דריטע גרופּע האָט די געקומענע אָוועקגעפירט באַרג אַרויף דער פעלזן־וואַנט, ביזן נאָענטן פּרדס, ווו ס'האָבן געוואַרט לאַסט־אויטאָס, וועלכע האָבן די אומלעגאַלע עולים צעפירט אין אַנדערע ישובים אין דער געגנט און דאָרט האָט מען זיי שוין באַזאָרגט מיט אַנטשפּרעכנדיקע דאָקומענטן.

דער דאָזיקער פּרדס, וועלכער פלעגט אין רוב פאַלן אויסגענוצט ווערן, האָט געהערט צו אַ פּריוואַטן מענטש. ער ווידער, האָט זיך געשמאָלצן פאַר נחת, אַז ער פלעגט אַריינשטעקן אין די עולימס הענט פרישע פּרוכט און זאָגן מיט הייטערקייט: „עסט קינדערלעך, עסט!". „די נייע עולים האָבן געמיינט, אַז זיי זענען אָנגעקומען אין גן־עדן, ווען מ'האָט זיי געשטופּט אין די הענט אַריין אַזוי פיל מאַראַנצן" — האָט מיר דערציילט לאה. „און איר ווייסט, י. ל. פּרץ האָט אין איינער פון זיינע קורצע דערציילונגען וועגן לעבן אין גלות געשריבן: „ווער קען האָבן אַ מאַראַנץ? איין מאַראַנץ איז באַשטימט פאַר דער גאַנצער משפּחה".

דאָס באַשעפטיקן זיך מיט אומלעגאַלע עולים, האָט געדראָט מיט סכנות־נפשות, ווייל די ענגלישע פּאַטרולן פלעגן אַרעסטירן יעדן פאַרדעכטיקטן אין העלפן דער דאָזיקער עליה. דעריבער האָבן אַזעלכע אַקציעס געפאָדערט אַ סך סודותדיקייט און פאָרזיכטיקייט. דער הויכוווקסיקער דאָרפמאַן איז בדרך כלל געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן דערלאַנגען די ערשטע הילף די אומלעגאַלע עולים, ווען נייטיק, אָבער אַן אַנדערש מאָל איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער איבערצופירן די עולים אין דערבייַיקן פּרדס.

„דאָס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט", דערמאָנט זיך לייב. „און ווען דער רוב עולים האָבן זיך געפונען אין דער הייך, ביי דער פעלזן־וואַנט, האָב איך פּלוצים דערהערט אַ מיר גוט באַקאַנט קול. באַלד איז עמעץ אויף מיר אַרויפגעפאַלן און געגרופן „ברודער, מיין ברודער".

זיבעט עטלעכע חדשים האָב איך געוואַרט אויף מיין ברודערס אָנקומען און מיט אַמאָל — אָט איז ער דאָ. איך בין אָבער אַזוי געווען איבערגענומען מיט מיין אויפגאַבע, אַז כ'האָב אים באַרויקט: „שטיל, קיין וואָרט". דעם עולה איז

שווער געווען צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס זיין ברודער, אייגן בלוט און פֿלייש, שטויסט אים פֿון זיך אָפּ, בעמט אים ניט אויף מיט אָפֿענע אָרעמס. דאַקעגן מיר, פֿון צופֿיל איבערלעבונג, איז ניט איינגעפֿאַלן, אַז כ׳קען אים אויסבאַ־האַלטן אין אונדזער קיבוץ. איך האָב אים געשיקט ווייטער מיט די אַנדערע און עס זענען דערנאָך פֿאַריבער אַ סך טעג, ביז מיר איז געלונגען אויסצוגע־פֿינען זיין אָרט. ער האָט ניט געוווּסט אויף וועלכן פּלאַץ מ׳האָט אים אַרויס־געזעצט פֿון שיפֿל און איך האָב ניט געוווּסט ווו מ׳האָט אים באַהאַלטן".

אָפּטמאָל פֿלעגן די שיפֿן ניט קומען צו דער באַשטימטער צייט. אין אַזאַ פֿאַל האָט מען באַדאַרפֿט פֿונאַנדערלאָזן דעם גאַנצן אַפּאַראַט וואָס איז גע־שטעלט געוואָרן אין רשות פֿון דער עליה — די שיפֿלעך־פֿירערס, שאָפֿערן און אַנדערע. די אַלע פֿלעגן ניט וויניק זיך אַנטווישן צוליבן נוצלאָזן וואַרטן און פּרובירט אַריינכאַפּן עטלעכע שעה שלאָף פֿאַרן אַרויסגיין צוזאַמענס צו זייערע נאָרמאַלע באַשעפֿטיקונגען. אָבער זייער מידקייט איז גלייך פֿאַר־שוווּנדן, ווי נאָר די מעפּילים זענען געקומען, און אַלע האָבן געהאָרעוועט, כדי זיי אַוועקפֿירן וואָס ווייטער פֿון ברעג.

און ווי גרויס איז געווען די פֿרייד פֿון די מענטשן פֿון מִצפּה־הַיַם, ווען די חברים פֿון זייער קיבוץ פֿון פּוילן זענען פֿון די רעטונגס־שיפֿלעך גלייך אַריינגעפֿאַלן אין זייערע אָרעמס! אויף שנעל זענען די עולים באַהאַלטן גע־וואָרן אין הויז פֿון קיבוץ, ביז מ׳האָט געקענט פֿייערן די פֿרייד פֿון ווידער־פֿאַראייניקונג. אויף דעם וועג זענען געקומען שמאי, זלמן און דוביק, דעם זיבעטן טאָג פּסח 1938. אין משך פֿון יאָרן פֿלעגן זיי אין דער סדר־נאַכט זיך טיילן מיט זכרונות פֿון יענער נאַכט, ווען די בחורים זענען געקומען אין לאַנד אַריין. איצט זענען פֿון זיי געבליבן נאָר צוויי צו דערמאָנען יענע געשעענישן, ווייל דוביק איז געפֿאַלן אין באַפֿרייונגס־קריג.

די ענגלענדער האָבן אויסגעצייכנט געוווּסט, אַז פֿאַר זייער באָז ווערן אַריינגעשמוגלט עולים אין לאַנד אַריין. זיי האָבן אַדורכגעפֿירט שטרענגע רעוויזיעס צו אַנטפּלעקן אומלעגאַלע עולים: דורכגענישטערט די ים־ברעגעס, בייטאָג געזוכט מיט אויסשפּיר־עראָפּלאַנען און ביינאַכט מיט מאָטאָר־שיפֿלעך. נאָר טראָץ זייער מי, זענען געכאַפּט געוואָרן בלויז צוויי שיפֿן פֿון אַ סך וואָס זענען אין משך פֿון צוויי יאָר צוגעשווומען צו מִצפּה־הַיַם, וועמענס חברים האָבן זיך באַטייליקט אין דער העפּלה.

מיטן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען די קיבוץ־חברים זלמן שמיר און אַלעקס ביבער געווען פֿון די ערשטע וועלכע האָבן זיך מאָ־ביליזירט אין דער בריטישער אַרמיי. דער קיבוץ איז טאַקע געווען שטאָלץ מיט די צוויי פֿרייוויליקע, עס האָבן זיך אָבער אויך געפֿונען קריטיקער פֿאַר

דעם אויפטו, וועלכער איז פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי אַן איבערטריבן „אינ־דיווידואַליסטישער״. וואָס וועט זיין מיטן קיבוץ און זיין וועג אין דער צו־קונפט, אויב אַלע חברים ווי איינער וועלן זיך מאָביליזירן אין דער אַרמיי? ענלעכע פּראָבלעמען האָבן זיך געשאַפן אויך אין אַנדערע קיבוצים, ביז די אָנפירונג פון „הקיבוץ הארצי״* האָט באַשלאָסן, אַז יעדער קיבוץ זאָל פון זיינע מיטגלידער אויסטיילן צען פּראָצענט פאַרן מלחמה־אָנשטרענג, צי אין די יידישע איינהייטן פון דעם בריטישן מיליטער — צי פאַרן פלמ״ח. הגם ס׳איז פאָרגעקומען אַ מין גורל־ציונג, האָט דער קיבוץ דערמעגלעכט די וואָס האָבן זיך באַדאַרפט מאָביליזירן, אַליין צו באַשטימען די פאָרעם פון דינסט וואָס געפעלט זיי. ווען די סעקרעטאַרין פון קיבוץ, יעל קאַלמאַן, האָט אין אַ גורל אַרויסגעצויגן די נעמען פון די מאָביליזירטע חברים, איז אויפן ערשטן צעטל געווען אָנגעשריבן דער נאָמען פון איר מאַן.

פון די ניין פּריוויליקע צו דער בריטישער אַרמיי, זענען אַכט געשיקט געוואָרן אויף די פראָנטן פון אייראָפּע און אַפריקע. אַלעקס ביבער, וועלכער איז שפּעטער געווען איינער פון די צוויי שלאַכט־קאָמענדאַנטן אין יד־מרדכי, האָט זיינע רעקרוטן־איבונגען פאַרענדיקט אין דער באַזע פון פאָרשולונג און איז דאָרט געבליבן אַלס אינסטרוקטאָר פון רעקרוטן. די ענגלישע אָפיצירן, וועלכע האָבן אים באַשטימט אויף דעם אַמט, האָבן ניט געוווּסט, אַז זיינע באַדייטנדיקע מיליטערישע פעיקייטן באַזיצט ער פון זיין דינסט אין דער אומלעגאַלער „הגנה״.

ענדלעך האָט די יידישע אַגענץ אויסגעטיילט אַ סכום געלט, אַ דאַנק וועלכן ס׳איז אויפגעבויט געוואָרן אַ צווייסטאָקיק הויז מיט די פענצטער צום ים. נאָר די דערוואַקסענע קיבוץ־איינוואוינער האָבן ניט לאַנג גענאָסן פון דעם הויז, ווייל מיטן אומקערן זיך פון די ערשטע זויגלינגען פונעם שפּיטאָל, איז פאַר זיי באַפרייט געוואָרן איין צימער אין דעם בנין און גאָר שנעל האָט דער יונגער דור באַהערשט דעם גאַנצן בנין, און זייערע עלטערן זענען מיט אַ קרעכץ צוריק אַוועק וווינען אין די באַראַקן און צעלטן.

קיין פּראָבלעמען האָט די קיבוץ־מענטשן קיינמאָל ניט געפעלט, דאָך האָבן זיי געוווּסט צו געפינען צייט און ענערגיע פאַר אַ פאַרצווייגטער קול־טור־טעטיקייט. געווען לערן־קלאַסן צו פאַרפולקאָמען די העברעישע שפּראַך, פאַר פילאָזאָפיע, ליטעראַטור און אינטערנאַציאָנאַלע ענינים. עס איז אנשטאַ־נען אַ כאָר — דער אָנהייב פון דעם פּרעכטיקן כאָר אין יד־מרדכי פון 110 מענער און פרויען. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז. אַלע געדענקען נאָך איצט די פאָרשטעלונגען „דער קיבוץ אין 20 יאָר

* פאַרבאַנד פון די קיבוצים פון „השומר הצעיר״.

אַרום". אַלע באַגערן פון די קיבוץ־מענטשן, וועמען ס'האָבן געפעלט אַזוי פיל זאַכן, זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דער דאָזיקער פאַרשטעלונג — אַן עלעקטרישע קיך אנשטאָט די רווישנדיקע פרימוסן, באַוואַסערונג־סיסטעם מיט שפּריצערס, אנשטאָט דעם פאַרמאַטערנדיקן אופן פון באַוואַסערן מיט קאַנאַלן. אַ הילכיק געלעכטער האָט אַרויסגערופן דער מאַמענט, ווען דער סעקרעטאַר פון קיבוץ, וועלכער אַמטירט אין אַ רחבותדיקן ביוראָ־צימער אין איינעם פון די ווינקלען אין עס־זאַל, הייבט אויף מיט אַ סך נאָטירלעכקייט דאָס טעלעפאָן־טרייבל, כדי שמועסן מיט איינעם פון די חברים אין צימער. „היינט זענען ניט ווייניק טעלעפאָנען פאַראַן אין די קיבוצים" — שטרייכט אונטער בעסקאַ, דערציילנדיק מיר די געשיכטע. „היינט האָבן מיר אַן עלעקטרישע קיך ווי אויך גאַז־איינריכטונג, און פאַרשטייט זיך, אויך אַ מאַשין צו שיילן קאַרטאָפל. אונדזערע מאַראַנצן־סעדער ווערן באַוואַסערט מיט אויטאָמאַטישע שפּריצערס. וועט זיין דערין אַן עוולה, אויב מיר וועלן אויך האָבן טעלעפאָנען, כדי צו וויסן געבן דער מאַמען, אַז איר קינדעלע וויינט אין זויגלינג־הויז? אָן שום ספק, אַז מיט דער צייט וועלן מיר אויך דאָס האָבן". אין יענע ווייטע טעג פלעגן די חברים שמייכלען צופרידענע, ווען זיי האָבן אויפן קול געטראַכט וועגן די מעגלעכקייטן וועלכע די צוקונפט פאַרמאָגט צו פאַרלייכטערן און פאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען. אמת, זיי האָבן מיט אַלע כוחות זיך באַמיט אויסצובעסערן זייער קליינע ווירטשאַפט, נאָר פון דער צווייטער זייט האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַ נטיה זיך צו באַגרענעצן און אויך פאַר זיך ניט איינשאַפן וועלכן ס'איז פּריוואַטן פאַרמעגן, וואָס וועט, זיי, חלילה, פאַרוואַנדלען אין בורזשויען. נאָר אין לויף פון די יאָרן, איז אויך ניט ווייניק אַוועק יענע זעלבסט־באַשווערונג. פאָרהאַנגען, דיוואַנעס און אויך אַ פאָטעל, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין די צימערן, אָבער נאָר דאַן, ווען זיי זענען פאַרטיילט געוואָרן אַלע חברים.

ווען כ'האָב אין יאָר 1960 צום ערשטן מאָל באַגעגנט אַלעקסן, איז ער שוין אַלט געווען אַ יאָר פערציק. דאָ און דאָרט זענען די האָר געווען גראָ און קנייטשן האָבן זיך געצויגן אויף זיין שטערן, צווישן די שוואַרצע ברעמען. ער האָט זיך געפירט מיט עטוואָס צוריקגעהאַלטנקייט, נאָר אָפטמאָל האָט זיין פּנים אויפגעלויכטן און אַ שמייכל פלעגט זיך באַווייזן אין די מויל־ווינקלען. הגם ער האָט געקענט ענגליש, האָט ער דווקא געוואָלט מיט מיר ריידן מיט דער הילף פון איבערזעצער. צי ער האָט דאָס געטאָן ווייל ר'איז ניט געווען זיכער מיט מיר, דער ניט־יידישער פרוי, און אַזוי ארום געוואָלט אָנהאַלטן צווישן אונדז אַ מחיצה — דאָס ווייס איך ניט. בעת מיין צווייטן באַזוך האָט ער מיט מיר געשמועסט אין ענגליש מיט אַ סך פרייקייט.

אַלעקס האָט מיר אויפגעקלערט, אַז די געשעענישן אין די יאָרן 1936־39

זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן צוליבן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און ניט דערפאַר וואָס דער ייִדיש־אַראַבישער סיכסוך איז רעגולירט געוואָרן. די „הגנה" האָט מורא געהאַט, קוים וועלן מיטן פאַרענדיקן דעם קריג ווידער אויסברעכן טעראָר־אַקטן, דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצונוצן די אַנוועזנהייט פון פיל מיליטערישע איינהייטן אין לאַנד און דאָס געפינען זיך פון גרויסע געווער־מאַגאַזינען און אַרסענאַלן, כדי צוגרייטן פאַר דער צוקונפט „אייזערנע פאַרציעס" געווער און אויסשטאַטונג. אַלעקס איז געווען איינער פון די, אויף וועמען די „הגנה" האָט אַרויפגעלייגט די אויפגאַבע צו פאַר־נעמען זיך מיט איינשאַפן געווער, אַז ווען ס'וועט קומען דער מאָמענט, זאָלן די ייִדן אין לאַנד זיך קענען פאַרטיידיקן.

מיט זיין שטייגער און באַזונדערן אופן פון ריידן, האָט מיר אַלעקס דער־ציילט וועגן דער דעמאָלטיקער אומלעגאַלער טעטיקייט צו דעראָבערן געווער. געווען אַ פאַל, אַז אַלעקס איז מיט נאָך צוויי זעלנער אַריין אין אַ בריטישן לאַגער און מיט דער הילף פון געפעלשטע דאָקומענטן, איז זיי געלונגען אין מאַגאַזין צו נעמען אַ סך ביקסן, וועלכע זענען גלייך איבערגעפירט געוואָרן אין די געהיימע געווער־סקלאַדן פון דער „הגנה". ביי אַ צווייטן פאַל האָט אַלעקס זיך באַטייליקט אין אַן אַנדערער אַקציע: די „הגנה" האָט באַשלאָסן אויפצושטעלן איר געהיימע אינדוסטריע פאַר געווער און אַמוניציע. ס'איז באַוווּסט געוואָרן, אַז ביי די ענגלענדער זענען פאַראַן גענויע פּלענער פון אַ גראַנאַטן־וואַרפער און לייכטן קוילנוואַרפער פון דייטשער פּראָדוקציע, וועלכע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן בעת די שלאַכטן מיט די דייטשן. די דאָזיקע פּלענער זענען געווען באַהאַלטן אין איינעם פון די מאַגאַזינען און אַ ספּעציעלע איינ־הייט איז געשאַפן געוואָרן, כדי זיי פון דאָרט ארויסצובאַקומען.

„דער סגן* מרדכי מקלף, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן שעף פון גענעראַל־שטאַב פון צה"ל**, איז געקומען מיך נעמען אין אַ בריטישן מילי־טערישן אויטאָ", האָט דערציילט אַלעקס. „אין דעם אויטאָ זענען געווען נאָך צוויי מענטשן — איינער פון זיי רפאל רופּין, היינט אַמבאַסאַדאָר אין איינע פון די אַפריקאַנער לענדער. דעם מאַגאַזין, וועלכער האָט אונדז אינטערעסירט, האָבן געהיטן זעכטער פון עטלעכע פעלקער — אַ ייִדישע אָפּטיילונג, הינדוסן און ענגלענדער. אין דער ייִדישער אָפּטיילונג האָט געדינט דער יונגער סגן־משנה*** עמוס בן־גוריון. דאָס האָט עמוס אונדז געהאָלפן אַריינגיין אין מאַגאַזין, ווו ס'זענען געווען באַהאַלטן די פּלענער. מיר האָבן דאָרט געזען אַזוי פיל געווער, אַז דאָס האַרץ האָט ניט געלאָזט

* לייטענאַנט.

** ישראל ארמיי.

*** יונגער־לייטענאַנט.

אַוועקגיין, אויב ניט נעמען מיט זיך עטלעכע שטיקלעך. וואָלטן מיר ניט אָנגעפילט דעם אויטאָ מיט ביקסן, הגם אַזאַ באַפעל איז ניט געווען, וואָלט אונדז אַוודאי שפּעטער באַנג געטאָן. מיר האָבן פאַרלאָזט דעם מאַגאַזין און אַוועק אויף דרום".

נאָך איידער די מאַשין האָט באַוויזן אָפּצופאָרן אַ שטיקל וועג, האָבן זי אָפּגעשטעלט צוויי מענטשן: ישראל גלילי, וועלכער איז שפּעטער באַ־שטימט געוואָרן אַלס שעף פון דער הויפּט־אָנפירונג פון דער „הגנה", און יהודה ארזי, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר איינשאַפן געווער. זיי האָבן צוגעוויסן געגעבן די מענטשן אין אויטאָ, אַז די ענגלענדער האָבן פאַרצוימט דעם וועג און פירן אַדורך איינע פון זייערע שטענדיקע זוכונגען; דעריבער דאַרפן די מענטשן פאָרן דורך אַן אַנדערן וועג און אין אַ צווייטן קיבוץ. בעת דער שאָפער האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט און זיך אַראָפּגעלאָזט אין וואַדי, האָט דער אויטאָ זיך אָנגעשטויסן אין אַן אייזל. קיין גרויסער שאָדן איז ניט געווען, אָבער דער ראַדיאַטאָר איז באַשעדיקט געוואָרן און מ'האָט ניט געקענט ווייטער פאָרן, אויב ניט פאַרריכטן אים.

„צו אונדזער מזל", דערציילט אַלעקס מיט זיין שטילן שמייכל, „האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון דער באַזע וווּ ס'האָבן זיך געפונען מיליטערישע וואַרשטאַטן פון זיין קעניגלעכער מאַיעסטעט. גיי אַריין און זאָג, אַז דאָס געווער אין אויטאָ דאַרף וואָס שנעלער אָנקומען אויפן פראָנט' — האָט מיר באַפוילן מקלף. כ'בין אַריין אינעווייניק, אויפ־געוועקט דעם קאָמענדאַנט, אים דערציילט אַז כ'געפין זיך איצט אין אַ ספּעציעלער אויפגאַבע און אויפן אָרט צוגעטראַכט אַ מעשה, ווי אַזוי אונדזער מאַשין איז באַשעדיקט געוואָרן. ער האָט באַפוילן זיינע מענטשן מיט מיר מיטגיין און פאַרריכטן דעם אויטאָ. ס'איז ניט פאַריבער קיין שעה און מיר זענען געווען גרייט צום ווייטערדיקן וועג. די פלענער און די ביקסן האָבן מיר איבערגעגעבן אונדזערע מענטשן, וועלכע האָבן געוואַרט אין איינעם פון די קיבוצים נעבן חיפה. הגם מ'האָט ניט געהייסן נעמען ביקסן פון יענעם מאַגאַזין, האָט דאָס דאָזיקע געווער אונדז געהאָלפן אין אַ נויט. קלאָר, אַז כ'וואָלט אין האַלבער נאַכט ניט געקענט איבערצייגן דעם ברי־טישן קאָמענדאַנט צו פאַרריכטן אונדזער אויטאָ, ווען ער וואָלט געווען ליידיק... דאָס מיינט, ווען מיר וואָלטן באַזיצט בלויז די געגנבעטע פלענער".

בעת אייניקע פון זיינע מענטשן דינען אין דער ענגלישער אַרמיי, האָט דער קיבוץ זיך געווענדט צום קרן קימת לישראל וועגן אויסטיילן פאַר אים נאָך באָדן. אין יענער צייט האָבן די חברים פון מצפּה־הַיַם שוין זיבן יאָר זיך געפונען אויף דעם צייטווייליקן אָרט. הגם זיי זענען דאָ אַרויף

אויפן באָדן מיט ליידיקע הענט, האָבן זיי שוין מצליח געווען זיך איינצושאַפן אייניקע אַרבעטס־בהמות, אַ היגער־שטייג, עטלעכע קי און אַ בינשטאָק, לאַסט־אויטאָס, אויסשטאַטונג און אַ גענוצטן טראַקטאָר. די מענטשן האָבן זיך איינגעאַרבעט אין אַנדערע פאַכן, וואָס זאָלן קענען ברענגען נוצן אַ גרעסערער ווירטשאַפט. דער קיבוץ האָט איצט געציילט 140 דערוואַקסענע און 43 קינ־דער. פאַרשטייט זיך, אַז די 16 דונאַם באָדן מיט אויסערלעכע אַרבעטן האָבן ניט געקענט אויסהאַלטן אַזאַ גרויסע צאָל נפשות.

אַלס ערשטער שריט צו באַזעצן די קיבוץ־מענטשן אויף דער נייער ערד, איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע, וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען אויסגעפינען פּאַסיקן באָדן פאַר באַנייטער קאָלאָניזאַציע. און ווייל מ'האָט נאָך אין קיבוץ געחלומט וועגן דעראַבערן דעם פישפאַנג, אויסער לאַנדווירט־שאַפט, האָבן די חברים אויסגעקליבן באָדן נאָענט צום ים. נאָר אַזוי ווי פאַרשידענע שטחים ערד זענען צוליב די אָדער יענע סיבות געפסלט געוואָרן, האָט מען באַשלאָסן צו זוכן אַ זידלונגס־אָרט אין דרום פון לאַנד, אָדער אין נגב. די קאָמיסיע האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער געגנט פון באר־שבע און דער ערד־אַרבעטער האָט שוין אין דער פאַנטאַזיע זיך פאָרגעשטעלט די ברייט־צעוואַקסענע תבואה־פעלדער וואָס ציען זיך העט־ווייט איבערן האָריזאָנט. די אַנדערע האָבן זיך מיט אים געוויצלט, אַז „בעת וועסט מיטן טראַקטאָר צעאַקערן איין ברוזדע, כדי עפּענען די צווייטע — וועט דיר אָנוואַקסן אַ באָרד און וועסט זי דאַרפן אָפּראַזירן". אַלנפאַלס, די אַנדערע קאָמיסיע־מיטגלידער, וואָס האָבן געאַרבעט אין פּרדס, האָבן ניט באַשטעטיקט דעם פּלאַן, מיט דער טענה, אַז די ערד אַרום באר־שבע איז ניט פאַר קיין פּלאַנטאַציעס.

צום סוף האָט מען זיי פאָרגעלייגט באָדן אין אַ מרחק פון אַ 5 מייל פון עזה. דער שטח האָט פאַרנומען 1700 דונאַם און מ'האָט געקענט דאָרט זייען ווייץ און אָראַנזשן־ביימער. דיונעס פון געלבלעכן זאַמד האָבן אָפּ־געטיילט די דאָזיקע ערד פון ים. עמעץ האָט באַמערקט, אַז מעגלעך אין דער צוקונפט וועלן די קיבוץ־חברים ווייטער זיך קענען באַשעפטיקן און אַנטוויקלען דעם פישפאַנג. נאָר אַממייגסטן איז די חברים געווען נאָענט צום האַרץ דער געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט צו בויען דאָ זייער היים פונדאָסניי. אין דער וויזיע האָבן זיי שוין געזען זייערע געמויערטע הייזקעס צווישן די נידעריקע בערגלעך, וועלכע זענען געווען אַ פולשטענדיקער קאָנ־טראַסט צו דער איינטאָניקייט פונעם פלאַכלאַנד אין דער סביבה פון נתניה. אויפן אָרט געפינט זיך אַן אַראַבישער ברונעם, ניט אַזאַ טיפער, אָבער דער־ווייל קען ער צושטעלן וואַסער בשפע. די קאָמיסיע האָט באַשלאָסן צו רעקאָמענדירן דאָס אָרט פאַר התישבות.

דער דאָזיקער שטח באָדן, וועלכער איז פאַרקויפט געוואָרן דעם קרן־

קימת לישראל דורכן שייך פון חירביה, איז געווען ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר די באָדנס, וועלכע זענען געשטאַנען צו דער דיספּאָזיציע פון די יידישע קאָלאָניסטן. דאָס איז געווען שוין אויסגענוצטע ערד׳, ניט פון די בעסטע, וועלכע דער זאַמד האָט באַדעקט און דערפאַר האָבן זי די אַראַבישע באַזי־צער פאַרלאָזט. זייער זעלטן האָבן די יידן זיך באַזעצט אויף מער פּרוכט־באַרער ערד. בדרך כלל פלעגן די נייע קאָלאָניסטן אַריינלייגן אַ סך אַרבעט צו מעליאָרירן די זיי צוגעטיילטע ערד. אין אַנדערע ערטער פלעגן די ערשטע חלוצים פריער זיך פאַרנעמען מיטן גראָבן וואַסער־אָפּפלוסן און אויסטריקענען די בלאָטעס; דאָ איז זייער הויפּט־שונא געווען — די גרויסע צאָל זאַמדן.

איידער מ׳האָט פאַרלאָזט נתניה, האָבן די מענטשן פון מִצְפֶּה־הַיַּם זיך געזעגנט מיט פיל זייערע באַקאַנטע אין שטאָט. פאַרן אַרויפגיין אויפן נייעם באָדן האָבן זיי אונטערגעצויגן אַ סך־הכל פון זייערע דערגרייכונגען אין שטאָט און באַהאַנדלט ענינים פון זייער צוקונפט אויפן נייעם אָרט. אויף דעם צוזאַמענטרעף זענען אויך געווען אַנוועזנד די מנהיגים פון „הקיבוץ הארצי״. מאיר יערי האָט אין זיינע רייד אונטערגעשטראָכן, אַז די חברים פון מִצְפֶּה־הַיַּם זענען געווען צווישן די לעצטע מעפּילים וואָס זענען געקומען פון פּוילן; אייניקע פון זיי האָבן זיך שוין געפונען אויף די שיפן, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. „אַ העלפט אייערע חברים זענען ניט מיט אייך דאָ״, האָט ער געזאָגט. „זיי זענען אַוודאי אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס, וועלכע פאַרטיליקן די יידן אומעטום ווי נאָר זיי אַנטדעקן זיי. אונדזער אויפגאַבע איז פונדאַסניי אויסצוקריסטאַליזירן דאָס וואָס איז געבליבן פון יידישן פאָלק. איר זענט באַשטימט געוואָרן צו דערפילן די דאָזיקע אויפגאַבע. באַמיט זיך אין אייער נייעם קיבוץ צו דער־גרייכן דעם מאַקסימום, אויב עס רעדט זיך וועגן דערציונג, קולטור, אינדוס־טריע, צי אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער גערעטעניש״.

די ערנסטקייט פון דעם מאָמענט איז עטוואָס צעשטערט געוואָרן, ווען פון די לעצטע רייען האָט זיך געהערט אַ לייכטער טומל. אַלע האָבן זיך אויסגעדרייט און מיט אַמאָל האָבן פרייד־אויסגעשרייען פאַרהילכט דעם עס־זאַל. אַ נידעריקער מאַן, אָנגעטאָן אין אַ מונדיר פון בריטישן מיליטער, איז אַריינגעקומען. דאָס איז געווען זלמן שמיר. מיט דעם פעסטן באַשלוס צו זיין אַנוועזנד ביים אַרויפגיין פון קיבוץ אויפן באָדן, האָט זלמן איבער־צייגט זיין עלטסטן אין אַפריקע, צו שיקן אים קיין תל־אביב אין אַ ספּע־ציעלער מיסיע. כאַפּנדיק „טרעמפּן״ אין עראָפּלאַנען, טיילמאָל מיטן אויסרייד פון דרינגלעכקייט, טיילמאָל — אָן דעם, האָט ער באַוויזן צו קומען אין מִצְפֶּה־הַיַּם, אין סאַמע ברען פון דעם געזעגענונגס־אָוונט.

נאָך דעם ווי זיין ווייב איז אים אַנטקעגנגעלאָפן צו באַגריסן און ער,

ווידער, האָט געדריקט די האַנט און האַרציק זיך אַרומגענומען מיט אַלע אַנוועזנדיקע, האָט מען אים פאַרבעטן אויף דער בינע ער זאָל עפּעס זאָגן. ער האָט מער ניט געקענט זאָגן ווי נאָר דאָס, אַז זיין האָפענונג איז די, אַז דער קיבוץ וועט דערגיין צו דער פולער אַנטוויקלונג, ביז ער און זייער חברים וועלן זיך אומקערן פון מיליטער. מיט זלמנ׳ס וואָרט איז פאַרענדיקט געוואָרן דער אָפיציעלער טייל פון דער מסיבה. וויין, קוכנס, פרוכטן און אַנדערער כיבוד איז אַלעמען דערלאַנגט געוואָרן. מ׳האָט געטרונקען „לחיים״ פאַרן נייעם קיבוץ און צו זלמנס אומקערן זיך פון זיין דינסט אין אויסלאַנד.

פיר פאַרטאָג האָבן די חברים זיך געלאָזט אין וועג אַריין, צו זייער נייעם קיבוץ. דאָס איז געווען אין באַגינען פון ערשטן דעצעמבער 1943. ווי ס׳האָט זיך געפירט אין יענע צייטן פון „חומה ומגדל״ („מויער און טורעם״) * האָבן די קיבוץ מענטשן געמוזט אויפשטעלן זייער ווירטשאַפט אין משך פון איין טאָג. פאַרשידענע אַרגומענטן זענען געווען דערפאַר. די קיבוצישע ערד האָט זיך געפונען אין אַ ראַיאָן פון אַראַבישע דערפער און פון זיכערקייטס־שטאַנדפונקט איז געווען נויטווענדיק צו באַוואָרענען דעם נייעם פונקט פאַר דער עווענטואַליטעט פון די שכנימס שנאה. אויסער דעם איז דער באָדן געקויפט געוואָרן דורכן קרן־קימת אין קעגנזאַץ צום געזעץ פון דער מאַנדאַט־רעגירונג. לויט די תקנות פון ווייסבוך פון יאָר 1939, זענען געוויסע ראַיאָנען פון לאַנד באַגרענעצט געוואָרן פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע. אין יענעם טייל לאַנד ווו די קיבוץ־מענטשן האָבן באַדאַרפט אויפשטעלן זייערע צעלטן, איז געווען פאַרבאָטן יידישע קאָלאָניזאַציע. דאָך זענען די חברים געווען ביי דער מיינונג, אַז זייער אַרויפגיין אויפן באָדן וועט ניט ברענגען מיט זיך וועלכע ס׳איז צוזאַמענשטויסן. אַדורכפירן די געזעצן פונעם ווייסבוך איז דער עיקר געווען אָפּהענגיק פונעם צוגאַנג פון בריטישן קרייז־פאַרוואַלטער, וועלכער האָט געוווינט אין עזה; ער איז געווען באַוווּסט מיט זיין פריינדלעכקייט צו יידן. אויסער דעם האָבן די קאָלאָניסטן זיך געשטיצט אויף אַן אַלטן טערקישן געזעץ, וועלכער איז נאָך אַלץ געווען גילטיק אין לאַנד, אַז אויב די קאָלאָניסטן האָבן באַוויזן אויפצושטעלן אויף זייער ערד אַ בנין מיט אַ דאַך, טאָר מען זיי פון דאָרט ניט פאַרטרייבן.

אייניקע שעה באָכן אויפשיינען פון דער זון, איז די קאָלאָנע, וואָס

* אין די צייטן פון ענגלישן מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל פלעגט מען אין די נאַכט־שעהן, אָדער גאַנץ פרי, באַזעצן אַ נייעם פונקט דורך אַרומצוימען אים און אויפשטעלן אינעווייניק אַ וואַך־טורעם. דער סיסטעם קאָלאָניזאַציע דאַטירט זיך פון יאָר 1938 און איז געווען אַן ענטפער אויף די בלוטיקע געשעענישן פון יאָר 1936 און שפּעטער.

האָט געציילט זעקס לאַסט־אויטאָס, אָנגעקומען אויפן אָרט פון קיבוץ. דאָרט האָבן זיך שוין געפונען אַנדערע, געקומענע פריער, ווייל דאָס אַרויפגיין פון אַ קיבוץ אויפן באָדן איז געווען אַ געשעעניש אויך פאַר די דערבייִיקע קיבוצים, וועלכע פלעגן גערן העלפן די נייע שכנים. פרייוויליקע פון זעקס שכנותדיקע קיבוצים זענען געקומען בייהילפיק זיין אין אויפשטעלן דעם קיבוץ.

דעם זעלבן טאָג איז געווען נייטיק צו פאַרענדיקן צוויי עיקרדיקע אויפגאַבן: צואיילן זיך, כדי דעם עס־זאַל באַדעקן מיט אַ דאַך; אַדורכציען אַ זיכערקייטס־פאַרקאַן אַרום די קיבוץ־געביידעס און זיינע איינריכטונגען.

די ערד איז אויסגעגלייכט געוואָרן, כדי אויפשטעלן דעם עס־זאַל פון 12 מעטער די לענג און 3 די ברייט. צום ערשט איז פאַרלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון אויסגעהוילטע ציגל (פריער האָבן די דאָזיקע ציגל געדינט אַלס באַהעלטעניש פאַרן אומלעגאַלן געווער פון קיבוץ, וואָס איז אין לאַסט־אויטאָ איבערגעפירט געוואָרן אויפן נייעם אָרט). ברעטער און ווענט זענען באַהאָפטן געוואָרן, די באַלאַטשיקעס האָבן אויסגעפלאַסטערט די פאַדלאָגע מיט באַלאַטעס און דערנאָך זענען די שינדלען אַוועקגעלייגט געוואָרן אויפן ריכטיקן אָרט. אַ סך מענטשן זענען געווען באַשעפטיקט ביים אויפשטעלן און אָנציען דעם פאַרקאַן. אַ דריי־פערזאָניקע מאַנשאַפט פלעגט אַריינשטעקן אין דער ערד אייזערנע דרענגלעך, אָפגערוקט איינס פון אַנדערן אין גלייכע מרחקים. די פרויען האָבן זיך פאַרנומען מיט די ראָלן שטעכל־דראָט, וואָס יעדער האָט געוויגן אַ צוואַנציק קילאָ. זיבן רייען שטעכלדראָט זענען אָנגעצויגן געוואָרן צווישן די דרענגלעך און נאָך אַ ריי, געקרייצט, צווישן יעדע צוויי דרענגלעך. די פרויען האָבן זיך כסדר געביטן, בעת צוויי פון זיי פאַרנעמען זיך מיטן אָנציען די דראָט מיט צוואַנגען און צוויי אַנדערע טראָגן דעם ראָל פון איין אָרט צום צווייטן. אין גאַנג פון דער אַרבעט, האָט אפרים, דער וועכטער פון קיבוץ, פאַטרולירט אומעטום. אפרים איז געווען אַ נידעריקער, נאָר דאָס אָנטאָן פון אַ וועכטער — און באַזונדערס דער אויסטראַלישער הוט — האָבן אים געמאַכט העכער. זיין געווער האָט געהערט צו די כלים, מיט וועלכע די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אויסגעשטאַט די קיבוצים ביים אויסברוך פון די געשעענישן. דאָס איז געווען אַן אלטע איטאַליענישע ביקס פון יאָר 1911. פאַרשטייט זיך, אַז דער קיבוץ האָט פאַרמאָגט מער עפעקטיווע ביקסן, אומלעגאַלע, נאָר אין יענעם טאָג, ווען בריטישע פאַטרולן האָבן געהאַט אַ ברירה צו באַזוכן דאָס אָרט, האָט אפרים געטראָגן ביי זיך זיין לעגאַל געווער. ווי ס׳זאָל ניט זיין, איז זיין פאַרעלטערטע ביקס געווען מסוגל צו פאַריאָגן יעדן פיינדלעכן אַראַבער, אויב ער וועט פרובירן אָנגרייפן די אַרבעטנדיקע. אַנדערע חברים, וואָס האָבן

באַלאַנגט צו אפרימס וועכטער־גרופע, האָבן אין דער צייט פון אַריינקלאַפּן די פּאַרקאַן־דרענגלעך אין דער ערד, געהאַלטן נאָענט ביי זיך זייער געווער.

2 בייטאָג איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די אַרבעט, כדי אָפיציעל פייערן דאָס אַרויפגיין אויפן באָדן. הגם אַרבעט איז נאָך געווען אַ וועלט און דער טאָג קורץ, האָבן אַלע געפילט, אַז די דאָזיקע דאַטע דאַרף באַצייכנט ווערן אויפן סאַמע אָפיציעלן און פייערלעכסטן אופן. אויף איינעם פון די נידעריקע בערגלעך איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ טיש מיט בענקלעך. איבערן טיש האָט געפלאַטערט אַן אויפשריפט, באַצירט מיט גרינס: „ובנו חורבות עולם, שממות ראשונים יקוממו״ (ישעיה ס״א, ד׳) *. פון ביידע זייטן פונעם גרינס־רעגנבויגן, האָבן געפלאַטערט די בלוי־ווייסע נאַציאָנאַלע פאָן און די רויטע פאָן. שטרעבנדיק איינצוהאַלטן גוטע באַציונגען מיט די אַראַבישע שכנים, זענען זייערע פאָרשטייער פאַרבעטן געוואָרן צו דער פייערונג. די קיבוץ־מענטשן האָבן מיט אַנטוישונג געזען, אַז ווייניקע פון זיי זענען געקומען. די זענען אַוועקגעזעצט געוואָרן ביים טיש אויף אַ בכבודיק אָרט. נאָך דעם ווי די פאַרזאַמלטע האָבן געזונגען די „התקוה״ און דעם „אינטערנאַציאָנאַל״, האָבן באַגריסט די פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ, קרן קימת, הסתדרות און פון הקיבוץ הארצי. אין וויכטיקן טייל פון פּראָגראַם איז געלייענט געוואָרן די גרינדונגס־מגילה, וואָס האָט באַדאַרפט איינגעמויערט ווערן אין די פונדאַמענטן פון עס־זאַל. מלך, וועלכער האָט אָנגעשריבן די מגילה, האָט זיך אויפגעשטעלט און זי אַדורכגעלייענט. מיט זיין לענגלעכן און קלוגן פנים, מיט זיינעברילן און צונטער־רויטע האָר, האָט מלך מן־הסתם איבערגעלאָזט אַ גאָר מאָדנעם איינדרוק אויף די אַראַבישע געסט. נאָכן דערציילן די פּרשה פון באַזעצן זיך פון קיבוץ ביזן היינטיקן טאָג, האָט מלך פאַרענדיקט דאָס לייענען די גרינדונגס־מגילה מיט די ווערטער: „אַנטקעגן די געטאָ־מויערן, ווו מיר זענען געווען פאַרשפאַרט, וועלן מיר דאָ אויפשטעלן אַ שוצמויער פון בוי, אַרבעט און שאַפן״.

נאָך דער פייערונג האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט אויפן בערגל און זיך „אונטערגעלענט דאָס האַרץ״ מיט סענדוויטשן, וועלכע זענען צוגעגרייט געוואָרן מיט אַ טאָג פריער אין מִצפּה־הַיָם. לאַסט־אויטאָס, וואָס זענען דאָ אָהערגעקומען פון ווייטע קיבוצים, האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן דעם שטח פון נייעם קיבוץ. אויך די חשובע אַראַבישע געסט האָבן פאַרן פאַרלאָזן דאָס אָרט געפרעפלט זייערע טראַדיציאָנעלע באַגריסונגס־ווערטער. מיטן צופאַלן פון דער נאַכט איז פאַרענדיקט געוואָרן די אַרבעט פון אויפשטעלן דעם

* „און זיי וועלן אָפּבויען חורבות, וויסטענישן פון פאַרצייטן וועלן זיי אויפ-ריכטן״ (איבערז׳ פון יהואש).

פּאַרקאַן. די קיבוץ־חברים, וואָס זענען געבליבן אויפן אָרט, האָבן זיך געזעגנט מיט די וואָס האָבן באַדאַרפט צוריק פאָרן אין מִצְפֶּה־הַיָּם צו פאַרענדיקן פאַרשידענע אַרבעטן. שפּעטער איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די ערשטע וואַך פון ביינאַכט. צוואַנציק מענטשן, וועלכע זענען געבליבן אויפן נייעם אָרט, האָבן פאַרענדיקט מיט די איבערגעבליבענע סענדוויטשן, דערנאָך אָנגעצונדן אַ שייטערהויפן און אָנגעהויבן זינגען. דאָס איז געווען אַן אָנגענעמע איבער־לעבונג צו זינגען אויף אַזאַ איינזאַם אָרט. די קלאַנגען פון אַלטן העברעישן ליד האָבן זיך געטראָגן אין דער שטילער און שלווהדיקער לופט פון אַרומיקן מדבר. אַלס ענטפער צו דעם געזאַנג האָט זיך געהערט פון ווייט דאָס קלאָג־ליד פון אַראַבישן פאַסטעך, וואָס האָט אַ פאַרשפּעטיקטער זיך אומגעקערט מיט זיין סטאַדע אין דערבייייקן דאָרף. געווען עפּעס נאָענטס און געמיינזאַמס אינעם געזאַנג פון די נייע קאָלאָניסטן און דעם ליד פון אַראַבישן פאַסטעך.

די ערשטע קאָלאָניסטן אויפן נייעם פּלאַץ האָבן געגלייבט, אַז ביז סוף יאָר וועלן זיי אויף אַזוי ווייט אַנטוויקלען זייערווירטשאַפט, אַז די אַנדערע קיבוץ־חברים וועלן צו זיי קענען צושטיין. אַלס ערשטע אויפגאַבע האָבן זיי באַטראַכט דאָס צוגרייטן אַ דרייסיק דונאַם ערד פאָרן גרינוואַרג־גאָרטן. דער טראַקטאָריסט האָט געאַרבעט צען שעה אין טאָג, כדי צו צערייבן די מענגעס זאַמד און אונטער זיי אַנטפּלעקן פּרוכטבאַרע ערד. דערנאָך איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ טיפע אַקערונג און אויף דער ערד האָט מען אָנגעוואָרפן כימיקאַליען, פאַרמישט מיט אָרגאַנישן מיסט, וואָס איז געקויפט געוואָרן ביי די אַראַבער, כדי שטאַרקן די פּרוכטבאַרקייט פון באָדן. נאָכן אויסגלייכן די ערד און זי באַוואַסערן, האָבן עטלעכע מענער און פרויען פאַר־זייט קאַרטאָפל און אוגערקעס און פּאַרפּלאַנצט טאָמאַטן. ביי אַ פיר הונ־דערט דונאַם זענען צוגעגרייט געוואָרן צום פאַרזייען ווייץ. באַזאַמען מיט אַנדערע פעלד־אַרבעטן, האָט מען אָנגעהויבן פאַרשענערן די לאַנד־שאַפט פון קיבוץ. הגם פאַניע איז געווען געצוווּנגען איבערצולאָזן אירע צוויי קינדער אין נתניה, האָט איר פּנים אויפגעלויכטן פאַר פרייד, ווען זי איז געקומען אויפן נייעם אָרט, און אין קאָפּ — פאַרשידענע געדאַנקען צו פאַרשענערן און פאַרבעסערן די גרויסע ווירטשאַפט מיט גראָז־פלאַנצן, קוסטן און באַשיינונגס־גערטנדלעך. זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט בלומען־פלאַנצן פון דער פלאַנצעריי אין מִצְפֶּה־הַיָּם, פאַרזעצטביימער און קוסט־צוימען און פאַרפּלאַנצט קוסטן מיט רויזן. ניט איינמאָל פלעגט זי דיסקוטירן מיטן אַרבעטס־פאַרטייִלער, ווען זי האָט געוואָלט מאָביליזירן דעם טראַקטאָר פאַר אירע אויפטוען. „אַוודאי זענען די אַרבעטן אין פעלד וויכטיק, אָבער באַשיינונגס־גערטנדלעך זענען אויך וויכטיק", פלעגט זי טענהן מיט טעמפּע־

ראַמענט. „וואָלט מען דען מיך אַהער געשיקט, ווען די דאָזיקע אַרבעט זאָל זיין אַ ניט וויכטיקע?" נאָך אין דגניה, די מוסטער פון די קבוצות, האָבן די מענער געחוזקט פון די חברטעס אין קיבוץ, ווען זיי פלעגן אַרויסטרעטן מיט כאילו בירגערלעכע פאָדערונגען שענער צו מאַכן די ווירטשאַפט מיט גערטנדלעך און בלומען. נאָר אין דער אונטערשטער שורה איז אָנגענומען געוואָרן דער דאָזיקער וועג, וועלכער איז ניט געווען אין סתירה צו די קיבוצישע פּרינציפּן און אַזוי אַרום האָט אויך פאַניע זוכה געווען מ'זאָל נאָכקומען אירע פאַרלאַנגען.

אין פאַרלויף פון יענעם יאָר, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די געביידעס פון דער ווירטשאַפט, עס זענען פאַרלייגט געוואָרן די פונדאַמענטן פאַר דער קאָנסערוון־פאַבריק און מ'האָט אויפגעבויט די וואַש־צימערן און באַקוועמ־לעכקייטן. די דירות זענען געווען די לעצטע אין דער ריי פאַר די ראשונים; פאַר אַלעמען — די באַדערפענישן פון דער ווירטשאַפט. ענדלעך האָט מען צענומען די באַראַקן, וועלכע זענען נאָך געשטאַנען אין מצפה־הים און זיי איבערגעפירט אויפן נייעם אָרט. אַ טייל פון די קיבוץ־חברים האָבן באַדאַרפט וווינען אין הייזקעס, די איבעריקע אין געצלטן. אַזוי ווי דאָס וווינען אין אַ הויז איז לויט אַלעמענס מיינונג מער באַקוועם ווי אין געצלטן, האָט מען באַשלאָסן אויך דאָס מאָל צו פירן זיך לויטן אַלטן מינהג פון טוישן זיך מיט די ערטער. לשם גלייכהייט איז באַשטימט געוואָרן צו טוישן די דירה איינמאָל אין זעקס חדשים.

צום סוף איז אַלץ גרייט געווען צום ענדגילטיקן איבערקלייבן זיך אין דער נייער ווירטשאַפט. די קי זענען אַריין אין שטאַל און די הינער — אין לול.* די אַרבעטס־בהמות האָבן זיך שוין געפונען אויפן פלאַץ. אויסשטאַטונג און געוועהר איז געשיקט געוואָרן אין דעם נייעם קיבוץ. אַלע פערזענלעכע זאַכן פון די חברים, ווי אָנטאָן, ביכער, אייניקע בילדער אאַז"וו — זענען געוואָרן איינגעפּאַקט גרייט צום שיקן. די קינדער — וועלכע האָבן נאָך אַלץ ניט געהאַט געזען זייער נייער וווין־אָרט — זענען געווען אויפגעהייטערט און געוואַרט אויף דער נסיעה. אָבער זייערע עלטערן האָבן פאָרט באַדויערט דאָס פאַרלאָזן מצפה־הים. אין לויף פון די יאָרן, האָבן זיי זיך צוגעבונדן צו נתניה; געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן געקעמפט פאַר העכערן זייער אַרבעטס־לוין און אַזוי ארום געוואָרן אַקטיוויסטן אין פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. איצט, אין דער נייער היים, וועלן זיי מוזן אַלץ אָנהייבן פונדאַסניי, ווען עס פעלן זיי די פריינד פון נתניה און דאָס אַלץ וואָס זיי האָבן דערגרייכט פאַר דער צייט פון זייער זיין אין מצפה־הים. אָבער

* הינערשטייג.

זייער חלום איז געווען צו באַארבעטן די ערד און זי דעראָבערן. כדי דער־גרייכן דעם ציל, האָבן זיי פאַרלאָזט די היימען פון טאַטע־מאַמע, די באַקוועמ־לעכקייטן דאָרט, די וואַרשטאַטן און געשעפטן פון זייערע עלטערן און אַוועק אויף הכשרה. אָפט האָבן זיי געליטן קעלט, הונגער און קראַנקייט, ביים צוגעווינען זיך צו פיזישער אַרבעט. שטרעבנדיק צו פאַרווירקלעכן זייער איינציקן טרוים — צושטעלן ארץ־ישראל פויערים, אין וועלכע זי וועט זיך אַזוי נייטיקן, ווען זי וועט ווערן די היים פון די יידן — האָבן די דאָזיקע מענטשן אַדורכגעמאַכט טויזנטער קילאָמעטער, מיט אַלע מיטלען וואָס זענען געשטאַנען צו זייער רשות, מיטן פעסטן באַשלוס ניט אומצוקערן זיך צו זייערע עלטערן און אין לאַנד וווּ זיי זענען געבוירן געוואָרן. יענע שווערע זיבן יאָר, וועלכע זיי האָבן אַדורכגעמאַכט אין מִצְפֶּה־הַיָם, האָט זיי געגעבן אַ געלעגנהייט אויסצוהאַלטן דעם נסיון; איצט איז אין זייערע הענט איבער־געגעבן געוואָרן אַ ווירטשאַפט אין אַלע הינזיכטן. אַפילו ווען זיי האָבן באַדויערט דאָס פאַרלאָזן בתניה, זענען זיי מיט פרייד אַנטקעגן געגאַנגען דער צוקונפט, דעם דערוואַרטעטן גערעַנגל אין די זאַמדן פון דרום ארץ־ישראל.

# 2

# אויסברייטערונג

באשליסנדיק צו באזעצן זיך אין דרום פון לאנד, ווו ארום זענען געווען א סך אראבישע דערפער, האָבן זיי געוווסט, אַז באַזאַמען מיטן דעראַבערן די ערד, וועלן זיי אויך דאַרפן איינשטעלן גוטע באַציונגען מיט די שכנים. ווי אַזוי, האָבן די קיבוץ־חברים זיך געפרעגט, וועלן די אַראַבער רעאַגירן אויף זייער אַנוועזנהייט אויפן אָרט? וועט דאָס זיין אַ פיינדלעכע רעאַגירונג, און די וואָס וועלן אַרויסגיין אַרבעטן אין פעלד, וועלן אין דער צווייטער האַנט מוזן האַלטן אַ שווערד? ווי נאָר זיי זענען געקומען אויפן אָרט, האָבן זיי דעמאָנסטרירט זייערע פריינדלעכע כוונות כלפי די אַראַבער, מיטן פאַרבעטן די חשובע פון זיי פון די שכנותדיקע דערפער, צו באַטייליקן זיך אין דער פייערונג פון אַרויפגיין אויפן באָדן. בלויז ווינציקע פון זיי האָבן געענטפערט אויף דער איינלאַדונג. און בנוגע די וואָס זענען געקומען, זענען דאָס פריינד, צי מרגלים?

דאָס ערשטע יאָר פון באַזעצן זיך אויפן נייעם אָרט, איז ניט אַדורך אָן צוזאַמענשטויסן. איין מאָל איז אַן אַראַבער געלונגען אַריינצודרינגען הינטער דער פאַרצוימונג פון קיבוץ. רעיה, וועלכער האָט זיך איבערגעוועקט צוליבן רעש, האָט דערזען אַ פּאָר פינקלדיקע אויגן און אַ האַנט וואָס נישטערט אונטערן לייוונט פון דעם געצעלט. אירע געשרייען האָבן אים איבערגעשראָקן און ער איז פאַרשוווּנדן אין דער פינצטערניש. נאָר אין דער פרי איז קלאָר געוואָרן, אַז צוזאַמען מיט אים זענען אויך נעלם געוואָרן אירע קליידער: מען האָט זי באַדאַרפט פונדאָסניי באַקליידן און דערווייל האָט רעיה זיך געמוזט צופּאַסן מענעריש אָנטאָן.

אַ צווייט מאָל האָט פּאַסירט, ווען דער לאַסט־אויטאָ וואָס איז געקומען פון מִצפה־הַיָם, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין צענטער פון אַן אַראַביש דאָרף און דער שאָפער האָט געוואָלט טוישן דאָס באַשעדיקטע גומי־ראָד. ניט פאָרויסזעענדיק קיין שום שלעכטס, זענען די מענטשן אַראָפּ פון אויטאָ, כדי העלפן דעם שאָפער. פּלוצים האָבן אַ חבורה אַראַבער אַרומגערינגלט דעם אויטאָ און אָנגעהויבן שלעפן פון באַגאַזש. „אַרויף אויפן אויטאָ! פאָרויס!"

האָט באַפּוילן דער שאָפער. „מיר קענען פאַרלירן די גאַנצע סחורה". די אַראַ־בער האָבן פּרובירט ניט דערלאָזן די קיבוץ־חברים אַרויפגיין אויפן אויטאָ און איינער פון זיי האָט אַפילו איבערגעלאָזט זיינע שיך, נאָר צום סוף האָט דער שאָפער אַ לאָז געטאָן די מאַשין און אָפּגעפּאָרן עטלעכע קילאָמעטער, וואָס האָט גורם געווען צום פולשטענדיקן פאַרניכטן דאָס באַשעדיקטע ראָד.

נאָך פון פריער האָבן די קיבוץ־מענטשן געוווּסט ווי נקמה־דורשטיק און פאַרביטערט עס קענען זיין די אַראַבער נאָך דעם ווי מ'האָט זיי אונטערגע־העצט קעגן די יידן. אַ קורצע צייט נאָכן גרינדן מִצפֶּה־הַיָם, האָבן די אַראַבער אַרויסגערופן די געשעענישן פון יאָר 1936 מיט דער כוונה צו דעמאָנסטרירן זייער קעגנערשאַפט כלפּי די ענגלישע הערשער און דער יידישער עליה. 520 יידן זענען דערהרגעט געוואָרן און אַ טויזנט זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פאַרלויף פון דריי יאָר צוזאַמענשטויסן. מִצפֶּה־הַיָם האָט מען טאַקע ניט אַטאַקירט, נאָר די קיבוץ־חברים האָבן געמוזט האַלטן וואַך און אַדורכגע־פירט איבונגען אין די ראַמען פון דער „הגנה". אַלע חברים האָט מען אויס־געלערנט זיך באַנוצן מיט הייס געווער און זיי האָבן געהאַלטן שמירה אין די פּרדסים פון דער סביבה. אייניקע פון זיי, וועלכע האָבן געאַרבעט אויסערן קיבוץ ביים פלאַסטערן אַ שאָסיי, זענען ניצול געוואָרן פון אַן אויפרייס, וואָס האָט געבראַכט מענטשלעכע קרבנות.

טראָץ זייערע דערפאַרונגען, האָבן די יידישע יונגעלייט ניט אַרויסגע־וויזן קיין שום פיינדלעכקייט כלפּי די אַראַבער. זיי זענען געווען איבער־צייגט, אַז ס'איז פאַראַן גענוג אָרט אין ארץ־ישראל פאַר ביידע פעלקער. אַלס ציוניסטן האָבן זיי געגלייבט אין דער רעכט צו ירשנען דאָס לאַנד פון זייערע אבות פון וועלכן מ'איז פאַרטריבן געוואָרן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. און אַ דאַנק זייער סאָציאַליסטישן גלויבן און באַוווּסטזיין, האָבן זיי ניט געקענט זיך באַציען מיט פאַראַכטונג צו אַ מענטש צוליב זיין אָפּשטאַם. זיי האָבן אַפילו געוווּסט, אַז ניט יעדער אַראַבער איז אַ שונא, אַפילו ווען זייערע מנהיגים האָבן דערקלערט די יידן אַ הייליקן קריג. איינער פון די קיבוץ־חברים האָט אַפילו געראַטעוועט זיין לעבן אַ דאַנק דער וואָרענונג פון אַן אַראַבישן פריינד. ווען ער האָט אין איינעם פון די דערפער געוואַרט אויפן אויטאָבוס, איז צו אים צו אַן אַראַבישער יונגנטלעכער און אַ פליסטער געטאָן אין אויער: „וואַרט ניט ביז ס'וועט פינצטער. פאָר מיט דער באַן. דיין לעבן איז אין געפאַר." אין אַ צייט אַרום האָט מען דעם דאָזיקן אַראַבער גע־פונען אַ געהרגעטן — פאַנאַטיקער האָבן אים דערמאָרדעט, ווייל ער איז געווען אַ „פריינד פון די יידן".

געווען נאָך אַ סיבה פאַרן ספּעציפישן צוגאַנג פון די קיבוץ־חברים צום אַראַבישן פּראָבלעם. ווי מענטשן מיט אַ וואַכזאַם סאָציאַליסטיש באַוווּסטזיין

איז זיי קלאָר געווען די וועגן פון דער געשיכטע; דעריבער האָבן זיי פאַר־שטאַנען, הלמאי די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן פילן זיך געטראָפן צוליבן פלאַן אויפצושטעלן אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים אויף אַראַבישער ערד. די האָפע־נונגען פון די אַראַבער זענען דערוועקט געוואָרן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט די צוזאָגן סיי פון לאָרענס „דער אַראַבישער מאַן" און סיי פון בריטישע באַאַמטע, צו דערגרייכן זייער זעלבשטענדיקייט דורך אַן אויפ־שטאַנד קעגן די טערקן, וועלכע האָבן געהערשט אין ארץ־ישראל. זיי האָבן פון זייער זייט געטאָן דאָס וואָס מ'האָט פאַרלאַנגט, נאָר אין יאָר 1920 איז קלאָר געוואָרן, אַז זייער זעלבשטענדיקייט איז גאָר ניט אַזוי נאָענט. ארץ־ישראל און איראַק זענען געוואָרן ענגלישע מאַנדאַט־לענדער, אין איינקלאַנג מיט די באַשלוסן פון פעלקער־בונד. אויף סיריע און לבנון האָט זיך אויס־געשפרייט די פראַנצויזישע הערשאַפט. אין ארץ־ישראל איז די לאַגע געווען אַ פיל שווערערע, ווייל מיטן איינשטעלן דעם ענגלישן מאַנדאַט, האָט מען די יידן געגעבן געזעצלעכע רעכט אין לאַנד; די דאָזיקע רעכט איז אַריינ־גענומען געוואָרן אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע אין יאָר 1917 און דאָרט איז געזאָגט געוואָרן, אַז „די רעגירונג פון זיין קעניגלעכן מאַיעסטעט באַציט זיך גינסטיק צום גרינדן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַר יידן אין ארץ־ישראל און מיט אַלע כוחות וועט זי זיך באַמיען פאַרלייכטערן צו דערגרייכן דעם ציל". די אַראַבער האָבן געפילט, און אפשר מיט רעכט, אַז פון זייער שטאַנדפונקט האָט מען זיי אָפּגענאַרט. יידישע עליה קיין ארץ־ישראל, מיט דער הסכמה פון די ענגלענדער, האָט אין זייערע אויגן אויסגעזען ווי אַ פרווו מצד דעם וועלט־ציוניזם אָוועקצורויבן זייער לאַנד. אין יאָר 1921 האָבן די אַראַבער רעאַגירט מיט אַ ריי פּלוצימדיקע איבערפאַלן, וועלכע האָבן געקאָסט דאָס לעבן פון פופציק יידן. אין יאָר 1929 האָבן זיך ווידער אָפּגעשפּילט אין לאַנד געשעענישן, אינספּירירט דורכן מופטי פון ירושלים. אין די יאָרן 1936—1939 זענען ווידער פאָרגעקומען פּאָגראָמען, דאָס מאָל פינאַנסירט דורך די נאַציס.

הגם ס'האָט זינט דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה גע־הערשט שטילקייט אין לאַנד, האָבן די קאָלאָניסטן פון נייעם פונקט אויפגע־שטעלט אַ פאַרקאַן פון שטעכלדראָט כדי באַשיצן זיך און זייער האָב־און־גוטס. זייער צוגאַנג צום אַראַבישן פּראָבלעם איז געווען אַ געמישטער. זיי האָבן געוווּסט, אַז אַ גאַנץ לעבן דאַרפן זיי זיין מיט די אַראַבער, מיט דער האָפע־נונג, אַז עס וועט הערשן צווישן ביידע שלום. גלייכצייטיק האָבן זיי אָנגע־נומען אַלע פאָרזיכטס־מיטלען וועלכע זענען געווען איינגעפירט אין די אָפּ־געזונדערטע יידישע ישובים.

געווען קלאָר, אַז אויב צוויי אַזעלכע פאַרשידענע פעלקער האָבן בדעה צו לעבן איינער נעבן אַנדערן, דאַרפן זיי, ווינציקסטנס, האָבן אַ בשותפות־

דיקע שפּראַך. פיל קיבוץ־חברים האָבן געקענט עטלעכע אַראַבישע ווערטער וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעלערנט ווען מ׳האָט געאַרבעט מיט די אַראַבער, אָדער זיי געהערט אויפן מאַרק און איין גאַס, נאָר זייער ווינציק האָבן גרינט־לעך געקענט אַראַביש. אַ חודש נאָכן אָנקומען אויפן נייעם אָרט, האָט מען איינגעשטעלט עטלעכע קלאַסן צו לערנען די אַראַבישע שפּראַך, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט אַ ספּעציעלער לערער פון ירושלים. אַזוי ווי ביידע שפּראַכן זענען זיך באַענט, האָט ניט גענומען קיין סך צייט און די שילער האָבן גע־מאַכט גרויס פאַרשריט.

ווי ס׳האָט זיך געפירט אין יענע טעג, האָט דער קיבוץ צוגענומען אַן אַראַבער צו היטן די פעלדער און אויך זיין אַ פאַרבינדלער צווישן זיי און זייערע שכנים. די נוצלעכקייט פון דעם פעלד־וועכטער אַבו־ראַמאַדאַן איז דער עיקר געקומען צום אויסדרוק אין ענינים פון גרענעץ־סיכסוכים, ווייל ער האָט גוט געקענט די אייגנטימער פון אַלע ערד־חלקים אין דער געגנט. די קיבוצישע ערד איז געווען צעוואָרפן צווישן די ערד־חלקים פון די אַראַ־בישע פעלאַכן און ניט איין מאָל פלעגן זיי אַרויפטרייבן זייערע סטאַדעס צו פאַשען זיך אויף די פעלדער פון זייערע יידישע שכנים; דעמאָלט פלעגט מען רופן אַבו־ראַמאַדאַן אויסצוגלייכן דעם סיכסוך און פעסטשטעלן ווער ס׳איז דער אייגנטימער פון דער אָדער יענעם חלק. אין זיינע אָנטשיידונגען האָט אַבו־ראַמאַדאַן זיך געפירט מיט פאַרזיכטיקייט, וואָס איז כדאי אונטער־צושטרייכן; אין דער פאַרגאַנגענהייט פלעגן אַנדערע פעלד־וועכטער דער־מאָרדעט ווערן דורך זייערע אַראַבישע ברידער, וועלכע האָבן זיך געקלאָגט אויף דער כלומרשטער עוולה וועלכע ס׳איז כלפי זיי באַגאַנגען איינער פון זייער שטאַם.

דער פאַרדאַכט פון די אַראַבער צו אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו די נייע שכנים און די אומוויסנקייט פון די קיבוץ־מענטשן בנוגע אַראַבישע מינהגים, האָט דערפירט צו אַן אינצידענט אייניקע וואָכן נאָך דעם ווי די חברים פון יד־מרדכי זענען ארויף אויפן באָדן. יעדן טאָג פלעגט אַ וואָגן אַרויספאָרן אין קיבוץ גבר־עם צו ברענגען פון דאָרט ברויט. איינמאָל, ווען דער וואָגן איז צוריק געפאָרן, זענען אים באַפאַלן אויפן וועג עטלעכע אַראַבישע פאַסטעכער און איינער פון זיי האָט געוואָלט צונעמען אַ פּאָר ברייטלעך. די צוויי חברים וואָס האָבן באַגלייט דעם וואָגן, האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי, נאָר אַנדערע פאַסטעכער זענען געקומען צו הילף. עס איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס. עטלעכע קיבוצניקעס האָבן פון דער ווייטנס געזען וואָס עס קומט פאָר און געהאַלטן, אַז מע טאָר ניט פאַרשווייגן אַזאַ פאַל און אין אַ טענדער פון קיבוץ צוגעפאָרן אויפן אָרט. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און פויסטן זענען געלאָזט געוואָרן אין גאנג. צום שלעכטן מזל פון קיבוץ, איז איינער

פון די פאַרוואונדעטע אַראַבער געווען דער זון פון מוכטאַר. אַבו־ראַמאַדאַן האָט דערקלערט זיינע אַרבעטס־געבער, אַז דאָס אַראַבישע דאָרף פילט זיך שווער געטראָפן, ווייל שולדיק איז דער וואָס דערלאַנגט דעם לעצטן קלאַפּ און אָן שום ספק, אַז די יידן זענען די וואָס האָבן געשלאָגן די לעצטע. דעריבער, כדי אָפּצוהיטן דעם שלום און דעם כּבוד פון געטראָפענעם דאָרף, דאַרף מען אים איבערבעטן, אַז ניט וועט זיך אַנטוויקלען אַ שנאה צווישן די שכנים.

איצט האָט דער קיבוץ באַדאַרפט פון אייגענער דערפאַרונג לערנען די וועגן פון איינשטעלן אַ שלום, ווי עס פירט זיך ביי די אַראַבער. אַלס ערשטער שריט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן איבערבעטונגס־קאָמיסיע מיט דער אויפגאַבע צו פאַרמיטלען צווישן דעם דאָרף באַרבאַרא, וואָס האָט זיך געפילט געטראָפן — און דעם נייעם קיבוץ. צוויי מוכטאַרס פון דערבייייקע דערפער זענען דורך ביידע צדדים באַשטימט געוואָרן אין דער קאָמיסיע און ס'איז אויפגעשווומען דער נאָמען פון אַ דריטן מוכטאַר, אָנגענומען דורך ביידע צדדים, וועלכער וועט זיין אַ נייטראַלער צד אין דעם סיכסוך. הגם דער מוכטאַר פון בית־דזשירדזשאַ, אַבו־פאַטחי, האָט קיינמאָל ניט געלערנט אין אַ שול, איז ער געווען בקיא אין דער אַראַבישער געשיכטע און מינהגים און געווען באַקאַנט ווי אַ יושרדיקער ריכטער. ס'איז אויך געווען באַוווסט, אַז ער סימפּאַטיזירט מיט די יידן און זיינע פאַרבינדונגען מיט אַנדערע יידישע ישובים זענען געווען פריינדלעכע. אין דער מאַדאַפע, דעם גאַסט־זאַל פון דאָרף, האָבן ביידע צדדים אָוועקגעלייגט פאַר די בוררים דעם סיפּור־המעשה, בעת די קיבוץ־חברים שטרייכן אונטער, אז דאָס געשלעג האָט זיך אָנגעהויבן ווען יענער פאַסטעך האָט געוואָלט גנבענען, דאַקעגן די דאָרפסלייט קלאָגן זיך אויף דער אומדערטרעגלעכער באַליידיקונג וועלכע מ'האָט גורם געווען די פאַסטעכער און דעם מוכטאַרס זון. נאָך אַ סך שעהן פון ויכוחים צווישן די בוררים גופא און אויסהערן די טענות פון די צדדים, איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער פּסק־דין. דער קיבוץ האָט באַדאַרפט באַצאָלן אַנטשעדיקונג 15 ארץ־ישראלדיקע פונט. מ'האָט אויך באַדאַרפט אדורכפירן צוויי איבערבעטונגס־מסיבהס, „סולחאס" — און די ערשטע מסיבה דאַרף צוגרייטן דער קיבוץ.

אַבו־פאַטחי האָט איצט פאַרלאָזט זיין נייטראַלע פּאָזיציע און געקומען אין קיבוץ עצהנען ווי אזוי אַדורכפירן די „סולחא". אין באַשטימטן טאָג זענען אַלע טישן און בענקלעך אַרויסגענומען געוואָרן פון עס־זאַל; אויף דער פּאָדלאָגע האָט מען אויסגעשפּרייט דיוואַנעס און קישנס, וועלכע די מענטשן פון דיר־סאַניד, דאָס דאָרף פון אַבו־ראַמאַדאַן, האָבן אויסגעבאָרגט דעם קיבוץ. ביי אַ 20 אַראַבישע געסט זענען אַריין אין עס־זאַל, וואָס האָט

איבער דער צייט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאַדאַפּע און געדריקט די הענט פון די 20 אַנוועזנדיקע קיבוץ־חברים. בלויז ווייניקע פון קיבוץ האָבן געקענט רעדן אַראַביש ווי ס׳געהער צו זיין, אָבער יעדער פון זיי האָט ווינציקסטנס געוווּסט צו ענטפערן אויף די באַגריסונגען אַנגענומענע אין אַזעלכע פאַלן. און ניט נאָר ווען מ׳האָט זיך דערלאַנגט די הענט, נאָר אויך אין מאָמענטן, ווען דאָס געשפּרעך האָט זיך אויסגעלאָשן און מ׳האָט עס באַדאַרפט באַנייען.

„וואָס איז מיטן געזונט?"

„אויסגעצייכנט, גאָט־צו־דאַנק."

„ווי אַזוי דאָס גערעטעניש?"

„זייער גוט, גאָט־צו־דאַנק."

„און וואָס מאַכט דיין ברודער?" „וואָס הערט זיך ביי דיינע קינדער?" „און וואָס מאַכט דער טאַטע?" „און ווי איז אַדורך דער וועג?" און אַזוי ווייטער אין גאַנג פון געשפּרעך, אויף וועלכער ס׳איז טעמע.

נאָך דעם ווי מ׳האָט זיך אויסגעזעצט איינער קעגן אַנדערן, האָבן זיך אָנגעהויבן די טראַדיציאָנעלע באַגריסונגס־ווערטער. אבו־פאַטחי האָט גערעדט וועגן דער גרויסקייט און שיינקייט פון שלום וואָס הערשט צווישן שכנים און וועגן דער נויטווענדיקייט פון אזא שלום. די מוכטאַרן האָבן אים אונטערגע־דאַלטן. וועגן דעם ניט־אָנגענעמען פאַרפאַל האָט מען ניט דערמאָנט מיט קיין וואָרט. דער עיקר תכלית פון די גלאַטע איבערבעטונגס־רייד איז געווען איינ־גאַנצן אָפּצווישן יעטווערן זכר פון יענעם צוזאַמענשטויס.

ענדלעך, נאָכן אויסטרינקען שוואַרצע און שאַרפע קאַווע, האָט זיך אָנגעהויבן די סעודה. אַ קרוג וואַסער מיט אַ שיסל זענען איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, כדי זיך וואַשן די פינגער פאַרן עסן, ווייל די אַראַבער אין דעם ראַיאָן האָבן זיך ניט באַנוצט מיט מעסער־גאָפּל. גרויסע טאַצן מיט פלייש און רייז זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן דיל. דאָס האָבן די פרויען פון דיר־סאניד געבראַכט דאָס שעפּסן־פלייש, געקאָכט די רייז און צוגעשטעלט די פּיטעס. הגם די אַראַבער זענען געווען די געסט, האָבן זיי גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו לערנען די גאַסטגעבער ווי אַזוי קנעטן די רייז און זי פאַרוואַנדלען אין קיילעכלעך, ס׳זאָל זיך ניט צוקלעפּן צו די הענט, איידער מען ברענגט עס צום מויל. די געסט האָבן אַפילו אויסגעקליבן פאַר זייערע גאַסטגעבער פעטע שטיקער פלייש און זיי אָוועק־געלייגט אויפן עק פון די טאַצן, פון וואַנען די „רעקרוטן" האָבן געגעסן. אבו־ראַמאַדאַן האָט געלערנט די קיבוץ־מענטשן, אַז מע דאַרף איבערלאָזן אַ באַשטימטע צאָל עסן אויף דער טאַץ, ווייל די דאָזיקע רעשטלעך ווערן שפּעטער דערלאַנגט די פרויען און קינדער. און אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט:

די יידן האָבן אויפגעהערט עסן און איבערגעלאָזט באַדייטנדיקע פּאָרציעס. זייערע אַראַבישע חברים האָבן זיי געמונטערט ווייטער צו עסן.

„האָט איר טאַקע פאַרלוירן דעם אַפּעטיט?״

„חס־ושלום, דאַנקען גאָט״.

„אפשר האָט איר ניט קיין הנאה פון דעם עסן?״

„פאַרקערט. דאָס שעפּסן־פלייש איז זייער געשמאַק״.

נאָך די אַלע רייד און קעגנזייטיקע קאָמפּלימענטן, וואָס האָבן זיך צוויי מאָל איבערגעחזרט, און די יידן זענען ניט געווען מסוגל מער צו עסן, האָבן זיי זיך דערמאָנט אינעם אַראַבישן אופן אויסצודריקן זאַטקייט — מיט שלוקערצן און גרעפּצן. אויף דעם האָבן די אַראַבער צוריקגעענטפערט מיט אַ הויכן און טראַדיציאָנעלן גרעפּץ און דערנאָך אַרויסגענומען די טאַצן פון זאַל. די אַנוועזנדיקע האָט מען איצט דערלאַנגט טעלערס מיט וויינ־טרויבן און פייגן, דערנאָך איז ווידער פאַרמישט געוואָרן שוואַרצע קאַווע אַלס צייכן, אַז די סעודה איז פאַרענדיקט. אין אַ וואָך אַרום איז די „סולחא״־מסיבה פאַרגעקומען אין דאָרף באַרבאַראַ און דער גאַנצער פאַל איז פאַרגעסן געוואָרן, גלייך ער איז קיינמאָל ניט געווען.

נאָר וויכטיקער פון די אַלע צערעמאָניעס זענען געווען די פאַרבינדונגען וועלכע האָבן זיך איינגעשטעלט צווישן קיבוץ און זיינע שכנים, דער עיקר אויפן שטח פון די פעלד־אַרבעטן. צווישן דעם קיבוץ־חבר וואָס האָט צע־אַקערט די ערד, זיצנדיק אויפן טראַקטאָר און דעם פעלאַך וואָס האָט זי צעדריבלט מיט זיין הילצערנעם אַקער — איז געווען עפּעס געמיינזאַמס: ביידע האָבן גלייכצייטיק ליב געהאַט די ערד, וועלכע זיי האָבן באַאַרבעט. לגבי די יידן איז די ערד געווען אַ פאַרווירקלעכטער חלום: אָט איז ער דאָ, באַאַרבעט די ערד אויף וועלכער שמשון האָט געקעמפט מיט די פלשתים. ער האָט זיך געפרייט צו ברענגען פאַר דער אויסגענוצטער ערד די נייעסטע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען און זי אַקערן אין גלייכע און טיפע ברוזדעס. דאַקעגן דער אַראַבער האָט ניט מער ווי אָפּגעקראַצט דעם אויבערשטן שיכט, הגם עס וועט קומען אַ טאָג, און אויך ער וועט געניסן פון די טעכנישע דערגרייכונגען. דער אַראַבער האָט זיך באַנוצט מיט אַ הילצערנעם אַקער, געשפּאַנט צו אַן אָקס, און אויב ער האָט ניט געהאַט קיין אָקס — איז זיין ווייב געווען דער שלעפּ־כוח. גייענדיק אַבער נאָכן אַקער, פלעגט ער זינגען לידער פון האָפענונג וועגן דער פרוכטבאַרקייט פון דער ערד און אַ לויב דער פראַכט און שיינקייט פונעם פרימאָרגן. ער האָט קיינמאָל ניט געלערנט אין אַ שולע, ניט געווען קיין קולטור־מענטש, נאָר אויסגעצייכנט געקענט די וועגן פון מדבר. אויף זיין פעלד זענען געווען צעוואָרפן אַזעלכע ריזיקע שטיינער, אַז קיין שום טראַקטאָר וואָלט זיי ניט געקענט רירן;

די דאָזיקע שטיינער האָבן אָבער צוגעצויגן דעם טוי פאַר זיין אויסגע־טריקנטער ערד.

ווי אומעטום, ווען ס׳איז צונויפגעמישט דאָס דערלויבטע מיטן פאַר־באָטענעם, אַזוי איז שווער געווען דעם קיבוץ פּטור צו ווערן פון דער צרה וואָס הייסט גניבות. דאָס איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע באַלעסטיקונג. אַז ס׳איז עפּעס פאַרלוירן געגאַנגען, האָט אַבו־ראמאדאן כמעט שטענדיק גע־טענהט, אַז „כ׳ווייס ניט ווער ס׳איז דער גנב", נאָר גלייכצייטיק באַמיט זיך צו באַרויקן די אויפגעברויזטע קיבוץ־מענטשן מיטן אַראַבישן פאָלקס־ווערטל „אַן אַראַבער איז ניט דיין פריינד, אויב ר׳האָט ניט געגנבעט פון דיר צוויי מאָל". ביי יעדן פאַל פון אַ גניבה, האָבן די קיבוצניקעס פּרובירט אומקערן זיך די אבידה און טיילמאָל אַפילו מצליח געווען. שמאַי וואָסער האָט מיר דערציילט אַ פאַל פון גנבענען אַ פערד, איינס פון די זעקס אַרבעטס־בהמות פונעם קיבוץ. אין יענער צייט איז שמאי געווען וועכטער, נאָכן קומען צו זיך פון אַן אָפּעראַציע וועלכע ר׳האָט דורכגעמאַכט. ער האָט ליב געהאַט פערד און איידער מ׳האָט אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, האָט שמאי געזאָגט זיינע חברים: „איך וועל קומען צוריק — און מיין אַרבעט ביי די פערד גיט ניט איבער קיין אנדערן". ער איז איצט ניט געווען מסוגל צו אַרבעטן מיטן אַקער, אָבער אַ גוטער נאַכט־וועכטער האָט ער יאָ געקענט זיין און זיין פירפיסיקער פריינד האָט אים געהאָלפן היטן די פעלדער. איינמאָל ביינאַכט האָט שמאי דערהערט אַ פאַרדעכטיק גערויש און ער איז אַראָפּ פון פערד, כדי אויספאָרשן די זאַך. אומקערנדיק זיך אויפן אָרט ווו ר׳האָט עס געהאַט צוגעבונדן, האָט ער שוין דאָרט ניט געפונען זיין פערד. דאָס פאַרלירן אַ פערד איז געווען אַן ערנסטער היזק און שמאי האָט געפילט, אַז נאָר ער איז אין דעם שולדיק. אויסער דעם האָט שמאי זייער ליב געהאַט זיין פערד. אַזוי ווי ער האָט גוט געקענט אַראַביש, האָט ער זיך אַליין פאַרבעטן צום שייך פון חירביאַ און נאָכן אויסטרינקען שפּאָרע פאָרציעס שוואַרצע קאַווע, האָט ער דערציילט דעם גאַסטגעבער די געשיכטע. זיין ווענדן זיך צו די געפילן פון פריינדשאַפט און כבוד פון שכנים — האָבן געגעבן רעזולטאַטן. מיט אייניקע וואָכן שפּעטער איז דאָס פערד אָפּגעגעבן געוואָרן. שמאַיס פרייד צוליב דעם איז געקומען צום אויסדרוק אויף אַן אייראָפּעישן שטייגער און דעם וואָס האָט אים צוריק געבראַכט דאָס פערד, האָט ער אַריינגעשטופּט אין האַנט אַ באַנקנאָט פון פינף ארץ־ישראלדיקע פונט. צו זיין איבערראַשונג, איז ער אויף צומאָרגנס פאַרבעטן געוואָרן צום שייך אַהיים און נאָך מער איבער־ראַשט איז ער געווען פון זיינע רייד: „זאָלסט קיינמאָל ניט באַלוינען דעם גנב", האָט דער שייך געשטראָפט זיין גאַסט. „פון איצט און ווייטער

וועט מיר שווער זיין צו באַהערשן די גנבים, וועלכע ווירקן אין דער געגנט, ווייל זיי וועלן מיינען, אַז אַפּילו ווען מ׳קען זיך ניט צואייגענען אַ פערד, וועלן די יידן באַצאָלן פאַרן אומקערן עס״.

נאָר ביסלעכווייז האָבן די אַראַבער זיך צוגעוווינט צו דער אַנוועזנהייט פון די יידן אַלס זייערע שכנים. דער אַראַבער וואָס זיין סטאַדע איז אַרויף אויפן קיבוצישן פעלד, האָט זיך שוין ניט באַליידיקט, ווען מ׳האָט אים געהייסן פון דאָרט זיך אָפּטראָגן. נאָך אַלעמען, וואָלטן אויך די אַראַבישע שכנים ניט געוואָקלט זיך צו פאַרטרייבן אים, אין פאַל ווען ער וואָלט אַרויף אויף זייערע פעלדער. ער האָט זיך אויסגעלערנט דערשאַצן דעם ייד אַלס ערד־אַרבעטער און אַנטשלאָסענער פאַרטיידיקער פון זיין באַזיץ.

די יידן האָבן פון זייער זייט אַלץ געטאָן, כדי איינשטעלן פריינדשאַפט־לעכע פאַרבינדונגען מיט זייערע שכנים. אויף דעם געביט זענען זייערע קינדער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַמבאַסאַדאָרן פון גוטן ווילן. פון צייט צו צייט פלעגט דער לערער סעווועק זיי נעמען אויף אַ באַזוך אין דעם אָדער יענעם אַראַבישן דאָרף. דאָס באַווייזן זיך פון די קיבוצישע קינדער איז געווען אַ געשעעניש פאַר די קינדער פון דאָרף, וועלכע פלעגן מכבד זיין די יונגע געסט מיט זיסוואַרג און עסן. די קינדער האָבן זיך געשפּילט און אָנגענעם פאַרברענגט די צייט. די עלטערן האָבן געהאָפט, אַז זיי וועלן מיט דער צייט זיך צואייגענען די אייגנשאַפט פון שעצונג און טאָלעראַנץ, וועלכע זענען אַזוי נייטיק אויף איינצושטעלן בעסערע מענטשלעכע באַציונגען.

אין די באַדינגונגען פון דער געגנט, איז דער מוכטאר־אַמט געווען אַן אויסערסט־וויכטיקער; אין נתניה האָט דער מוכטאר געהאַט ווינציקע אויפגאַבן, אָבער דאָ איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן „אויסערן־מיניסטער״ פון קיבוץ בנוגע אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו די באַציונגען מיט די שכנים. אין קיבוץ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גאַסט־צימער מיט טעפּיכער און קישנס. מ׳האָט זיך איינגעשאַפט די נייטיקע אויסשטאַטונג צוצוגרייטן קאַווע און שאַלן. אויך זיסוואַרג האָט זיך געפונען אויפן אָרט, אין פאַל אַז ס׳וועט זיך באַווייזן אַן אַראַבישער גאַסט. טראָץ זייער ענערגישן אופן פון אַדורכפירן אויפגאַבעס, זענען די יידן געווען געצוווּנגען זיך צוצואייגענען דעם פאַמעלעכן מזרחדיקן טעמפּאָ. אַז אַן אַראַבישער שכן איז געקומען מיט אַ באַזוך, האָט דער מוכטאר בדרך כלל געוווּסט זיך אָנצושטויסן, אַז ער איז אוודאי אויסן צו בעטן עפּעס אַ טובה. דער אַראַבישער גאַסט איז אָבער ניט געווען אויף אַזוי פיל אומהעפלעך באַלד פאָרצושטעלן זיין פאַרלאַנג. זופנדיק די קאַווע, האָט ער געפרעגט דעם מוכטארס מיינונג וועגן דעם אויסזען פון די וואָלקנס אין דער פרי. טיילמאָל

פלעגט ער ציטירן אייניקע סטראָפֿן פֿון אַ ליד פֿון זיינעם אַ באַליבטן דיכטער, וועלכע האָבן געשילדערט די שיינקייט פֿון די ארץ־ישׂראלדיקע בלויע הימלען. דערנאָך פֿלעגט ער דערמאָנען דעם שטאַרקן ווינט און די פֿאַלגן וואָס ר׳וועט מיט זיך ברענגען. דערביי האָט ער דערציילט זכרונות וועגן אייניקע פּגיעות פֿון דער היץ, אָן אומגעוויינלעכע אין דער צייט פֿון יאָר. פֿאַרשטענדלעך, אַז ביידע צדדים האָבן ניט פֿאַרגעסן זיך אויסצופֿרעגן וועגן געזונט פֿון די משפּחה־מיטגלידער פֿונעם מוכטאַר און פֿון גאַסט. דערנאָך איז דאָס געשפּרעך אַריבער אויף דער אויסזיכט פֿון גערעטעניש, אָדער מ׳איז אַוועק צו פּאָליטישע ענינים. ערשט צום סוף, נאָך אַ שעה אָדער מערער, בעת וועלכער דער מוכטאַר האָט באַדאַרפֿט דעמאָנסטרירן אויס־דויער און ניט אַרויסווייזן קיין שום סימן פֿון אומגעדולד, איז דער גאַסט דערגאַנגען צו זיין בקשה, צי פֿאַרלאַנג. ס׳האָט פּאַסירט, אַז ער האָט געוואָלט זיך אויסלייען אויף אַ טאָג דאָס אַקעראייזן אָדער אַ פֿערד, טיילמאָל פֿלעגט ער בעטן זיי־קערנער פֿון ווייץ, אָדער פֿלאַנצן פֿון פּאָמידאָרן, נאָך דעם ווי ר׳האָט אָנערקענט דעם קיבוצס פּאָכמענישע אויבערהאַנט אין לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פֿראַגן. ניט איינמאָל האָט דער קיבוץ דערפֿילט די בקשות און אויסגעבאָרגט די אַראַבער אייניקע כּלים פֿון זיין מעכאַנישער אויסשטאַטונג. דער קיבוץ איז געווען מסוגל און אויך צופֿרידן וואָס ער קען מיט זיינע מכשירים אַנטקעגנקומען די שכנים. נאָר די ערשטע זאַך וואָס יעדער מוכטאַר האָט באַדאַרפֿט לערנען — אַז דער אופֿן פֿון געבן איז וויכטיקער ווי די עצם מתנה.

ראובן, וועלכער איז געוואָרן מוכטאַר באַלד נאָכן איבערפֿירן דעם גאַנצן קיבוץ אויפֿן נייעם אָרט, פֿלעגט אָפֿט באַזוכן די שכנותדיקע דערפֿער. ער איז געריטן אויף אַ ווייס אַראַביש פֿערד, אויף וועמענס רוקן ס׳איז געלעגן אַ געהאַפֿטענע זאָטל־קאָלדרע און אין איינער פֿון אירע קעשענעס האָט ער פֿאַרשטעקט דעם רעוואָלווער. ראובן, אַ פּראַזאישער און פּראַקטישער טיפּ, האָט ניט געהערט צו די פּראַכטפֿולע געשטאַלטן. בעתן רייטן אויף זיין פֿערד „אַריסטאָקראַט". מיט זיין דערנענטערן זיך צום דאָרף, פֿלעגן די קינדער מיט געשרייען צוזויסן געבן וועגן זיין אָנקומען און אַזוי אַרום געוואָרנט די פֿרויען זיי זאָלן זיך פֿאַרשטעקן אין זייערע וווינונגען. אינעם גאַסט־זאַל האָט ער זיך געטראָפֿן מיט די זעלבע אַלטע און בכּבֿודיקע לייט, וועלכע זענען דאָרט געזעסן און געטרונקען קאַווע און דערביי געציילט, ווער ווייסט צום וויפֿלטן מאָל, די תּפֿילה־קרעלן און געהערט ראַדיאָ וואָס האָט געשפּילט אויף די העכסטע טענער. ראובן פֿלעגט מיט זיי אָפּזיצן בעת אַזאַ לאַנגדויערנדיקן און קריכנדיקן וויזיט, וועלכער איז אים געווען גוט באַקאַנט פֿון זייערע באַזוכן ביי אים — און ערשט דערנאָך באַרירט דעם

ציל פון זיין קומען, ווי פאַרבעטן צו אַ פייערונג אין קיבוץ, אָדער באַהאַנדלען אַ קעגנזייטיק פּראָבלעם.

דיר־סאַניד, אבו־ראַמאַדאַנס דאָרף, איז באַזונדערס געווען צו זיי פריינדלעך. דאָס שכנותדיקע דאָרף איז געווען דאָס סאַמע נאָענטסטע און מ׳האָט עס געזען פון קיבוץ. אויף יעדער חתונה אין דאָרף האָט מען די קיבוץ־חברים פאַרבעטן. „צו אַזעלכע שמחות האָט מען באַזונדערס איינגעלאַדן דעם ,אַריסטאָקראַט׳ — האָט מיר ראובן דערציילט „אַזוי ווי דאָס איז געווען אַ שיין און איידל פערד, פלעגט מען אים צוטיילן דעם כבוד צו טראָגן אויף זיין רוקן די כלה״. נאָכן אַדורכפירן די חתונה־צערעמאָניע ביי דער כלהס עלטערן, פלעגט דער „אַריסטאָקראַט״, בראש פון דער פּראָצעסיע, שפּאַנען צום צענטראַלן פּלאַץ אין דאָרף און דערנאָך מיט זיינע פיס זיך אַוועקלאָזן אין אַ לייכט טענצל, ווען די אַראַבער האָבן אָנגעהויבן די „פאַנטאַזיע״ און געשאָסן אין דער לופט פון פאַרשידן געווער. ביט איינמאָל האָט „אַריסטאָקראַט״ געגומען דאָס ערשטע אָרט אין די פערד־פאַרמעסטונגען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן אין סאַמע ברען פון די פייערונגען און צוליב דעם האָבן די אַראַבער זיך געכעסט אויף אַ גוטמוטיקן אופן, הלמאי אַ קיבוצישׁ פערד און זיין רייטער זענען זיי ביינעקומען.

דער קיבוץ האָט פאַרגעלייגט זיינע שכנים אַ זאַך, וואָס איז דורך זיי אָנגענומען געוואָרן מיט גרויס בייפאַל. דאָס איז געווען די מעדיציניש באַדינונג וואָס איז אַן געלט געגעבן געוואָרן דורך ד״ר יוליוס קעלער, דאָקטאָר פון יד־מרדכי פונעם יאָר 1945. ד״ר קעלער האָט אויך באַדינט דעם קיבוץ גבר־עם, ווו ער פלעגט אַהינרייטן אויף אַן אייזל. פונדעסטוועגן האָט ער יעדן טאָג געפונען צייט זיך מטפל צו זיין מיט די אַראַבער און ס׳איז ביט געווען קיין טאָג, אַז עטלעכע פרויען מיט זייערע קינדער זאָלן ביט וואַרטן ביי דער טיר פון זיין אַמבולאַטאָריע. די קינדער פלעגן דער עיקר ליידן פון געדערעם־קראַנקייטן, אויסשיטן, הויט־קראַנקייטן און אויך פון טראַכאָם. ד״ר קעלער איז געווען אַ שווייגער און אַלס פּליט פון דייטשלאַנד האָט ער ניט געקענט פאַרגעסן די דערנידעריקונגען און באַליידיקונגען אינעם לאַנד פון זיין אָפּשטאַם, דער עיקר צוליב דער פירונג פון זיינע פאַך־קאָלעגן. ער איז געווען אַ גלייכגעוויכטיקער, פּינקטלעכער און אַ איידעלער מאַן, געוווסט ווי אַזוי איבערצוציייגן די אַראַבערינס מיט די פאַרשטעלטע פּנימער צו באַנוצן זיך מיט די אומבאַקאַנטע מעדיקאַמענטן, וועלכער ער האָט זיי צוגעשטעלט. אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן, האָט ער פאַרן טויער פון קיבוץ איינגעאָרדנט אַ באַזונדערע אַמבולאַטאָריע פאַר די שכנים. פון דעם דאָזיקן קליינעם באַראַק האָבן אויסגעשטראַלט נייע אידעען און געדאַנקען וועגן היגיענע און

געזונטהייט פאַר דער גאַנצער אַראַבישער באַפעלקערונג אין יענעם ראַיאָן.

אין פאַרלויף פון די פינף יאָר פון זייער באַזעצן זיך אין דרום פון לאַנד, האָבן די קיבוץ־חברים מצליח געווען צו פלעגן גוטע באַציונגען און חברשאַפט מיט זייערע אַראַבישע שכנים, ביזן איבעררייסן זיי צוליב דער מלחמה. פאַקטיש האָבן כמעט אין גאַנצן לאַנד זיך אַנטוויקלט גוטע באַציונגען צווישן ביידע פעלקער. ביידע קולטורן האָט עקזיסטירט איינע ביי דער אַנדערער, טראָץ זייער אַנדערשקייט. די דאָזיקע דערשיינונג איז באַזונדערס געווען קענטיק מחוץ די גרויסע שטעט, אין די לאַנדווירט־שאַפטלעכע ראַיאָנען פון לאַנד. אויגנשיינלעך איז געווען צו דערוואַרטן, אַז יידישע קאָלאָניזאַציע וועט ברענגען צרות די אַראַבישע ערד־פאַכטערס, אָבער אויף דער לאַנגער מעטע האָבן די אַראַבער געהאַט פיל נוצן פון די יידנס אַנוועזנהייט. מיטן באַוויזן זיך אויף די ערטער, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט, זענען שטענדיק פאָרגעקומען עקסטרעמע ענדערונגען אין די אַגראַר־סיסטעמען און געזונטהייטס־ניווא. אַ סך אַראַבער האָבן דאָס פאַר־שטאַנען; זיי האָבן זיך באַמיט צו שיקן זייערע קינדער אין די יידישע אַמבולאַטאָריעס און געבעטן פון די קיבוצים זריעה־קערנער און פלאַנצונגען.

הגם עס זענען געווען יחידים און אפילו גרופּעס, וועלכע האָבן זיך דערפון אָפּגעגרענעצט (און איך האָב געהערט, ווי געוויסע יידן פלעגן זאָגן „זאָלסט זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזן אויף אַן אַראַבער"), האָט די מערהייט פון ישוב ניט פאַרהוילן זייער אַכטונג און סימפּאַטיע כלפּי די אַראַבער. בעת די טאָג־טעגלעכע באַגעגענישן צווישן די אַראַבער און יידן, איז די דאָזיקע כוונה זייער גוט קלאָר געוואָרן. דער מענטש פון גאַס האָט ניט געהאַט קיין שום שייכות מיט די צוזאַמענשטויסן, וואָס פלעגן אָפּטמאָל אויסברעכן צווישן ביידע פעלקער. בדרך כלל זענען די מאַסן אונטערגעהעצט געוואָרן דורך די פּאָליטישע און נאַציאָנאַליסטישע מנהיגים.

ניט די גאַנצע ערד, וועלכע דער שייך פון חירביא האָט פאַרקויפט די יידן, האָט געטויגט צו באַאַרבעטונג. אויף טייל ערטער איז זי געווען אַ פעלזיקע און אויף אַנדערע — אַ צופיל אויסגענוצטע. אַ גרויסער שטח איז דורך דער מאַכט אויסגעטיילט געוואָרן פאַר דער בריטישער אַרמיי אויפצושטעלן דאָרט אַ מיליטערישן לאַגער. צוליב דעם האָט דער קיבוץ, אין ערשטן יאָר פון זיין אַרויפגיין אויפן באָדן, באַאַרבעט בלויז 700 דונאַם. אויף אייבעם פון די הויכע בערגלעך איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ וואַסער־טורעם, פון וועלכן מ'האָט געצויגן רערן צו די באַנאַנעס און צו אַנדערע פלאַנטאַציעס. אין יענע טעג האָבן די קאָלאָניסטן נאָך ניט געקענט זיך דערלויבן איינפירן דעם איצטיקן באַוואַסערונג־סיסטעם מיט שפּריצערס. אַנשטאָט דעם, האָבן זיי זיך באַנוצט מיט אַ מכשיר געשפּאַנט צו מויל־

אייזלען, וואָס האָט געגראָבן ראָוועס צווישן די בייטן, אין וועלכע מע פלעגט לענקען דעם וואַסער־שטראָם, מיט דער הילף פון אַ גראָב־אייזן. דאָס איז געווען אַ קאַטאָרגע־אַרבעט. אויך דאָס אַקערן מיט דער הילף פון אַ קליינעם טראַקטאָר, דאָס פונאַנדערשיטן מיסט מיט אַ היי־גאָפּל, דאָס פלאַנצן, בראָנעווען די ערד, אויסגראָזן מיט די הענט דעם גרינוואַרג־גאָרטן און דאָס מטפל זיין זיך מיט די בהמות — זענען געווען פון דעם סאָרט אַרבעטן, וועלכע האָבן די קיבוץ־מענטשן באַשעפטיקט אַ גאַנצן טאָג. סיי אין דעם הייסן זומער, סיי בעת די רעגנס און בלאָטעס פון ווינטער.

דעם פּראָצעס פון אויסבעסערן די טרויבן־פלאַנצן האָבן די יידישע קאָלאָניסטן געלערנט ביי זייערע אַראַבישע שכנים. זיי האָבן זיך איינגעשאַפּט די פלאַנצן ביי די איינוווינער פון דאָרף באַרבאַראַ, וועלכע זענען געווען באַקאַנט אַלס אויסגעצייכנטע ציכטלער פון אויסדערוויילטע מינים עס־טרויבן. די דאָרפס־מענטשן האָבן געלערנט די „גרינע״ וויינשטאָק־גערטנערס ווי אַזוי פאַרזעצן די פלאַנצן אין דער ערד, טיפער ווי געוויינלעך, כדי שפּאָרן וואַסער, ווי אַזוי באַמיסטיקן און באַשניידן דעם וויינשטאָק.

די לאַנדשאַפט פון קיבוץ האָט זיך לאַנגזאַם פאַרבעסערט, ווייל די קוסטעס אוןביימער זענען געוואַקסן פּאַמעלעך און ניט מיט דעם וווקס־טעמפּאָ פון תבואה. דאָס פאַרזעצן ביימער איז געווען פאַניעס „משוגעת״. זי האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די מויל־אייזלען זאָלן אייביקע פעסלעך מיט וואַסער צונויפברענגען אויף אַ צענטראַלן פונקט און פון דאָרט האָט זי אַליין צעטיילט די באַליבטע פליסיקייט פון אירע געוויקסן. אַזוי ווי זי האָט אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט אונטער דער גליענדיקער זון, האָט זי אַרויסגעוויזן אַ באַגייסטערטע שטרעבונג צו פאַרזעצן וואָס מער ביימער אויפן הויף פון קיבוץ. מיט אַ סך שטאָלץ האָט זי אַליין פאַרזעצט אַ כינעזישן באַפּוצונגס־בוים. „דער דאָזיקער בוים הייסט באַהעניא און אין פרילינג וועט ער זיין באַדעקט מיט ווייסע בלומען״, האָט געזאָגט פאַניע. זי האָט געהאַט בדעה צו פאַרפלאַנצן שנעל־וואַקסנדיקע עוקאַליפּטוסן ביי די זייטן פון הויפּט־וועג, וואָס האָט געפירט אין קיבוץ און צופוסנס פונעם בערגל ווו ס׳איז געשטאַנען דער וואַסער־טורעם. אין ט״ו בשבט האָבן אַלע קיבוץ־חברים, די קינדער און די אַראַבישע שכנים, זיך אַוועקגעלאָזט מקיים זיין די מצווה פון פלאַנצן. אַזוי ווי פאַניע האָט געפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר פלאַנצן בכלל, איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצורופן דאָס אָרט מיט די יונגע ביימלעך „פאַניעס וואַלד״. אַלע פלעגן צוליב דעם לאַכן פון איר אויף אַ גוטמוטיקן אופן: „פאַניע, היינט האָב איך שפּאַצירט אין דיין געדיכטן וואַלד און טרעף וואָס כ׳האָב דאָרט געזען — אַ בער מיט צוויי וועלף!״. אָבער פאַניע איז געווען דורכגענומען מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט קומען

דער טאָג און אַלע וועלן געניסן פון די הויכעביימער און פון אַ סך שאָטן וואָס זיי וועלן אויסשפּרייטן אַרום זיך.

די חברים האָבן שווער געהאָרעוועט כּדי אויפצושטעלן זייער קיבוץ. הגם שבת איז געווען אַ רו־טאָג, זענען די באַדערפענישן פון דער ווירט־שאַפט געווען אַזעלכע דרינגענדיקע, אַז מ׳האָט געמוזט אַרבעטן אויך אין דעם טאָג. אָפט פלעג מען מאָביליזירן די חברים צום אַראָפּנעמען די ווייַנטרויבן, אָדער די גערעטעניש פון טאָמאַטן. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די דאָזיקע מאָביליזאַציע איז געווען אַן ענין פון פּרייוויליקייט, האָבן אָבער ווייניקע געהאַלטן אַז זיי דאַרפן רוען און ניט גיין העלפן זייערע חברים אין פעלד; כמעט אַלע האָבן זיך אייגנוויליק צוגעשטעלט צו די דאָזיקע כעזאָן־אַרבעטן. דאַקעגן אין געוויסע יומטובים זענען אַדורכגעפירט געוואָרן בלויז די סאַמע דרינגענדיקע אויפגאַבן. הגם די קיבוץ־חברים זענען ניט געווען קיין רעלי־גיעזע, האָבן זיי געפייערט די יידישע יומטובים דער עיקר צוליב זייער קולטור־טראַדיציע, דערביי ניט איינמאָל געענדערט דעם אַלטערטימלעכן באַטייט און זיי צוגעגעבן אַ מער פאַרגעשריטענעם אינהאַלט, לויט די באַ־גריפן פון אונדזער צייט. אַזוי, למשל, איז פון באַזונדערער באַדייטונג געווען דאָס אויפשטעלן אין סוכות אַן אייגענע סוכּה, וועלכע מ׳האָט אַמאָל געבויט אין לאַנד פון די אבות! אַ דאַנק דער הנאה און השפּעה פון די יומטובים, זענען די קלייניקע מיינונגס־פאַרשידנהייטן, אַרויסגערופענע דורכן קיבוצישן לעבן, פאַרשוווּנדן און ביי די חברים איז באַנייט און געשטאַרקט געוואָרן דאָס געפיל פון פריינדשאַפט און איבערגעגעבנקייט דעם לעבנס־וועג, וועלכן זיי אַליין האָבן זיך אויסגעקליבן.

אייניקע יומטובים, פאַרבונדענע מיט דער ערד־אַרבעט גופא, זענען גע־פייערט געוואָרן אין פעלד, אָדער אויסער דער היים. צו אַזעלכע פייערונגען זענען פאַרבעטן געוואָרן די אַראַבישע שכנים. דער יומטוב פון ביכּורים איז געפּראַוועט געוואָרן אויף אַ זייער מאָלערישן אופן. וועגענער, פּלאַטפאָר־מעס און דער טראַקטאָר זענען אויסגעפּוצט געוואָרן אין בונטע פאַרבן און יעדער פון זיי האָט באַדאַרפט סימבאָליזירן אַ צווייג פון דער ווירט־שאַפט. אויך די חברים זענען אויפגעטרעטן — די וואָס האָבן געאַרבעט אין דער הינער־שטייג, האָבן מיט ריזיקע קאַמען פון הענער באַצירט זייערע קעפּ, די שטאַל־אַרבעטער האָבן געטראָגן עמערס אין די הענט און די ערד־אַרבעטער — טוריעס (גראָב־אייזנס). פון צייט־צו־צייט האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט און אַ גרופּע חברים האָט געזונגען אַ וויציק און בייסיק לידל פון לאָקאַלן באַטייט, וואָס איז לעצטנס פאַרפאַסט געוואָרן. מיט געזאַנג און האַנט־פּלעסקעריי איז דער צוג דערגאַנגען ביז דער טריבונע אין צענטער

פון קיבוץ, ווו צווישן די געסט זענען געזעסן אייניקע אַראַבישע אָנגעזעענע לייט אין זייערע שוואַרצע כאַלאַטן און ווייסע קעפּיעס.

פּורים איז געווען דער פריילעכסטער יומטוב. אַלע קינדער האָבן זיך איבערגעטאָן אין קאָסטיומען, וועלכע זענען צוגעגרייט געוואָרן דורך זייערע מאַמעס. די מגילה איז פאָרגעשטעלט געוואָרן אויף דער סצענע, גראָד דורך די דערוואַקסענע. דערנאָך איז פאָרגעקומען דער קאַרנאַוואַל, באַגלייט מיט טענץ און שפּילערייען. ס׳האָט ניט געפעלט קיין וויין און אויך אַ פלאַש בראַנפן איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. אַלע האָבן געטאַנצט און אין קרייז האָט מיטגעריסן דעם צווייטן, קינדערישע הענט האָבן זיך פאַר־פלאָכטן אין די הענט פון די עלטערע.

ערב דעם צווייטן יאָר פון זייער זיין אויפן אָרט, האָט מען אָנגעהויבן פּלאַנירן ווױן־הייזער. מיטן פאַרענדיקן זייער אויפבוי איז אַקטועל געוואָרן דאָס באַזעצן דאָרט די משפּחות. יעדער הויז האָט געהאַט פיר צימערן פאַר פיר פּאָרלעך. לויטן קיבוצישן לעבנס־שטייגער, זענען די קינדער דערצויגן געוואָרן אין ספּעציעל באַשטימטע קינדער־הייזער. דאָרט האָבן זיי געגעסן, געשלאָפן און אויך געלערנט; מיט די עלטערן האָבן זיי זיך געטראָפן נאָך דער אַרבעטס־צייט, אין די שבתים און יומטובים. בונטעווענדיק זיך קעגן דער לעבנס־פאָרעם וואָס איז פריער איינגעשטעלט געוואָרן דורך זייערע טאַטעס, זיידעס און עלטער־זיידעס, האָבן זיי אָפּגעוואָרפן די טראַדיציאָנעלע כללים פונעם פאַמיליע־לעבן. זיי האָבן געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן דערצויגן ווערן לויט אַ „וויסנשאַפטלעכן" סיסטעם און דורך אַן אויסגעשולטן פּערסאָנאַל — דערי־בער האָבן זיי אויסגעברייטערט דעם מקורותדיקן פּראָ־גראַם אויף אַ קאָנצענטרירטן אופן זיך מטפּל צו זיין מיט די זויגלינגען און איינגעפירט דעם סיסטעם, לויט וועלכן די קינדער זענען געהאַלטן גע־וואָרן ווייט פון די עלטערן און ספּעציעלע פלעגערינס האָבן זיך מיט זיי מטפּל געווען.

אין איינקלאַנג מיט זייערע אָנשויונגען, האָבן די פולמאַכטן פון די עלטערן געהאַט אַ ברירה פּוגע צו זיין אין דער נאַטיר־לעכער אַנטוויקלונג פון קינד און שטערן די באַציונגען צווישן אים און טאַטע־מאַמע, וועלכע דאַרפן זיין באַזירט אויפן קעגנזייטיקן געפיל פון שעצונג און ליבע גלייכצייטיק. אַלע קיבוץ־מענטשן האָבן געפילט אין זייער קינדהייט דעם טעם פון שטרענגער דיסציפּלין כלפּי די עלטערן („אַז מיין טאַטע האָט עפּעס געזאָגט — גלייך גאָטס רייד וואָלטן דאָס געווען"), דאָס זיין עקאָנאָמיש אָפּהענגיק פון טאַטן, וואָס האָט געגעבן דעם דאָזיקן כּוח די עלטערן, איז אין דער קיבוצישער געזעלשאַפט בטל געוואָרן. לויטן סדר, האָט איין פלעגערין זיך מטפּל געווען מיט 4—5 קינדער.

בעת מיין באַזוך אין יד־מרדכי, האָב איך זיך ספּעציעל פאַראינטערע־סירט מיט די רעזולטאַטן פון דעם סיסטעם, נאָך דעם ווי ר'איז שוין דאָרט איינגעפירט אין משך פון צוואַנציק יאָר. פון מיין דערפאַרונג אַלס מוטער איז מיר שווער געווען צו פאַרשטיין, ווי אַזוי איז מסוגל אַ מאַמע, וועלכע האָט זיך אָקערשט צוריקגעקערט פון דער קימפּעט, זיך צעשיידן מיט איר שוועלבעלע און זיך זען דערמיט נאָר בעת אירע באַזוכן אין דער קינדער־היים אין דער געזעלשאַפט פונעם קליינוואַרג.

די ערשטע זאַך וואָס כ'האָב געלערנט, אַז די קיבוצישע קינדער געהערן טאַקע צו זייערע עלטערן, נאָר אין דער זעלבער מאָס געהערן זיי צום גאַנצן קיבוץ. מיין איבערזעצער, זלמן שמיר, האָט מיר דערציילט וועגן די מיליטערישע איבונגען וועלכע זענען אַדורכגעפירט געוואָרן נאָענט פון קיבוץ איין טעג נאָך מיין אָנקומען קיין יד־מרדכי. „אונדזער זון האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג אַלס סנייפּער" — האָט ער ממשיך געווען זיין דערציילונג מיט שטאָלץ.

„איך האָב גאָר ניט געוווּסט אַז דו האָסט נאָך אַ זון" האָב איך געזאָגט, ווייל מיר איז געווען באַקאַנט, אַז שמיר האָט נאָר אַ 7־יאָריק קינד.

„אין דער אמתן" האָט זלמן געענטפערט, „מיין איך ניט מיין קינד, נאָר אַ זון פון קיבוץ".

אַזוי האָבן די קיבוצישע קינדער אַ הנאה פון די דערוואַקסענע, ווייל יעדער מאַן איז פאַר זיי ווי אַ „פעטער" און יעדער חברטע — אַ „מומע", וואָס האָט אַ ברירה צו יעדער צייט זיך אָפּשטעלן כדי אַ גלעט געבן אָדער אויסקושן עמעצן פון קליינוואַרג, וועלכער גייט פאַרביי אויף איינעם פון די קיבוצישע שטעגן, מן הסתם אין אַ געוויסער שליחות. מיט דער גאַנצער ליבע אָבער וועלכע ס'ווייזן אַרויס די קיבוץ־חברים צו די קינדער, ווערן דאָך ניט צעמישט די תחומים וואָס זאָלן גורם זיין די קינדערס דערוויי־טערונג פון זייערע עלטערן. ווי אַנדערע קינדער אויף דער וועלט, ווייסן אויך די קיבוצישע ווייסע־חברהניקעס צו שטאָלצירן מיט זייערע עלטערן. „מיין טאַטע פירט דעם נייעם טראַקטאָר און דער דאָזיקער טראַקטאָר איז דער גרעסטער אין ישראל. אויך איך וועל אים פירן". אויף דעם ענטפערט אַ צווייט יאַטל: „אויך איך וועל פירן דעם טראַקטאָר. דער טראַקטאָר איז ניט זיינער". הגם די קינדער האָבן ליב זייערע פלעגערינס (אָפּטמאָל — ביזן אַרויסרופן אייפערזוכט ביי די עלטערן), פאַרנעמען פאָרט דעם אויבנאָן דער טאַטע און די מאַמע. עס טרעפט, אַז עלטערן פון אַ קינד מוזן צוליב אַ סיבה אויף אַ שטיקל צייט פאַרלאָזן דעם קיבוץ, און דאָס קינד קען ניט ווייטער באַזוכן טאַטע־מאַמע אין זייער צימער ווי ער איז געוווינט געווען צו טאָן, קען דאָס אויף אים ווירקן צום שלעכטן. דעריבער איז דער קיבוץ

קעגן דעם, אַזביידע עלטערן זאָלן גלייכצייטיק אָוועקפאָרן. דער וועג פון קינד צו באַשטימען זיך זיין אָרט אין דער וועלט דורך אידענטיפיצירן זיך מיט זיינע עלטערן, איז אַמבולטסטן געקומען צום אויסדרוק דורך דעם איינציקן אַדאָפּטירטן קינד אין קיבוץ. געווען אַ גרונט זיך פאָרצושטעלן, אַז דאָס עצם זיין אין אַ קינדער־געזעלשאַפט ווי אַ גלייכער מיט גלייכע, אונטערליגנדיק דער זעלבער דיסציפּלין, רעכטן און פליכטן, וועט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אָפּלענקען זיין מחשבה פונעם פאַקט וואָס ער איז אַן אַדאָפּטירטער. געווען איז אָבער אַנדערש.

ניט איינמאָל בין איך געווען אַן עדות פון קינדערישע באַזוכן אין די צימערן פון זייערע עלטערן. אין די ווינציקע שעהן פאַרן גיין שלאָפן, איז דאָס קינד ווי אַ מלך. די עלטערן שפּילן זיך מיט אים, לאָזן זיך אָוועק אויף אַ שפּאַציר, לייענען פאַר אים מעשיות אָדער זענען אים מכבד מיט זיסוואַרג, וועלכע זיי באַהאַלטן ספּעציעל פאַר זיינעטוועגן. אַ דער־וואַקסענער באַזוכער וואָס קומט אין דער צייט אין קיבוץ, ווערט דאָ בלויז טאָלערירט און ער טאָר זיך ניט אַריינמישן אין דער אויפמערקזאַמקייט וואָס ווערט מיט אַ ברייטער האַנט געשאָנקען די קינדער. די דאָזיקע פאַרברענג־שעהן זענען געווידמעט בלויז דעם קינד און זיינע עלטערן און ווערן דורך זיי געשאַצט איבער אַלץ.

דאָס פּראָבלעם פון דיסציפּלין עקזיסטירט ניט כמעט אין די באַציונגען צווישן קינד און זיינע עלטערן; זיין אויפפירונג און געזעלשאַפטלעכער פאָרשריט געהערט אויסשליסלעך צו דער פלעגערין. אין רעזולטאַט דערפון איז דער צוגאַנג פון טאַטע־מאַמע צו זייער קינד אַ באַרויקנדיקער, אָנגע־נעמער און פול מיט ליבשאַפט; די עלטערן טוען אַלץ, כדי זיס מאַכן די שעהן פון קינד און אים פאַרוויילן. די מאַמעס אין יד־מרדכי טענהן, אַז מיט זייערע קינדער פאַרברענגען זיי ניט ווינציקער צייט ווי יעדער אַנדערע מאַמע און די אויפמערקזאַמקייט וועלכע זיי שענקען זייערע קינדער איז אַן אַ שיעור גרעסער ווי די פון אַנדערע מאַמעס אין דאָרף צי אין שטאָט, דערפאַר, ווייל זיי פאַרברענגען מיטן קליינוואַרג ווען זיי זענען אויסגערוט, גרייט פּסיכאָלאָגיש צו שפּילן זיך און פאַרוויילן מיטן גאַנצן האַרצן. אָן שום ספק, אַז די טאַטעס דאָ האַלטן אָן מיט זייערע קינדער מער ענגערע באַציונגען ווי דאָס לאָזט זיך אַדורכפירן ביים רוב אַרבעטנדיקע פאָטערס.

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער עקסטרעמער חידוש איז ניט פריי פון פּראָבלעמען. די פלעגערינס, וועלכע זענען צו זייער אויפגאַבע צוגעג־גרייט געוואָרן אינעם לערער־סעמינאַר פון דער קיבוצישער באַוועגונג, ווייזן ניט תמיד אַרויס, אַז זיי רעכענען זיך ווי ס׳געהער צו־זיין מיט די

געפילן פון די מוטערס וועלכע „האָבן ניט די צוגרייטונג". אָפּט איז די באַטירלעכע מוטערלעכע ליבע צום קינד געקומען אין אַ קאָנפליקט מיט די „וויסנשאַפטלעכע" פאַרשריפטן פון דעם דאָזיקן דערציונגס־סיסטעם. היינט דערמאָנען מיט אַ שמייכל די מוטערס אין יד־מרדכי יענע טעג, ווען עקסטרעמקייט און פאַרשטייפטקייט האָבן געוועלטיקט אין דער קינדער־דערציונג. זיי דערמאָנען זיך אויך די רייד פון דאָקטאָר, וועלכע זענען פאַר זיי געווען הייליק. באַזונדערס האָט ער פאַרבאָטן צו לייגן די קינדער אויף מאַטראַצן. יענער דאָקטאָר האָט געגלייבט, אַז דער ספּאַרטאַנישער סיסטעם איז דער סאַמע בעסטער פאַר די זויגלינגען און כדי זיי פאַרזיכערן אַ גלייכן רוקן, איז בעסער זיי זאָלן ליגן אויף אַ ברעט, צוגעדעקט נאָר מיט קאָלדרעס. זיי דערמאָנען אויך מיט אַ שמייכל די מלחמה וועלכע מ'האָט געפירט צו דערלויבן די מאַמעס צו לייגן שלאָפן זייערע קינדער. ביס־לעכווייז זענען די האַרבקייטן פאַרשוווּנדן און היינט ווערן די עלטערן וואַרעם אויפגענומען אין די קינדער־הייזער. אין דער באַגרענעצטער צייט פון מיין צוקוקן זיך, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז דער אופן פון דערציען קינדער האָט זיך זייער באַרעכטיקט — אין דער ספּעציפישער ראַם פון דער קיבוצישער געזעלשאַפט. די עלטערן אין קיבוץ ווייסן צו שטאַלצירן מיט זייערע זין מיט די אויסגעגלייכטע רוקנס, זעלבסטזיכערקייט און לעבנס־חכמה. אַזאַ דערציונג לאָזט נאָך זיך איבער גאָר ווינציקע וואָס פּאַסן זיך ניט אַריין אין אַ נאָרמאַלער געזעלשאַפט און לאָזט ניט איבער קיין פּלאַץ צו אַנטוויקלען בונטאַרע און דעמאָראַליזירטע יוגנט פון דעם סאָרט, וועלכע שטעלן קעגן זיך אויף די דערוואַקסענע אומעטום.

אינעם נייעם קיבוץ, ווי אין יעדער אַנדער אָרט אין ארץ־ישראל, האָבן צו דער „הגנה" געהערט אַלע דערצו פעיקע מענער און פרויען. זיי האָבן זיך געלערנט צו באַנוצן מיט געווער און ביי אייניקע פון זיי איז די דאָזיקע באַשעפטיקונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קאַריערע. זיי פלעגן זיך באַטייליקן אין פאַרשידענע געהיימע קורסן, ווייל פאַר דער גאַנצער צייט איז די „הגנה" געווען אומלעגאַל, אָפּטמאָל — האַלב לעגאַל.

ווי אין אַלע אָפּגעזונדערטע ישובים, האָט אויך דער קיבוץ באַזיצט אומלעגאַל געווער, אויסער דעם וואָס די מאַכט־אָרגאַנען האָבן צוגעשטעלט פאַר די אָרטיקע וועכטער. דאָס אומלעגאַלע געווער האָט מען באַדאַרפט באַהאַלטן, ווייל די ענגלענדער פלעגן אָפּט אַדורכפירן רעוויזיעס אין די יידישע ישובים, כדי עס צו אַנטדעקן. פון יאָר 1939 זענען צוויי חברים געווען סטאַביל פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן „סליק"*. אין מִצְפֵּה־הַיָּם פלעגט מען

* באַהעלטעניש אין אַ גרוב פון אומלעגאַל געווער.

די אַמוניציע פאַרשטעקן אין די מילך־קאַנען און די ביקסן באַהאַלטן אין אַן אייזערנעם קעסל, וועלכן מ׳האָט פאַרגראָבן אין דער ערד. אַלע זעקס חדשים האָבן די צוויי חברים געטוישט דאָס אָרט פון „סליק" און צוליב דעם געהאַרעוועט אַ גאַנצע נאַכט, און פאַרהוילן פאַר די קיבוץ־חברים דעם נייעם פּלאַץ. אויפן נייעם אָרט האָבן זיך דערוועקט אַנדערע שוועריקייטן בנוגע דעם אופן פון מטפל זיין מיט די „סליקים", ווייל די ענגלענדער האָבן אָנגעהויבן אָנווענדן אַ נייעם סיסטעם פון זוכן, באַנוצנדיק זיך מיט מינעס־אַנטדעקער. איצט איז געווען נייטיק איינצואָרדענען דעם „סליק" באַזונדערס פון אייזן־קעגנשטאַנדן, ווי וואַסער־רערן.

פאַרשטענדלעך, אַז טאַקע דערפאַר וואָס דער „סליק" איז געווען אַזאַ געהיימער, האָט ער דערוועקט נייגיר ביי די קיבוץ־חברים. נאָטעק, איינער פון די פאַראַנטוואָרטלעכע איבער די „סליקים", האָט מיר דערציילט, אַז אַנומלט איז אַ וויכטיקע בריטישע פּערזענלעכקייט געקומען אויף אַ באַזוך אין קיבוץ. בעת דער גאַסט האָט באַקוקט די מעלקעריי, האָט איינער פון די אים באַגלייטנדיקע חברים אַ פּליסטער געגעבן צו אַ צווייטן חבר: „וואָס וואָלט דער ענגלענדער געזאָגט, ווען ר׳וואָלט זיך אָנגעשטויסן, אַז ער שטייט פּונקט אויף אונדזער „סליק". נאָטעק האָט אונטערגעשטראָכן, אַז „יענער קיבוץ־חבר האָט געמיינט, אַז ער וויצלט זיך, נאָר אין דער אמתן איז דאָס בכלל ניט געווען קיין וויץ, ווייל מיט אייניקע טעג פריער האָבן מיר דאָס געווער איבערגעפירט אויף אַ צווייט אָרט. מיר האָבן געוווּסט, אַז די חברים האָבן אַ ברירה צו פּלאַפּלען און דעריבער האָט מען אויך פאַר זיי באַדאַרפט פאַרבאַרגן דאָס געווער, ממש ווי פאַר די ענגלענדער".

די „הגנה" האָט אַרויסגעגעבן גאַר האַרבע אָנווייזונגען ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיטן אומלעגאַלן געווער. מ׳האָט ניט געטאָרט צונויפשטעלן קיין רשימות און דאָס געווער האָט מען געמוזט פאַרגראָבן אין אַ באַשטימטער טיפקייט און פאַרשטייט זיך — פאַרווישן יעטוועדן סימן וואָס זאָל אויסליפערן דאָס אָרט די זוכערס. „איינמאָל האָב איך פאַרגעסן דאָס גענויע אָרט פונעם ,סליק׳", האָט דערציילט נאָטעק. „כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳ווייס די צאָל טריט מיט וועלכע ר׳איז ווייט פון אַ געוויסן בוים און פון ווינקל פון איינער פון די געביידעס. נאָר ווען ס׳איז געקומען די צייט איבערצופירן דעם „סליק" אויף דעם נייעם אָרט, האָב איך און דוביק געגראָבן צוויי נעכט און גאָרניט אַנטדעקט. כ׳בין געווען ווי משוגע. כ׳האָב געוווּסט, אַז דאָרט דאַרף זיין דאָס אָרט. ענדלעך, אין דער דריטער נאַכט, האָבן מיר אַנטדעקט די באַהעלטעניש, אַ ביסל ווייטער פונעם אָרט ווו מ׳האָט געגראָבן. אַז מיר האָבן דערזען דעם ,סליק׳, איז די פרייד געווען גרויס אוןביידע האָבן מיר ממש געוויינט

ווי קינדער. ס׳איז ניט קיין וווּנדער, דאָס איז דאָך געווען אונדזער אוצר. אונדזער לעבן איז געווען אָפּהענגיק פון דעם וואָס איז געווען פאַרשטעקט אין דער ערד!״

פּאַקטיש איז אין קיבוץ קיין איינמאָל ניט אַדורכגעפירט געוואָרן קיין געַנויע זוכעניש נאָך אומלעגאַל געווער, הגם אינעם דערבייִיקן קיבוץ רוחמה האָט מען אַנטדעקט אַ געווער־באַהעלטעניש און די קיבוץ־חברים זענען אַרעסטירט געוואָרן.

צוויי יאָר נאָך דעם ווי דער קיבוץ האָט זיך באַזעצט אין דרום פון לאַנד, האָבן זיינע חברים, וועלכע האָבן געדינט אין דער בריטישער אַרמיי, אָנגעהויבן זיך אומקערן אַהיים. ווי אַנדערע זעלנער אויף דער וועלט, האָבן אויך זיי געברענגט מיט זיך אָנדענק־קלייניקייטן פון זייער דינסט אין אויסלאַנד. באַזאַמען מיט דעם, האָבן זיי געגעבן דעם קיבוץ אַ ווערטפול געשאַנק. מיטן מאָמענט פון זייער מאָביליזירן זיך, האָבן זיי באַשלאָסן צו לעבן אויך ווייטער אין אַלע הינזיכטן ווי קיבוץ־חברים. דעריבער האָבן זיי דעם מיליטערישן געהאַלט ניט געזען ווי זייערס אַ פאַרמעגן וועלכן זיי האָבן אַ רעכט צו פאַרשווענדן, ווי דאָס טוען זעלנער כדי צו פאַרגעסן די לאַנגווייליקייט און די געפאַר. זיי האָבן געהאַלטן, אַז זייערע פאַרדינסטן אין דער אַרמיי געהערן צום קיבוץ, פּונקט ווי זיי וואָלטן געשיקט געוואָרן צו אויסערלעכע אַרבעטן. זיי האָבן באַשטעטיקט משה קלמן פאַר זייער קאַסירער, באַשטעטיקט אַ סכום אין וועלכן יעדער איינער וועט זיך נייטיקן און דאָס איבעריקע איבערגעגעבן אין דער בשותפותדיקער קאַסע. אויב אַ חבר האָט זיך גענייטיקט אין אַ גרעסערער סומע געלט, האָט מען אים דאָס אויסגעטיילט פון דער אַלגעמיינער קאַסע. פון דער צווייטער זייט האָבן די חברים מיט העכערע ראַנגעס אַריינגעגעבן אין קאַסע גרעסערע סומען. ווען מען האָט, צוליבן מרחק, דאָס געלט ניט געקענט איבערפירן צום קאַסירער קלמן, האָט יעדער פון זיי זיך פאַרשריבן די הכנסה און דעם רעשט וואָס ער דאַרף איבערגעבן אין קאָלעקטיוו. אַז די מאָביליזירטע זענען באַפרייט געוואָרן פון מיליטער, האָבן זיי איבערגעגעבן דעם קיבוץ זייערע אָפּשפּאָרונגען און דאָס געלט וואָס מ׳האָט באַקומען בעתן באַפרייען זיך — ביי אַ 1,500 ארץ־ישראלדיקע פונט. אין משך פון אייניקע וואָכן, איז אין קיבוץ אָנגעגאַנגען אַ וויכוח וואָס צו טאָן מיט דעם געלט. ענדלעך איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין שום סיבה פאַרוואָס די קיבוץ־חברים זאָלן אין די זומערדיקע היצן ניט געניסן פון אַ שווים־באַסיין. די אָפּשפּאָרונגען פון די זעלנער האָבן גענוגנט אויף צו קויפן די נייטיקע בוי־מאַטעריאַלן און אַלע קיבוץ־חברים האָבן געאַרבעט אין די שבתים, ביז זיי

האָבן אויסגעזעצט א גרויסן שוים־באַסיין, נאָענט פונעם וואַסער־טורעם.

אייניקע זעלנער זענען באַפרייט געוואָרן שפּעטער. זלמן שמיר איז געווען באַשעפטיקט אַלס איבערזעצער און געהאָלפן די אַליאַנטן אויפזוכן נאַצי־פאַרברעכער. גבריאל רמתי איז מיט זיין איינהייט געשיקט געוואָרן קיין האָלאַנד. ווי אַלעקס, האָט אויך ער דערפילט דאָפּלטע אויפגאַבן. מיטן פאַר־ענדיקן די מלחמה, האָבן די יידישע מנהיגים אין לאַנד אָנגעהויבן פּלאַנירן דאָס ראַטעווען די שארית־הפליטה אין אייראָפּע. ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן צו באַנייען די אומלעגאַלע עליה, נאָר פאַר דעם האָט מען באַדאַרפט אויסגעפינען און קאָנצענטרירן די יידן וואָס האָבן געוואָלט עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אויף אַן אומאָפיציעלן אופן איז גבריאל באַזייטיקט געוואָרן פון זיין אייניהייט און באַזאַמען מיט אנדערע האָט ער אָנגעהויבן פירן אַ טעטיקייט אין אַ געוועזענעם דייטשישן קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער איז אַוועק קיין בערגען־בעלזען. הגם דער לאַגער איז שוין געהאַט באַפרייט געוואָרן דורך די ענגלענדער, האָבן זיך דאָרט נאָך געפונען אַלע אינטערנירטע. זיי האָבן ניט געהאַט וווהין צו גיין. די ענגלענדער האָבן געגעבן צו עסן, באַזאָרגט קליידונג און אַלץ געטאָן אויף אָפּשטעלן די טיפוס־עפּידעמיע וואָס האָט געבושעוועט אין לאַגער. גבריאל און אַנדערע, וועלכע האָבן געפירט זייער אַרבעט פאַר דעם זעלבן ציל, האָבן געזוכט געזונטע יונגעלייט וואָס האָבן געוואָלט עולה זיין. זיי האָבן איינגעשטעלט קורסן פאַר עברית און פּרובירט די צעבראָכענע און אויסגעמאַטערטע מענטשן צוגרייטן צום נייעם לעבן אין ארץ־ישראל. ווי נאָר גבריאל איז אַהין אָנגעקומען, איז ער אַוועק אין אייגעם פון די באַראַקן און אַ פרעג געטאָן: „ווער רעדט דאָ פּויליש?” „איך, איך, איך” — האָבן זיך דערהערט באַגייסטערטע אָפּרופן. דערנאָך האָט ער דערהערט אַ גאָר שוואַכע שטים „פּויליש”. אַלע האָבן זיך גע־ווענדט אין יענער זייט און ער האָט דערזען אַ פרוי וועלכע האָט זיך צו אים דערנענטערט, פויזנדיק אויף אַלע פיר. אים איז שווער געווען פעסטצושטעלן, קוקנדיק אויף דעם קליינעם אויסגעדאַרטן גוף, מיטן גלאַטן קאָפּ ענלעך צו אַ פויגל, צי איז די פרוי אַ יונגע, צי אַ זקנה. מיט איינס איז ער יאָ געווען זיכער: אַז זי איז אויף דער שוועל פון טויט. דער הונגער, אין זיין עקסטרעמער פאָרעם, האָט ביי איר צוגערויבט די מעגלעכקייט צו שטיין אויף די פיס. שפּעטער, ווען די פרוי איז עטוואָס געקומען צו זיך, האָט ער זיך צוגעהערט צו איר געשיכטע. זי איז צוויי יאָר געהאַלטן געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער און געווען באַשעפטיקט אין אַ טאַרטאַק. אייגנטלעך האָבן מענער אָנגעפירט מיט דעם אַרבעטס־פּלאַץ, נאָר איר גרופּע, בלויז פרויען, האָט די נאָר־וואָס צעזעגטע קלעצער באַדאַרפט שלעפּן אויפן זאַמל־פונקט און דאָרט זיי צונויפלייגן אין שטאַבעלס. זי האָט געמוזט

אַרבעטן 11 שעה אין טאָג, נאָר קיין הונגער ניט געליטן; די איבטערנירטע זענען גוט באַהאַנדלט געוואָרן, כדי זיי זאָלן קענען דערפילן זייער פליכט. דער הונגער האָט זיך ערשט געלאָזט פילן אין די 5 חדשים פון זייער זיין אין בערגען־בעלזען. נאָר אין יענע שעהן, וואָס מעגלעך אַז זיי זענען געווען אירע לעצטע שעהן, האָט זי געמאַכט דעם גרעסטן אָנשטרענג צוצוקריכן צו איר רעטער. נאָך עטלעכע חדשים אויפמערקזאַמקייט, האָט גבריאל מיט איר חתונה געהאַט. היינט וווינט זי אין קיבוץ און בלויז טיילמאָל באַפאַלן זי נאָך געשפענסטיקע חלומות וועלכע דערמאָנען איר די תקופה פון חורבן. ווען ס'זענען אומגעקומען זעקס מיליאָן יידן.

אייניקע יאָר נאָכן אַרויפגיין אויפן באָדן, איז די קיבוץ־חברים קלאָר געוואָרן, אַז דאָס ווייטערדיקע בלייבן דאָרט וועט דאַרפן זיין באַזירט נאָר אויף לאַנדווירטשאַפט. די מענטשן האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ צווייטן נאָמען פאַר זייער קיבוץ, אויך צוליב דעם, ווייל איצט האָט ער שוין ניט אויס־געדריקט זייער ערשטע שטרעבונג — פישפאַנג. אין יענער תקופה האָט אין צענטער פון פאַראַ'נטערעסירונג זיך געפונען דער מאַן, וואָס האָט פאַרמירט די עקשנותדיקע האַלטונג פון האָפענונגסלאָזן וואַרשעווער געטאָ. די דאָזיקע יוגנט, אָפּשטאַמיק פון פוילן, האָט אַרויסגעוויזן אַ טיף געפיל כלפי דער בויט און גבורה וואָס האָבן זיך אָנטפּלעקט אין דעם געראַנגל. אייניקע פון זיי האָבן אַפילו געקענט מרדכי אַניעלעוויטשן, דעם 22־יאָריקן קאָמענדאַנט פון אויפשטאַנד. ער איז געווען אַ חבר אין „השומר הצעיר"; כ'האָט געוווסט, אַז ער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן פון פוילן — אפשר צו זיין אַפילו אַ חבר אין מִצפֵּה־הַיָם. אַז ס'איז אַרויפגעשווומען דער פאָרשלאַג אָנצורופן דעם קיבוץ אויף זיין נאָמען, האָט זיך דערוועקט אַ טיף־ערנסטער וויכוח.

נאָך מיט אייניקע יאָרן פריער, ווען מ'האָט צום ערשטן מאָל פאָרגע־לייגט דעם קיבוץ צו באַזעצן זיך אין דרום פון לאַנד, האָט דאָס אַרויס־גערופן אַ קעגנערשאַפט פון עטלעכע חברים. די זעלבע האָבן איצט באַנייט זייערע אַלטע טענות: „טאַקע ריכטיק אַז מיר האָבן דאָ אויפגעשטעלט אַ פּרעכטיקן קיבוץ, אָבער דאָס איז ניט קיין חלוציזם אין פולן זין פון וואָרט. ניט מיר זענען געווען די ערשטע וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דעם ראַיאָן — גבר־עם און ניר־עם זענען געקומען פריער. מיר האָבן דאָ געפונען לעבעדיקע וואַסער־קוואַלן און ניט באַדאַרפט גראָבן אַ נייעם ברונעם. מיר זענען גאָרניט אַזוי פאַראיינזאַמט, ווייל מיר זיצן אויפן הויפט־שאָסיי תל־אביב—עזה. אונדזערע חברים קענען באַזוכן תל־אביב, ווען נאָר זיי גלוסט זיך. אויב מיר קענען געניסן פון די אַלע באַקוועמלעכ־

קייטן, — טאָ מיט אַ וואָסער רעכט מעגן מיר פֿאַרבינדן דעם נאָמען פֿון אונדזער קיבוץ מיטן אָנדענק פֿון אַזאַ גיבור ווי מרדכי אַניעלעוויטש?"

אין דער אונטערשטער שורה איז די מינדערהייט געבליבן אַ מינדערהייט. מ'האָט אָפּגעשטימט און באַשלאָסן, אַז דאָס אַרויפֿגיין פֿונעם קיבוץ אויפֿן באָדן, איז אַ שווערע אויפֿגאַבע און באַרעכטיקט יאָ אָנצורופֿן אים אויפֿן נאָמען פֿון אַזאַ העלד ווי מרדכי אַניעלעוויטש. פֿונדאַנען דער נאָמען פֿון קיבוץ — „יד מרדכי". אין יענעם מאָמענט האָט די שעה פֿון עקזאַמען געהערט נאָך צו דער צוקונפֿט און יענער שוואַרצער אַספֿאַלט־שאָסיי, וואָס האָט זיך געשלענגלט אין דער וויסטעניש, האָט באַדאַרפֿט ברענגען מיט זיך גרויסע געפֿאַרן ניט נאָר פֿאַרן קיבוץ, נאָר פֿאַר דער גאַנצער מדינה, וועלכע איז נאָך געווען אין די וויקעלעך.

# 3

# באלאגערונג

דעם 29סטן נאָוועמבער 1947 האָט פאַסירט אַזוינס, וואָס האָט אינגאַנצן געענדערט די היסטאָריע פון ארץ־ישראל און אויך אַ סך משפיע געווען אויפן קיבוץ יד־מרדכי. אין דעם טאָג האָבן די פאַראייניקטע נאַציעס געשטימט, אויפן פאַרלאַנג פון ענגלאַנד, פאַר צעטיילן ארץ־ישראל אויף צוויי מדינות — אַן אַראַבישע און אַ יידישע.

אין פאַרלויף פון חדשים זענען די קיבוץ־חברים געווען אויפגעשטורעמט מיט דעם פראָבלעם. דאָס אויפשטעלן אַ יידישע מדינה איז געווען זייער טרוים אין משך פון יאָרן. צוליב דעם האָבן זיי דאָך אַפילו איבערגעריסן כמעט אַלע פאַרבינדונגען מיט די משפחות, אַוועקלאָזנדיק זיך אין לאַנד פון די אבות. דערפאַר האָבן די דאָזיקע יוגנטלעכע, זין פון קרעמער און האַנטווערקער, זיך פאַרוואַנדלט אין ערד־אַרבעטער — מיט שווייס האָבן זיי אַרויסבאַקומען דאָס שטיקל ברויט פון דער ערד. ווי אידעאַליסטן און טרוימער האָבן זיי געוווסט צו שאַפן אַ נייע געזעלשאַפט און אַן אויסער־געוויינלעכן לעבנס־שטייגער. גראָד איצט, ווען מיטן אַנטשטיין פון דער מדינה האָבן אַלע זייערע שטרעבונגען געזאָלט פאַרווירקלעכט ווערן, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי וועלן אין דעם קיין חלק ניט האָבן. לויט די גרענעצן וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן דורך יענער אונ״אָ־קאָמיסיע, איז יד־מרדכי איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער אַראַבישער מדינה.

אין די שטורמישע דיסקוסיעס, האָבן די קיבוץ־חברים געמוזט מודה זיין, אַז פון עטנאָגראַפישן שטאַנדפונקט איז אין דער דאָזיקער צעטיילונג געווען אַ סך גערעכטיקייט. די אַראַבישע שטעט מידזשדאַל און אישדוד * זענען געלעגן צפונדיק פון זיי, און עזה — דרומדיק פון קיבוץ. די דאָזיקע אַראַבישע האַנדלס־צענטערס זענען געווען צווישן זיך פאַרבונדן מיט יענעם שוואַרצן, זיך שלענגלדיקן אַספאַלט־שאָסיי, אויף וועלכן ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן יד־מרדכי. נאָר גלייכצייטיק איז שטאַרק געווען זייער פאַרלאַנג, אַז די

* היינט : מגדל-אשקלון און אשדוד.

גרענעץ־ליניע זאָל פאַרבעסערט ווערן און דער קיבוץ זאָל איינגעשלאָסן ווערן אינעם תחום פון דער יידישער מדינה.

די אָפּשטימונג אין ניו־יאָרק איז אַדורכגעפירט געוואָרן דעם 29טן נאָוועמבער, אַ זייגער 19.30. נאָך צוליבן צייט־אונטערשיד, האָט דער קיבוץ אויפגעכאַפּט די ידיעה אין ראַדיאָ נאָענט צו האַלבער נאַכט, לויטן זייגער פון לאַנד. בלויז דריי מענטשן האָבן אין יענער נאַכט געהערט די נייעס אין ראַדיאָ: ביידע וועכטער ראובן און יעקב און דער טעלעגראַפיסט פון קיבוץ, שמאי. אין דער ידיעה איז געמאָלדן געוואָרן, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און דער ראַטנפאַרבאַנד שטיצן מיט דער פולער קראַפט דעם חלוקה־פּלאַן, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ מערהייט פון 33 קעגן 13. דאָס אויפשטעלן די יידישע מדינה איז איצט געווען בלויז אַ פראַגע פון צייט. דער ספיקער האָט אַפילו געזאָגט, אַז די גרענעצן פון ביידע מדינות וועלן פעסטגעשטעלט ווערן לויט די פאָרשלאָגן פון די קאָמיסיע־מיטגלידער. די ביים ראַדיאָ האָבן אויפגעוועקט אייניקע חברים און זיי דערציילט די נייעס. אָבער דער רוב קיבוץ־חברים האָבן געמוזט אָנקומען צום ביולעטין, וועלכער איז צומאָרגנס אויפגעהאָנגען געוואָרן אויפן טאָוול אין עס־זאַל.

אין אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער, האָט מען די חברים גערופן אויף אַ פאַרזאַמלונג כדי באַהאַנדלען די געשאַפענע לאַגע. עס זענען דאָרט געבערענגט געוואָרן פאַרשידענע מיינונגען. אייניקע האָבן געטענהט, אַז אונטער אַ רעגירונג פון אַן אַראַבישער מדינה, וועט זייער לאַגע זיין אומ־דערטרעגלעך. זיי וועלן זיין ווייט פון דער באַוועגונג און פונעם מאַרק אין תל־אביב. אויך מעגלעך, אַז די נייע אַראַבישע מדינה וועט ניט דולדן ביי זיך אַ יידישע מינדערהייט: ס׳קאָן גרייזלעך געמאָלט זיין, אַז דער גורל פון די מענטשן פון קיבוץ, וועלכער וועט ניט איינגעשלאָסן ווערן אינעם שטח פון דער יידישער מדינה, וועט ניט זיין אַנדערש פון יענער ווירק־לעכקייט אין אייראָפּע, פון וועלכער זיי זענען בשעתו אַנטלאָפן. אפשר וועט מען זיי אַפילו מיט כוח פאַרטרייבן פון דער אַראַבישער מדינה און אַזוי אַרום פאַרלירן אַלץ וואָס זיי האָבן דעראָבערט מיט אייגענער פראַצע. איינער פון די חברים האָט אַפילו פאָרגעשלאָגן אַדורכצופירן אַן אויסטויש פון דער באַפעלקערונג און אַזוי אַרום לייזן דאָס פראָבלעם: אַראַבער, וועלכע בלייבן אין דער יידישער מדינה נאָך דער חלוקה, וועלן איבער־נעמען דעם קיבוץ און די מענטשן פון יד־מרדכי וועלן זיך אַריבערקלייבן אין איינעם פון די אַראַבישע דערפער. אַזאַ פאָרשלאַג האָט זיך אָבער קיי־נעם ניט געלייגט אויפן שכל: מיטן גאַנצן האַרץ זענען זיי געווען צוגעבונדן צו יעדן שפּאַן ערד, באַפרוכפּערט מיט זייער שווייס.

אַנדערע ווידער האָבן אויף אַ גאַר הויכן קול געברענגט צום אויסדרוק אַ פּאַרקערטע מיינונג. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די באַגרענעצונגען אויף אַריבערצוגיין פון איין מדינה אין דער צווייטער, וועלן ניט זיין פון די האַרבסטע און די פאַרבינדונג מיט תּל־אביב וועט בלייבן ווי פריער. די־אַ חברים זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז זייערע פריינדלעכע באַציונגען מיט די אַרטיקע אַראַבער וועלן אין דער צוקונפט איבערגעטייטשט ווערן אויף עפּעס מער בכבודיקס — אַ סאָרט מיסיע וועלכע די געשיכטע האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט כּדי דערנענטערן הערצער און פלעגן דעם שלום צווישן ביידע מדינות. „מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע אָרט" — האָבן זיי פייערלעך דעקלאַרירט.

פאַקטיש האָט קיינער ניט געוווּסט גענוי וואָס וועט פּאַסירן און ווי אַזוי וועלן געלייזט ווערן פאַרשידענע פּראָבלעמען. געווען אויך אַזעלכע וואָס צוליב דער אומקלאָרקייט, האָבן זיי זיך געפילט אינגאַנצן הילפלאָז. זיי האָבן געהאַלטן, אַז העכערע כּוחות איבער וועלכע ניט זיי האָבן אַ שליטה, וועלן אַנטשיידן זייער גורל...

די פרייד פון אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה האָט זיך ביי זיי אויסגעמישט מיט טרויער און ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין־וחשבון וואָס וועט זיין ווייטער, האָבן אָבער אַלע געפילט, אַז יד־מרדכי איז דערלאַנגט געוואָרן אַ קלאַפּ.

זעקס און דרייסיק יידן זענען דערהרגעט געוואָרן דורך די אַראַבער אין דער ערשטער וואָך, זינט די פול־פאַרזאַמלונג פון אונ"אָ האָט באַשלאָסן אויפצושטעלן אין ארץ־ישראל אַ יידישע מדינה. די טעראָר־אַקטן האָבן אויסגעדריקט די אומפּשרותדיקע שטעלונג פון די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער כּלפּי דעם באַשלוס. כנופיות באַוואָפנטע אַראַבער האָבן זיך אָרגאַניזירט און אָנגעהויבן ווירקן אין לאַנד. דער „אַראַבישער פראָנט" האָט געפירט זיין טעטיקייט אונטער דער אָנפירונג פון געוועזענעם מופטי אין ירושלים, וועלכער האָט אין די יאָרן פון מלחמה געוויילט אין דייטשלאַנד און געפירט פּראָפּאַגאַנדע פאַר היטלערן. די דאָזיקע כנופיות האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף די אַראַבישע דערפער, טעראָריזירט די פעלאַכן, ניט גערעכנט זיך מיט די מוכטאַרן און ביז טויט אָנגעשראָקן די וועלכע האָבן אין דער פראַגע זיך צוגעאייגנט מער פאַרגעשריטענע מיינונגען. די אַראַבער האָבן אַפילו אָנגעגריפן די יידישע קאָמוניקאַציע, כּדי אָפּצושניידן און איזאָלירן די יידישע ישובים פון זייערע צענטערס. די ענגלענדער, זייענדיק פאַרנומען מיט פלאַנירן זייער פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָבן זיך בכלל ניט געגעבן די מי אָפּצושטעלן די הפקרות וואָס האָט געהערשט און די בלוט־פאַרגיסונג וואָס איז שטאַרקער געוואָרן פון טאָג־צו־טאָג.

אין אָנהייב האָט מען ניט געפילט עפּעס באַזונדערס אין דער סביבה פון יד־מרדכי, נאָר פיל סימנים האָבן אָנגעוויזן אויף אַ זיך שטאַרקנדיקן אומרו. בלויז געציילטע אַראַבישע פרויען האָבן געוואַגט צו קומען אין דער אַמבולאַטאָריע פון ד״ר קעלער. די פריינדלעכע באַזוכן פון די אַראַבישע שכנים ביים מוכטאַר פון קיבוץ — האָבן אויפגעהערט. אין פעלד ווידער, האָבן די אַראַבער שוין ניט באַגריסט זייערע שכנים אויפן הויכן קול, נאָר מיט אַן אַבסאָלוטער שטילקייט געווען פאַרטאָן אין זייער אַרבעט. ענדלעך האָט איין אַראַבער געזאָגט זיין יידישן שכן: „לאָמיר, מיט גאָטס הילף, אַראָפּנעמען בשלום אונדזערע תבואות פון די פעלדער. אָבער פאַראַן אין אונדזער דאָרף פרעמדע — זיי זענען באַוואָפנט. זיי דראָען די אַלע, וועלכע וויזן אָן : פריינדשאַפט צו יידן״. פון די פעלאַכן האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי זיך דערוווּסט, אַז אין די דערפער דרייען זיך אַרום נאַצי־פאַרברעכער, יוגאָסלאַוון און איטאַליענישע פאַשיסטן, וועלכע האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין די כנופיות. די פאַרשוינען האָבן זיך אָפּגעטראָגן אויפן נאָענטן מזרח, איידער מ׳האָט באַוויזן צו משפטן זיי אַלס קריגס־פאַרברעכער און דאָ זיך אָנגעדונגען ביי די אַראַבער, כדי דערמוטיקן זייערע אומרעגו־לערע איינהייטן.

דער שוואַרצער אַספאַלט־שאָסיי, וועלכער האָט געדינט אַלס שנעלע פאַרבינדונג מיט דער שטאָט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געפאַרפולן וועג. דער קיבוץ האָט זיין פּראָדוקציע פאַרקויפט אין תל־אביב און דאָרט געקויפט די סחורות אין וועלכע ד׳האָט זיך געניייטיקט. פאַר דעם צוועק פלעגן יעדן טאָג פאָרן צוויי לאַסט־אויטאָס אין שטאָט אַריין. אַלע האָבן געוווּסט, אַז עס וועט ניט פאַריבער קיין סך צייט און די לאַסט־אויטאָס וועלן אַטאַקירט ווערן. מיט זייער פאַרלאָזן אין די פרימאָרגן־שעהן דעם קיבוץ, האָט אין דער לופט געשוועבט די פראַגע : וועט מען זיי היינט אַנגרייפן ? די אויטאָס האָט באַגלייט אַ וועכטער, באַוואָפנט מיט אַ פאַר־עלטערטער איטאַליענישער ביקס און 50 קוילן, וועלכע די מאַכט האָט געגעבן. ער האָט אויך באַזיצט אַן אומלעגאַלן האַנט־גראַנאַט.

אַפּטמאַל האָט אַבו־פּיטחי איינגעשטעלט זיין לעבן, ניט רעכענענדיק זיך מיט די דראָונגען פון די פרעמדע, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין זיין דאָרף בית־דזשירדזשא און געוואָרנט די שאָפערן : „פאָרט ניט היינט, דער וועג איז ניט קיין זיכערער״. אָבער קיין זאַך איז ניט געשען ביז איינעם אַ דעצעמבער־אָוונט, ווען די לאַסט־אויטאָס זענען געווען אויפן וועג צוריק פון תל־אביב. דערנענטערנדיק זיך צום דאָרף באַר־בארא — דאָס זעלבע דאָרף מיט וועלכן מען האָט בשעתו אַדורכ־געפירט די איבערבעטונג („סולחא״) — האָט דער וועכטער דערזען

אַ גרופּע אַראַבישע פּרויען, וועלכע האָבן אין דער ברייט פון שאָסיי גע־קאָלערט פּעסער. „נעם לינקס, שאָפער, לינקס!" — האָט דער וועכטער אַ געשריי געגעבן צום שאָפער מנחם, עפּענענדיק גלייכצייטיק אַ פייער איבער די קעפּ פון די פרויען. זיי האָבן זיך אָפּגעטראָגן פון שאָסיי אין די לינקע זייט איז געבליבן פריי צום אַדורכפאָר, נאָר פונעם דערבייקן פּרדס און פון די הייזער פון דער צווייטער זייט שאָסיי, איז געעפנט געוואָרן אַ שטאַרק פייער אויף די לאָסט־אויטאָס. דער וועכטער האָט ווייטער געשאָסן פון זיין ביקס, וועלכע מ'האָט ניט געקענט אָנצילן ווי עס דאַרף צו זיין, זי האָט אָבער אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל. איינע פון די אַראַבישע קוילן איז אַריינגעדרונגען אין דער שאָפערן־קאַבינע און מנחם האָט דערהערט דעם קלאַנג פון מעטאַל וואָס קלאַפּט זיך אָפּ אין מעטאַל, ווייל די קויל האָט געטראָפן אין איינער פון די מילך־קאַנען. אויף דער צווייטער אויטאָ, געפירט דורך מאָטקען, איז געטראָפן געוואָרן. די שאָפערן האָבן פאַרשטאַרקט די גיכקייט פון פאָרן און שנעל זיך אַרויסבאַקומען פונעם פייער. אָנקומענדיק אין קיבוץ, האָבן זיי די קרובים און חברים אַרומגערינגלט און אַלע האָבן באַטראַכט די גרייס פון שאָדן. מנחם האָט פּרובירט פאַרדעקן זיין נערוועזיטעט מיט אַ פּוסטן וויץ: „ווייזט אויס, אַז אין דאַרף באַרבאַרא האָט מען אַדורכגעפירט אַ ,פאַנטאַזיע', ווייל זייערע קוילן האָבן געטראָפן מיט אַ האַלבן מעטער ווייטער..." קיינער האָט אָבער שוין ניט געהאַט קיין אילוזיעס בנוגע דער האַרבער לאַגע. ס'איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט, ביז עס וועלן פאַלן קרבנות.

אויף דער וועכנטלעכער פאַרזאַמלונג פון קיבוץ איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרפאַנצערן די שאָפערן־קאַבינעס. די אויסגאַבן זיך איינצושאַפן שטאָל זענען געווען גרויס, דאָס האָט אויך פאַרקלענערט דעם אויפנעם־טאָנאַזש פון אויטאָ. ס'איז אָבער ניט געווען קיין ברירה. די שלאָסעריי פון קיבוץ האָט זיך איינגעשפּאַנט צו דער אַרבעט און אין משך פון איניקע טעג זיך באַשעפטיקט מיטן צוקלעפּן דעם פאַנצער צו די אויטאָס.

אין חודש דעצעמבער איז אין קיבוץ געשיקט געוואָרן אַ פלמ"ח־אָפּטיילונג פון ייִנגלעך און מיידלעך. אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג האָט גרשון, אַ הויכער און שמייכלענדיקער יונגערמאַן. אין די ערשטע צוויי וואָכן פון זייער זיין דאָרט, האָבן אַ העלפט צייט די חברה געאַרבעט אין קיבוץ. אַ געזעץ איז געווען אין פלמ"ח, אַז זייגע מענטשן האָבן געאַרבעט, כדי זיך אַליין אויסצוהאַלטן. אין דער „פרייער" צייט האָבן די יונגעלייט זיך פאַרנומען מיט איבונגען, מאַנעוורעס און זיך געגרייט צום ווייטערדיקן. הגם זיי האָבן געוווינט אין צעלטן אויף אַ ספּעציעל אויסגעטיילטן פּלאַץ, האָט ניט געדויערט לאַנג און זיי זענען געוואָרן קיבוץ־חברים צו יעדער

זאַך. זייער לעבנס־שטייגער, פריילעכקייט און געוואַגטקייט, האָט זיי שטאַרק באַליבט געמאַכט ביי די קיבוץ־איינוווינער. ס׳האָט אָבער ניט גע־דויערט לאַנג און די אָפּטיילונג האָט געמוזט פאַרלאָזן אירע באַשעפטיקונגען אין דערווירטשאַפט און אַלץ מערער און מערער זיך ווידמען דער שמירה און אויף צו באַגלייטן קאָלאָנעס. די מיידלעך פון דער אָפּטיילונג האָבן באַגלייט די אויטאָס און הינטער זייערע קליידער באַהאַלטן אומלעגאַל געווער. אַזוי האָבן זיי געדינט אַלס אויסגעצייכנטער קאָמופלאַזש בעת די רעוויזיעס, וועלכע די ענגלענדער האָבן אַדורכגעפירט אין די אויטאָס, ווייל די בריטישע זעלנער האָבן ניט געוואַגט צו זוכן אין דעם אָנטאָן פון די פרייען.

בעת איינער פון די געוויינלעכע איבונגען פון די פּלמ״ח־מענטשן, האָט אַ געשעעניש אַ סוף געמאַכט צו די מער־ווייניק פריינדלעכע באַציִונגען, וועלכע האָבן נאָך אָנגעהאַלטן צווישן קיבוץ און דעם דאָרף דיר־סאניד. ווען די פּלמ״חניקעס זענען פאַרבייגעגאַנגען בעבן דאָרף, האָט מען אויף זיי געעפנט אַ פייער. די יידן האָבן צוריקגעענטפערט מיט פייער און אַפילו געוואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט אויף די אָנגרייפער. דער דאָזיקער פאַל איז געווען אַ צו האַרבער צו ליקווידירן אים מיט אַ געוויינלעכער „סולחא״. ראובן, דער מוכטאַר פון יד־מרדכי און סאַלעק ביעלסקי, דער שומר פון די פעלדער, האָבן באַוואָפנטע זיך אַוועקגעלאָזט אין דאָרף. קומענדיק אַהי׳ן, האָבן זיי שוין ניט געהערט די פריידיקע אויסגעשרייען מיט וועלכע די פעלאַכן פלעגן אַמאָל אויפנעמען די געסט. אויך דער אַראַבישער מוכטאַר איז ניט געווען אין דער היים. אַמאָל פלעגט מען שיקן אַ קינד אים צו ברענגען, אַפילו ווען דער מוכטאַר האָט געאַרבעט ווייט אין פעלד. נאָר דאָס מאָל, אַזוי האָט מען געזאָגט די באַזוכער, האָט מען אים ניט געפונען. ראובן האָט געשמועסט מיטן מוכטאַרס זין, וועלכע האָבן אַפילו קיין שמייכל ניט געגעבן. „מיר ווילן שלום און גלויבן, אַז דער קיבוץ און אייער דאָרף וועלן קאָנען לעבן אין פריינדשאַפט. מעגלעך, אַז אונדז וועט אויסקומען צו לעבן אונטער דער הערשאַפט פון אַן אַראַבישער מדינה. אויב ס׳וועט טאַקע זיין אַזוי, וועלן מיר אַוודאי זיין טרייע בירגער. מיר וועלן אָבער ניט פאַר־שוויגן קיין שום אַגרעסיע אויפן קיבוץ אָדער אויף די יונגע זעלנער, וועלכע וווינען מיט אונדז״ — האָט געזאָגט ראובן.

סאַלעק האָט צוגעגעבן: „זייט זיכער, אַז מיר וועלן וויסן ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן זיך און גלייכער איר זאָלט אונדזער וואָרענונג איבערגעבן אייער פאָטער און די בכבודיקע לייט פונעם דאָרף״.

קיינער האָט זיי ניט פאַרבעטן אַראָפּצוגיין פון די פערד. זיי האָבן זיך

אויסגעדרייט און אַוועקגעריטן צום קיבוץ. דאָס איז געווען זייער לעצטער באַזוך אין דעם אַראַבישן דאָרף.

מיטן פאַרשאַרפן זיך פון דער לאַגע אויף די וועגן, זענען שוין ניט אַרויסגעפאָרן קיין איינצלנע אויטאָס, נאָר זיך אָנגעשלאָסן אין אַ קאָלאָנע. צו אַזאַ קאָלאָנע, וואָס האָט זיך איצט פאַרמירט אין רחובות אַנשטאָט אין תל־אביב (ווייל אויף דער טראַסע תל־אביב—רחובות זענען געלעגן עטלעכע אַראַבישע דערפער, פיינדלעכע צו דער יידישער קאָמוניקאַציע), האָבן זיך אָנגעשלאָסן די לאַסט־אויטאָס פון אַלע דרומדיקע ישובים אין לאַנד. אַלס פאַרשטייער אין רחובות איז צוגעטיילט געוואָרן דער קיבוץ־חבר גד אהרוני.
„אַז אַ קאָלאָנע האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, פלעגן מיר מיט אומגעדולד וואַרטן אויף איר צוריקקער, אָדער ווינציקסטנס אויף ידיעות, אַז זי גייט פאָרויס" — האָט מיר גד דערציילט וועגן יענע שווערע טעג. „מיר האָבן קיינמאָל ניט געוווּסט ווען די שאָפערן וועלן קומען צוריק, ביז מ'האָט ענדלעך ווידער דערזען די פאַנצערס. יעדער קאָלאָנע האָט זיך געהאַט איר דערציילונג, נאָר די אויפגערודערטע און געשפּאַנטע שאָפערן האָבן ניט געקענט איבערגעבן דעם סיפּור־המעשה מיט איין מאָל. זיי פלעגן זיך דרייען אַרום זייערע אויטאָס, כאַפּן אַ שמועס מיט זייערע קאָלעגן, דערציילן מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, ביז האָסט געקענט צונויפשטעלן וואָס ס'האָט מיט זיי פּאַסירט. ביי איין דאָרף האָט מען אויפגעשטעלט אַ וועג־שטערונג און אויף אַ צווייטן פּלאַץ, ווו עס זענען קיינמאָל ניט געווען קיין שוועריקייטן, זענען איצט אַוועקגעלייגט געוואָרן מינעס אויפן שאָסיי. טיילמאָל האָבן ניט אַלע אויטאָס זיך אומגעקערט. אייניקע פון זיי האָט מען דורכגעשאָסן די גומי־רעדער און מ'האָט ניט געקענט ווייטער פאָרן, דעריבער האָבן די באַשיצער פון דער קאָלאָנע און אירע פאַראַנטוואָרטלעכע געמוזט זיי איבערלאָזן אויפן וועג".

שמועסנדיק מיט מיר וועגן יענע טעג, האָט גד געוויזן אַ דאָקומענט, אין וועלכן ס'איז דאָ אַ גענויע שילדערונג פונעם וועג וועלכן די קאָלאָנע האָט אַדורכגעמאַכט. איך ברענג דעם דאָקומענט אינגאַנצן, ווייל ער איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם וואָס האָט אין יענער תקופה זיך אָפּגעשפּילט אויף די וועגן אין גאַנצן לאַנד.

23 מערץ 1948.

די טראַסע: הויפּט-שאָסיי ביי יד-מרדכי און די זייטיקע וועגן אויפן שאָסיי ניר-עם, אין דרום פון לאַנד.

אינפאָרמאַציע-דינסט: דער שונא קאָנצענטרירט זיך אין די דערפער, גרייט צו לויערס און לייגט אונטער מינעס.

כוחות פון שונא: אומבאַקאַנט.

אונדזער כוח: 4 פאַנצער-אויטאָס, אין יעדער איינעם אַ גרופּע

פלמ״חניקעס, אויסגעשטאַט מיט לייכט געווער; 10 לאַסט־אויטאָס; 2 פּאַר־בינדונגס־מכשירים.

אײנגעשטעלטער סדר: איין פּאַנצער־אויטאָ בראש פון דער קאָלאָנע, צוויי אין צענטער און איינער פון הינטן.

באַריכט פון וועג: אַ זייגער 14.15 האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין, דרומדיק פון רחובות. צוויי געפּאַנצערטע לאַסט־אויטאָס, אָנגעלאָדענע מיט ברענשטאָף, זענען צו אונדז צוגעשטאַנען. ביי מיגדל האָבן מיר געטראָפן אַן אויסשפּיר־גרופּע פון דער בריטישער אַרמיי. זייער עלטסטער האָט געוואָרנט דעם קאָמענדאַנט פון דער קאָלאָנע ניט צו פאָרן ווייטער, ווייל אויפן וועג זענען פאַראַן לויערס און מ׳האָט אונטערגעלייגט מינעס. דער קאָמענדאַנט פון דער קאָלאָנע האָט געפרעגט דעם עלטסטן פון דער אויסשפּיר־גרופּע, צי ער וועט זיין גרייט צו באַגלייטן די קאָלאָנע. דער ענטפער פון ענגלישן מיליטער־מאַן איז געווען אַ נעגאַטיווער. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן ווייטער. דער ענגלענדער האָט אונדז געוואָרנט ניט צו עפענען קיין פייער אויף די אַראַבער, אַנדערש וועט ער מוזן שיסן.

נאָך מיגדל האָט נאָענט פון ערשטן פּאַנצער־אויטאָ אויפגעריסן אַ מינע, נאָר קיין שאָדן איז ניט געווען. נאָכן אויפרייס, איז פון ביידע זייטן שאָסיי געעפנט געוואָרן אויף די אויטאָס אַ שטאַרק פייער. איינער פון די פאַר־בינדלער, וועלכער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פונעם פּאַנצער, כדי צו זען וואָס עס טוט זיך, האָט באַקומען אַ קויל און איז געטויט געוואָרן אויפן אָרט. מיר זענען שנעל פאַרבייגעפאָרן די הייזער פון דאָרף באַרבאַרא און צוגעקומען צו דער שול. אויך דאָרט האָט אויפגעריסן אַ מינע, ווידער איז דעם אויסשפּיר־אויטאָ ניט געשען קיין שלעכטס. אויף אַ מרחק פון אייניקע מעטער פון דער ערשטער מאַשין איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ ר״יו און לעבן אים האָט מען דורכגעצויגן אַ דראָט וואָס איז מיטן עק געווען צוגעבונדן צו אַ מינע. איינער פון די מענטשן איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער מאַשין כדי איבערשניידן די דראָט, נאָר די מינע האָט אויפגעריסן. ווידער איז די מענטשן גאָרניט געשען. נאָר דער זעלנער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן דורך אַ סנייפּער. מיר האָבן זיך געלאָזט צום ריוו, וועלכער איז אויסגעגראָבן געוואָרן זיגזאַגיק און איידער מיר זענען אים אַריבער, האָט נאָך אַ מינע אויפגעריסן. די מינע האָט אומגעלייגט די ווענט פונעם רייו און דער אַריבערגאַנג איז איצט געווען אַ באַקוועמערער. איין אויטאָ מיט ברענשטאָף האָט זיך איבערגעקערט, בעתן אַריבערפאָרן דעם ריוו. דער שאָפער האָט באַוויזן צוצוקומען צו אַ פּאַנצער־אויטאָ, נאָר אַ קויל האָט אים געטראָפן אין קאָפּ און פאַרוווּנדעט. די קאָלאָנע האָט פאָרגעזעצט איר וועג און אָנגעקומען קיין יד־מרדכי. די באַגלייטנדיקע פּאַנצערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געוואָלט אַרויסשלעפּן דעם אויטאָ מיטן ברענשטאָף, נאָר דאָס איז זיי ניט געלונגען און צום סוף זענען זיי געצוווּנגען געווען אים אונטערצוציגדן. די קאָלאָנע האָט געוואָרט אין יד־מרדכי ביזן אָנקומען פון די פּאַנצער־מאַשינען — און ממשיך געווען זייער וועג ביז ניר־עם. ביי דיר־סאניד און בית־חנון איז אויף די אויטאָס געעפנט געוואָרן אַ פייער. נאָר נאָענט צו 7 פאַרנאַכט, איז די קאָלאָנע אָנגעקומען קיין ניר־עם און די מענטשן זענען דאָרט געבליבן נעכטיקן.

באַך איידער די קאָלאָנע איז אָנגעקומען קיין באַרבאַראַ, איז דעם קאָ-מענדאַנט פון דער פּלמ״ח-אָפּטיילונג אין יד-מרדכי באַוווּסט געוואָרן, אַז דער שאָסיי איז מינירט. ער איז אַנטקעגנגעפאָרן דער קאָלאָנע מיט צוויי פּאַנצער-אויטאָס, נאָר אויפן וועג איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ בריטישן פּאַטרול, וועלכער האָט אים ניט געלאָזט ווייטער פאָרן.

א ו נ ד ז ע ר ע  פ אַ ר ל ו ס ט ן: איין געהרגעטער און צוויי פאַרווונ-דעטע.

אויפן שליאַך פון די קאָלאָנעס, איז יד־מרדכי געווען כמעט אַ סטאַבילע סטאַציע; אָפּטמאָל פלעגן די קאָלאָנעס זיך דאָ אָפּשטעלן אויף איבער־צונעכטיקן. ד״ר קעלער פלעגט פעסטשטעלן דעם טויט פון די, וועלכע מ׳האָט פאַרשטאַרטע אַראָפּגענומען פון דער מאַשין און אָנגעהויבן זיך מטפל זיין מיט די פאַרוווּנדעטע, מיט דער הילף פון צוויי פרויען פון קיבוץ, וועלכע האָבן געענדיקט אין דער „הגנה״ אַ קורס פאַר ערשטער הילף.

אַזוי ווי דאָס פירן אַן אויטאָ איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער געפאַר און אַ ניט־קליינער נערוון־שפּאַנונג, פלעגן די שאָפערן אַרויספאָרן אין וועג לויט אַ ריי. לאָזנדיק זיך אין וועג אַריין, האָט מען זיך געזעגנט מיט די משפחות, גלייך מע וואָלט זיך געזען צום לעצטן מאָל. אומקערנדיק זיך אַהיים געזונט און גאַנץ, האָבן זיי געפילט, אַז דאָס גוטע מזל וועט ניט לאַנג אָנהאַלטן און אין האַרץ האָט זיך פאַרגנבעט אַ ציטער וועגן גורל פון דער צוקונפטיקער נסיעה.

ווי אין יעדער מלחמה, זענען אויך דאָ געווען טעג פון שפּאַנונג און טעג אָן געשעענישן, אויסער אַ לאַנג און געשפּאַנט וואַרטן. ס׳איז געוואָרן נויטווענדיק אויסצוגעפינען נאָך אַ וועג, כדי ניט פאַרהאַלטן זיך, ווען די לאַסט־אויטאָס פון קיבוץ האָבן זיך באַדאַרפט אָנשליסן אין דער אַלגע־מיינער קאָלאָנע.

די קיבוץ־חברים האָבן ליב געהאַט צו לייענען ביכער, נאָר אין יענע טעג איז די נערוועזיטעט ביי די שאָפערן געווען אַזוי גרויס, אַז ס׳האָט ביי זיי אָפּגענומען דעם חשק צו לייענען. „איך האָב קיינמאָל ניט געשפּילט אין קאָרטן״ — האָט דערציילט מאָטקע — „נאָר איצט האָב איך אָנגעהויבן שפּילן, כדי די צייט זאָל פאַריבער. אַוודאי איז אינטערעסאַנטער צו שפּילן, אַז האָסט געלט אין קעשענע, נאָר ניט האָבנדיק קיין געלט, האָבן מיר געשפּילט אויף די סחורות, וועלכע מ׳האָט געפירט אין די אויטאָס. כ׳געדענק ווי איך האָב איינמאָל ,פאַרשפּילט׳ אַ גאַנצן טראַנספּאָרט ברענשטאָף, נאָר אַ צווייט מאָל האָב איך ,געוווּנען׳ אַ פולן אויטאָ מיט מעל״.

אַז די קאָלאָנע פלעגט זיך פאַרמירן אין ניר־עם, האָט מאָטקע סיגנאַ־ליזירט מיט ליכט קיין יד־מרדכי: „מיר פאַרלאָזן מאָרגן, ניטאָ קיין שום

מורא". און טײַלמאַל פלעגט ער סיגנאַליזירן: „ביז איצט נאָך ניטאָ קײן באַגלײטונג, מיר װעלן אַװעק פונדאַנען אין עטלעכע טעג אַרום". געװען פאַלן, װען ער האָט צװױסן געגעבן, אַז אַ טרופּע פון תל־אביב איז געקומען פאַרװײלן די מענטשן פון ניר־עם.

אַז ר'איז ענדלעך געקומען אַהײם, האָט ער געהאַט צו דערצײלן פיל אינטערעסאַנטע זאַכן. ער האָט זיך דערמאָנט אין יענעם ניט־לײכטן פּראָבלעם, אויף װעלכן ס'האָט זיך אַנגעשטױסן זײַן חבר אהרון שרגא, אויך אַ שאָפער פון יד־מרדכי. נאָך דעם װי ער האָט זיך פרײַװיליק געמאָלדן צו ברענגען פון חיפה אַן אויטאָ־ציסטערנע מיט מאַזוט, פאָרן געברויך פון גאַנצן ראַיאָן, האָט מען אים אין קיבוץ אָנגעלאָדנט זײַן מאַשין מיט שטײגן מיט גענדז, װעלכע ער האָט באַדאַרפט צושטעלן אויפן מאַרק אין תל־אביב. ער איז געקומען קײן ניר־עם, װוּ ס'האָט זיך געפונען דאָס זיצאָרט פון שטאַב. דאָרט האָט מען אים דערקלערט, אַז די קאַלאָנע װעט ניט אָפּפאָרן צומאָרגנס. עס איז געװען כאַמסיניק און די גענדז האָבן גענומען שטערבן זײערע העלדזער נאָך אַ ביסל װאַסער. ער האָט אויסגעזוכט די יונגע אָפיצירין, װעלכע איז געװען פאַראַנטװאָרטלעך פאַר דער שפּײַז־פאַרזאָרגונג פאַר דער אָרטיקער פלמ"ח־אײנהײט:

„איך קען ניט אָנטרינקען די עופות" — האָט ער אויפגעקלערט. „מײַן לאַסט־אויטאָ איז באַלאָדנט מיט די גענדז און כ'קען זײ ניט געבן קײן װאַסער. כל־זמן זײ זענען אין די שטײגן. זײ װעלן אַװדאי אויסגײן פון דורשט. כ'בעט דיך, האָב רחמנות, נעם זיך די גענדז".

„אָבער װאָס װעל איך טאָן מיט אַ גאַנצן אויטאָ געגנדז?" — האָט געפרעגט דאָס מײדל.

„קויף זײ. גיב זײ צו עסן דײַנע מענטשן. האָסט ניט קײן אַנונג װי געשמאַק זײ זענען..."

די פלמ"ח־מענטשן האָבן ניט געהאַט צופיל צו עסן. אהרונס פאָרשלאָג איז דעריבער געװען זײער לאָקנדיק. ענדלעך האָט די אָפיצירין אונטער־געשריבן די קבלה און אים אָפּגעגעבן. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג, האָבן די „מדבר־שטשורעס", װי זײ אַלײן פלעגן זיך באַצײכענען, אָפּגעגעסן װי ס'געהער צו זײַן.

...מאָטקע האָט זיך אומגעקערט צו מער טרויעריקע דערינערונגען.

„דער עיקר האָבן מיר מורא געהאַט פאַר מינעס אויף די װעגן" — האָט זיך מאָטקע דערמאָנט. „צו די שיסערײַען האָט מען זיך װי ס'איז צוגעװױנט און פיל־װײניק זיך געפילט זיכער אין דער געפּאַנצערטער קאַבינע. אָבער צו יעדער צײַט האָבן מינעס געקענט אויפרײַסן אונדזער אויטאָ. צומערשט האָבן די אַראַבער אונטערגעלײגט באַריר־מינעס, װעלכע האָבן אויפגעריסן

נאָר דעמאָלט, ווען די רעדער זענען אויף זיי אַרויף. אַזעלכע סאָרט מינעס פלעגן זיי אַוועקלייגן אַ קורצע צייט פֿאַרן אַדורכפֿאָרן פֿון יידישע אויטאָס. כמעט שטענדיק פלעגן די מענטשן פֿון דער קאָלאָנע אַנטדעקן די אַנגעצויגענע דראָט, אַ צוגעבונדענע צו דער מינע און עמעץ פלעגט ריזיקירן מיטן לעבן, אַראָפּגיין און זי איבערשניידן. אָבער שפּעטער האָבן די אַראַבער זיך באַנוצט מיט עלעקטרישע מינעס. דאָס האָט זיי דערמעגלעכט אַדורכצולאָזן אָן שאָדן אַראַבישע און בריטישע טראַנספּאָרטן און טרעפֿן נאָר אין די יידישע קאָלאָנעס. דעריבער האָט דער קיבוץ געמוזט זוכן אַן אַנדערן וועג, ווייל די איינוווינער פֿון דאָרף באַרבאַראַ האָבן פֿאַרשטעלט דעם הויפּט־שאָסיי. נאָר טראָץ די געפֿאַרן וועלכע האָבן געלויערט אויף די וועגן, איז אויך די לאַגע פֿון די פֿאַרבליבענע אין קיבוץ ניט געווען קיין בעסערע. „די נערוועזיטעט און ציטער איבערן גורל פֿון די וואָס האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, די שאָפֿערן וואָס האָבן אונדז פֿאַרביטן צו דער אָדער יענער נסיעה" — דערציילט מאָטקע, „האָט ממש אַלעמען צערודערט. דעמאָלט האָבן מיר געפֿילט ווי די קיבוץ־חברים זאָרגן זיך וועגן אונדז, ווען מיר זענען אין וועג. און ניט נאָר אין קיבוץ האָט מען איבער אונדז געציטערט. ווי נאָר מיר זענען אַרויסגעפֿאָרן פֿון רחובות, האָבן מיר געזען ווי ביי דער זייט פֿון שאָסיי שטייען עטלעכע אַלטע פֿרויען און פֿרעפֿלען אַ תּפֿילה, אַז מיר זאָלן בשלום זיך אומקערן פֿון וועג".

אין דער צייט ווען די שאָפֿערן האָבן אויף די וועגן פֿון נגבֿ געפֿירט זייער געראַנגל פֿאַר דער יידישער קאָמוניקאַציע, איז די לאַגע אין גאַנצן לאַנד געוואָרן אַלץ שאַרפֿער און אַנגענומען די פֿאָרעם פֿון אַ ניט־פֿראָקלאַמירטער מלחמה. די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער האָבן אָפֿן דערקלערט זייער ניט־איינשטימיקייט מיטן באַשלוס פֿון די פֿאַראייניקטע נאַציעס און אָנגעהויבן זיך צו מישן אין די אינערלעכע ענינים פֿון לאַנד, איידער די ענגלענדער האָבן עס פֿאַרלאָזט. אַ טייל פֿון יאַרדאַנער לעגיאָן האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אין לאַנד; די ענגלענדער האָבן נאָך אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה אויסגענוצט די לעגיאָנערן צו שמירה און פֿון יענער צייט, האָבן די באַוואָפֿנטע אַראַבער ניט פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד. אין דעצעמבער 1947 האָבן די זעקס אַראַבישע מדינות, מיטגלידערינס אין דער אַראַבישער ליגע, אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן זייער „באַפֿרייונגס־אַרמיי". דער ערשטער פּאָלק פֿון דעם מיליטער איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל דעם 20טן יאַנואַר און שפּעטער זענען געשאַפֿן געוואָרן נאָך פּאָלקן. דער שטאָב פֿון דער אַרמיי האָט זיך געפֿונען אין שכם, אין צענטער פֿון לאַנד. אויסער דעם אָרגאַניזירטן מיליטער, זענען אַנטשטאַנען אומרעגולערע איינהייטן. אין דרום פֿון לאַנד זענען פֿון מצרים אַריינגעדרונגען די

„מוסולמענישע ברידער". אוודאי וואָלטן די ענגלענדער געקענט ניט דערלאָזן צו אַזעלכע פּאַרלעצונגען פון דער סוווערניטעט פון לאַנד און פון די אונ"אָ־באַשלוסן, ווען זיי וואָלטן דאָס געוואָלט. נאָר אַזוי ווי דאָס אויפשטעלן אַראַבישע מיליטערישע איינהייטן האָט זיך ניט אָנגעשטויסן אויף קיין שום ווידערשטאַנד, זענען די אַראַבער בלויז דערמוטיקט געוואָרן אין זייערע אַקציעס קעגן די יידן. זיי האָבן ווייטער אָנגעגריפן די יידישע קאָמוניקאַציע, געשאַדנט די אָפּגעזונדערטע יידישע ישובים און אויפגעריסן וואַסער־רערן, ניט געקוקט אויף דער געוואַגטער פּאַרטיידיקונג פון די פּלמ"ח־מענטשן און די איינוווינער פון די ישובים.

טיילמאָל האָבן די ענגלענדער יאָ זיך אַריינגעמישט, אויף זייער שטייגער, אָבער גאָרניט געטאָן, כדי פּאַרטרייבן אויף יענער זייט גרענעץ די פּרייוווי־ליקע, וועלכע זענען אַריינגעדרונגען אין לאַנד. אַנשטאָט דעם האָבן זיי גע־זוכט געווער ביי די פּאַרטיידיקער פון די יידישע קאָלאָניעס און ישובים.

צום סוף האָט די „הגנה" אויפגעהערט מיט איר פּאָליטיק פון צוריק־געהאַלטנקייט און אָנגעהויבן פירן רעוואַנש־אַקציעס. אין געוויסן טיילן פון לאַנד איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין אָפענע קאַמפן מיט די פּאַרשידענע אַראַבישע פּרייווויליקע, אָבער אין דרום ווו די הויפּט־זאָרג איז געווען דאָס פּראָבלעם פון קאָמוניקאַציע, האָבן די איינהייטן פון דער „הגנה" און פּלמ"ח באַשטראָפט די אַראַבישע דערפער פון וועלכע מ'האָט געשאָסן אויף די יידישע טראַנספּאָרטן, אָדער אַוועק אַטאַקירן אַראַבישע אויטאָס אין יענע פּונקטן, ווו מ'האָט פריער אָנגעגריפן יידישע קאָלאָנעס. עטלעכע חברים פון יד־מרדכי זענען גערופן געוואָרן צו אַקטיווער מיליטערישער דינסט און אין די ספּעציעלע איינהייטן פון דער „הגנה" און פּלמ"ח, צו באַגלייטן קאָלאָנעס אָדער זיך באַטייליקן אין פּאַרשידענע דעסאַנטן אין יענע ערטער, ווו די כנופיות האָבן זיך קאָנצענטרירט.

ניט געקוקט אויף דעם אַלעמען, איז די אומרעגולערע אַראַבישע איינהייטן געלונגען צו פּאַרשטעלן די וועגן וועלכע האָבן געפירט אין דרום פון לאַנד, טיילמאָל — אפילו אויף אַ צייט פון צוויי וואָכן. אין אַזעלכע טעג איז יד־מרדכי געווען אינגאַנצן אָפּגעשניטן פון תל־אביב און רחובות. די פּאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט איז אָנגעהאַלטן געוואָרן מיט דער הילף פון אַ קליינעם פּאַרבינדונגס־מכשיר, וועלכן די „הגנה" האָט געגעבן און איז אין געהיים באַדינט געוואָרן דורך שמאי.

דאָס איזאָלירן יד־מרדכי, האָט, פּאַרשטייט זיך, געבראַכט מיט זיך אַנדערע שוועריקייטן, אויסער די אויגנשיינלעכע מאַטעריעלע פּראָבלעמען. אין יענער צייט האָבן אין קיבוץ זיך געפונען עטלעכע שוואַנגערע פרויען

און צוויי פון זיי האָבן אָט־אָט באַדאַרפט געבוירן. נאָך אַ פּאַל פון אַ שווערן געבורט אין דער ניט־פּולקאָמער אַמבולאַטאָריע פון ד״ר קעלער, האָט דער דאָקטאָר געפאָדערט איבערצופירן די קימפּעטאָרינס אין שפּיטאָל. די פראַגע איז געווען, צי וועט טאַקע דער אויטאָ אָנקומען צו דער צייט און צי ס׳איז כדאַי זיי אויסצושטעלן אויף די געפאַרן און שרעק פון אַזאַ נסיעה. איינע פון זיי איז געווען שמאיס פרוי, טובה. ער האָט דעם ענין גענומען אין זיינע הענט מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַר אים ענערגיע. שמאי האָט געהאַט אַ באַקאַנטן בריטישן מאַיאָר אין אַ דערבייִיקן מיליטערישן לאַגער און ער האָט זיך דעצידירט נעמען צו הילף דעם דאָזיקן אָפיציר. אַ געוויסן טאָג האָט שמאי געוואַרט אויפן שאָסיי, ביז ס׳האָט זיך באַוויזן אַ בריטישער פּאַטרול. ער האָט געבעטן ביים עלטסטן צו העלפן אים פאַרבינדן זיך מיטן מאַיאָר בראַון. אין עטלעכע שעה אַרום איז אין אַ „שערמאַן״־טאַנק געקומען בראַון אין קיבוץ אַריין. „אַוודאי וועל איך דיין פרוי נעמען אין שפּיטאָל אַריין אין רחובות״ — האָט געזאָגט דער אָפיציר. „ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. אין טאַנק וועט זי זיין זיכערער ווי אין אַן אַמבולאַנס. כ׳וועל זי אָפּהיטן ווי מיין אייגן ווייב״. אַז שמאי האָט צוגעפירט זיין פרוי צום טאַנק, האָט זיי באַגלייט נאָך אַ שוואַנגערע פרוי. „וואָס, דו האָסט צוויי ווייבער?״ — האָט זיך געוויצלט דער אָפיציר און געמאַכט פּלאַץ אויך פאַר דער צווייטער, ברענגענדיק זיי מיט דער גרעסטער פאַרזיכטיקייט קיין רחובות.

צוליב זיינע אָפטע קאָנטאַקטן מיט די פאַרבינדלער אין רחובות, האָט שמאי געוווּסט וואָס עס קומט פאָר אין שפּיטאָל. „מיר, די פאַרבינדלער, זענען געווען ווי איין גרויסע משפּחה. אַז יד־מרדכי האָט זיך אָפּגערופן, פלעגן די טעלעגראַפיסטן פון דער גאַנצער סביבה זיך צוהערן צו די געשפּרעכן. אַזוי האָט פּאַסירט, אַז ווען מיין זון איז געבוירן געוואָרן, האָבן די אַלע פאַרבינדלער מיט וועלכע כ׳בין געשטאַנען אין קאָנטאַקט, ווי אויך אייניקע פון די מיט וועלכע כ׳האָב אַמאָל געלערנט אין דער טעלעגראַפיסטן־שול, מיר אָפּגעגעבן ,מזל־טוב׳״.

ענדלעך האָט שמאי באַקומען אַ באַפעל צוצוגרייטן אין יד־מרדכי אַ לאַנדונגסטראַסע, כדי די „פּייפּער״־עראָפּלאַנען זאָלן האָבן וווּ זיך אַראָפּלאָזן און ברענגען פּאָסט, צייטונגען און אַנדערע נייטיקע זאַכן. מיט די עראָפּלאַנען האָט מען אויך אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל שוואַנגערע פרויען. טיילמאָל פלעגט דער קאָמענדאַנט פון דער פּלמ״ח־אָפּטיילונג אַוועק מיטן „פּייפּער״ אין שטאַב אַריין אויף אַ באַראַטונג. נאָר די צוגעגרייטע טראַסע פאַרן עראָפּלאַן, איז געווען אַ געפערלעכע, ווייל צוליב איר קורצקייט, האָט דער

פליער ניט געקענט נעמען פון דאָרט קיין הויכפּלי און געמוזט נידעריק פאַרביישוועבן די דערבייִיקע דערפער דיר־סאַניד און ברייער, פונוואַנען אַראַבישע סנייפּערס האָבן זיך באַמיט צו טרעפן אין עראָפּלאַן.

די אומרעגולערע ווידער, האָבן אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן זייער דרוק אויפן קיבוץ, מיט סתם עפּענען אַ פייער. זיי האָבן טאַקע געשאָסן אין דער לופט, עס זענען אָבער געווען אַ סך פאַלן, אַז דאָס פייער איז געווען געצילט אין קיבוץ. ניט איינמאָל האָבן די חברים דערציילט, ווי אַזוי זיי זענען על פּי־נס ניצול געוואָרן פון אַ קויל. „איך בין געזעסן אויפן בעט און געלייענט. פּלוצים דערהער איך אַ גערויש איבערן קאָפּ און אַ קויל איז געבליבן שטעקן אין וואַנט" — האָט דערציילט איינער פון די קיבוץ־חברים. אַ שטענדיקע געפאַר האָט געדראָט די קינדער און דערפאַר האָט מען באַגרענעצט זייער באַוועגן זיך בלויז אויף דעם מער זיכערן שטח הינטער די נידעריקע בערגלעך.

כדי נאָך מערער באַשווערן דאָס לעבן פון די קיבוץ־מענטשן, האָבן די אַראַבער באַשעדיקט די ליניע וואָס האָט צוגעשטעלט עלעקטריע. אין אָנהייב זענען די הפסקות אין דער עלעקטריע־פאַרזאָרגונג געווען קורצע, ווייל די אַרבעטער פון דער עלעקטריציטעט־קאָמפּאַניע פלעגן ריזיקירן מיטן לעבן און אַוועק פאַרריכטן די ליניע. אָבער נאָך דעם ווי איינער פון די אַרבעטער איז געהרגעט געוואָרן, האָט די געזעלשאַפט זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו פאַרריכטן. דער מאָטאָר פון אַלטן קיבוצישן גענעראַטאָר, וועלכער האָט געלאָזט אין באַוועגונג די וואַסער־פּאָמפּע, האָט ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, ווען מ'האָט אויף אים אויך אַרויפגעלייגט די לאַסט צו ליפערן עלעקטרישע ענערגיע פאַר די באַדערפענישן פון קיבוץ. די טויש־טיילן פאַרן קאַליע־געוואָרענעם מאָטאָר האָט מען געבראַכט מיטן „פּייפּער"־עראָפּלאַן, נאָר דער מאָטאָר האָט ווידער ניט געאַרבעט. צום סוף איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצונוצן דעם מאָטאָר פון טראַקטאָר. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע האָט באַדאַרפט באַשטימען ווען ווען וועט דער טראַקטאָר אַקערן די פעלדער, ווען פּאָמפּען וואַסער, ווען ליפערן עלעקטריע פאַר באַלייכטונג און ווען צושטעלן שטראָם אויף צו קענען הערן ביינאַכט די ראַדיאָ־נייעס.

יעקב, וועמענס אַרבעט אין גרינוואַרג־גאָרטן האָט געקענט געטאָן ווערן נאָר אין די בעכט, ווען דאָס וואַסער האָט געשטראָמט, פלעגט שוין אויך הערן די נייעס פון 11 ביינאַכט. און לויט די ידיעות צוזאַמענשטעלן אַ קורצן אינפאָרמאַציע־ביולעטין, וועלכן ער פלעגט פאַרן שלאָפן גיין אויפהענגען אויפן מעלדונגען־טאָוול פון קיבוץ. ניט געקוקט אויף די און אַנדערע שטערונגען אינעם נאָרמאַלן קיבוץ־לעבן, האָבן אַלע זיך באַמיט אָנצוהאַלטן אַ ווי ווייט מעגלעך געאָרדנטן לעבנס־שטייגער. די מענטשן

זענען אַוועק צו זייערע אַרבעטן אין די פעלדער, גערטנער, פּלאַנטאַציעס און אָרגאַניזשן־סעדער — נאָר שטענדיק מיט דער ביקס אין האַנט. נאָך דער אַרבעט האָבן זיי זיך אומגעקערט אין קיבוץ, אַרומגעוואַשן, געביטן די קליידער און גענומען זיך שפּילן און פאַרווײַלן מיט די קינדער, גלײַך ס׳וואָלט גאָרניט געשען. אין די אָוונט־שעהן האָבן זיך ווייטער געפירט די לעקציעס פאַר ליטעראַטור און שפּראַכן. נאָר די טראַדיציאָנעלע יומטובים זענען שוין ניט געפײַערט געוואָרן מיט יענער שמחה ווי אַמאָל. עס האָט זיך דערנענטערט פּורים און מ׳האָט כמעט ניט געמאַכט קיין שום צוגרייטונגען. טייל חברים האָבן געהאַלטן, אַז אין אַזאַ תקופה איז ניטאָ קיין אָרט פאַר פּורימדיקער פרייד. „וועלן מיר קענען זינגען און טאַנצן, ווען אונדזער חבר בצלאל ליגט פאַר אונדז אַ טויטער? און בכלל, איז די לאַגע אַזאַ גוטע, אַז מ׳זאָל זיך משמח זיין?״ אַנדערע ווידער האָבן געטענהט, אַז „ווער ווייסט וואָס וועט זיין מיט אונדזערע קינדער און צי זיי וועלן נאָך אַמאָל פּייערן דעם יומטוב מיט זייערע עלטערן. בעסער איצט צו פרייען זיך מיט די קינדער, וועט זיי דאָס, ווייניקסטנס, בלייבן איינגעקריצט אין זכרון — זאָל זיין וואָס וועט זיין״. אין דער אונטערשטער שורה האָט מען יענעם פּורים יאָ געפּראַוועט, נאָר אָן די הומאָריסטישע פאַרמעסטונגען און פריילעכע שפּילערייען. גראָד יענעם טאָג האָבן די אַראַבער ניט געשאָסן אויפן קיבוץ און ניט געקוקט אויף דער געשפּאַנטער לאַגע — האָט מען זיך משמח געווען.

ערב פּסח איז דער קיבוץ געווען אָפּגעשניטן שוין 2 וואָכן צייט. אַ טראַנספּאָרט איז יאָ אַוועק קיין יד־מרדכי, נאָר די שאָפערן האָבן אַלץ געמוזט אויסלאָדן אויפן וועג אין אַ צווייטן קיבוץ און זיך אומקערן אויף זייער באַזע, ווײַל די צאָל מענטשן וואָס האָט באַגלייט די קאָלאָנע, איז געווען צו קליין און מ׳האָט ניט געטאָרט אַזוי ווייטער פאָרן. דער קיבוץ האָט אויף פּסח געזאָלט בלייבן אָן מצות, אָן ווײַן און אָן כריין צו מרור.

עטלעכע שעה פאַרן סדר, האָט שמאי זיך איבערגעשמועסט דורכן טעלע־גראַף מיט גרשונען, וועלכער איז געזעסן אין פּלמ״ח־שטאַב אין ניר־עם. דער דאָזיקער 20־יאָריקער קעמפער, וועלכער איז פריער געווען עלטסטער פון דער פּלמ״ח־אָפּטיילונג אין קיבוץ, איז איצט באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט פון ראַיאָן. גרשון האָט צווויסן געגעבן שמאין, אַז די קאָלאָנע איז ענדלעך אָנגעקומען קיין ניר־עם און ער וועט אַלץ טאָן, אַז די אויטאָס וואָס זענען באַשטימט פאַר יד־מרדכי זאָלן אַהין אַוועק. זיי האָבן געהאַט צו זייער רשות די קליינטשיקע פאַנצער־אויטאָס, די באַרימטע „סענדוויטשן״, וועלכע מ׳האָט אויף אַ סטאַנדאַרטן אופן פאַרפאַנצערט אין די פאַרשידענע שלאָסעריי־וואַרשטאַטן אין לאַנד: אַ שטאָל־בלעך, ברעטער און ווידער

אַ שטאָל־בלעך — און דערפאַר דער נאָמען „סענדוויטש". מיט דער הילף פון די דאָזיקע פאַנצערקעס וועט מען פּרוּוון דערפירן די לאַסט־אויטאָס אין קיבוץ אַריין.

די עיקרדיקע געפאַר פאַר דער קאָלאָנע האָט געדראָט פונעם דאָרף ברייער. אַ כנופיה פון די „מוסולמענישע ברידער", צו וועלכער ס'זענען צוגעשטאַנען דייטשישע און יוגאָסלאַווישע נאַציס, ווי אויך עטלעכע ענגלישע דעזערטירן, האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו שטערן דער יידישער קאָמוניקאַציע אין דעם ראַיאָן פון לאַנד. דער וועג דאָ האָט זיך פאַרקערעוועט צו געדיכטע קוסטעס פון סאַברעס און דורכגעשניטן דעם סאַמע צענטער פון דאָרף. אַזוי, אַז יעדער יידישער טראַנספּאָרט איז געווען אויסגעשטעלט אויף אַ שטאַרק פייער. פונדעסטוועגן האָט גרשון באַשלאָסן ריזיקירן צו פאָרן דורך דעם וועג, פשוט דערפאַר ווייל קיין אַנדערער איז ניט געווען.

ווי נאָר די קליינע קאָלאָנע האָט זיך דערנענטערט צום אַריינגאַנג פון דאָרף, איז פון ביידע זייטן וועג געעפנט געוואָרן אַ פייער. די ערשטע כאַנצערקע האָט אָנגעטראָפן אויף אַ מינע און זיך איבערגעקערט אויף אַ זייט. לויט די אָנווייזונגען, האָבן די שאָפערן פון די לאַסט־אויטאָס באַדאַרפט ווייטער פאָרן און זיך ניט אומקוקן וואָס עס קומט פאָר אַרום זיי, אָדער זיך אינטערעסירן מיטן גורל פון די באַגלייטערס. די שאָפערן זענען אַפילו געווען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, מ'האָט אָבער נישט געקענט זיך מיט זיי באַנוצן, ווייל די געפאַנצערטע טירן זענען געווען גוט פאַרשלאָסן, בלויז אַ שמאָלע שפּאַרע אינעם פאָדערשטן פאַנצער איז געווען אָפן, כדי דער שאָפער זאָל זען דעם וועג. מאָטקע, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער קאָלאָנע, האָט אויסגעמיטן די פאַנצערקע וואָס איז געשעדיקט געוואָרן פון דער מינע און ערשט דאַן דערהערט דעם גערויש פון דער שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען הינטער אים. די מענטשן פון דער הינ־טערשטער פאַנצערקע זענען אַריינגעטרעטן אין אַ קאַמף מיט דער כנופיה איבערפאַלער. אַז מאָטקע איז אַרויס פון דער פייער־ליניע, ניט ווייט פון דאָרף, — הגם די קוילן האָבן זיך נאָך אָנגעקלאַפּט אין זיין פאַנצער, האָט ער דערזען צוויי אויטאָס, וועלכע זענען אים גלייך אַנטקעגנ־געפאָרן. „דאָס איז פאַר אונדז אַ צוגעגרייטער לויער" — האָט מאָטקע אַ געשריי געגעבן צו זיין חבר, וועלכער איז נעבן אים געזעסן אין דער קאַבינע פון לאַסט־אויטאָ. „דאָס זענען אַראַבער, וועלכע האָבן זיך אָנגע־שלאָסן צו די וואָס קעמפן קעגן אונדז". ערשט ווען ער האָט זיך צו זיי דער־נענטערט, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דאָס זענען גאָר 2 מיליטערישע אויטאָס מיט בריטישע זעלנער. אַן אָפּטיילונג פון ענגלישן מיליטער איז צוריקגעפאָרן אין זייער לאַגער אין דרום פון לאַנד. דערהערנדיק די שיסעריי, זענען זיי

געקומען בלויז זיך צוקוקן צו דער שלאַכט, אָבער גאָרניט געטאָן, כדי זי אָפּצושטעלן, הגם ס'איז קלאָר געווען ווער ס'איז דער אָנגרייפער און ווער דער באַפאַלענער..

די היגטערשטע פאַנצער־אויטאָס האָבן דערווייל זיך געפונען אין אַ צרה. בעת די לאַסט־אויטאָס פון קיבוץ האָבן זיך דערווייטערט פון פייער, זענען די באַגלייטנדיקע פאַנצערקעס, וועלכע האָבן געשלאָסן די קאַלאָנע, אַריינ־געטרעטן אין אַ שלאַכט מיט די אַראַבער. איינע פון זיי האָט באַקומען עטלעכע קוילן און דער מאָטאָר איז אינגאַנצן איינגעשטילט געוואָרן. די צווייטע פאַנצערקע האָט גענומען שטופן די באַשעדיקטע מאַשין, ביז זיי זענען צוגעקומען צו דער ערשטער פאַנצערקע, וועלכע איז שטאַרק באַשע־דיקט געוואָרן אין אָנהייב שלאַכט. אויך די דאָזיקע כלי איז איצט געשטופּט געוואָרן ביזן דערביייקן וואָדי און די מענטשן זענען שוין געווען אויסערן פייער. דער איינציק פונקציאָנירנדיקער פאַנצער־אויטאָ איז אויך געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל אין דעם ראָד. דער שאָפער, וועלכער איז אַרויס טוישן דאָס גומי־ראָד, איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פוס, פונדעסטוועגן האָט ער מצליח געווען אָנצוטאָן אַ צווייט ראָד און די באַשעדיקטע מאַשינען ווייטער שטופן אין דער ריכטונג פון קיבוץ.

סוף־כל־סוף זענען די לאַסט־אויטאָס אָנגעקומען אין קיבוץ אַריין, וווּ אַלע האָבן געוואַרט מיט גרויס ציטער. זיי האָבן פון איינעם פון די בערגלעך געזען די שלאַכט וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט ניט ווייט פון זיי, נאָר לײדער, גאָרניט געקענט העלפן.

די שאָפערן זענען אַרויסגעשפּרונגען פון די אויטאָס און מיט זיי — גד און דער קאַסירער פון קיבוץ, וועלכע זענען פריער געהאַט פאַרבליבן אין תל־אביב. קיינער האָט זיך ניט געריכט אַז זיי וועלן קומען אויף פסח, דעריבער איז גרויס געווען די פרייד זיי צו זען. אינעם טומל פונעם וואַרעמען קבלת־פנים, האָט זיך פלוצים דערהערט לאהס שטים:

— איר האָט געבראַכט מצות און וויין?

— אַלץ וואָס ס'איז בייטיק פאַר פסח איז דאָ מיט אונדז — האָט מאָטקע געענטפערט אַ פריילעכער. — נאָך מער, קוקט וואָס מיר האָבן געבראַנגט — 7 טשעכישע ביקסן.

— טשעכישע ביקסן?! — האָבן די קיבוץ־חברים אויסגערופן מיט באַ־גייסטערונג. זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז קיין שום מדינה האָט זיך ניט געאײלט צו שטיצן דעם באַשלוס וועגן חלוקה מיט ליפערן געווער פאַר דער יונגער יידישער מדינה און נאָר די טשעכן האָבן געהאָלפן מיט שיקן געווער.

ביים סדר־טיש זענען געזעסן אַלע קיבוץ־חברים, אויסער די וואָס האָבן געהאַט שמירה. אויך די פלמ״ח־מענטשן, גרשון און די וואָס זענען פון

ניר־עם געקומען מיט די פּאַנצערקעס, האָבן געפּראַוועט מיט זיי דעם יומטוב. צוויי גרופּעס יוגנטלעכע האָבן אין יענער נאַכט געפּייערט זייער ערשטן פּסח אויף דער פּאַטערלענדישער ערד: אַ גרופּע פון 14 ביז 17 יאָריקע און אַ מער דערוואַקסענע גרופּע, פון בערך 20 יאָריקע, דער רוב פון זיי האָבן אויף די הענט געהאַט אויסטאַטוירטע נומערן פון די נאַצישע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן.

אויסערלעך האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז אַנטקעגן די פריערדיקע סדר־נעכט אין קיבוץ, האָט זיך איצט גאָרניט געענדערט. די טישן זענען געווען באַפּוצט און געדעקט בשפע מיט אַלע פּסחדיקע מאכלים. עופות, וועלכע מ׳האָט בדרך־כלל פאַרקויפט אין שטאָט אַריין, האָבן זיך איצט געפונען אויף די טעלער, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט זיי צו פאַרקויפן. אָבער די שפּאַנונג האָט זיך געפילט אין דער לופט. אַז די קינדער האָבן געפרעגט די פיר קושיות, האָבן די חברים געטראַכט, אַז דאָך איז די הייַנטיקע נאַכט אַנדערש ווי אַלע נעכט, ווייל איצט איז דער רוב מענטשן געזעסן מיט דער ביקס נעבן זיך. אַז אַלע האָבן געזונגען „ושבו בנים לגבולם״ און „שלח את עמי״, איז זיי שווער געוואָרן אויפן האַרץ, ניט וויסנדיק וואָס די נאָענטסטע צוקונפט וועט זיי ברענגען. ביים געזאַנג פון דער „התקוה״, האָט מען געשאָסן אויפן קיבוץ. אַ טייל האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן פאַר זייער צוקונפט דאָ, אויפן אָרט. אַנדערע ווידער האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער, נאָר זלמן, דער סעקרעטאַר פון קיבוץ, וועלכער האָט אין יענעם מאָמענט גראָד גערעדט, האָט געפאָדערט, אַז אַלע זאָלן בלייבן אויף די ערטער. די וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צו שטאַרקן די שמירה, האָבן שטילערהייט זיך אַרויסגעשלייכט פונעם עס־זאַל. די אַנדערע האָבן צוריק אַוועקגעלייגט זייערע ביקסן און דער סדר האָט זיך ווייטער געפירט.

אין יענער תקופה זענען בלויז 22 יידישע ישובים געווען צעוואָרפן איבערן צפונדיקן נגב און אין דעם טייל לאַנד זענען די יידן געווען אַ נישטיקע מינדערהייט — איינער אַנטקעגן הונדערט. די „מוסולמענישע ברידער״ זענען מאַסנווייז אַריינגעדרונגען אין לאַנד און ס׳איז געווען קלאָר, אַז ווי נאָר די ענגלענדער וועלן פאַרלאָזן ארץ־ישראל, וועלן די אַראַבער אָנהייבן זייער מלחמה. אַזוי ווי די אַראַבישע מנהיגים האָבן דעקלאַרירט, אַז זיי אַנערקענען ניט די באַשלוסן פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, איז פאַר זיי ניט געווען קיין חילוק אויב אַ יידישער ישוב געפינט זיך אין תחום פון די גרענעצן וועלכע מ׳האָט באַשטימט פאַר דער אַראַבישער מדינה, צי ער באַלאַנגט צו דער יידישער מדינה. די אַראַבער זענען געווען גרייט צו אַטאַקירן אַלע אָן אויסנאַם יידישע ישובים. פון דעם איז געווען

קלאָר, אַז ס׳האָט ניט געהאַט קיין זינען צו עוואַקויִרן ישובים און איבער־פירן די מענטשן אין אַנדערע ראַיאָנען, ווייל מיטן אָנהייב פון די פייִנדלעכע אַקציעס, איז ניט אינגאַנצן געווען קלאָר ווו ס׳איז דער פראָנט און ווו דאָס הינטערלאַנד. די „הגנה", וואָס איר כּוח און באַוואָפענונג זענען געווען ניט אין פאַרגלייך קלענער ווי ביי די אַראַבער, האָט פון יעדן מיטגליד אירן געפאָדערט צו קעמפן. די ישובים האָבן באַדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין צענטערס פון ווידערשטאַנד און אַזוי לאַנג זיך האַלטן, ביז די אַראַבער וועלן זיין געצוווּנגען משלים צו זיין מיטן חלוקה־פּלאַן און איינשטעלן די גרענעצן, ווי זיי זענען לכתחילה באַשטימט געוואָרן לויטן באַשלוס פון אונ"אָ. שפּעטער וועלן אפשר די קיבוצים קענען איינשטעלן נאָרמאַלע באַציִונגען מיט זייערע אַראַבישע שכנים. די „הגנה" האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו העלפן די ישובים אַליין זיך צו פאַרטיידיקן און זיי אויס־שטאַטן, זיי זאָלן זיין פעיק זיך קעגנצושטעלן די דערוואַרטע אָנגריפן.

די צוגרייטונגען צו פאַרטיידיקונג אין יד־מרדכי זענען אַדורכגעפירט געוואָרן דורך דער אָרטיקער זיכערקייט־קאָמיסיע, וועלכע האָט באַקומען די ברייטסטע פולמאַכטן. צו איר האָבן געהערט 5 חברים: אַלעקס ביבער, דער פאַרבינדלער אין אַלע ענינים מיטן שטאַב פון דער „הגנה"; טוביה רייך, פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די מיליטערישע איבונגען און פּלאַנירער פון דער פאַרטיידיקונג; זלמן, דער סעקרעטאַר פון קיבוץ; ראובן, פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דער אַפּראָוויזאַציע, און אַ חברטע, וועלכע האָט באַלאַנגט צו דער קאָמיסיע פאַר דערציִונג. די דאָזיקע חברטע איז גאַנץ צופעליק צוגעטיילט געוואָרן צו דער זיכערקייטס־קאָמיסיע. זי האָט מיר דערציילט, אַז אָנהייב יעדעס יאָר, האָט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע געפרעגט ביי די קיבוץ־חברים אַ מיינונג וועגן דער אַרבעטס־פאַרטיילונג. „די דערציִונגס־קאָמיסיע האַלט אָפּ צופיל זיצונגען" — האָט דינה געטענהט פאַר דער קאָמיסיע. „איך פיל זיך מיד און כ׳וועל היי־יאָר בעטן אַ לייכטערע אַרבעט". האָט מען יי באַשטימט אין דער זיכערקייטס־קאָמיסיע. איר אויפגאַבע איז געווען צו באַשטימען די ריי פון די וואָס גייען ביינאַכט אַרויס אויף שמירה אין קיבוץ. אויסער דעם איז זי געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער „ערשטער הילף" אויפן אָרט.

אויף די צוויי אָנגעזעענסטע חברים אין דער קאָמיסיע — אַלעקס ביבער און טוביה רייך, איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן דאָס אָרט. די באַשטימונג איז, פאַרשטייט זיך, געמאַכט געוואָרן אין פאַר־שטענדיקונג מיט דער „הגנה", נאָך דעם ווי מ׳האָט גענומען אין באַטראַכט זייער פערזענלעכקייט און מיליטערישע דערפאַרונג אין דער פאַרגאַנגענהייט. אַלעקסן האָט מען גוט געקענט פון זיין איינשאַפן געווער פאַר דער „הגנה"

און זיין דערפֿאָלגרייך אַרויסבאַקומען פֿון די ענגלענדער פּלענער, וועלכע זענען שטאַרק צונוץ געקומען דער יידישער מיליטערישער אינדוסטריע. ער איז געווען פֿון מיטעלן וווקס, מיט אַ ברוין און קלוג פּנים. „דאָס איז אַ מענטש, וועלכער זאָגט שטענדיק וואָס ער טראַכט" — האָט מיר וועגן אים דערציילט אַ חבר פֿון קיבוץ, צוגעבנדיק, „אַז די דאַזיקע מעלה איז זייער וויכטיק פֿאַר אַ קאָמענדאַנט". טוביה איז געווען נידעריקער פֿון אַלעקסן, נאָר זיין פֿעסטער גוף, ברייטע פּלייצעס און מעכטיקע אָרעמס האָבן אים צוגעגעבן אַ העכערן אויסזען. זיינע בלויע אויגן זענען געווען נאָענט איינס צום צווייטן און די גאָמבע — אַ צוגעשפּיצטע. כמעט שטענדיק האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיין פּנים איז נאָר־וואָס אָפּגעברענט געוואָרן פֿון דער זון.

די דאַזיקע צוויי מענטשן זענען געווען פֿון זיך ווייט ניט נאָר לויטן געבוי פֿון די קערפּערס, נאָר אויך מיט זייער טעמפּעראַמענט. טוביה איז געווען אַ קעמפּערישע נאַטור, אַן אויפֿגעברויזטער, פֿול מיט ענערגיע. מיט אַלץ וואָס ער האָט זיך מטפּל געווען — מענטשן, געווער אָדער אויס־שטאַטונג — איז עס געטאָן געוואָרן מיט אַ שטאַרקער האַנט, כדי ווי געהעריק דערפֿילן די אויפֿגאַבע וואָס איז אויף אים אַרויפֿגעלייגט געוואָרן. אַלעקס דאַקעגן איז ניט געווען געקנעטן פֿון דעם טייג און דערפֿאַר איז ער געווען אַ מער סענסיטיווער און אויפֿמערקזאַמער צו די האָפֿענונגען אָדער פֿאַר־צווייפֿלונגען פֿון מענטשן. זיינע רעאַגירונגען זענען ניט געווען אַזעלכע אייליקע און מער דורכגעטראַכטע. הגם ר'איז ניט געווען ווינציקער דרייסט ווי טוביה, פֿלעגט ער זיך נאָך אַמאָל איבערלייגן, ביז ער האָט עפּעס באַשלאָסן. די דאַזיקע קעגנזעצלעכע מענטשלעכע אייגנשאַפֿטן האָבן אויף אַ באַדייטונגספֿולן אופֿן זיך צונויפֿגעפֿלאָכטן אין דעם קאַמף, וואָס האָט דערוואַרט דעם קיבוץ אין די שפּעטערדיקע טעג.

די צוגרייטונגען צו פֿאַרפֿעסטיקן יד־מרדכי האָבן אַרומגענומען: פֿאַר־בעסערן די פֿאַרצוימונג, איינאָרדענען פֿאַסיקע שיס־פּאָזיציעס און אויסגראָבן אָקאָפּעס. דער גאַנצער שטח פֿון קיבוץ, ביי אַ 400 דונאַם, איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט. אויף די שוואַכערע ערטער האָט מען אַוועק־געלייגט עטלעכע ראָלן שטעכלדראָט. 8 פֿאַרטיידיקונג־ און אָבסערוואַציע־פּונקטן זענען געוואָרן אויסגעברייטערט און פֿאַרטיפֿט און מ'האָט זיי איבער־געדעקט מיט אַן אייזן־ברעט, אונטערגעשפּאַרט מיט בעליקלעך. די „הגנה" האָט צוגעשטעלט דעם קיבוץ אַ גראָב־מאַשין. פֿאַניע, וואָס די פֿאַרטיידיקונגס־אַרבעטן האָבן מיט איין מאָל צונישט געמאַכט איר גאַנצע מי צו פֿאַרשענערן די לאַנדשאַפֿט, האָט אויפֿגעהויבן אַ געוואַלט:

— זיי צעגראָבן די גראָז־פֿלאַנצן און אַפֿילו אַריינגעקראָכן איבעם שטח פֿון די רויזן־קוסטעס!...

ניט געקוקט אויף איר פּאַרצווייפלטן געראַנגל, האָט גובר געווען דער מיליטערישער מאָמענט און מ'האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויף אירע רייד. אויך די טענות פון חבר בעניאָ זענען ניט אנערקענט געוואָרן דורך דער זיכערקייטס־קאָמיסיע. בעניאָ האָט מורא געהאַט, אַז מ'וועט פּאַרניכטן די יונגע באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע, וועלכע ער האָט אויפגעהאָדעוועט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט. די קאָמיסיע האָט געהאַלטן, אַז באַנאַנעס־פּלאַנצונגען נאָענט פון קיבוץ האָבן אַ ברירה צו דינען אַלס באַהעלטעניש פאַר די וואָס ווילן אים באַפאַלן. בעניאָ האָט איינגעטענהט מיט די קאָמיסיע־מיטגלידער, אַז די פּלאַנטאַציע איז אַ יונגע, די ביימער צו קליין מ'זאָל זיך קענען היינטער זיי באַהאַלטן. ער האָט צוגעגעבן, אַז אַלע אַנטוויקלונגס־אַרבעטן זענען וויכטיק צו הייבן די מאָראַל פון קיבוץ. צום סוף האָט מען באַשלאָסן דעם ענין איבערגעבן צו דער אַנטשיידונג פון דער וועכנטלעכער קיבוץ־פאַרזאַמלונג, און צו דער איבעררעאַשונג פון דער זיכערקייטס־קאָמיסיע, האָבן פיל געשטיצט בעניאָס מיינונג. די באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סימבאָל פון שלום, פון אַ נאָרמאַלן לעבנס־שטייגער און האָפענונג פון די קיבוץ־מענטשן בנוגע זייער צוקונפט. אַ מערהייט חברים האָבן ניט געוואָלט געבן זייער צושטימונג אויסצוהאַקן די באַנאַנעס־פּלאַנצונגען. אַ ביטערער געראַנגל האָט זיך געפירט איבער דער פּלאַנטאַציע און ס'איז שווער געווען צו אַנטשיידן. אַלעקס האָט באַדאַרפט איבערפירן דעם ענין צו דער „הגנה", אַז זי זאָל פסקענען. אין שטאַב פון דער „הגנה" איז מען ניט געווען אַזוי סענטימענטאַל און דער באַשלוס איז געפאַלן קעגן בעניאָס מיינונג. פּרוכטן און בלומען זענען איצט געווען ווייניקער וויכטיק; קודם כל האָט מען געהאַט פאַרן אויג די ענינים פון זיכערקייט און פאַרטיידיקונג — און די צוויי זענען געשטאַנען העכער איבער אַנדערע ענינים.

פאַניע האָט געהאַט נאָך פאַרלוסטן אין אירע גערטנדלעך און בלומען, ווען מ'האָט באַשלאָסן צו בויען אונטערערדישע שעלטערס. די מקלטים זענען געווען 3 מעטער די לענג, 2 — די ברייט און 3 — אין דער טיף. אַז די גראָב־מאַשין האָט פאַרענדיקט איר אַרבעט, האָט מען אין די גריבער פאַרפעסטיקט דרענגלעך, אויף וועלכע מ'האָט אַרויפגעלייגט דיקטן און אויף זיי — אייזן־בלעכן, געבראַכטע פון דער שלאָסעריי. אויף די אייזנס האָט מען אָנגעשיט קופּעס זאַמד און ערד, אויף אַ הייך פון 60 סענטימעטער. די מענטשן זענען אַ סך צייט געווען אויך באַשעפטיקט ביים אָנפילן זעק מיט זאַמד, וועלכע זענען דערנאָך אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף די ערד־אַנשיטן. אויך די קינדער האָבן געהאָלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט. אַ קלע־נערער מקלט איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר דער פּאָזיציע פון שטאַב. דאָ האָט מען איינגעאָרדנט אַ טעלעגראַף און אויך אַן אַלטפרענקישן טעלעפאָן,

מיט וועמענס הילף מ׳האָט זיך געקענט פאַרבינדן מיט אַלע פּאָזיציעס אין קיבוץ.

דער שטאָלץ פון קיבוץ איז געווען דער „פּילבאָקס",* וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף דער דרומדיקער זייט, אַ 200 מעטער פון דער פּאַרצוימונג. דער „פּילבאָקס" איז געשטאַנען אויפן שפּיץ פון אַ בערגל און אַזוי אַרום געהערשט אויפן הויפּט־שאָסיי און אויף דעם קורצן, זייטיקן וועג וואָס האָט געפירט אין קיבוץ. דער גרעסטער טייל פון „פּילבאָקס" האָט זיך געפונען אונטער דער ערד. און דאָס וואָס מ׳האָט געזען איבער דער ערד, איז באַשטאַנען פון זיין אייזן־בעטאָנענעם דאַך און די עפענונגען צום שיסן, דורך וועלכע די פּאַרטיידיקער האָבן געקענט שיקן זייערע קוילן אין אַלע ריכטונגען. מ׳האָט דאָרט אויף אַ בויט־שעה צוגעגרייט שעניקעס צום שלאָפן און שפּייז. פון דער העלפט אַפּריל, זענען יעדער נאַכט געווען אין „פּיל־באָקס" 2־3 מענטשן, פון דער ספּעציעלער גרופּע פון 80 מאַן, וועלכע מ׳האָט באַשטימט פאַר דעם אָרט.

אין יענער תקופה זענען געווען אין קיבוץ ביי אַ 60 מענער (קיינער געדענקט ניט היינט די גענויע צאָל). פון די 37 נייע, יונגע עולים, וועלכע האָבן געוווינט אין קיבוץ, זענען צוויי דריטל געווען יוגנטלעכע, אָדער גאָר יונגע מענער. צו שטאַרקן דעם פייער־כוח פון קיבוץ, האָט זיך דאָרט געפונען אַ פּלמ״ח־אָפּטיילונג פון 30 מענטשן. אויף דעם דאָזיקן כוח איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן יד־מרדכי קעגן די אַראַבישע אַנגריפן. בסך־הכל — איבער הונדערט מענער און יוגנטלעכע.

די קיבוץ־מענטשן האָט ניט געפעלט קיין מיליטערישע אויסשולונג. זייענדיק נאָך אין נתניה, האָבן אַלע זיך געלערנט ווי אַזוי באַגיין מיט געווער. 15 חברים האָבן אַפילו אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע אומלעגאַלע קורסן פון דער „הגנה". 9 פון זיי האָבן געדינט אין דער בריטישער אַרמיי. אויסער דעם זענען צווישן די נייע עולים געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן זייערע מיליטערישע איבונגען באַקומען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אין פאַר־שידענע אַרמייען — פון פּוילן, ראַטנפאַרבאַנד און אין דער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס. אייניקע פון זיי האָבן געקעמפט אין די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. אויפן אָרט האָבן זיך אויך געפונען 7 פון די 9 קיבוץ־חברים, וועלכע האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן אין פּלמ״ח. פון די אַלע האָט טוביה באַדאַרפט אָרגאַניזירן אַ קאַמפס־איינהייט. עס זענען באַשטימט געוואָרן קאָמענדאַנטן פון די פּאָזיציעס, צווישן זיי איין פרוי — מרים. זי האָט אַדורכגעמאַכט אַ פּלמ״ח־קורס און מיט איר פעיקייט ניט געווען הינטער־

* אַן אָבסערוואַציע־ און שיס־טורעמל.

שטעליק פון די מענער. טוביה האָט זי באַשטימט אַלס פּאַראַנטוואָרטלעכע אויסצושולן מיליטעריש די יונגע עולים־מעפּילים, וועלכע האָבן געוווינט אין קיבוץ און זי האָט אויך באַדאַרפט לערנען די פרויען ווי צו באַגיין זיך מיט געווער. יעדן וואָס האָט זיך געאיבט, איז דערלויבט געווען אויסצושיסן 5 אמתע קוילן.

סעוועק, איינער פון די אַלטע „הגנה"־חברים, האָט אויפגעשטעלט אַן איינהייט, וועלכער ר'האָט געגעבן דעם פּרעטענסיאָנעלן נאָמען „טאַנקן־יעגערס". צו דער איינהייט האָבן געהערט דער עיקר יוגנטלעכע מעפּילים, פון 14—16 יאָר. ער האָט זיי געלערנט צוגרייטן און באַנוצן מיט „מאָלאָטאָוו־פלעשער". אַזוי ווי ס'זענען ניט געווען בשפע די מאַטעריאַלן פאַר די „מאָלאָטאָוו־פלעשער", האָט זיי סעוועק דערלויבט צו איבן זיך מיט שטיינער און אייער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין גרויסע צאָלן, ווייל מ'האָט זיי ניט געקענט פאַרקויפן.

די פלמ"חניקעס האָבן זיך פאַרנומען מיטן פאַרלייגן שיך־מינעס אין שטח פאַר די פּאָזיציעס. מורא האָבנדיק, אַז אויפן מינירטן פעלד זאָל ניט צופעליק פאַרבלאָנדזשען אַן אַראַבישער פאַסטעך מיט זיין סטאַדע, זענען אַלע ערטער מיט די מינעס אַרומגעצוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט און האָרעבונגס־אויפשריפטן.

דינה האָט זיך פאַרנומען מיט די ענינים פון שמירה און אַרויסשיקן מענטשן צו די פּאָזיציעס, לויט אַ ריי, אויך די פרויען, הגם ס'איז געווען קלאָר, אַז בעת אַ שטאַרקער אַטאַקע, וועלן די פרויען אַוועק אין די שוץ־קעלערס.

דאָס עיקר־פּראָבלעם פאַר די פאַרטיידיקערס איז געווען — געווער. נאָך פון די צייטן פון נתניה, האָבן די קיבוץ־חברים זיך איינגעשאַפט אין באַהאַלטן אומלעגאַל געווער. אַ טייל איז געקויפט געוואָרן ביי בריטישע זעלנער, אַנדערע כלים זענען געגנבעט געוואָרן אין די מיליטערישע לאַגערס און אַ טייל איז דורך דער „הגנה" פאַרטיילט געוואָרן דעם קיבוץ. דער קיבוץ איז שטענדיק געווען באַשעפטיקט מיטן איינשאַפן זיך נאָך און נאָך געווער. דער הויכוווקסיקער און שיינער דוביק פלעגט אָפט באַזוכן אינעם דערבייייקן מיליטערישן לאַגער, ווו עטלעכע יידישע זעלנערינס האָבן גע־אַרבעט אין די ראַמען פון דער בריטישער פרויען־הילפס־דינסט אַלס סעקרעטאַרינס, קאָרעספּאָנדענטינס, פאַרבינדלערינס און שאָפערינס. דוביק איז געוואָרן אַ שטענדיקער באַזוכער אין לאַגער, באַשטימט זיך טרעפונגען מיט די זעלנערינס, איינע נאָך דער אַנדערער. אומקערנדיק זיך פון אַזעלכע באַגעגענישן, האָט ער אויסער די דעריבערונגען פון אַן אָנגענעם פאַרברענגטן אוונט אין זייער געזעלשאַפט, אויך מיטגעבראַכט, בדרך כלל, אַ רעוואָלווער,

טסלעכע האַנט־גראַנאַטן אָדער אַ זעקל אַמוניציע, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן דורך די מיידלעך אַלס צייכן פון אַנערקענונג.

דער מוכטאַר ראובן האָט אַנטדעקט אַן אַנדערן מקור זיך איינצושאַפן געווער. אַ זון פון אַן אַראַבישער משפחה, וועלכע האָט געוווינט ניט ווייט פון קיבוץ, איז גרייט געווען איינצוקויפן געווער אין עזה און עס איבערגעבן דעם קיבוץ. דאָס איז ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג און ראובן האָט מיט אַ סך געדולד באַדאַרפט אָנווענדן זיין גאַנצן טאַלאַנט צו געווינען און איבערצייגן דעם אַראַבישן יוגנטלעכן פאַר אַזאַ געפערלעכער אַרבעט. מעגלעך, אַז ער וואָלט דאָס ניט געטאָן, ווען ניט דער מאַטעריעלער נוצן, נאָר פון דער אַנדערער זייט איז קלאָר, אַז דער יונגער אַראַבער האָט ריזיקירט דערפאַר, ווייל ר'האָט געפילט אמתע פריינדשאַפט צום קיבוץ, זיינע מענטשן און דעם מוכטאַר. די צוויי פלעגן זיך טרעפן ביי דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע, דאָרט האָט דער אַראַבער איבערגעגעבן דעם מוכטאַר אַ קויש מיט גרינוואַרג, וווּ אין זיין אונטערשטן טייל האָבן זיך געפונען קוילן. הגםביידע האָבן אָנגעווענדט די גרעסטע פאָרזיכטיקייט, איז דער ענין באַקאַנט געוואָרן. דער יוגנטלעכער איז איין מאָל געכאַפּט געוואָרן דורך אַראַבישע פאַנאַטיקער, וועלכע האָבן אים מוראדיק צעשלאָגן. פונדעסטוועגן האָט דער אַראַבישער יוגנטלעכער ווייטער צוגעשטעלט געווער דעם מוכטאַר — און אַז ביידע האָבן זיך געטראָפן נאָך דער מלחמה, האָט דער אַראַבער אַרויסגעבראַכט זיינע אויפריכטיקע געפילן און האַרציק אַרומגענומען און זיך צעקושט מיטן מוכטאַר.

באַטעק, וועלכער איז צוזאַמען מיט דוביקן געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן „סליק" אין קיבוץ, האָט מיר איבערגעגעבן די רשימה פון געווער, ווי זי איז אין געהיים צונויפגעשטעלט געוואָרן אין יענער צייט:

דאָס לעגאַלע געווער איז באַשטאַנען פון 12 איטאַליעניש̇ע ביקסן, וועלכע די בריטישע מאַכט האָט געגעבן פאַר פאַרטיידיקונגס־צוועקן.

25 ביקסן, פּראָדוצירטע אין פינף לענדער. די אַמוניציע צו די דייטשישע און פוילישע „מאוזער"־ביקסן האָט נאָר געפּאַסט פאַר די צוויי, פונקט ווי די ענגלישע קוילן האָבן געטויגט פאַר די בריטישע און קאַנאַדישע ביקסן.

3000 קוילן צו ביקסן.

איין בריטישער „טאָמיגאַן".

2 מאַשינגעווער „סטען", מיט 150 קוילן פאַר יעדער כלי.

איין דייטשישער „שמייסער".

אַ לייכטער מאַשינגעווער „שפּאַנדאו" מיט ווייניק אַמוניציע.

אַן אַמעריקאַנער מאַשינגעווער „בראונינג", 4000 קוילן.

איין פיאַט און 3 באַמבעס.

2 צוויי־אינטשיקע מינען־וואַרפער און 50 שראַפנעלן.

400 האַנט־גראַנאַטן.

די פלמ״ח־אָפטיילונג האָט געהאַט איר אייגן געווער, ביקסן און צוויי קוילנוואַרפערס „ברען״. זיי האָבן אויך באַזיצט שיך־מינעס און אַ 50 קילאָ אויפרייס־מאַטעריאַל.

„אייגנטלעך, האָט דער דאָזיקער ,שמייסער׳ ניט באַדאַרפט זיך געפינען אין אונדזער רשות״ — האָט נאַטעק דערציילט מיט אַ שמייכל. „איין מאָל, אַז מ׳האָט אונדז געבעטן, מיט נאָך קיבוצים, שענקען אַ ביסל געווער פאַרן שטאַב פון דער ,הגנה׳ און פאַרן כלל, האָב איך סאַלעק ביעלסקין אָוועקגעשיקט מיט עטלעכע אונדזערע כלים, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך אויך געפונען דער דייטשישער ,שמייסער׳, ווייל מיר האָבן געהאַט סטענען. אָבער סאַלעק האָט זייער גערן געהאַט דעם ,שמייסער׳, מיט וועלכן ר׳האָט שוין אַ סך געאיבט, און ניט געוואָלט מיט אים זיך שיידן. ער האָט אים פאַרשטעקט אינעם אויטאָ און געבראַכט אין קיבוץ אַריין. אַזוי איז ער צוריק געוואָרן אונדזערער״.

אַ טייל אַמוניציע איז געווען אומלעגאַל פון צוויי שטאַנדפּונקטן. איינִיקע יאָרן האָט דער קיבוץ יד־מרדכי געדינט אַלס צייטווייליקע באַהעלטעניש פאַר געווער וואָס איז פון מצרים אַריינגעשמוגלט געוואָרן אין לאַנד אַריין דורך דער „הגנה״. נאַטעק פלעגט דעם שמוגל גלייך פאַרגראָבן, ביז מ׳האָט אים איבערגעפירט אויפן באַשטימטן אָרט אין צפון פון לאַנד. „פאַקטיש דאַרף איך אייך ניט דערציילן וועגן דעם״ — האָט זיך נאַטעק אַראָפּגערעדט פון האַרצן פאַר מיר. „נאָר פון יעדן קעסטל וואָס כ׳האָב באַהאַלטן אין דער ערד, פלעג איך אַ ביסל קוילן אַראָפּנעמען פאַר אונדזער קיבוץ. די ,הגנה׳ האָט צוגעטיילט אַזוי ווינציק קוילן, לויט אירע מעגלעכקייטן פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט זיך ניט געזאָרגט פאַרן אייגענעם קיבוץ, האָט ער טאַקע ניט געהאַט גענוג אַמוניציע. ווען די קאַמפן האָבן זיך אָנגעהויבן, האָבן מיר אַוודאי ניט געהאַט גענוג, כ׳האָב אָבער געוווּסט, אַז פאַר דער צייט האָב איך איבערגעגעבן אין אונדזער מאַגאַזין ביי אַ טויזנט קוילן״.

יעדן אין דער פרי האָבן די קיבוץ־חברים זיך צונויפגעזאַמלט ביים מעלדונגס־טאָוול אין עס־זאַל, וווּ מ׳האָט אויפגעהאַנגען דעם נייעס־ביולעטין און פון אים זיך דערוווּסט וואָס ס׳קומט פאָר אין די אַנדערע טיילן פון לאַנד. אין פאַרלויף פון חודש מערץ, זענען די נייעס בכלל ניט געווען קיין דערמוטיקנדיקע. ניט ווינציק יידישע ישובים זענען געוואָרן אָפּגעשניטן אָדער געווען באַלאַגערט דורך די אַראַבער. דער וועג קיין ירושלים איז געווען

פאַרצוימט און די זאַפּאַסן שפּייז אין שטאָט האָבן זיך כמעט ווי אויסגעלאָזט. אין אַפּריל האָבן די ענגלענדער זיך אָנגעהויבן צו עוואַקוירן פון לאַנד. זיי האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט ווי אַ ליידיקן חלל; די יידן, ווי די אַראַבער, האָבן זיך געאיילט צו פאַרכאַפּן און פאַרפולן דעם דאָזיקן ליידיקן חלל. עס זענען פאָרגעקומען קאַמפן ביים פאַרכאַפּן מיליטערישע לאַגערן, פּאָליציי־סטאַציעס („טייגערט״־פעסטונגען) און אַנדערע סטראַטעגישע פּונקטן.

אין געוויסע ערטער האָבן די ענגלענדער זיך געשטיצט אויף דער טעאָריע, אַז דער יאַרדאַנער לעגיאָן איז זייער פאַרבינדעטער נאָך פון דער תקופה פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. און ער מעג באַטראַכט ווערן ווי אַ טייל פון בריטישן מיליטער. דעריבער האָבן זיי אַ סך סטראַטעגישע שליסל־פּאָזיציעס איבערגעגעבן די לעגיאָנערן, וועלכע זענען געווען מער קאַמפּס־לוסטיקער ווי די אַנדערע אַנטי־יידישע כוחות. אַזעלכע אַנטשיידונגען זענען אָפט איבערגעלאָזט געוואָרן פאַר די אָרטיקע ענגלישע קאָמענדאַנטן און זיי האָבן געהאַנדלט לויט זייערע לאַנגסטיקע איינשטעלונגען.

די מענטשן פון יד־מרדכי האָבן מיט גרויס זאָרג נאָכגעפאָלגט נאָך די אַטאַקעס וועלכע מ׳האָט אַדורכגעפירט אויפן קיבוץ משמר־העמק. דעם 4־טן אַפּריל 1948 איז דער דאָזיקער קיבוץ אַטאַקירט געוואָרן דורך אַ 1000 זעלנער פון דער אַראַבישער „באַפרייונגס־אַרמיי״, אונטער דער אָנפירונג פון פאַוזי על־קאַוקדזשי, וועלכע האָבן דעם קיבוץ באָמבאַרדירט מיט האַרמאַטן, וואָס האָט די געביידעס גורם געווען גרויסע שאָדנס, דערביי זענען די פאַרלוסטן אין מענטשן ניט געווען גרויס. אין צווייטן טאָג פון קאַמף, איז דורך די ענגלענדער אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פייער־איבעררייס אויף אַ שטיקל צייט. דאָס איז געווען זייער איינציקע אַריינמישונג אין דער באַלאַגערונג פון משמר־העמק, וואָס איז זיך צעוואקסן אין איינע פון די גרעסטע שלאכטן אין לאַנד, איידער די אַראַבישע אַרמייען זענען אַריינגעדרונגען קיין ישראל. איינהייטן פון דער „הגנה״ און פלמ״ח זענען אַהינגעשיקט געוואָרן אַלס פאַרשטאַרקונג און נאָך 9 טעג פון אַטאַקעס און קאָנטער־אַטאַקעס, האָבן די אַגרעסאָרן באַקומען אַ דעצידירנדיקן קלאַפּ. די פרייד פון ישוב צוליבן פאַרטרייבן קאַוקדזשין פון משמר־העמק, האָט אויך אָנגעשטעקט די מענטשן פון יד־מרדכי.

ווען די ענגלענדער האָבן אין חודש מאי אָנגעהויבן צו רעדוצירן זייערע כוחות און זיי קאָנצענטרירט אַרום חיפה, זענען אין גליל אויסגעבראָכן ביטערע קאַמפן. פון די אַראַבישע דערפער אין גליל זענען אַרויס סירישע פרייוויליקע צו אַטאַקירן רמות־נפתלי. די וואַסער־רער איז באַשעדיקט געוואָרן און דער ישוב איז געבליבן אָן וואַסער. אין דער נאַכט־פינצטערניש זענען דורך אַ וואַדי וואָס האָט זיך געפונען גאָר נאָענט פון די אַראַבישע כוחות, פון

דאָרט עוואַקוירט געוואָרן די פרויען און קינדער. יעדן טאָג האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן די ידיעה פון רמות־נפתלי, אַז „מיר האַלטן זיך!" אויך אַנדערע ישובים אין צפון פון לאַנד האָבן געליטן פון די אַראַבישע אַנגריפן, אָבער קיין איינער פון זיי האָט ניט קאַפּיטולירט.

אין צפת, דער הויפּטשטאָט פון גליל, האָבן אַ 1500 יידן געוווינט צווישן 12 טויזנט אַראַבער, וועלכע האָבן זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און געהאַלטן אין באַלאַגערונג עטלעכע חדשים. די פּאָליציי־סטאַציע אין צפת, איינע פון יענע פּאָליציישע פעסטונגען וועלכע זענען אויפגעבויט געוואָרן דורך דער מאַנדאַט־רעגירונג, איז מיט נאָך סטראַטעגישע פּאָזיציעס אין שטאָט איבערגעגעבן געוואָרן אין אַראַבישע הענט. אין אַן אַטאַקע וואָס האָט ניט געהאַט אירס גלייכן, האָט דער קאָמענדאַנט פון פּלמ"ח, יגאל אַלון, באַוויזן צו באַפרייען צפת און דערלאַנגען די אַראַבער אַן אַנטשיידנדיקן קלאַפּ. דאָס דעראָבערן צפת דורך דער „הגנה", האָט אַרויסגערופן אַ בהלה צווישן די אַראַבער אין דער סביבה, וועלכע האָבן געלייגט אַ סך האָפענונגען אויף דעם גרויסן אַראַבישן כוח, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער הויפּטשטאָט פון גליל. די אַראַבישע תושבים פון צפת האָבן אָנגעהויבן צו לויפן אין די שכנותדיקע לענדער און אין זייער בהלהדיקן אַנטלויפן ביטגעריסן מיט זיך די אַראַבער פון דער סביבה.

די איינהייטן פון דער „הגנה" און פּלמ"ח האָבן איצט געעפנט אַן אָפענסיווע אין פאַרשידענע ערטער פון לאַנד. נאָך אַ לאַנגער ריי אַראַבישע אַטאַקעס אויף די יידישע קוואַרטאַלן אין חיפה, טבריה און פאַרשטעט פון תל־אביב, האָבן זיך אָנגעהויבן קאָנטר־אַטאַקעס פון די יידן. די אַראַבער האָבן דורכן ים און יבשה אָנגעהויבן אין פּאַניק צו לויפן פון טבריה, יפו און חיפה. די יידישע איינוווינער פון ירושלים זענען נאָך אַלץ געווען אין באַלאַגערונג און אין שטאָט האָט זיך געפילט אַ שטאַרקער מאַנגל אין וואַסער, ווייל די אַראַבער האָבן אין עטלעכע ערטער אויפגעריסן די וואַסער־ליניע ירקון—ירושלים.

אין די ערשטע וואָכן פון מאַי, האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי באַשלאָסן אַדורכצופירן אין דער געגנט עטלעכע אָפּהאַלט־אַקציעס. כדי ניט דערלאָזן דאָס ווייטערדיקע אַריינדרינגען אין לאַנד פון כנופיות פון די „מוסולמענישע ברידער", האָט דער „הגנה"־שטאַב באַפוילן דעם קיבוץ צו ווירקן קעגן דער אַראַבישער קאָמוניקאַציע און פּרובירן זי אָפּשטעלן. סאַלעק ביעלסקי איז באַשטימט געוואָרן צו עפענען פון אַ לויער אַ פייער אויף דעם אַראַבישן אויטאָבוס וואָס פאָרט יעדן טאָג פון יפו.

דער דאָרער, נידעריקער, נאָר מוסקוליעז געבויטער סאַלעק, האָט פאַרמאָגט אַן אַוואַנטוריסטיש אָדערל; בעת די געשעענישן אין די יאָרן 1936—1939

האָט ער זיך פרייוויליק געמאָלדן צו די סאַמע געוואַגטסטע און געפערלעכסטע אַקציעס. ער האָט זיך מתנדב געווען צו די „ספּעציעלע נאַכט־אָטריאַדן", וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן דורכן בריטישן אָפיציר אָרד ווינגייט, און אין די אַקציעס קעגן די אַראַבישע כנופיות, וועלכע האָבן אָנגעגריפן די יידישע ישובים און באַשעדיקט די איראַקישע נאַפט־רער. יענעם טאָג ווען מ'האָט סאַלעקן באַשטימט צו אַטאַקירן דעם אויטאָבוס, האָט ער גענומען זיין באַליבט געווער, דעם דייטשישן „שמייסער" און אַוועק אין די וויינגערטנער. דעם „שמייסער" האָט ער געקויפט ביי אַ בריטישן זעלנער, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון אַפריקע. נאָענט פון וויינגאָרטן האָט זיך געשלענגלט אַ וואַדי און סאַלעק איז דאָרט אַוועק נאָענט צום שאָסיי און זיך פאַרשטעקט הינטער אַ פעלז. אויפן שאָסיי זענען פאַרביי געפאָרן אויטאָס, צווישן זיי — אויך בריטישע פאַטרולן; סאַלעק האָט געהאָפט, אַז דער אַראַבישער אויטאָבוס וועט זיך ניט אָבשליסן אין דער קאָלאָנע פון די בריטישע אויטאָס, אַזוי, אַז ער וועט קענען באַהאַלטן דעם „שמייסער" און צוריק זיך אָפּטראָגן אין די וויינגערטנער, איידער ס'וועט אים ווער באַמערקן און איידער די בריטישע זעלנער וועלן אָנהייבן פאָרשן די געשעעניש.

ווי געוויינלעך, האָט אויך איצט דער אויטאָבוס פאַרשפּעטיקט. סאַלעק האָט אויף אים געוואַרט מיט אַ סך געדולד און רויקייט, נאָר די מענטשן וואָס האָבן געוואַרט אויבן, אין די וויינגערטנער, זענען געוואָרן אומגעדולדיק. „איר אַרבעט ווייטער" — האָט זיי געזאָגט זלמן. „אַלץ דאַרף זיין געוויינלעך, ווי יעדער טאָג". קיינער פון די קיבוץ־חברים האָט ניט געהאַלטן פון אָנגרייפן אַן אויטאָבוס מיט אומבאַוואָפנטע פּאַסאַזשירן, זיי האָבן אָבער געזען דערין אַ בויטוועדיקע אַקציע, אַ רעזולטאַט פון אַ לאַגע ניט־שלום־ניט־מלחמה און אַלע זענען געווען באַזאָרגט מיטן חבר אין לויער. ענדלעך האָט מען דערזען דעם אָנקומענדיקן אויטאָ. דער שאָפער, ווי ער וואָלט דערשפּירט אַ געפאַר, האָט פאַרגרעסערט די שנעלקייט. סאַלעק האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבן הינטערן פעלז און דערלאַנגט אַ סעריע קוילן אינעם פאַרביילויפנדיקן אויטאָבוס. צום גליק האָט מען ניט געזען אין דער נאָענט קיין שום אַנדערע מאַשין. ער איז געלאָפן לענגאויס דעם וואַדי, גוט פאַרשטעקט דאָרט דעם „שמייסער" און אָנגעגאַנגען ווייטער מיט זיין אַרבעט ביי די ווייַנטרויבן, גלייך ס'האָט גאָרניט פּאַסירט. באַלד דערנאָך איז געקומען אין קיבוץ אַ בריטישער פּאַטרול. סאַלעק האָט זיך קיינמאָל ניט דערוווּסט צי זיינע קוילן האָבן יאָ געטראָפן אין אויטאָבוס, נאָר בעת אַנדערע אַטאַקעס מצד די מענטשן פון יד־מרדכי אויף דער אַראַבישער קאָמוניקאַציע, האָבן די אַראַבער געהאַט פאַרלוסטן. אין איין פאַל האָט אַן אויפגעריסענע מינע דערהרגעט צוויי פּאַסאַזשירן און עטלעכע פאַרוווּנדעט. צווישן די

פאַרווונדעטע איז געווען דער קאָמענדאַנט פונעם פאַרבאַנד פון די יוגנטלעכע אַראַבער אין חירביה. די מיטגלידער פון דעם פאַרבאַנד פלעגן ביי אַ סך געלעגנהייטן דערגיין די יאָרן די קיבוץ־חברים. די אַראַבער האָבן פּרובירט אויסמיידן די יידישע אַטאַקעס דורך צושטיין צו די אויטאָס פון בריטישן מיליטער, וואָס האָט אין יענער תקופה אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די בעסטע שיסערס און סנייפּערס פון קיבוץ האָבן שווער געהאָרעוועט, כדי צו טרעפן אין די אַראַבישע אויטאָבוסן, וואָס יעדער פון זיי האָט זיך באַמיט צו פאָרן צווישן ענגלישע מאַשינען. אין רוב פאַלן האָבן די סנייפּערס זיך באַמיט צו טרעפן אין די גומי־רעדער — און ניט אין די פּאַסאַזשירן.

פון צייט־צו־צייט פלעגן די ענגלענדער דריקן אויף די קיבוץ־חברים אָפּצושטעלן די דאָזיקע אַטאַקעס, נאָר באַלד מיט זייער פאַרלאָזן דעם קיבוץ, זענען די שאָסן באַנייט געוואָרן. זלמן האָט באַשלאָסן, אַז דער בריטישער סאָלדאַט דאַרף יאָ וויסן וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט אויפגעמאָלן אַ שילד, ענלעך מיט אַלעמען צו די אויפשריפטן מיט וועלכע ס'האָבן זיך באַנוצט די ענגלענדער. ער האָט אויפן שאָסיי אַוועקגעשטעלט די שילד מיטן אויפשריפט: „בריטישער סאָלדאַט! דערלויב ניט די אַראַבישע אויטאָבוסן צושטיין צו דיינע מאַשינען אויב דו ווילסט בשלום אַהיימקומען אין דיין לאַנד אַריין!". איינמאָל האָט אַ בריטישער לייטענאַנט זיך אויפגערעגט ווען ר'האָט באַמערקט די שילד וואָס האָט אויף אַזאַ אופן געפירט פּראָפּאַגאַנדע צווישן זיינע זעלנער: „ווייסט איר דען ניט, אַז דאָס נאָכקאָפּירן וועג־אויפשריפטן פון זיין קעניגלעכן מאַיעסטעט איז קעגן געזעץ? מע קען אייך דערפאַר אַרעסטירן".

„דאָס איז נאָר געווען אַ פאָרשלאַג" — האָט זלמן איראָניש געענטפערט. דער אָפיציר, וועלכער האָט אין זינען געהאַט אַרויסצונעמען זיינע זעלנער פון דעם ראַיאָן און ס'איז אים ניט געלעגן אין קאָפּ איינצושטעלן געזעץ, האָט פאַרענדיקט די פּרשה, מיטנעמענדיק די שילד אַלס אָנדענק.

דער דאָזיקער קליינער פאַל האָט נאָר מערער באַוויזן, אַז די ענגלענדער האָבן לגמרי ניט פּלאַנירט איבערצופירן די מאַכט אין רשות פון די צוויי נייע מדינות וועלכע האָבן באַדאַרפט אַנטשטיין אין ארץ־ישראל. דער און"אַ־פאָרשלאַג אויפצושטעלן אַן אַראַביש־יידישע מיליץ וועלכע זאָל אָפּהיטן דאָס געזעץ און אָרדענונג ביזן אַרויסגיין פון די ענגלענדער — האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ בריטישן וועטאָ. צוליב דעם איז אין פאַרשידענע ערטער פון לאַנד ניט געווען קיין שום מיליטערישע צי ציווילע קאָנטראָל. זלמן האָט געוווסט, אַז אים וועט גאָרניט געשען פאַר אָפּשפּאָטן פון דעם אָפיציר. דער קיבוץ האָט ווייטער אָפּגעשטעלט די אַראַבישע אויטאָס וואָס זענען פאַרבייגעפאָרן אויף דעם שאָסיי פון יד־מרדכי און אפילו איינגעאָרדנט

קאָנטראָל־פּונקטן און וועג־שטערונגען. פּאַקטיש איז דער קיבוץ געווען די מיליטערישע מאַכט אויף דעם אָפּשניט פון שאַסיי.

אין צווישנצייט זענען די שאַסייען פּאַרפּולט געוואָרן מיט אַראַבישע פּליטים, וועלכע זענען פון יפו און אַרומיקע דערפער געלאָפן קיין מצרים. דער בריטישער קאָמענדאַנט פון ראַיאָן האָט אַרויסגעוויזן שלימזלדיקייט און הילפלאָזיקייט ביים באַהערשן די געשאַפענע לאַגע, ווען ער האָט זיך געווענדט צום קיבוץ ער זאָל דערלויבן די פּליטים ממשיך זיין זייער וועג אין דרום פון לאַנד. זלמן האָט בלויז קאָנטראָלירט זייערע דאָקומענטן און זיי געלאָזט ווייטער פאָרן, ווען ר׳האָט זיך איבערצייגט, אַז צווישן זיי זענען ניט פאַראַן קיין באַוואָפנטע מענער, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר הילפ־לאָזע פּליטים.

צו דער גרויסער איבעררעאַשונג פון די קיבוץ־חברים, האָט מיט יעדן טאָג זיך געשטאַרקט דער פּליטים־שטראָם אויפן שאַסיי. דערפאַר אָבער האָט קיינער ניט פאַרלאָזט די דערפער בשכנות פון יד־מרדכי; די קיבוץ־מענטשן האָבן ניט פאַרשטאַנען, וואָס האָט באַוויזן אַזוי פיל אַראַבער צו פאַרלאָזן אין בהלה זייערע וווין־ערטער אין די שטעט. ערשט שפּעטער איז זיי באַוווסט געוואָרן, אַז די אַראַבישע איינוווינער פון ארץ־ישראל, דער עיקר אין די ערטער וווּ די יידן האָבן אַטאַקירט מיט אַ גרויסן כוח, האָבן באַקומען אָנווייזונגען פון די אַראַבישע מנהיגים: „פאַרלאָזט איצט אייערע הייזער. נאָכן זיג וועט איר זיך אומקערן, צוריק באַקומען אייער ערד און וווינונגען און אויך — יידיש פאַרמעגן״.

די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע האָט פאַקטיש געשאַפן דאָס פּראָבלעם וואָס ווערט היינט באַצייכנט אַלס — פּראָבלעם פון די אַראַבישע פּליטים. נאָר דער אַרגומענט וואָס האָט איבערצייגט די אַלע פּליטים איבערצולאָזן זייער האָב־און־גוטס און פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און אין אַ סך פאַלן אין קעגנזאַץ צו די רייד פון זייערע יידישע שכנים, איז דער עיקר געווען אַ מיליטערישער: דער אומווילן צו געפינען זיך אויף דער פייער־ליניע, ווען די אַרמייען פון די אַראַבישע לענדער וועלן אַריינדרינגען אין לאַנד.

אין רעזולטאַט פון דער פּליטים־כוואַליע וואָס האָט בייטאָג און ביינאַכט געשטראָמט אויפן דערבייִיקן שאַסיי, האָט אין קיבוץ זיך געשטאַרקט דער אומרו און אומזיכערקייט בנוגע דער צוקונפט. דאָס גרויסע רעטעניש איז געווען — ווי אַזוי וועלן זיך אויפפירן די אַראַבישע שכנים, די פריינד פון קיבוץ, נאָך דעם ווי די ענגלענדער וועלן אַוועק פון לאַנד? וועלן זיי צושטיין צו יענע מערדערישע כנופיות, וועלכע זענען אַריינגעדרונגען קיין ארץ־ישראל און געמאַסערט דעם קיבוץ שוין עטלעכע חדשים? וועלן די קיבוץ־חברים דאַרפן ווען ס׳איז עפּענען אַ פייער, כדי אָפּצושטעלן די אַטאַ־

קעס פון מענטשן, וואָס זענען אַמאָל ביי זיי געווען אָנגענומען ווי זייערע פריינד?

די מורא פאַר אַן אַלגעמיינעם אַראַבישן אויפשטאַנד האָט באַוויזן דעם שטאַב פון פלמ״ח צו ענדערן דעם געבוי פון זייערע איינהייטן, וועלכע האָבן ביז איצט געווירקט אין דער ראָם פון פאַרטיידיקן פאַרשידענע ישובים. די פלמ״ח־בריגאַדע, וועלכע האָט אָפּערירט אין נגב („נגב־בריגאַדע״), האָט אָנגעהויבן קאָנצענטרירן אירע כוחות דורך אַרויסציען פון די באַזונדערע ישובים אַלע אָפּטיילונגען און איינהייטן. אַזוי אַרום האָט יד־מרדכי פאַרלאָזט די פלמ״ח־אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. די זיכערהייט־קאָמיסיע האָט געפירט אַ מיד־מאַכנדיקן משא־ומתן מיט דער „הגנה״־אָנפירונג, ביז ס׳איז ענדלעך געקומען צו פליען אין קיבוץ אַן אָפיציר, כדי באַהאַנדלען די פאָדערונגען פון יד־מרדכי. טוביה האָט אָנגעוויזן אויף דער סטראַטעגישער וויכטיקייט פון דעם פונקט: „מיר זיצן דאָ, ממש אויפן הויפּט־שאָסיי צווישן קאַיר און תל־אביב און שאַפן אַ וועג־פאַרצוימונג. איר האָט געזען ווי מיר האָבן מיט אַ צייט צוריק געוועלטיקט איבער דער אַראַבישער קאָמוניקאַציע נעבן אונדז און זי אַפילו אָפּגעשטעלט. אויב די אַראַבער פאַרכאַפּן דאָס אָרט, דערמעגלעכט עס דעם מצרישן מיליטער פאַרצוגיין ביזן צענטער פון לאַנד״.

דער אָפיציר האָט געהאַלטן, אַז דער קיבוץ וועט אַוודאי ניט דינען אַלס ציל פאַרן עגיפּטישן מיליטער. מצרים האָט ניט איינמאָל אַרויסגעברענגט איר קעגנערשאַפט צום אינוואַזיע־פּלאַן פון די אַנדערע אַראַבישע מדינות. „אין ערגסטן פאַל וועט איר דאַרפן ביישטיין די אומרעגולערע אַראַבישע כנופיות״ — האָט דער אָפיציר איינגעטענהט מיט דער זיכערקייט־קאָמיסיע. — „אַ שטאַרקע פלמ״ח־בריגאַדע, מיט אַ סך מאַנעווורירונגס־פעיקייט, קען אייך העלפן דערלאַנגען די אָנגרייפער אַ קלאַפּ הינטן אַרום״. גלייכצייטיק האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן איבערצולאָזן אין קיבוץ 14 מענטשן.

אין יענע שווערע טעג פאַרן 15טן מאַי, דער ענטגילטיקער טערמין ווען די ענגלענדער האָבן באַדאַרפט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָט דער קיבוץ כמעט ניט געטאָן קיין שום לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט, אויסער דעם נויטווענדיקן פאַרנעמען זיך מיט די בעלי־חי און עופות. אַלע, אַפילו די ייִנגלעך מיט די מיידלעך, זענען געווען באַשעפטיקט ביי די אַרבעטן פון פאַרפעסטיקונג און פאַרטיידיקונג. אַ גרויסע צאָל שפּייז איז מאַגאַזינירט געוואָרן אין די אונטערערדישע שפּייכלערס. קאָנסערווירט פלייש, קאָנסערווירטע פרוכטן און איינגעמאַכטסן פון דער אָרטיקער פאַבריק און יעדער אַנדער אַרטיקל וואָס האָט זיך געלאָזט מאַגאַזינירן — איז אַוועק אויף זאַפּאַס. אויף עטלעכע ערטער פון קיבוץ האָט מען אויסגעגראָבן גריבער צו באַהאַלטן פאַרשידענע סחורות. נאָענט פון די פּאָזיציעס זענען אַוועק־

געשטעלט געוואָרן פעסער מיט וואַסער און דעם שווים־באַסיין, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן מיט אַזוי פיל ליבשאַפט, האָט מען פאַרוואַנדלט אין אַ וואַסער־רעזערוואַר, נאָכן באַהעפטן אים מיט אַ רער דירעקט פונעם ברונעם. די קיבוץ־מענטשן האָבן ניט געגלייבט, אַז זייער וואַסער־טורעם וועט אויס־האַלטן די דערוואַרטעטע אַראַבישע אַטאַקעס.

אין דער נאַכט פון 12טן מאַי האָט די מלחמה זיך דערנענטערט צום קיבוץ, ווען גרשון מיט זיינע מענטשן האָבן אַטאַקירט דאָס אַראַבישע דאָרף ברייער, ניט ווייט פון יד־מרדכי. דער ציל פון דער אַטאַקע — דורכשלאָגן אַן אינערלעכן וועג וואָס זאָל פאַרבינדן דעם קיבוץ נגבה מיט די ישובי־ם אין דרום און אין צפון פון לאַנד גלייכצייטיק. אַ באַדייטנדיקער טייל שאָסיי לענגאויס דעם ים־ברעג איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער אַראַבישער מדינה. דעריבער איז דאָס הערשן אויף דעם דאָזיקן אינערלעכן וועג געווען אַזוי וויכטיק פאַר דער יידישער מדינה. ברייער איז געווען דער מכשול אינעם דערפילן די אויפגאַבע. אַ סך מאָל האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי, שטייענדיק אויף די בערגלעך אין קיבוץ, געזען ווי די פלמ"חניקעס, וועלכע באַגלייטן די קאָלאָנעס, באַדאַרפן זיך דורכשלאָגן אַ וועג דורך דעם דאָרף. ענדלעך, נאָך יענער שלאַכט אין דער סדר־נאַכט, האָבן די אַראַבער פאַר־שטעלט דעם וועג דורך אויסגראָבן אַ סך גריבער אין דער ברייט פון שאָסיי.

4 חברים פון יד־מרדכי האָבן באַדאַרפט זיך באַטייליקן אין דער אַקציע — טוביה מיט דער מאַנשאַפט וואָס האָט באַדינט דעם בראַונינג. טוביה איז ממש געווען גליקלעך, וואָס מ'האָט אים געגעבן אַזאַ „שווער" געווער. דער מיטעלער מאַשינגעווער איז דורך די פלמ"חניקעס פאַרכאַפט געוואָרן בעת אַ צוזאַמענשטויס מיט אַן אַראַבישער כנופיה און איז איבער־געגעבן געוואָרן צו יד־מרדכי, מיטן באַדינגג, אַז אויב דער פלמ"ח וועט זיך נייטיקן אין נאָך פייער־כוח, וועט דאָס מאַשינגעווער אַרויס אין דער אַקציע, באַזאַמען מיט דער מאַנשאַפט פון די קיבוץ־חברים. קיינער האָט ניט געוווסט גענוי ווי אַזוי לאָזן אין גאַנג די דאָזיקע כלי, נאָר טוביה האָט אויסגעקליבן נאָך דריי חברה — שמעון, בעניאָ און נחום, וועלכע האָבן יאָ געהאַט אַן אַנונג אין מאַשינגעווערס פון אַן אַנדערן טיפ — און נאָך עטלעכע לעקציעס האָבן די פיר גוט געוווסט ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיטן בראַונינג.

די אַטאַקע האָט זיך אָנגעהויבן אין דער האַלבער נאַכט. מיטן דערהערן די ערשטע שאָסן, האָבן די פעלאַכן זיך אָפּגעטראָגן צו די זאַמדן ביים ים, ווייל ווי אַ סך אַנדערע דאָרפסלייט, האָבן זיי ניט געוואָלט זיך באַטייליקן אין די שלאַכטן. נאָר די אומרעגולערע האָבן זיך געשלאָגן מיט פאַר־

ביסנקייט: זיי זענען ווי געהעריק אויסגעשולט געוואָרן דורך די איירא־פּייער, וועלכע זענען צו זיי צוגעשטאַנען. דאָס מאָל זענען די אַראַבער געווען ווייניקער אין צאָל ווי די „הגנה״־מענטשן און אויך זייער אַנפירונג איז געשטאַנען אויף אַ סך אַ נידעריקערן ניוואָ ווי די פון די פּלמ״חניקעס. באַגינען זענען אויך זיי אַנטלאָפן צו די זאַמדן...

די פעלאַכן האָבן זיך שוין ניט אומגעקערט אין זייער דאָרף. מעגלעך, אַז זיי האָבן מורא געהאַט פאַר ווייטערדיקע רעוואַנש־אַקציעס מצד די יידן און מעגלעך אויך, אַז זיי האָבן ניט געוואָלט זיך געפינען אין דער יידישער מדינה, פונקט ווי די מענטשן פון יד־מרדכי האָבן געציטערט פאַר דער מעגלעכקייט צו בלייבן אויסער אירע גרענעצן. די פעלאַכן זענען צוגעשטאַנען צו די טויזנטער פּליטים וואָס זייער גורל און צוקונפט זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקח־קאָרט פון די אַראַבישע לענדער כלפּי מדינת ישראל.

נאָך דער שלאַכט, האָט אין יד־מרדכי און אין דער געגנט ווידער גע־הערשט רו. דער שאָסיי, אויף וועלכן ס׳האָט אַ גאַנצן טאָג געוווימלט פון דער באַוועגונג, ווייל די ענגלענדער זענען געפאָרן אויף צפון און די אַראַבער האָבן זיך געאיילט אויף דרום — איז איצט געווען אינגאַנצן ליידיק. די אַראַבער וועלכע האָבן אין פאַרלויף פון יאָרן געוווינט נאָענט פון קיבוץ, זענען איצט פאַרשוווּנדן. ביים ליכט פון דער גליענדיקער זון האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז דער גאַנצער ראַיאָן דרימלט אין שלום און אין שלווה. פאַר די מענטשן פון יד־מרדכי, וועלכע האָבן זיך פּיבערהאַפט געגרייט צו פאַרטיידיקן זייער היים, איז דאָס געווען אַ שטילקייט וואָס זאָגט ניט אָן קיין גוטס.

# 4

# ערב שלאבט

דעם 14טן מאַי 1948 האָבן אַלע קיבוץ־חברים זיך פאַרזאַמלט אין עס־זאַל. אין עטלעכע מינוט אַרום וועט פאַרקומען אַ געשעעניש אויף וועלכער אַלע האָבן זייער גאַנץ לעבן געוואַרט און געהאָפט: פּראָקלאַמירן די אַנטשטייונג פון מדינת ישראל. דוד בן־גוריון האָט באַדאַרפט דעקלאַרירן די רעכט פון די יידן צו בויען זייער לאַנד.

„אין ארץ־ישראל איז אויפגעשטאַנען דאָס יידישע פאָלק, אין דעם לאַנד האָט זיך אויסגעפאָרמירט דעם פאָלקס גייסטיקע, רעליגיעזע און פּאָליטישע געשטאַלט, דאָ האָט עס געפירט זיין מלוכיש לעבן, דאָ האָט עס געשאַפן זיינע נאַציאָנאַל־קולטורעלע און אַלמענטשלעכע ווערטן און איבערגעלאָזן דער גאַנצער וועלט דעם אומשטערבלעכן ספר הספרים.

...עס איז דעריבער די נאַטירלעכע רעכט פון יידישן פאָלק צו זיין ווי יעדער פאָלק אין זיין סוווערענער מדינה. דערפאַר זענען מיר זיך צונויפ־געקומען, די מיטגלידער פון פאָלקס־ראַט, פאָרשטייער פון יידישן ישוב און פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין טאָג פון פאַרענדיקן דעם בריטישן מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל און אויפן סמך פון אונדזערע נאַטירלעכע און היסטאָרישע רעכט און אויפן יסוד פונעם באַשלוס פון די פאַראייניקטע נאַציעס — פּראָקלאַמירן מיר דערמיט די אַנטשטייונג פון אַ יידישער מדינה אין ארץ־ישראל, דאָס איז מדינת ישראל".

אין די אויגן פון עטלעכע אַנוועזנדיקע האָבן זיך באַוויזן טרערן. אַנדערע האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט מיט די וואָס זענען געשטאַנען נאָענט און די דערוואַקסענע האָבן די חשיבות פון דער געשעעניש געגעבן צו פאַרשטיין די עלטערע קינדער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. מיט התלהבות, אויסגעמישט מיט טרויער, האָבן אַלע געזונגען די „התקוה". הינטער דעם ביסל שמחה איז אויפן האַרצן געווען טרויעריק, ווייל אויף זיי איז דאָך גוזר געוואָרן ניט צו געהערן צו דער יידישער מדינה. טיילמאָל האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי האָבן דעם זעלבן גורל וואָס משה רבינו, וועל־

כער האָט נאָך פערציק יאָר וואַנדערן אין מדבר זוכה געווען צו זען דאָס לאַנד פון דער ווייטנס, נאָר דאָרט ניט אַריינקומען.

ממש אין יענער נאַכט האָט אין תחום פון דער נייער יידישער מדינה זיך אָנגעהויבן די אינוואַזיע פון די אַראַבישע אַרמייען. די ישובים פאַזע דער ירדנער און סירישער גרענעצן זענען באַשאָסן געוואָרן און כדי צו באַפרייען פון וועלכע ס׳איז אילוזיעס, אַז די עגיפּטער וועלן ניט אַריינ־דרינגען אין לאַנד, האָבן מצרישע עראָפּלאַנען געוואָרפן באָמבעס אויף תל־אביב. כמעט ביזן לעצטן מאָמענט האָבן אייניקע יידישע מנהיגים גע־גלייבט, אַז מצרים וועט ניט צושטיין צו די אַראַבישע מדינות אין זייער אינוואַזיע קיין ישראל. קאַיר איז ניט געווען אָנגעשלאָסן אינעם אַראַבישן מיליטערישן קאָמיטעט, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אויס־צושולן די אַראַבישע „באַפרייונגס־אַרמיי״. אויף אַ צוזאַמענטרעף פון דער אַראַבישער ליגע, וועלכער איז פאָרגעקומען דעם 30טן אַפּריל, האָבן די עגיפּ־טער ניט מסכים געווען צו שיקן זייער מיליטער צו שלאָגן זיך אין ארץ־ישראל. דער מצרישער פאַרטיידיקונגס־מיניסטער האָט, ענטפערנדיק אויף אַ פראַגע, דערקלערט: „עס קומט ניט אין באַטראַכט, אַז מיר זאָלן ווען אָפיציעל אַריינגיין אין א קריג״. און ווייל אים איז גוט געווען באַקאַנט דער פאַקט פון דער ניט־גרייטקייט פון זיין אַרמיי אַריינצולאָזן זיך אין אַן אמתער מלחמה, האָט ער צוגעגעבן: „מיר זענען נאָך ניט אַראָפּ פון זינען; פונדעסטוועגן וועלן מיר אונדזערע זעלנער און אָפיצירן דערלויבן צו מעלדן זיך פרייוויליק אין ארץ־ישראל דינסט און אַפילו זיי צושטעלן געווער — אָבער ניט מער״. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט די מצרישע רעגירונג באַשלאָסן צו האַנדלען אין קעגנזאַץ צו די דעקלאַראַציעס פון זייער פאַרטיידיקונגס־מיניסטער. די מורא פון די מצרישע פּאָליטיקער קוים וועט ירדן זיגן אין דער מלחמה און באַווייזן צו אַנעקסירן די טעריטאָריע פון ארץ־ישראל און אַזוי אַרום דערשיינען ווי די גרעסטע אַראַבישע מדינה אויפן נאָענטן מזרח, האָט באַזיגט די נויטווענדיקייט צו האַנדלען מיט פאַר־נונפט און פאָרזיכטיקייט.

דעם 15־טן מאַי זענען די אַרמייען פון פינף אַראַבישע מדינות אַריינ־געדרונגען קיין ישראל. אין צפון האָבן די לבנונער זיך געגרייט דאָס צו טאָן. די סירייער זענען געקומען פון מזרח. דאָס בעסטע מיליטער אין היגזיכט פון אויסשולונג און אָנפירונג, דער עבר־הירדנער אַראַבישער לעגיאָן, איז אָנגעפאַלן אויפן צענטער פון לאַנד און אין דער ריכטונג פון ירושלים. 4500 זעלנער האָבן זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון גלאָב פּאַחאַ און אַנדערע בריטישע אָפיצירן. די אַלע האָבן גוט געקענט דאָס לאַנד און אירע באַדינגונגען, ווייל איינהייטן פון אַראַבישן לעגיאָן האָבן דאָ




די אינוואזיע ריכטונגען פון די אַראַבישע כוחות
אין ארץ־ישראל, מאי 1948

געדינט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געהאַט פאַרלאָזט ארץ־ישראל. אויך די איראַקער האָבן קאָנצענטרירט אַ 3000 זעלנער און אין דרום האָבן די עגיפּטער געשיקט אויף יענער זייט גרענעץ אַ 10 טויזנט זייערע מענטשן. (שפּעטער זענען צו דער מצרישער אַרמיי צוגעשטאַנען אויך זעלנער פון סאַודיע). סך־הכל האָט די אינוואַזיע־אַרמיי געציילט באַ אַ 23,500 מענטשן.

די יונגע מדינת ישראל, וועלכע איז געבוירן געוואָרן מיט אַ טאָג פריער, האָט ניט געהאַט קיין רעגולערע אַרמיי. אין אָנהייב קריג זענען געווען עטלעכע האַלב־לעגאַלע בריגאַדעס, וועלכע זענען קעגן דער דעה פון דער בריטישער מאַכט, קעגנגעשטעלט געוואָרן די אַריינדרינגלער. דער פּלמ״ח — דער שטורעם־כוח פון דער „הגנה״, האָט געציילט אַ 3000 ייִנגלעך און מיידלעך. די קאַמפּס־אָטריאַדן פון דער „הגנה״ — אַ 9,500 מענטשן. אויסער זעם זענען נאָך געווען 3000 מיליטעריש־אויסגעשולטע מיטגלידער פון צוויי אָרגאַניזאַציעס,* וועלכע האָבן ניט געוואָלט אונטערליגן דער דיסציפּלין פון די יידישע נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן. די יידישע ישובים וועלכע האָבן זיך געפונען ממש אויפן גרענעץ, האָבן זיך געשטיצט אויף אַ פּאַרטיידיקונגס־כוח פון אַ 32,500 מענער און פרויען, אויסגעשולטע פון דער „הגנה״. (דער רוב ישובים, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער פראָנט־ליניע, האָבן באַ־קומען פאַרשטאַרקונג פון דער „הגנה״).

ערשט דעם 26־טן מאַי איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אַנטשטייונג פון צה״ל — די ישראלדיקע פּאַרטיידיקונגס־אַרמיי (צבא ההגנה לישראל). טויזנטער יוגנטלעכע, צווישן זיי אויך די וועלכע זענען אָקערשט אַראָפּ־געגאַנגען פון דער שיף, האָבן זיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי. פיל זעלנער האָבן אַדורכגעמאַכט אַזאַ בחפזונדיקע אויסשולונג, אַז זיי האָבן קוים געקענט דאָס געווער און גראָבן אָקאָפּעס האָט מען זיך געלערנט אונטערן שטאַרקן פייער אין סאַמע שלאַכט. זיי האָבן קיינמאָל ניט געהאַט גענוג געווער און אַפּראָוויזאַציע, ווען מ׳איז אַוועק אויפן פראָנט. „כדי שיקן אין שלאַכט אַ באַטאַליאָן זעלנער, האָב איך געדאַרפט ,שלעפּן׳ שיך, קאָלדרעס און אַפילו שפּייז״ — האָט מיר דערציילט שמעון אבידן, שעף פון דער „גבעתי״־דיוויזיע און איינער פון די וויכטיקסטע קאָמאַנדירן פונעם באַפרייונגס־קריג.

ווערטפולע הילף פאַר דער יונגער אַרמיי איז געקומען שפּעטער, מיטן באַווייזן זיך פון די פרייוויליקע פון אויסלאַנד. דאָס זענען געווען גוט־אויסגעשולטע מיליטער־לייט, וועלכע זענען איינגעגלידערט געוואָרן אין די נאַר־וואָס אַנטשטאַנענע לופט־ און ים־פלאָטן.

* אצ״ל און לח״י — באַמ׳ פון איבערזעצער.

די אַרמייען פון די אַגרעסאָרן זענען געווען קאָמפּלעט אויסגעשטאַט מיט עראָפּלאַנען פון ענגלישער און פראַנצויזישער פּראָדוקציע, טאַנקן, האַרמאַטן און אַמוניציע אין ריזיקע קוואַנטומס. אַנטקעגן דעם האָבן די יידן פאַרמאָגט 4 אַלטע האַרמאַטן — און אַפילו ניט קיין איין טאַנק. אין אָנהייב פון די שלאַכטן איז דער ישראלדיקער לופט־פלאָט באַשטאַנען פון עטלעכע „פּרימוס"־עראָפּלאַנען, מאָדעל „פּייפּער־קאַב", פון וועלכע דער געהילפס־פליער פלעגט מיט אַ בינטל האַנט־גראַנאַטן באָמבאַרדירן דעם שונאס אַביעקטן אויף דער ערד. ביים אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן די יידן באַזיצט אַ 16 אָדער 17 טויזנט ביקסן.* די „הגנה" האָט נאָך באַזיצט 724 לייכטע מאַשינגעווערס, 86 מיטעלע מאַשינגעווערס און 10,264 פּולעמיאָטן „סטען", וועלכע זענען פּראָדוצירט געוואָרן לויט די פּלענער וועלכע אַלעקס האָט בשעתו אַרויסגעגנבעט ביי די ענגלענדער. גראַנאַטן־וואַרפערס זענען געווען ווינציק — 672 צוויי־צאָליקע און 96 דריי־צאָליקע, 3 דערפון אין נגב. אַלס קעגן־טאַנקן־געווער האָבן געדינט 75 „פּיאַטן" און אַנטי־טאַנקן־ביקסן. די אַמוניציע איז געווען גאָר באַגרענעצט — 50 קוילן צו אַ ביקס און 700 קוילן צו אַ מאַשינגעווער.

דער גראַנאַטן־וואַרפער „דאַווידקע" — אַ ישראלדיקע דערפינדונג און אויסאַרבעטונג — איז שטאַרק באַרימט געוואָרן. שווער געווען צו פאַרלאָזן זיך אויף אַזאַ האַרמאַטל, נאָר בעתן שיסן האָט דער רעש פאַרטויבט די אויערן. אַזוי ווי די אַראַבער האָבן געגלייבט, אַז דאָס איז אַוודאי אַטאָם־געווער, איז די השפעה פון דער „דאַווידקע" געווען אַ פיל גרעסערע ווי דער ממשותדיקער שאָדן פון אירע גראַנאַטן. אין אָנהייב קריג האָט די „הגנה" געהאַט עטלעכע אַזעלכע גראַנאַטן־וואַרפערס.

די שטילקייט וואָס האָט געהערשט אין יד־מרדכי איז מיט אַמאָל איבער־געריסן געוואָרן. דעם 15טן מאַי אין דער פרי האָבן די עגיפּטער באָמבאַרדירט פון דער לופט דעם קיבוץ ניר־עם, ווו ס'האָט זיך געפונען דער שטאַב פון אַ פּלמ"ח־בריגאַדע. דער קיבוץ איז געווען בלויז 5 מייל ווייט פון יד־מרדכי, וועמענס מענטשן האָבן מיט שפּאַנונג און מורא נאָכגעפאָלגט נאָך די 3

* אין יעדן בוך וועגן דער באַפרייונגס־מלחמה וואָס כ'האָב געלייענט, האָב איך געפונען אַנדערע ציפערן וועגן דער צאָל געווער פון דער „הגנה". די ניט־קלאָרקייט דרינגט אַרויס פונעם מאַנגל אין גענויע רשימות און פון דער אומ־מעגלעכקייט פון די פאָרשערס פעסטצושטעלן גענויע טערמינען וועגן די קוואַנטומס געווער, וועלכע האָבן זיך געענדערט אין פאַרשידענע פּעריאָדן. די אויבן אָנגעגעבענע ציפערן באַציען זיך צו דער דאַטע פון 14־טן מאַי און זענען מיר איבערגעגעבן געוואָרן דורך מענטשן פון זיכערקייטס־מיניסטעריום.

מצרישע עראָפּלאַנען, וועלכע זענען געפלויגן איבערן שכנותדיקן קיבוץ. זיי האָבן געקענט זען די אויפרייסן און די „שוואָמען" רויך און שטויב, וועלכע האָבן זיך געטראָגן אין דער הייך נאָך יעדן פאַלן פון אַ באָמבע.

„מעגלעך, אַז די עגיפּטער וועלן אונדז ניט באָמבאַרדירן" — האָבן אייניקע חברים אין יד־מרדכי איינגעטענהט און דערמוטיקט אַנדערע. „זיי האָבן אַוודאי געוווּסט, אַז דער שטאַב פון פּלמ"ח געפינט זיך אין ניר־עם און דערפאַר זיי באָמבאַרדירט".

די וואָס זענען אַרויס אַרבעטן אין פעלד, האָט מען צוריקגעברענגט אין קיבוץ אַריין. די אָבסערוואַציע־פּונקטן זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן. די קינדער, וועלכע זענען געשלאָפן אין די שעלטערס, זענען שוין דאָרט געבליבן אויך בייטאָג. אייניקע זייערע לערערס זענען געשטאַנען אויף שמירה און די פּלעגערינס און פּרעבליסטינס האָבן זיך באַמיט ווייטער פירן די לעקציעס. אַזוי ווי דער טעגלעכער שפּאַציר מיט די עלטערן איז פאַר די קינדער געווען אַזוי לעבנסוויכטיק, האָבן די ציטערנדיקע מאַמעס זיי אַרויסגענומען אויף דער פרישער לופט אין די נאָכמיטאָג־שעהן, נאָך מיטן דערהערן שאָסן נאָענט פון קיבוץ, האָט מען די קינדער אומגעקערט אויפן זיכערן אָרט.

דערווייל איז נאָך געווען אַ סך צו טאָן ביים איינשטעלן און פאַרבעסערן די פאַרטיידיקונג פון קיבוץ. טוביה, וועלכער האָט געדינט אין פּלמ"ח, האָט פאָרגעלייגט צוגרייטן נאָענט פון די עיקרדיקע פּאָזיציעס ספּעציעלע גריבער צו וואַרפן האַנט־גראַנאַטן. ער האָט דאָס פאָרגעשלאָגן דערפאַר, ווייל ס'איז געווען אוממעגלעך צו וואַרפן אַ האַנט־גראַנאַט פון פּאָזיציעס, וועלכע זענען געווען באַדעקט מיט אייזן־טאָוולען. דער פאָרשלאַג איז געוואָרן אָנגענומען און די מענטשן האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט, בעת אַנדערע האָבן געהאָלפן אָנזעקלייגן פאַר די גריבער זעק מיט זאַמד.

פון תל־אביב איז געברענגט געוואָרן אַ נייער גענעראַטאָר, וועלכער האָט פאַרטוישט דעם אַלטן, שוין קאַליע־געוואָרענעם. די נייע מאַשין האָט מען איינגעאָרדנט אין אַ ספּעציעלער אָקאָפּע, וואָס איז גוט באַוואָרנט געוואָרן מיט זעק זאַמד, כדי צו באַשיצן דעם גענעראַטאָר.

ס'האָט זיך נאָך געפאָדערט צו פאַרענדיקן די נעץ עלעקטרישע לאָמפּן, וועלכע האָבן באַדאַרפט באַלייכטן דעם שטח אויסערן קיבוץ. די „הגנה" האָט באַזאָרגט מיט די נייטיקע עלעקטרישע כלים און אויסשטאַטונג די אַלע קיבוצים און ישובים, וועלכע זענען געווען אויסגעשטעלט אויף אַטאַקעס פון שונא — נאָר יד־מרדכי האָט דאָס אַלץ שפּעט באַקומען. דער עלעקטריקער פון קיבוץ, יהודה ראָזען, האָט געאַרבעט ווי אַ טייוול, כדי צו דער צייט אויפשטעלן די סלופּעס מיט די לאָמפּן. „אַ שווערער שטיין איז מיר

אַראָפּ פון האַרץ" — האָט ראָזען דערציילט זיין פּרוי דעם 18טן מאַי — „ווען כ'האָב פאַרענדיקט איינשטעלן די עלעקטרישע באַלייכטונג. איצט, ווען אַלץ געפינט זיך אויפן אָרט, דאַרף איך נאָר בעטן אַז עס זאָל ניט צעשטערט ווערן".

דער פאַרבינדונגס־מכשיר, וועלכער האָט זיך געפונען ביי שמאין, האָט פון צייט צו צייט איבערגעגעבן וועגן פאָרויסמאַרש פון די עגיפּטער. צוויי יידישע ישובים נאָענט פון עזה, האָט מען באַשאָסן, און איינער פון זיי, כפר־דרום, איז אַטאַקירט געוואָרן דורך מצרישע פּוסגייער, וועלכע זענען צוריקגעשטויסן געוואָרן מיט אַ שטאַרק פייער פון פּולעמיאָטן.

אַ וואָסער גורל דערוואַרט יד־מרדכי?

געווען אַזעלכע וואָס האָבן געטענהט, אַז די אָנגעהעריקייט פון דעם פּונקט צו דער אַראַבישער מדינה, וועט באַוועגן די אָנגרייפערס ניט צו טשעפּען דעם קיבוץ. אָבער טוביה און אַלעקס זענען בכלל ניט געווען אָפּטימיסטיש. זיי האָבן גוט געוווּסט די סטראַטעגישע חשיבות פון זייער קיבוץ. אויב די עגיפּטער האָבן טאַקע בדעה וואָס שנעלער זיך אַ לאָז צו געבן מיטן הויפּט־שאָסיי קיין תל־אביב, קענען זיי זיך ניט דערלויבן, אַז די מענטשן פון יד־מרדכי זאָלן בלייבן אויפן אָרט און אַטאַקירן זייער מיליטער און פאַרזאָרגונג.

אויך די פּלמ"ח־מענטשן זענען געווען ביי דער זעלבער מיינונג וואָס טוביה און אַלעקס. דער שטאַב פון פּלמ"ח האָט אין דער נאַכט פון 17טן מאַי אַרויסגעשיקט אַ גרופּע דיווערסאַנטן אויפצורייסן איינע פון די בריקן אויפן הויפּט־שאָסיי, ניט ווייט פון קיבוץ. מיט דער גרופּע האָט אָנגעפירט דער בלאָנדער יוגנטלעכער דני, וועלכער האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט אַ קורס פאַר סאַבאָטאַזש און מינירונג. גדעון, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן „פּילבאָקס", איז מיט זיי מיטגעגאַנגען, בעת די וואָס זענען געבליבן אין „פּילבאָקס" אויף שמירה, האָבן אין שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט נאָך די מעשים פון דער גרופּע. ווען זיי האָבן דערהערט אַן אויפרייס, האָבן זיי געמיינט, אַז לויט זיין קראַפט, זענען עטלעכע בריקן צעשטערט געוואָרן. אָבער פאַקטיש האָט ניט געשאַדט קיין איין בריק. דער סקעלעט פון דער בריק האָט אויסגעהאַלטן און הגם איבער זיין גאַנצער לענג האָבן זיך באַוויזן אַ סך שפּאַלטן, האָט מען נאָך אויף איר געקענט פאָרן. די דיווערסאַנטן האָבן ניט געהאַט מיט זיך גענוג אויפרייס־מאַטעריאַל, כדי איבערחזרן דעם אויפרייס.

צומאָרגנס באַגינען, זענען צום טויער פון קיבוץ צוגעפאָרן צוויי אויטאָס — אַ ווייסער מיט אַן אָנגעמאָלענעם עמבלעם פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ און אַן אַראַבישער אַמבולאַנס מיט אַ רויטער האַלבער לבנה.

פון דער ערשטער מאַשין איז אַרויסגעשפּרונגען אַ מאַן מיט אַ שמייכלענדיק פּנים און געוואָלט וויסן וועד ס'איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן פאַרטיידיקן דאָס אָרט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס ד״ר אריה הראל*, פאַרבינדונגס־אָפיציר פון דער „הגנה" מיטן רויטן קרייץ. ער האָט דערציילט וועגן דער מאָדנער לאַגע וואָס האָט זיך געשאַפן:

דער אַמבולאַנס, אין וועלכן ס'האָט זיך געפונען דער אַראַבישער דאָקטאָר און זיין געהילף, איז געכאַפּט געוואָרן צפונדיק פון יד־מרדכי. איצט וויל מען אים אומקערן די עגיפּטער פאַרן פרייז פון דערלויבן דורך זיי צו עוואַקוירן 35 יידן, וועלכע זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן אין כפר־דרום. דער אַראַבישער קאָמענדאַנט אין מידזשדאַל האָט דערצו מסכים געווען.

די אויטאָבוסן וועלכע די „הגנה" האָט צוגעזאָגט פאַר די עוואַקוירטע — זענען נישט געקומען, נאָר ד״ר הראל איז אַנטשלאָסן ווייטער צו פאָרן. ער איז ביי דער מיינונג, אַז די לאַסט־אויטאָס פון קיבוץ וועלן קענען איבערפירן די פאַרוווּנדעטע. אויסער די עגיפּטער, זענען אין אַמבולאַנס געווען נאָך צוויי שווייצאַרישע בירגער — אַ פאָרשטייער פון רויטן קרייץ און אַ יונגע קראַנקן־שוועסטער, פרוי קוזיין. ד״ר הראל האָט זיך געניייטיקט אין איינעם וואָס קען גוט די סביבה, ווייל דער אַראַבישער קאָמענדאַנט האָט אים געוואָרנט, אַז דער וועג אויף דרום איז מינירט.

אַלעקס איז גרייט געווען צו באַגלייטן די דעלעגאַציע. נאָך פריער איז דורכן טעלעגראַף אויפגעכאַפּט געוואָרן די ידיעה, אַז אַזאַ דעלעגאַציע געפינט זיך אין וועג, ווי אויך אַן אָנווייזונג אַז ער זאָל צו איר צושטיין. הגם די זיכערקייטס־קאָמיסיע האָט ניט געהאַלטן דערפון, אַז ווער פון די קאָמאַנדירן זאָל פאַרלאָזן דעם קיבוץ גראָד אין אַזאַ שווערן מאָמענט, האָט זי זיך ניט געקענט קעגנשטעלן אָנווייזונגען פון אויבן. מעגלעך אויך, אַז מ'וועט האָבן אַ נוצן, אויב אַלעקס וועט מיט די אייגענע אויגן זען וואָס עס קומט פאָר אין די אַראַבישע דערפער.

אַלעקס, וועלכער האָט געוווּסט אַז דער הויפט־שאָסיי איז ניט מינירט, האָט גראָד אויסגעקליבן צו פאָרן מיט אַן אינערלעכן וועג. „אין דיר־סאַניד האָט געהערשט אַבסאָלוטע שטילקייט" — האָט מיר אַלעקס, ווי דער שטייגער, דערציילט מיט זיין רויק און געלאַסן קול. — „די אַראַבער האָבן געהאַלטן זייערע ביקסן, אָבער ניט מער. איך האָב באַמערקט עטלעכע אַראַבער, אונדזערע שכנים וואָס פלעגן קומען אין קיבוץ, נאָר צום גליק האָבן זיי מיך

* שפּעטערדיקער אַמבאַסאַדאָר אין רומעניע (1957—1959), דערנאָך, ביזן יאָר 1962, ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע. איצט — דירעקטאָר פון שטאַטישן שפּיטאָל אין תל־אביב.

ניט דערקענט. מיר זענען פֿאַרבייגעפֿאָרן נאָך עטלעכע דערפֿער און דערנאָך זענען מיר אַרויס אויפֿן הויפּט־שאָסיי. דאָרט האָט אונדז אָפּגעשטעלט אַ מצרישער פּאַטרול פֿון דריי פּאַנצער־אויטאָס. ד״ר הראל האָט דערקלערט דעם ציל פֿון אונדזער שליחות און זייער עלטסטער האָט געמאָלדן, אַז ער וועט אונדז באַגלייטן״.

ענדלעך איז די דעלעגאַציע אָנגעקומען אינעם מיליטערישן לאַגער ביי עזה. ווי נאָר דער אַראַבישער דאָקטאָר האָט פֿאַרלאָזט דעם אַמבולאַנס, איז דאָרט אַריין אַ זעלנער, זיך אַוועקגעזעצט לעבן דאָקטאָרס געהילף — און דער אַמבולאַנס איז אַוועק אין ווייטערדיקן וועג. אַלעקס איז געבליבן ביי דער מאַשין פֿון רויטן קרייץ, בעתביידע מענער און די שוועסטער האָט מען אַוועקגעפֿירט אין שטאַב. אַלעקס האָט גענומען זיך אַרומקוקן. „פֿאַרשטייט זיך, אַז מיין שטימונג איז ניט געוואָרן בעסער פֿון דעם וואָס כ׳האָב געזען״ — האָט ער מיר דערציילט. — „ווו נאָר כ׳האָב געוואָרפֿן אַ בליק, האָב איך געזען האַרמאַטן, פּאַנצער־אויטאָס, מאַשינגעווער און אַ סך זעלנער. מאָטאָציקליסטן, אָנגעטוענע אין מונדירן פֿון עגיפּטישן לופֿט־פֿלאָט, זענען אָפֿט פֿאַרבייגעפֿאָרן און ס׳האָט אויסגעזען אַז זיי איילן זיך צו ראַפּאָרטירן אין הויפּט־שטאַב. יעדער מיט אַ מינימאַלסטער מיליטערישער דערפֿאַרונג האָט געקענט פֿאַרשטיין, אַז די אַלע צוגרייטונגען זענען אויסן צו באַוועגן דאָס מיליטער פֿון אָרט.״

אַלעקס האָט פֿאַרפֿירט אַ געשפּרעך מיט אַ מצרישן מאַיאָר, וועלכער האָט גערעדט ענגליש. „ווו גרייט איר זיך איצט צו מאַרשירן?״ — האָט ער אים געפֿרעגט.

דער מאַיאָר, וועלכער האָט צו דער דאָזיקער אויפֿגאַבע זיך באַצויגן ווי צו אַן אָנגענעמען שפּאַציר, באַזונדערס נאָכן לאַנגווייליקן קאַזאַרמע־לעבן אין עזה, האָט זיך געאיילט צו ענטפֿערן:

— איין קאָלאָנע לאָזט זיך אויפֿן וועג צו באַר־שבע און ירושלים און מיין בריגאַדע דאַרף אַוועק אין דער ריכטונג פֿון תל־אביב. מאָרגן גייען מיר אויף דיר־סאָניד (אין די אָפֿיציעלע מצרישע באַריכטן ווערט די שלאַכט פֿאַר יד־מרדכי באַצייכנט אַלס „שלאַכט פֿאַר דיר־סאָניד״).

אַלעקס האָט באַלד פֿאַרשטאַנען אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, ווייל כדי צו פֿאַרכאַפּן אַן אַראַביש דאָרף איז ניט נייטיק אַזאַ מיליטערישער כוח. בעצם האָט דער מאַיאָר געהאַט בדעה צו דערציילן אַלעקסן, אַז די מצרים גרייטן זיך צו אַטאַקירן יד־מרדכי.

עס זענען פֿאַריבער צוויי שעה און אַלעקס האָט שוין באַטראַכט פֿאַר אַ נאַרישקייט זיין פֿאַרלאָזן דעם קיבוץ אין אַזאַ צייט. איצט האָט זיך אים זייער געוואָלט וואָס שנעלער אומקערן קיין יד־מרדכי. ד״ר הראל און זיינע

באַגלייטערס האָבן זיך סוף־כל־סוף אומגעקערט און צוויסן געגעבן, אַז די עגיפּטער לאָזן זיי ניט פאָרן ווייטער. דער מצרישער שטאָב איז ניט פאַרפּליכטעט מיט די צוזאָגן פון די אָפיצירן פון די אומרעגולערע איינהייטן אין מידזשדאַל. „זיי זאָגן, אַז זיי האָבן פאַרכאַפּט כפר־דרום און מיט די געפאַנגענע וועלן זיי זיך פירן לויט דער זשענעווער קאָנווענץ" — האָט דערציילט ד"ר הראל. „דאָך האָבן זיי צוגעזאָגט צו ווענדן זיך אין דעם ענין קיין קאיר נאָך ווייטערדיקע אינסטרוקציעס".

פּלוצים האָבן עטלעכע זעלנער זיי ארומגערינגלט און אַריינגעשטויסן אין אַ צימער.

„מיר זענען ניט געווען זיכער צי די מצרים האָבן אונדז טאַקע אַרעסטירט" — האָט דערציילט אַלעקס. „דאָס איז ניט געווען קיין אַרעסט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, ווייל אין צימער זענען מיר געווען פריי צו באַוועגן זיך און צו שמועסן. גלייכצייטיק האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אַ וועכטער ביי דער טיר אַזוי, אַז לגמרי פריי זענען מיר ניט געווען".

אַלעקס האָט אָנגעהויבן דריקן, אַז מ'זאָל עפּעס טאָן כדי זיך פון דאָרט אַפּטראָגן. ער האָט גוט געקענט מיליטערישע פירונג און אונטערגעשטראָכן, אַז אין פאַרלויף פון די צוויי שעה פאַרהאַנדלונגען און שפּעטערדיקן וואַרטן, האָבן די מצרים געקענט באַקומען אַן ענטפער פון קאיר. אויב מע האָט זיי פאַרשפּאַרט, קען מען זיי אַזוי האַלטן אַ לאַנגע צייט, ביז פאַרגעסן אַפילו אין זייער עקזיסטענץ. דאָס איז אַוודאי זייער כוונה, האָט אַלעקס געטענהט און ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל אונטערגעשטראָכן, אַז „איך מוז פאַר יעדן פּרייז צוריק פאָרן אין קיבוץ אַריין". די אַנדערע האָבן געשטוינט פון אַלעקס ווייד און אים דערמאָנט, אַז זיי געפינען זיך אין אַרעסט אין סאַמע צענטער פון אַ מצרישן מיליטערישן לאַגער. ווי אַזוי וועלן זיי קענען אַוועק, איידער זייער ענין וועט זיך אויפקלערן?

דער וועכטער איז אויף אייניקע מינוטן אַוועק פון דער טיר. אַלעקס, וועלכער האָט אַ סך מאָל אין זיין לעבן זיך פאַרנומען מיט אונטערערדישער טעטיקייט, האָט געוווּסט, אַז זעלבסט־זיכערקייט און שטאַרקע נערוון זענען מסוגל אַרויסשלעפּן פון אַ שווערער לאַגע. דעריבער האָט ער גענומען די ענינים אין זיינע הענט. „דאָס איז אונדזער געלעגנהייט, מיר גייען!" — האָט ער אויסגערופן. „קומט נאָך מיר, נאָר איילט זיך ניט". אַזוי זענען זיי דערגאַנגען צום אויטאָ, קיינער האָט זיי ניט פאַרהאַלטן. זיי זענען אַריין אין דער מאַשין און לאַנגזאַם אָנגעהויבן פאָרן, ביז פאַרלאָזן דעם לאַגער, וווּ ס'האָט געהערשט צערודערונג און פאַרלוירנקייט. איצט נאָכן אַרויספאָרן פון לאַגער, האָט אַלעקס געהייסן פאָרן אויפן הויפּט־שאָסיי — און וואָס שנעלער. אַנדערע האָבן פּרובירט זיך קעגנשטעלן מיט דער טענה, אַז דער

שאָסיי איז מיגירט. „ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, דער וועג און די מינעס זענען מיר באַקאַנט" — האָט זיי אַלעקס באַרויקט. ער האָט געוווּסט, אַז מעגלעך דאָס מע וועט זיי נאָכיאָגן, דעריבער איז וויכטיק וואָס פריער זיך אָפּצוטראָגן. כדי זיי כלומרשט „ראַטעווען" פון די מינעס, האָט אַלעקס געהייסן פאָרן אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס אויפן שאָסיי, און אין יעטוועדער מעגלעכער ריכטונג, אָן אַ סיסטעם. אין זכות פונעם פענדל מיטן רויטן קרייץ, וואָס האָט געפלאַטערט אויפן אויטאָ, זענען זיי אָן שטערונגען אַדורכגעפאָרן אַלע קאָנטראָל־פּונקטן, ביז זיי זענען ענדלעך אָנגעקומען אין דיר־סאַניד.

דער אויסזען פון דאָרף האָט פון אין דער פרי אינגאַנצן זיך געענדערט. אין די געסלעך האָט מען ניט געזען מער קיין פרויען און קינדער. די מענער וועלכע מ'האָט יאָ געזען, זענען געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס. אַן איינהייט פון מצרישן מיליטער האָט געלאַגערט אונטערן שאָטן פון גרויסע ביימער אין דאָרף, אַזוי אַז פון יד־מרדכי האָט מען זיי ניט געקענט זען. אויף די זאַמדיקע בערגלעך זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פולעמיאָטן און מינעוואַרפערס. אַלזאָ, דער מצרישער מאיאָר האָט ניט גערעדט קיין פוסטע רייד, אָדער סתם זיך באַרימט.

זעקס פאַרנאַכט איז דער אויטאָ אָנגעקומען קיין יד־מרדכי. אַלעקס איז שנעל אַוועק צו דער ערשטער פּאָזיציע אויפן וועג און באַפוילן: „פאַרבינדט זיך מיט טוביהן דורכן טעלעפאָן און זאָגט אים גלייך לאָזן אין גאַנג אונדזער פּאַרטיידיקונגס־פּלאַן, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פריער". ער האָט געבעטן פון ד"ר הראל, אַז ווי נאָר ער קומט קיין תל־אביב, זאָל ער זיך ווענדן צום גענעראַל־שטאַב און איבערגעבן וואָס ער האָט געזען און וואָס דאָ גרייט זיך.

אין יענער שעה האָבן די קינדער פון קיבוץ שפּאַצירט מיט זייערע עלטערן. מע האָט זיי גלייך געשיקט אין די בונקערס — און מיט אייניקע מינוטן שפּעטער האָבן זיך באַוויזן צוויי „ספּיטפייער"־עראָפּלאַנען מיט מצרישע קענ־צייכנס אונטער די פליגל. די עראָפּלאַנען זענען געפלויגן איבערן קיבוץ, אַראָפּגעוואָרפן באָמבעס און דערנאָך געשאָסן פון מאַשינגעווער. הגם דאָס געקלאַפּערײ פון די קוילן אין די דעכער פון די קיבוצישע בנינים, האָט ז', זייער גוט געהערט, האָבן די פלעגערינס באַמיט זיך אָפּצוווענדן די אויפ־מערקזאַמקייט פונעם קליינוואַרג מיט דערציילן מעשהלעך, אָדער מיט געזאַנג. אַ פינף־יאָריק קינד איז פונדעסטוועגן אַריינגעפאַלן אין אַ בהלה און אָנגע־הויבן שרייען: „איך וויל ער זאָל אויפהערן שיסן" — האָט מיר דערציילט איין פלעגערין. „איך האָב אים געזאָגט: וועסט זען וואָס אונדזערע יאָטן וועלן נאָך טאָן דעם עראָפּלאַן"...

די וואָס האָבן זיך געפונען אין די בונקערס, שוץ־גריבער און פּאָזיציעס, האָבן ניט געזען דאָס וואָס ס׳האָבן איבערגעלעבט די חברים אין דרויסן, ווען איינע פון די באָמבעס האָט געטראָפן אינעם הויף פונעם קינדער־הויז, ווו ערשט ניט לאַנג האָבן זיך געשפּילט די צוויי־יאָריקע קינדערלעך. איינציקע פּאַרטיידיקער האָט באַהערשט אַזאַ כעס, אַז זיי האָבן זיך ניט געקענט באַהערשן און פון זייער געווער גענומען שיסן צו די עראָפּלאַנען, טראָץ דער שטרענגער פּאַראָרדענונג ניט צו פאַרשווענדן קיין אַמוניציע. ווען די עראָפּלאַנען האָבן זיך אָפּגעטראָגן, האָבן די קיבוץ־חברים זיך אַוועקגעלאָזט צו פאַרלעשן די שריפות וואָס זענען אויסגעבראָכן ביי די הינער־שטייגן.

אין אַזאַ קליין לאַנד מיט אַזעלכע לאַנגע גרענעצן איז שווער געווען פון פאָרויס צו באַשטימען ווו מען וועט דערלאַנגען די קלעפּ. די פּאָליטיק פון דער „הגנה" איז געווען, אַפּצוהיטן, אַז יעדער מאַן זאָל זיין צוגעשמידט צו זיין אָרט און פּאָזיציע. די אויפגאַבן פון די פרויען צו באַשפּייזן די ישובים איז געווען גאָר לעבנסוויכטיק, דעריבער האָבן זיי דאָרט געמוזט פאַרבלייבן — און די קינדער מיט זיי. גלייכצייטיק האָט דאָס אויך געהויבן די מאָראַל. „ניטאָ אַזאַ זאַך וואָס זאָל אַזוי שווער טרעפן אינעם קאַמפּס־גייסט פון די פאַרטיידיקערס, ווי דער ערשטער שריט ערב עוואַקואַציע" — האָט שפּעטער געשריבן אַ פלמ״ח־קאָמאַנדיר, וועלכער האָט געפאָרשט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם.

איצט, אַז ס׳איז געווען קלאָר אַז די עגיפּטער וועלן באַגינען אַטאַקירן, האָט דער פאָלק־עלטסטער, משה נצר, באַפוילן צו עוואַקוירן די קינדער. נאָענט צו האַלבער נאַכט וועט גרשון קומען מיט פּאַנצער־אויטאָס, אַ גע־פּאַנצערטן אויטאָבוס און אַ גרופּע פלמ״חניקעס,- צו באַשיצן די קליינע קאָלאָנע.

די קאָמיסיע פאַר דערציונג האָט אָפּגעהאַלטן אַ דרינגענדיקע זיצונג: זי האָט באַדאַרפט באַשליסן ווער זאָל מיטפאָרן מיט די קינדער. ס׳איז געווען קלאָר, אַז די פלעגערינס און לערערס וועלן זיי באַגלייטן, אָבער ווער דאַרפן זיין די אַנדערע? ס׳קאָן ניט געמאָלט זיין, אַז אַלע מאַמעס זאָלן פאַרלאָזן דעם קיבוץ. אויף דעם האָבן ניט געסטייעט קיין קאָמוניקאַציע־מיטלען. אויסער דעם האָט אין קיבוץ געהערשט אַ מיינונג, אַז ווי לאַנג עס לאָזט זיך, דאַרף מען פירן אַ נאָרמאַל לעבן, גיין צו די אַרבעטן אין די פאַרשידענע רעסאָרטן און אויך די פרויען וועלן קענען טאָן ס׳זייעריקע. צום סוף איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן די מוטערס מיט זייערע זויג־קינדער און די מער עמפּינדלעכע פרויען.

אַלע קיבוץ־חברים, אויסער די וואָס זענען געשטאַנען אויף שמירה, האָט מען גערופן העלפן צוגרייטן די טיילווייזע עוואַקואַציע. די מענער האָבן אויף די לאַסט־אויטאָס פון קיבוץ אויפגעלאָדן די בעטן און מאַטראַצן. די פלעגערינס האָבן פאַרפּאַקט די קינדערס מלבושים. די עלטערן זענען אַוועק אין זייערע צימערן, כדי ברענגען פון דאָרט אַ שפּילצייג וואָס איז באַזונדערס געווען באַליבט ביים קינד. קיינער האָט ניט געוווּסט וואָס עס דאַרף פאָרקומען. אַ טייל האָט געמיינט, אַז די קינדער פאַרלאָזן דאָס אָרט אויף שטענדיק, אַז דאָס איז די לעצטע געזעגענונג, מער וועט מען שוין די טייערינקע ניט זען. אַנדערע ווידער האָבן געגלייבט, אַז די צעשיידונג וועט זיין אַ קורצע, די קינדער וועלן זיך אומקערן אין קיבוץ אין אַ וואָך־צוויי אַרום. איינע פון די פרויען האָט מיר דערציילט ווי אַזוי זי האָט דיסקוטירט מיט איר מאַן די ווינציקע מינוטן פאַרן עוואַקוירן די קינדער. יעל קלמן, אַ פלעגערין, האָט באַדאַרפט מיטפאָרן מיט די קינדער און איר מאַן משה איז געבליבן אין קיבוץ. זייערע צוויי קינדער האָבן אויך געזאָלט פאַרלאָזן.

„נעם מיט זיך דעם אַלבום מיט די בילדער, פאַר די קינדער" — האָט געזאָגט משה.

„צו וואָס? איך דאַרף אים ניט. ער וועט מיר נאָר שטערן" — האָט יעל זיך געהאַלטן ביי אירס.

„נעם פונדעסטוועגן דעם אַלבום" — האָט משה איבערגעחזרט זיינע רייד.

זי האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען משהס אמתע כוונות. זיי האָבן זיך געקענט פון קינדוויַיז אָן, שוין אין עלטער פון 11 יאָר; יעל איז געווען מסוגל צו לייענען זיינע מחשבות. ער איז אַוודאי אויסן געווען, אַז אַ דאַנק די בילדער וועט זי און די קינדער אים תמיד געדענקען. נאָר די כוונה האָט זי טאַקע אויפגערעגט און אין איר פאַרצווייפלונג האָט זי זיך קעגנגעשטעלט זיין ווילן. „כ'וועל אַזוי אויך זיין פאַרנומען איבערן קאָפּ, אָן דער זאָרג פאַרן בילדער־אַלבום" — האָט זי געענטפערט. איר ציטער פאַר אים האָט פאַרשטאַרקט איר רוגזה. ער אָבער האָט איר דערמאָנט די געפאַרן וואָס זיי דערוואַרט, וועלכע זענען אים אינגאַנצן קלאָר געווען צוליב זיין פריערדיקער מלחמה־דערפאַרונג. זי אַליין, זייענדיק סעקרעטאַרין פון קיבוץ, האָט אים געשיקט דינען אין דער בריטישער אַרמיי, ווען זי האָט זיין נאָמען אַרויסגעצויגן פונעם גורל. „ס'וועט ניט זיין לייכט בשלום אַרויסצוקריכן פון דער מלחמה" — האָט ער געזאָגט. „אַ מיליטערישע בריגאַדע אַטאַקירט ניט אַזאַ פונקט בלויז צוליב מאַנעוורעס. גוט וואָס דו גייסט אַוועק פונדאַנען, ווייל אויב ס'וועט ווער פון אונדז פאַלן, בייטיקן זיך די קינדער קודם־כל

אין אַ מאַמען. און דו ווערסט וויסן ווי אַזוי ווייטער טראָגן דעם עול״. זי איז געווען קעגן אַזאַ מחשבה פון איר מאַן און געדענקט איצט יעדעס וואָרט וואָס איז דעמאָלט געזאָגט געוואָרן, אין יענע קורצע מינוטן פאַר דער עוואַקואַציע. ענדלעך האָט זי גענומען מיט זיך דעם אַלבום.

פאַר 11 ביינאַכט זענען די אויטאָס געקומען אין קיבוץ אַריין און זיך אויסגעשטעלט אינעם עוקאַליפּטוס־וועלדל. מיט זיי האָבן זיך אומגעקערט פיר חברים, וועלכע זענען אַ געוויסע צייט ניט געווען אין קיבוץ: איינער פון זיי, דער ביִענצוכטלער יורעק, וועלכער האָט פון גרויס זאָרג קוים וועלן זיינע ביִנשטאָקן ליידן פון די פיינדלעכע אַראַבישע אַקציעס, זיי אַוועק־געפירט אויף אַ מער זיכערן אָרט. ס׳איז אויך צוריק געקומען דער לייטער פון דער קאָנסערוון־פאַבריק, נחמן כץ. די צוויי אַנדערע זענען געווען: וואָלף און ורד. אַ ניי פּאָרל אין קיבוץ. די חברים זענען דערשטוינט געוואָרן, זעענדיק צווישן די געקומענע אויך ורד, וועלכע האָט מיט אייניקע טעג צוריק געבוירן אַ קינד. „וואָס טוסטו דאָ?!״ — האָבן די מענטשן זיך געוווּנדערט. „ביסט דאָך ערשט געווען אין קימפּעטאָרין־אַנשטאַלט״ אין רחו־בות. פאַרוואָס ביסטו ניט געבליבן דאָרט, כדי אַ ביסל קומען צו זיך און געזונט ווערן? ווייסט איר דען ניט, אַז מיר זענען דאָ אין אַ גרויסער געפאַר?״

„וועט טאַקע זיין יושרדיק, אַז מיר וועלן בלייבן אין רחובות, אויף אַ זיכער אָרט, בעת איר און אַנדערע וועלן פאַרטיידיקן דעם קיבוץ? — האָט וואָלף געענטפערט. „אייער גורל וועט אויך זיין אונדזערער״.

מ׳האָט אַלע קינדער אויפגעוועקט. זיי זענען געווען פאַרשלאָפן, בייז און אומגעדולדיק, דער עיקר צוליב די געשעענישן אין די לעצטע טעג, ווען מ׳האָט זיי שעהן־לאַנג געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין די בונקערס און זייערע שפּאַצירן זענען געווען אַזעלכע קורצע. דערפאַר האָבן זיי אַ סך געוויינט.

דאַקעגן פאַר דעם קליינוואַרג איז אַלץ געווען אַן איבערלעבונג. זיי זענען אַריינגעפאַלן אין התפעלות, ווען זיי האָבן אין האַלבער נאַכט דערזען נעבן זיך טאַטע־מאַמע און באַזונדערס געהאַט אַן הנאה ווען מ׳האָט זיי גענומען טראָגן צו די וואַרטנדיקע אויטאָס. „אַ מאַשין, אַ מאַשין״ — האָט געשריען דאָס קליינע זונדעלע פון מרים, איינע פון די אָרטיקע קאָמאַנדירינס. דער קליינטשיקער האָט אַ שמייכלדיקער זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פלע־געריִן — דערמאָנט זיך מרים — און, ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך געפילט אויסגעצייכנט, ווי יענער מאַן וועלכן ס׳איז שווער צו פאַרשטיין אַז עמעץ האָט בדעה אים שלעכטס צו טאָן. „זיין שמייכל האָט מיר גרינג געמאַכט אויפן האַרץ, טראָץ דעם שלעכטן געפיל און שטיקעניש אין האַלדז״ — האָט מיר דערציילט מרים. „כ׳האָב ניט געוואָלט טראַכטן וואָס וועט געשען מיט

די קינדער אויפן וועג, ווען זיי ניט אַרויספאָרן אויף אַ מינע, אָדער אַטאַ־קירס ווערן פון אַ לויער? איך האָב אים אויסגעקושט, אָפּגעשטעלט זיך, כדי גוט איינקריצן אין מיין זכרון זיינע פּנים־שטריכן".

שווער צו זאָגן וועמענס האַרץ איז דעמאָלט געווען מער באַשוועדט — צי פון דער מאַמען, וועלכע האָט אירע קינדער איבערגעגעבן דער פלעגערין, אָדער פון די פלעגערינס, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַרן לעבן פון 92 קיבוצישע קינדער צו ברענגען זיי אויף אַ זיכער אָרט. „וואָס וועט זיין מיט מיין קינד אויב כ'וועל דאָ אומ־קומען?" — האָט אויפן קול געטראַכט אַ מוטער, וועלכע האָט איבערגעגעבן דער פלעגערין איר צוויי־יאָריק קינד. „איך וועל עס אַדאָפּטירן אַלס מיין קינד" — האָט די פלעגערין פשוט געענטפערט. די מאַמע האָט זיך באַרויקט, ווייל זי האָט געוווּסט די איידלקייט פון דער אַנדערער פרוי, וואָס האָט איר מיט די האַרציקע ווערטער פאַרשפּראָכן צו זאָרגן פאַרן קינד. איין מאַמע האָט מיט אַ געשטיקט געוויין זיך געזעגנט מיט איר איינציקן זון. דערזעענדיק דערנאָך דעם הויך־געוווּקסיקן גרשון נעבן זיך, האָט זי אים געזאָגט: „איך גיב איבער אין דיינע הענט דאָס טייערסטע אין מיין לעבן". איין פרוי, וועלכע האָט זיך צוגעקוקט צו דער עוואַקואַציע, ווי עלטערן, באַלאָדענע מיט פעקלעך, איילן נאָך האַלבער נאַכט מיט זייערע קינדער צו די אויטאָס, האָט געטראַכט: „איצט זענען אויך מיר פּליטים". זי האָט מיטגעלעבט מיט דעם וואָס ס'האָבן איצט געפילט די אַלע, וועלכע זענען מיט אַמאָל אַריינגעשטויסן געוואָרן אין דער אומגעוויינלעכער לאַגע: „ס'קען ניט געמאָלט זיין, אַז דאָס געשעט טאַקע מיט מיר".

ענדלעך זענען די קינדער און זייערע באַגלייטערס אַרויף אויף די אויטאָס. נפתלי, דער קאַסירער פון קיבוץ, וועלכער איז געשיקט געוואָרן מיט די קינדער, טראָץ זיינע פּראָטעסטן, האָט נאָך אַמאָל איבערגעציילט די מענטשן, וואָס האָבן פון איצט אָן זיך געפונען אונטער זיין אויפזיכט. פרויען און מענער, וועלכע האָבן בדרך־כלל ניט אַרויסגעוויזן זייערע געפילן, זענען איצט עטלעכע מאָל זיך געפאַלן אויפן האַלדז. טייל עלטערן זענען באַגלייט די אויטאָס ביזן טויער פון קיבוץ, געפאָכעט מיט די הענט און געשיקט לופט־קושן זייערע טייערע, וועלכע זיי האָבן בכלל ניט געזען אין דער נאַכט־פינצטערניש. דערנאָך איז יעדער אַוועק דערפילן זיין אויפגאַבע, וועלכע איז פאַר אים באַשטימט געוואָרן אין יענער נאַכט. גרשון האָט פאַרגעלייגט, אַז די ביימער פון ביידע זייטן וועג זאָל מען אויסהאַקן און זיי אַוועקלייגן אין דער ברייט פון וועג אַלס פאַרצוימונג. אַ גרופּע מענטשן איז געשיקט געוואָרן אויסצוהאַקן די ביימער. דני מיט עטלעכע פּלמ"חניקעס האָבן פאַרגעזעצט צו פאַרלייגן מינעס אויסער דעם פּלויט. אַנדערע האָבן

פאַרטיפט די פאַרטיידיקונגס־קאַנאַלן און זיי אַרומגעלייגט מיט זעק זאַמד. אין געווער־מאַגאַזין האָבן דוביק, נאַטעק און די פרויען געריייניקט די ביקסן און צוגעשטעלט אַמוניציע אויף די פּאָזיציעס. דאָס איז געווען אַ ניט־לייכטע אַרבעט, ווייל זיי האָבן געגנוי באַדאַרפט וויסן די ערטער פון די 37 ביקסן און פאַר זיי צופּאַסן די אַנטשפּרעכנדיקע קוילן.

צווישן איין אַרבעט און דער צווייטער, זענען די עלטערן געקומען אין דער פּאָזיציע ווו ס׳האָט זיך געפונען דער שטאַב, מיט דער האָפענונג צו הערן, אַז ס׳איז שוין דערהאַלטן געוואָרן וועלכע ס׳איז ידיעות פון די עוואַקוירטע קינדער. „שמאי, האָסט נאָך גאָרניט אויפגעכאַפּט?? האָסט פּרובירט זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט גבר־עם? אפשר האָט מען זיי געשיקט קיין דורות? נאָך אַלץ ניטאָ קיין שום נייעס?!“.

אַז די אויטאָ־קאָלאָנע האָט פאַרלאָזט יד־מרדכי, איז גרשון נאָך אַלץ ניט געווען אַנטשלאָסן ווו אַהין צו פירן די קינדער. ווו ער זאָל ניט ווענדן, זענען געווען באַוואָפנטע מענטשן — מצרישע פּאַטרולן, אַראַבישע קעמפּער פון די אומרעגולערע אָפּטיילונגען און פלמ״חניקעס, וועלכע האָבן קאָנטראָלירט די וועגן. ער האָט באַדאַרפט זיך באַוועגן פאָרויס זייער לאַנגזאַם און אָפטמאָל זיך אַרויסגעהאַלפן מיט אויסשפּירער. ער האָט אויך ניט געוואַגט צו פירן די קאָלאָנע אויפן שאָסיי, נאָר מיט זייטיקע פעלד־וועגן. אַלע 15 מינוט האָבן די אויטאָס זיך אָפּגעשטעלט, ביז די אויסשפּירער האָבן ניט באַשטימט די ריכטונג פון דעם ווייטערדיקן מאַרשרוט. איין מאָל האָבן זיי אַפילו אָפּגעשטעלט מענטשן מיט ברענענדיקע שטורקאַצן אין די הענט; די פרויען זענען פאַרציטערט געוואָרן, ווייל עס איז שווער געווען צו דערקענען די מענטשן. הגם ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען פלמ״חניקעס, איז די שרעק פון די פרויען געווען גרויס, ווייל די קאָלאָנע האָט זיך גערוקט אין דער ריכטונג פון שונאס טעריטאָריע... און בלויז צופעליק האָבן די פלמ״ח־מענטשן באַוויזן זיי בייצייטנס אָפּצוהאַלטן. טייל מאָל האָבן די אויסשפּירער אַרויסגעפּליסטערט: „מינעס!“ און די קאָלאָנע האָט זיך אָפּגעשטעלט, ביז דער וועג איז געוואָרן פריי. די זעקס מאַשינען האָבן ניט געהאַט ווו זיך צו באַהאַלטן, ווייל זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט גראָד ביי אַ נאָענטן וואַדי אָדער וועלדל. אַזוי זענען זיי געבליבן אַנטבלויזט אין אכזריותדיקן ליכט פון דער פולער לבנה. איידער מ׳האָט ווייטער זיך געלאָזט אין וועג אַריין, האָט גרשון זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדער מאַשין און דערמוטיקט די דערשראָקענע פרויען מיט זיין גוטער שטימונג און זיכערקייט.

אין די געפּאַנצערטע אויטאָס זענען די קינדער געזעסן אויף האַרטע הילצערנע בענק, צונויפגעדרענגט אַרום זייערע פלעגערינס. די גרעסערע פון

זיי, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען ווו מע פירט זיי, האָבן זיך באַמיט אויפֿ־צופירן ווי דערוואַקסענע, אָדער ווינציקסטנס ווי פלמ״חניקעס. די ייִנגערע דאָקעגן האָבן די פלעגערינס געמאַטערט מיט פראַגן: „מיר וועלן באַזוכן די מומע חנה?", „מע וועט גיין אין צירק אַריין?" און „פאַרוואָס איז די מאַמע ניט מיטגעפאָרן מיט אונדז?" אַנדערע ווידער האָבן ניט באַהאַלטן זייער כעס, הלמאי מ'האָט זיי אויפגעוועקט, ווען מ'האָט זיי געבעטן זיך עטוואָס אַ רוק טאָן צו מאַכן אָרט פאַר נאָך אַ קינד. „פאַרוואָס דאַרף איך זיצן אויף אַ באַנק? איך וויל שלאָפן. דאָ איז צופיל טומל, איך קאָן ניט שלאָפן". די וויינענדיקע קינדער האָבן די פלעגערינס גענומען אויף זייערע הענט, באַמיט זיך צו באַרויקן זיי מיט אַ צוקערל, צי מיט אַ קאַלטן טרונק. „די קינדער זענען געווען אַזוי נערוועיש און מיד" — האָט מיר דערציילט איין פלעגערין — „אַז וואָלסט אין זיי ניט דערקענט די גוט־דערצויגענע קינדער פון קיבוץ יד־מרדכי".

אַמשווערסטן איז געווען אין די מינוטן, ווען די קאָלאָנע האָט זיך אָפגעשטעלט אין פעלד. אַלע האָבן זיך געפילט זיכערער, ווען די אויטאָס זענען געפאָרן. הגר, וועלכער איז נאָך אַלס 17יאָריק מיידל אַוועק מיט 29 יוגנטלעכע גרינדן אין פוילן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע פאָרם פאַר הכשרה, האָט מיר דערציילט וועגן יענער שפּאַנענדיקער נאַכט:

„כ'בין געזעסן צווישן דעם קליינוואַרג וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אונטער מיין אויפזיכט און געטראַכט, אַז אויף מיר ליגט דער חוב צו זיין די מאַמע פון די פינף קינדערלעך. די שווערע אחריות וואָס מ'האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט, האָט מיך איבערגעשראָקן. כ'האָב געוווסט, אַז כ'דאַרף פאַרנעמען דאָס אָרט פון די עלטערן — און ווער ווייסט, אויב ניט אויפן גאַנצן לעבן — און ניט נאָר פאַר דער צייט פון דער נסיעה. גלייכצייטיק האָב איך געטראַכט וועגן גורל פון מיין מאַן און כ'האָב זייער געוואָלט זיך געפינען מיט אים און בלייבן אין קיבוץ. ער האָט געליטן אויפן האַרץ און דאָך איז ער געבליבן מיט די חברים. איך האָב אַפילו פאַרגעסן צו געבן אים די פילן וואָס האָבן געלינדערט זיינע ווייטיקן. ,וואָס איז דאָ?' — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין. ,כ'האָב באַדאַרפט בלייבן מיטן מאַן'. כ'האָב דערשפירט, ווי מיך באַהערשט אַ געפיל פון שולד צוליבן געפינען זיך אין וועג צו אַ זיכער אָרט און אים האָב איך געלאָזן אויף הפקר, אויס־געשטעלט פאַר די קוילן אָדער פאַר אַ האַרץ־אַטאַק. כ'האָב ניט געגלייבט אַז ער וועט בלייבן לעבן — און דאָך האָב איך אים געלאָזן אויף הפקר. אַוודאי האָב איך געוווסט, אַז יעדער דערפילט זיין פליכט, פונדעסטוועגן האָב איך געהאַט אַ באַוווסטזיין, אַז איך דאַרף אַראָפּשפּרינגען פון אויטאָ און זיך אומקערן אין קיבוץ און צו אים".

אַן אַנדערע מאַמע האָט מיר דערציילט וועגן דער זאָרג פאַר אירע קינדער, וועלכע זענען געפאָרן אין אַ צווייטער מאַשין. ווי יעדע מאַמע האָט זי געוואָלט אין אַן עת צרה זיך געפינען מיט אירע קינדער, וועלכע זענען אָבער געווען איצט מיט די פּלעגערינס. „אַז כ'האָב געטראַכט וועגן זיי, האָבן זיך טרערן געשטעלט אין מיינע אויגן, נאָר כ'האָב זיך איינגעהאַלטן פון וויינען, כדי ניט צעטומלען די קינדער וואָס האָבן זיך געפונען אונטער מיין אויפזיכט. ,מיינע קינדער ווערן איצט אָפּגעהיטן דורך אַנדערע פּלעגע־רינס, וועלכע זענען אַוודאי ניט וויניקער פאַראַנטוואָרטלעך פון מיר'. אַזוי האָב איך זיך געטראַכט און דערנאָך זיך באַרויקט, געפילט זיך בעסער".

גאַנץ באַגינען איז די קאַלאָנע אָנגעקומען אין קיבוץ רוחמה. גרשונען איז ניט געלונגען צו ברענגען די קינדער אין אַ מער זיכער אָרט אויף צפון, דערפאַר אָבער האָט ער זיי לכל הפחות אַוועקגענומען פון אָרט וווּ ס'האָט שוין געדראָט אַ געפאַר. רוחמה געפינט זיך דרום־מזרחדיק פון יד־מרדכי, 15 קילאָמעטער פונעם הויפּט־שאָסיי, אויף וועלכן ס'האָבן זיך גערוקט פאַרויס די עגיפּטער.

די קינדער־היים פון רוחמה האָט געזשומעט, ווען דאָס אָרטיקע קליינ־וואַרג איז אַרויסגענומען געוואָרן פון די בעטלעך און מ'האָט זיי איבער־געפירט צו די עלטערן אין די צימערן, בעת די קליינע און מידע געסט, וועלכע זענען אָקערשט אָנגעקומען, האָט מען געלייגט שלאָפן אויף די באַפרייטע געלעגערס. באַלד נאָך זייער איינשלאָפן, האָט זיך דערהערט די אַלאַרם־סירענע קעגן לופט־אַטאַקעס. די קינדער פון רוחמה זענען אַראָפּ אין די בונקערס, און פאַר די קינדער פון יד־מרדכי איז שוין דאָרט ניט געווען קיין אָרט. זיי האָבן געמוזט זוכן שוץ אין די גריבער און אָקאָפּעס. „צו וואָס האָט איר אונדז געבראַכט אין אַזאַ שרעקלעכן אָרט?" האָבן די קינדער געקלאָגט. „ס'וואָלט בעסער געווען צו בלייבן אין דער היים. דאָרט וואָלטן מיר כאָטש געהאַט אָרט אין די בונקערס". די טענות האָבן זיי געהאַט צו די פּלעגערינס פאַר דעם אַלעמען וואָס זיי האָבן אַדורכגעמאַכט אין די געפּאַנצערטע אויטאָס און הלמאי זיי לאָזן זיי איצט ליגן אין גריבער און אָקאָפּעס בעת אַ לופט־אַלאַרם. ביזן היינטיקן טאָג געדענקען די קינדער, וועלכע זענען צווישנצייטיק אויסגעוואַקסן, דעם קיבוץ רוחמה ווי אַ „קיבוץ פון אַלאַרמען". אָבער קיין באָמבעס זענען ניט געפאַלן: די עראָפּלאַנען האָבן זיך קאָנצענטרירט גאָר אויף אַן אַנדערן ציל, וועלכער איז פאַר זיי באַשטימט געוואָרן, פונדעסטוועגן האָבן די פּלעגערינס ניט געוואָגט אַרויסנעמען די קינדער פון די אָקאָפּעס.

אַ זייגער זיבן אין דער פרי האָט זיך דערהערט אַ ליאַרעם, פאַר וועלכן

אלעקס האָט געוואָרנט די מענטשן פון קיבוץ — דעם געבערום פון פעלד־האַרמאַטן. דער אָנגריף אויף יד־מרדכי האָט זיך אָנגעהויבן. די פרויען, וועלכע האָבן אין רוחמה געגעבן צו עסן די קינדער, זענען טאַקע געזעסן גלייך, נאר זייערע פנימער זענען געווען גראָ ווי אַש און דאָס האַרץ אינעווייניק. האָט זיך געוואָרפן, הערנדיק די שווערע באָמבאַרדירונג. זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז די זעלבע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן זיי פריער פּאַריאָגט אין די אָקאָפּעס, פליען איצט איבער יד־מרדכי און באַפרייען זיך פון זייער לאָדונג — די טויט־ברענגענדיקע באָמבעס. מיט זייער גאַנצן וועזן האָבן זיי איצט געשטרעבט צו זיין מיט די טייערסטע. די קינדער האָבן געוואָלט וויסן וועגן דעם רעש וואָס טראָגט זיך פון דער ווייטנס און מיט זייער עקשנות געפאָדערט אַ פולן ענטפער. „דאָס שיסן ערגעץ אַראַבער" — האָבן די פרויען געענטפערט, אָבער די גרעסערע קינדער איז שווער געווען צו געבן אַזאַ אויפקלערונג. די האָבן מיט זאַמד אָנגעפילט די זעק פאַר די פּאָזיציעס און געזען ווי די גראָב־מאַשין און דער טראַקטאָר מאַכן חרוב די שיינע ערטער אין קיבוץ, כדי צו גראָבן אָקאָפּעס און אויפשטעלן פּאָזיציעס; זיי האָבן אויך געוווּסט הלמאי מ'האָט זיי אויפגעוועקט אינמיטן דער נאַכט און אַוועקגעפירט ווייט פון דער היים. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער איצטיקער רעש שטאַמט פון די האַרמאַטן־לופעס, וועלכע שיקן זייערע סנאַריאַדן אויף די הייזער פון יד־מרדכי, זייער קיבוץ.

נאָכן ענדיקן דעם פרישטיק, האָט איינע פון די פרויען זיך אָנגערופן:

— איך קאָן עס מער ניט איבערטראָגן. כ'וועל פּרובירן זען וואָס קומט פאָר אין אונדזער קיבוץ.

ווי אין די אַנדערע ישובים אין דער געגנט, האָט אויך אין רוחמה זיך געפונען אַ הויכער וואַסער־טורעם, אויף וועלכן מ'האָט געקענט אַרויפקומען דורך דעם צוגעפּעסטיקטן אייזערנעם לייטער. צוויי פרויען, איבערגעבנדיק זייערע קינדער אונטער דער אויפזיכט פון אַנדערע, זענען אַרויף אויפן טורעם. „מיר האָבן געזען וואָס פאַר אַ קלאַפּ מ'האָט אונדז דערלאַנגט" — האָט איינע פון זיי מיר דערציילט. „מיר האָבן געזען דעם רויך וואָס האָט זיך געטראָגן פון די האַרמאַטן און די אויפרייסן אין קיבוץ. און ערגער פון אַלץ — די פלאַמען. ס'האָט אויסגעזען, אַז דער גאַנצער קיבוץ איז אַרומגענומען פון פלאַמען. אַז מיר זענען אַראָפּ פונעם טורעם, האָט זיך אונדז געדוכט, אַז די וואָס זענען אַוועק אין רוחמה, זענען די איינציק ניצול־געוואָרענע פון יד־מרדכי. שווער געווען צו גלייבן, אַז אין יד־מרדכי איז נאָך ווער געבליבן לעבן."

# 5

# פוטער מאי 1948

אַ 250 מעטער דרומדיק פון קיבוץ, האָט זיך געפונען די שטאַרקסטע פּאָזיציע זיינע — דער „פילבאָקס". אין יענער נאַכט, ווען די קינדער פון יד־מרדכי האָבן דורכגעמאַכט דעם שווערן וועג ביז רוחמה, האָבן די פאַר־טיידיקער פון „פילבאָקס" געאַרבעט שווער ביים גראָבן זיגזאַגיקע קאַנאַלן אויף דער מערבדיקער זייט פון דער פּאָזיציע. די אַרבעט איז געווען אַ דערשעפנדיקע, ווייל די גראָבערס האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף ניט־פעסטן זאַמד. זיי האָבן זיך אָפט געטוישט, אָפּרוענדיק זיך אויף דער הילצערנער באַנק וואָס האָט זיך געפונען אין דער פּאָזיציע.

מיטן שטעלן זיך פון טאָג, איז פאָרגעקומען אַ באַדייטנדיקע ענדערונג פון וועטער. דער ווינט האָט זיך געביטן און אַנשטאָט אַ שיינער פרילינג־דיקער באַגינען, האָט דעם ראַיאָן באַהערשט אַ הייסער מדבר־ווינט, אַ כאַמסין, וועלכער האָט געבראַכט מיט זיך ברענענדיקע זאַמד־קערנדלעך. די מענטשן אין דער אָקאָפּע האָבן געהאָרעוועט, ווישנדיק אַלע מאָל דעם שווייס פון פנים. הגם זיי זענען געוווינט געווען צו שווערער אַרבעט ביי יעדן וועטער, איז זיי דאָסמאָל דער כאַמסין זיי דערגאַנגען די יאָרן. אַ מענטש געוויינט זיך קיינמאָל ניט צו צום שטענדיק גליענדיקן בלאָזן פונעם כאַמסין.

פאַר זעקס האָט מען פאַרלעכוויז אָנגעהויבן קומען אין עס־זאָל. 6.30 האָט זיך הייזעריק צעקלונגען דער פעלד־טעלעפאָן און פון שטאָב האָט מען צווויסן געגעבן די מענטשן, וועלכע זענען געבליבן אין די פּאָזיציעס, אַז טאַנקן און פאַנצער־אויטאָס זענען אַריינגעפאָרן קיין דיר־סאניד און פאַר־נומען פּאָזיציעס נעבן דער באַן־ליניע. אין יענעם מאָמענט האָט סאָלעק ביעלסקי זיך געפונען אויפן דאַך פון צוויי־שטאָקיקן הויז, וואָס איז געשטאַנען אויפן צפונדיקן בערגל און פאַרצייכנט אַלע באַוועגונגען פון שונא.

פייוול, איינער פון די פאַרטיידיקערס פונעם „פילבאָקס", האָט נאָכן פרישטיק זיך ניט אומגעקערט אויף דער פּאָזיציע. אַזוי ווי ער איז געווען טראַקטאָריסט, האָט אים אַלעקס באַפוילן צודעקן מיט ערד די פעסער מיט

ברענשטאָף, וועלכע די קיבוץ־חברים האָבן מיט אַ טאָג פריער באַוויזן נאָר אין דער העלפט צו באַגראָבן אין דער ערד.

חברה האָבן אויפגעהערט גראָבן ביי דער פּאָזיציע און זיך צוגעקוקט ווי פּייוול לאָזט אין גאַנג דעם טראַקטאָר און פירט אים אַהין־און־צוריק. מיט אַמאָל האָבן דרומדיק אויפן הימל זיך באַוויזן דריי פּינטעלעך.

— עראָפּלאַנען — האָט ווער אויסגערופן. — אַריין אין „פּילבאָקס!"

אין געציילטע סעקונדעס האָבן איבער יד־מרדכי געשוועבט עראָפּלאַנען — די זעלבע וועלכע האָבן אַזוי איבערגעשראָקן די קינדער אין רוחמה. אַ טוץ קליינע שוואַרצע באָמבעס האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פון דאָרט און פאַלנדיק אויף דער ערד, האָבן זיי אויפגעריסן מיט גליענדיקע פלאַמען.

— צינד־באָמבעס! — האָט איינער אַ געשריי געטאָן און זיין קול האָט כמעט ווי איבערגעשריגן דאָס קול פון די אויפרייסן. אין קיבוץ זענען געווען פיל באַראַקן, דערפאַר זענען איצט אויסגעבראָכן אַ סך שריפות. ס'האָט זיך אויך אָנגעצונדן דער שייער. די פליער האָבן זיך באַמיט צו טרעפן דאָרט נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל, ביז ער איז אינגאַנצן אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט פלאַמען. די סטאַדעס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זייערע פאַרצוימונגען און געלאָפן איבערן הויף — מויל־אייזלען, פערד, שעפּסן, קי און קעלבער, ביי אַ הונדערט שטיק, אפשר מער. די מענטשן וועלכע זענען געזעסן אין „פּילבאָקס", האָבן זיי געקענט זען בהלהדיק אַרומלויפן איבערן קיבוץ, עטלעכע פון זיי פאַרוואונדעטע און אַנדערע ווידער אַרומגענומען מיט פלאַמען. די נאַפט־ציסטערנע פון וועלכער ס'האָט געשטראָמט ברענשטאָף אין דער קיך, איז געטראָפן געוואָרן און די פלאַמען האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום עס־זאַל. די פעקלעך שטרוי, צונויפגעלייגטע אין אַ סטויג, האָבן זיך אָנגעצונדן. באָמבעס זענען אויך געפאַלן אויף די הינער־שטייגן און הונדערטער עופות און גענדז, וועלכע זענען ניצול געוואָרן פון דער שריפה, האָבן זיך אַרומגעדרייט אין אַלע ווינקלען פון קיבוץ.

דער איינציקער וועמען מ'האָט בעת דער באָמבאַרדירונג געזען אין שטח, איז געווען פּייוול, וועלכער האָט זיך געאיילט מיט זיין טראַקטאָר צום עוקאַליפּטוס־וועלדל. די אין „פּילבאָקס" האָבן לייכטער אָפּגעעטעמט, זעענדיק ווי ער איז פאַרשוואונדן אין וועלדל אייניקע סעקונדן איידער די עראָפּלאַנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק איבערן קיבוץ און אים אָנגעהויבן באַשיטן מיט זייערע קוילן. די רעוועריי און מעקעריי האָבן זיך געטראָגן איבערן קיבוץ, מיטן פאַרגרעסערן די צאָל פאַרוואונדעטע בהמות, ביז די עראָפּלאַנען זענען אַוועק אויף מערב. אין פאַרלויף פון דעם פערטל שעה וואָס זיי האָבן געשוועבט איבערן הימל פון קיבוץ, איז זיי געלונגען אַ תל צו מאַכן פון יאָרן האַרעוואַניע.

עס זענען פאַריבער אייניקע מינוטן פון געפּלעפּטקייט. די מענטשן האָבן געזוכט סימנים פון לעבן נאָך דער באָמבאַרדירונג. דערנאָך האָט מען געזען אייניקע חברים לויפן צום אָפּדאַך ביים שייער. „מע וויל ראַטעווען דעם לאָמביין" — האָט זלמן פעסטגעשטעלט מיט צאָרן. איצט האָט מען געזען ווי פּייוול פירט דעם טראַקטאָר אויפן ווייצן־פעלד צווישן קיבוץ און דעם „פּילבאָקס". מיט אים איז געווען יורעק דער בינען־צוכטלער — אוןביידע זענען צוגעקומען צו דער פּאָזיציע אָן אָטעם. פּייוולס רויט פּנים איז געווען בלאַס; ער האָט דערציילט פון זיינע איבערלעבונגען ווען ר'איז געזעסן אויפן טראַקטאָר, אָפּגעדעקט פאַר די אַטאַקעס פון די עראָפּלאַנען. „זיי האָבן די מאַשינגעווערס אָנגעצילט אויף מיר, ווילבדיק טרעפן אינעם טראַקטאָר" — האָט ער געטענהט. ער האָט אָבער ניט געהאַט בדעה צו לאָזן דעם טראַקטאָר אויף הפקר און זיך באַהאַלטן, נאָר עקשנותדיק אים געפירט אויפן זיכערן אָרט אין עוקאַליפּטוס־וועלדל און דערנאָך פון אים אַראָפּגעשפּרונגען, ציטערנדיק ווי אַ בלאַט — און זיך געוואָרפן אויף דער ערד.

יורעק האָט דערציילט, אַז אים האָט מען געשיקט אויף נפתּליס אָרט, וועלכער איז מיט אַ טאָג פריער אַוועק פון קיבוץ מיט די קינדער. נאָך דעם ווי אַלע האָבן זיך עטוואָס באַרויקט, האָט גדעון, דער קאָמענדאַנט פון „פּילבאָקס", אים אָנגעהויבן דערקלערן זיינע אויפגאַבן. יורעק איז פון דער נאַטור געווען אַ גוטמוטיקער מענטש, אָן פּרעטענסיעס, און מיטן גאַנצן האַרץ זיך געווידמעט זיינע בינען און דעם „האָבי" פון פאָטאָגראַפירן. הגם ער האָט ווי אַלע קיבוץ־חברים באַקומען אַ געוויסע אויסשולונג ווי אַזוי זיך באַגיין מיט דער ביקס, איז ער ווייט געווען פון צו זיין אַ מיליטערישער כּיפּ. גדעון האָט באַשטימט יורעקס אָרט ביי איינעם פון די שיס־עפענונגען פונעם „פּילבאָקס". יורעק האָט ניט געפילט די ערנסטקייט פון דער לאַגע און בלויז די שפּאַנונג האָט אויף אים געדריקט. כדי אַ ביסל צו פאַרווייַלן די חברים, האָט ער זיי אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיינע בינען אין די בינשטאָקן. „מיר האָבן נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ געבענטשט יאָר מיט האָניק, מיר האָבן אַרויסגענומען אַ וועלט מיט האָניק" — האָט ער געזאָגט.

אויך מנחם, איינער פון די עלטסטע קיבוץ־חברים, האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון אַ חבר וועלכער איז אַוועק מיט די קינדער. מנחם איז געווען שאָפער פון קיבוץ און אַ סך מאָל געפּרוווט געוואָרן מיט דער שפּאַנונג און געפאָרן אויף די וועגן, נאָר ניט באַזיצט קיין ברעקל מיליטערישע דערפאַרונג, אויסער, פאַרשטייט זיך, די עלעמענטאַרע איבונגען אין דער „הגנה". די אַנדערע זענען געווען זעלנער פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן אין דער הגנה אַדורכגעמאַכט העכערע קורסן. זלמן האָט אין צווייטן וועלט־קריג געקעמפט אין אַפריקע און איטאַליע.

געלמאַן האָט אין דער פּוילישער אַרמיי זיך געשלאָגן מיט די נאַציס, אַרייַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, אַנטלאָפן, געכאַפּט געוואָרן דורך די רוסן, ווידער אַנטלאָפן, ביז ער איז ענדלעך געקומען קיין ארץ־ישראל מיט דער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס — און דאָ האָט ער זי פאַרלאָזט. מאַקס איז ישי זענען געווען פון די ערשטע אומלעגאַלע עולים, וועלכע זענען אין סוף קריג אָנגעקומען קיין יד־מרדכי. ביידע זענען שוין אַלט געווען אַ 25 יאָר און אַ לאַנגע צייט געקעמפט אין דער פּאַרטיזאַנקע אין די פּוילישע וועלדער. גדעון, קאָמענדאַנט פון דער פּאָזיציע, האָט זיך באַטייליקט אין עטלעכע קורסן פון דער „הגנה".

אַ פּופצן מינוט נאָך דעם ווי די עראָפּלאַנען האָבן זיך אָפּגעטראָגן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע און אומאויפהערלעכע אַרטיל־צרישע באַשיסונג אויפן קיבוץ. היגטער די זאַמד־בערגלעך ביי דיר־סאניד האָבן די גראַנאַטן־וואַרפערס פונעם שונא געאַרבעט מעשים. די מענטשן האָבן באַשיימפּערלעך געזען ווי די סנאַריאַדן טרעפן אין קיבוץ. באַלד איז באַשעדיקט געוואָרן דער וואַסער־טורעם און עס האָט אָנגעהויבן פון דאָרט צו פליצן. דער אָבסערוואַציע־פּונקט אויפן צפונדיקן בערגל איז שטאַרק באָמבאַרדירט געוואָרן און אויפן צווייטן שטאָק פון בנין האָבן זיך באַוויזן לעכער. די עגיפּטער האָבן סיסטעמאַטיש און מיט אַ סדר באַדעקט מיט זייערע סנאַריאַדן יעדער ווינקל פון קיבוץ. אַן אויסשפּיר־עראָפּלאַן האָט געשוועבט אין דער לופט און אינסטרוּירט די אַרטילעריע. איינע נאָך די אַנדערע זענען פאַרניכטעט געוואָרן די פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס פון יד־מרדכי. די דעכלעך פון די אייזן־כאָוולען האָבן זיך אַראָפּגעזעצט און געלע שטויב־וואָלקנס האָבן זיך אויפגעהויבן אין דער הייך, איבער די אָקאָפּעס און גריבער, ווו ס'האָבן זיך געפונען די פאַרטיידיקערס. ווידער אַמאָל האָבן די סנאַריאַדן געטראָפן אין וואַסער־טורעם. די האַלץ־געביידעס האָבן פונדאָסניי אָנגעהויבן פלאַקערן. קוויטשענדיקע הינער זענען אומעטום געפלויגן ווי פאַרביקע פּאַפּירן, וועלכע מע לאָזט אין דער לופטן בעת אַ פאַרווייַלונג. נאָר דאָ האָבן זיי געשוועבט אויף אַ שוואַרצן הינטערגרונט, אַרומגענומען מיט פלאַמען. די געפּלעפטע מענטשן האָבן ניט געקוקט איינער אויפן צווייטן און אַפילו ניט אַרויסגעלאָזט די פאַרע פון מויל. כעס און צאָרן האָט זיי פאַרכאַפּט, צוקוקנדיק זיך צום חורבן וואָס שפּילט זיך אָפּ פאַר זייערע אויגן.

גדעון האָט פּרובירט זיך פאַרבינדן מיטן שטאַב, נאָר דער טעלעפאָן האָט ניט געאַרבעט. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז די דראָטן זענען איבער־געשניטן געוואָרן בעת דער באָמבאַרדירונג און ער האָט איצט געטראַכט וועגן שטאַב — זענען די בחורים דאָרט איבערגעבליבן? צי זענען אַלע אומגעקומען? די איינציקע לעבעדיקע באַשעפענישן, וועלכע מ'האָט איצט

געזען אין קיבוץ, זענען געווען די צעטומלטע בהמות און עופות. די פֿאַר־טיידיקער האָבן געקענט זען די פֿאַרוווּנדעטע פֿערד און הערן זייער הירושען און קרעכצן.

ווידער האָבן זיך באַוויזן דריי עראָפּלאַנען. איצט זענען זיי געפֿלויגן העכער און אַראָפּגעוואָרפֿן באָמבעס פֿון 100 קילאָגראַם. וואָלקנס רויך, אויסגעמישט מיט שטויב, האָבן זיך געטראָגן אין דער לופֿט און דערנאָך לאַנגזאַם אַראָפּגענידערט אויף דער ערד. אויפֿן קיבוץ האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אַ טונקלקייט. דערפֿאַר איז דער „פּילבאָקס" געווען פֿאַרפּלייצט מיט זון. מנחם האָט פֿאַרגעלייגט, אַז די מענטשן אויפֿן אָרט זאָלן אַריינגיין אינעווייניק און לויט אַ ריי באַמיען זיך אויסצורוען אויף די הילצערנע בענק. „אפשר וועט מען זיך אַזוי אַרום מתגבר זיין איבער דעם וואָס אונדזערע אויגן זעען". אַנדערע האָבן מיט אים מסכים געווען, נאָר קיינער האָט זיך ניט אַוועקגעלייגט. זיי זענען צוגעפֿאַלן צו די שיס־עפֿענונגען און זיך צוגעקוקט צו די דערשיטערנדיקע בילדער.

פּלוצים האָט זיך צום „פּילבאָקס" דערנענטערט אַ „פּליט" פֿון קיבוץ, אַ הונט פֿון דער ראַסע „דובערמאַן־פּינטשער", וועלכע זענען אויסדרעסירט געוואָרן צו שמירה. דער הונט האָט זיך געדרייט אַרום דער פּאָזיציע פֿון אַלע זייטן, געבילט און געיאָמערט מ'זאָל אים דערלויבן אַריינגיין אינעווייניק. עטלעכע פֿאַרטיידיקערס האָבן אויף אים רחמנות געהאַט און געוואָלט אַריינ־נעמען. געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט, טענהדיק, אַז מעגלעך דאָס דער הונט איז משוגע געוואָרן פֿון שרעק און ער קען וועמען באַפֿאַלן און צעבייסן. גדעון האָט באַשלאָסן, אַז מע דאַרף דעם הונט דערשיסן אין באַפֿוילן מנחמען דאָס צו טאָן. מנחם האָט געוואָלט אויספֿירן דעם באַפֿעל איז אויפֿגעהויבן די ביקס צום אַקסל, נאָר די האַנט האָט געציטערט און ר'האָט ניט פֿאַרמאָגט גענוג כוח צו שיסן. אויך אַנדערע האָבן געפּרוווט, נאָר דאָך ניט געקענט הרגענען די חיה. ענדלעך האָט גדעון געגעבן דעם שאָס. אויך בעת דער גסיסה האָט דער אומגליקלעכער הונט געוואָלט דער־קריכן צו די מענטשן אין דער פּאָזיציע און אַפֿילו זיך דערנענטערט צו אַ שיס־עפֿענונג. די מענטשן האָבן מיט דער לופֿט געמוזט אָפּשטויסן זיין קערפּער. דאָס הרגענען דעם הונט האָט ניט ווינציק משפּיע געווען אויף די מענטשן, וועמענס הערצער זענען פֿאַרציטערט געוואָרן אין אַנבליק פֿון דער שרעקלעכער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פֿאַר זייערע אויגן צוליבן צעשטערן יאָרן פֿון מי און פּראַצע. אַלע האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך פֿאַרשטענדעניש, ווען ישי האָט אין זיין ווינקל זיך צעכליפּעט אויפֿן הויכן קול.

פֿון דיר־סאַניד האָט אַן אומגעפּלאָסטערטער וועג געפֿירט צום ים. אַ שעה




די פאַרטיידיגונג פּאָזיציע
פון יד־מרדכי

נאָך דעם ווי מ'האָט מיט די האַרמאַטן געווּמען באַשיסן יד־מרדכי, האָבן די חברים באַמערקט ווי געפּאַנצערטע מאַשינען פאָרן אויף דעם וועג. די אויטאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דער אַלייע פון די באָקסער־ביימער, אַ מרחק פון אַ 200 מעטער פון דער פּאָזיציע. אין דער לאָרנעטע האָט גדעון אונטערשיידעט אויף די מאַשינען צוגעפּעסטיקטע קליינע האַרמאַטלעך; ער האָט געזען ווי די זעלנער אין די אויטאָס האָבן גלייכגעשטעלט די האַרמאַטן און זיי אָנגעצילט אויפן „פּילבאָקס”.

— איצט איז געקומען אונדזער ריי — האָט ער געזאָגט און באַפוילן, אַז יעדער פון די פאַרטיידיקערס זאָל פאַרנעמען זיין פּלאַץ. מאַקס איז געשטאַנען גרייט צו לאָזן אין באַוועגונג זיין קוילנוואַרפער „ברען”, וואָס האָט געשאָסן מיט פּאַנצער־דורכדרינגלעכע קוילן. די מענטשן זענען געווען צעטראָגן, נאָר דורכגענומען מיט זעלבסט־זיכערקייט. זיי האָבן דער־פילט די חשיבות פון דער פּאָזיציע און געגלייבט, אַז זי איז ניט צום דעראָבערן; דערנאָך האָבן זיי געזען ווי ס'ווערט צו זיי אויסגעשאָסן דער ערשטער סנאַריאַד; ער איז אָבער געפאַלן אויף אַ מרחק פון אַ 100 מעטער. מאַקס האָט פון זיין קוילנוואַרפער געעפנט אַ פייער, נאָר דער מרחק איז געווען צו גרויס. איצט האָבן די עגיפּטער שוין געצילט בעסער און דער צווייטער סנאַריאַד איז געפאַלן נאָענט צום „פּילבאָקס”. מאַקס האָט ווידער גענומען שיסן פון זיין קוילנוואַרפער. „האָסט געטראָפן אין קילער פון דער מאַשין” — האָט גדעון אויסגעשריען מיט פרייד און דערנאָך צוגעגעבן אין יידיש: „מיר האָבן זיי געטראָפן. געטראָפן און צוגעשמידט צו דער ערד!”

אין דעם מאָמענט האָט אַ דריטער סנאַריאַד געטראָפן אין „פּילבאָקס”, אַריינ־געדרונגען אינעווייניק, צווישן צוויי שיס־עפענונגען, ביי וועלכע ס'זענען געשטאַנען גדעון און מאַקס. בעטאָן־שפּליטערס און אַ סך שטויב האָבן אַנגעפילט די פּאָזיציע. גדעון איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין פּנים, פון וועלכן ס'איז גערונען בלוט. פון אונטן האָט פייוול געשריגן:

— כ'בין בלינד געוואָרן, איך זע גאָרניט!...

— אין דער אַקאַפּע! נעמט מיט זיך די גאַנצע אַמוניציע! — האָט גדעון באַפוילן און אָנגעהויבן קריכן צום אַרויסגאַנג. צוויי חברים האָבן אים אויפגעהויבן און גענומען טראָגן, בעת יורעק האָט געכאַפּט דאָס רענצל פון דער ערשטער הילף. גדעונס ווונד איז ניט געווען קיין טיפע. אַ שפּליטער פון בעטאָן האָט אים באַשעדיקט דאָס פּנים. יורעק האָט אַרומגעבונדן די ווונד און גדעון האָט זיך געלאָזט צום קיבוץ, קריכנדיק איבערן ווייצן־פעלד.

פייוול איז ניט פאַרוווּנדעט געוואָרן, נאָר באַקומען אַ שאָק. זיינע אייגן זענען פול געוואָרן מיט שטויב און זאַמד. אינעם פּאָס וואַסער

ביי דער פּאָזיציע האָט זיך אַריינבאַקומען שטריב — און מ׳האָט ניט געקענט נוצן דאָס וואַסער אויסצושווענקען די אויגן. קיינער האָט ניט געפילט פּייוולס שאָק, דעריבער האָט מען אים צוגערעדט צו לויפן אין קיבוץ און זיך ווענדן צום ד״ר קעלער. צוליבן געשווילעכץ זענען זיינע אויגן געווען כמעט אינגאַנצן פאַרמאַכט. דאָך האָט פּייוול זיך געלאָזט מיט דעם יסורים־וועג אין קיבוץ אַריין. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גראַנאַט און די ביקס זיך אָנגעהאַנגען אויפן אַקסל. אַזוי באַלאָדן האָט ער אָנגעהויבן פּויזען איבערן ווייצן־פעלד.

אַ האַלבע שעה נאָך פּייוולס פאַרלאָזן דאָס אָרט, האָט זיך דערהערט אַ רוף פון יענער זייט טאָמאַטן־בייטן, ווייט פון דער אָקאָפּע. זלמן האָט עטוואָס אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון בלינדאַזש. איינער פון די פאַר־בינדלער, מאַטעס פון דער קוילנוואַרפער־מאַנשאַפט, איז געלעגן אויפן בויך צווישן די קוסטעס.

— זייט איר דאָרט אַלע אין אָרדענונג — האָט ער געשריגן, דער־נענטערנדיק זיך אויף אַלע פיר.

— צוויי זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן. מיר האָבן זיי געשיקט אין קיבוץ.

צווישן איין אויפרייס פון די סנאַריאַדן און צווייטן, איז מאַטעס אָנגע־קומען אין דער אָקאָפּע. ער האָט דערציילט וועגן דער צאָל פאַרוווּנדעטע אין קיבוץ גופא און אויסגעהערט פּרטים וועגן די שאָדנס, וועלכע ס׳האָט געהאָט דער „פּילבאָקס״. זלמן האָט געבעטן איבערגעבן אַלעקסן, אַז מע דאַרף שוין האָבן נאָך האַנט־גראַנאַטן און מאָלאָטאָוו־פלעשער, אין פאַל ווען די עגיפּטער וועלן אַטאַקירן מיט טאַנקן. נאָך האָט ער געבעטן, אַז מע זאָל שיקן עמעצן צו פאַרבייטן גדעונען. הגם דער רוב מענטשן אין דער פּאָזיציע זענען געווען דערפאַרענע שלאַכטלייט, איז שווער געווען וועמען פון זיי צו נעמען אויף זיך, ביי די געגעבענע אומשטענדן, די פולע אחריות פאַר דער קאָמענדע איבער אַזאַ וויכטיקע פּאָזיציע.

קריכנדיק האָט דער פאַרבינדלער זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ריכטונג פון קיבוץ.

דערווייל האָט פּייוול פאַרלוירן דעם וועג. זייענדיק פאַרטויבט און כמעט בלינד, האָט ער גענומען קרייזן אַרום זיך. דער שאַרפער ריח פון די געטראָפענע און צעקוועטשטע פלאַנצן, האָבן אים ווידער אַנטפלעקט, אַז ער האָט זיך אומגעקערט אויפן טאָמאַטן־פעלד. פּלוצים האָט ער דערהערט ווי עמעץ דערנענטערט זיך. איז עס אַ שונא? זאָל ער וואַרפן דעם גראַנאַט? הגם ר׳איז געווען אינגאַנצן פאַרטויבט, איז ער נאָך געווען מסוגל צו טראַכטן. אים איז געווען קלאָר, אַז די עגיפּטער זיצן נאָך אין שאָטן פון זייערע האַרמאַטן און האָבן נאָך ניט אָנגעהויבן אַטאַקירן.

— ווער איז דאָרט? — האָט ער אַ געשריי געטאָן ניט מיט זיין קול.

— דאָס בין איך, סעוועק. אויפן וועג צום „פילבאָקס".

— איך געפין זיך דאָ. איך בין פייוול. כ'זע גאָרניט. כ'קאָן ניט געפינען דעם וועג אַהיים.

— גיי גלייך און וועסט דערגיין צום פלויט — האָט אים סעוועק באַרויקט. — פאַראַן דאָרט מענטשן וואָס וועלן דיך נעמען צום דאָקטאָר.

— כ'בין פאַרוווּנדעט געוואָרן אין „פילבאָקס". איך קען גאָרניט זען, וייז מיר ווו צו גיין.

— איך קען ניט צוריקגיין מיט דיר, פייוול. איך מוז פאַרנעמען גדעונס אָרט. גיי גלייך, ניט אָפנייגן רעכטס צי לינקס, אָן שום ספק אַז וועסט דערגיין.

זיי האָבן זיך צעשיידט און סעוועק האָט כמעט אָפיציעל געזאָגט:

— גיב פון מיר איבער אַ גרוס אין דער היים.

און פייוול:

— לאָז גריסן די חברים אין „פילבאָקס".

קריכנדיק צווישן די רויטע צייטיקע טאָמאַטן, האָבן זיי זיך דערווייטערט איינער פון אַנדערן.

אַז סעוועק איז אָנגעקומען אין דער פאָזיציע, האָט ער די זעקס איבערגעבליבענע פאַרטיידיקערס געטראָפן באַהאַפטן צו דער וואַנט פון דער טיפער אָקאָפּע און צעשטעלט אין גלייכע מרחקים. שווער געווען צו דערקענען אין די דאָזיקע מענטשן די זעלבע, וועלכע ר'האָט געזען אין דער פרי בעתן פרישטיק. זייערע פנימער און אַנטבלויזטע אָרעמס זענען געווען באַדעקט מיט זאַמד און שווייס, די אויגן פאַרשטויבט און דאָס אָנטאָן פאַרשמוציקט. אַלע האָבן אָנגעהויבן ריידן מיט אַמאָל, כדי איבערשרייען די אויפרייסן פון די שראַפּנעלן. זיי האָבן געוואָלט וויסן וואָס עס הערט זיך אין דער היים. סעוועק האָט זיי דערציילט וועגן זיין באַגעגעניש מיט פייוולען צווישן די טאָמאַטן־בייטן. ער האָט ניט געוווּסט וועגן וועלכע ס'איז פאַרלוסטן.

סעוועק איז געווען לערער אין יד־מרדכי. אין די ערשטע טעג פון קיבוץ האָט ער באַלאַנגט צו דער פישער־מאַנשאַפט, וועלכע האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער ווונדערלעכער נסיעה דורכן סועץ־קאַנאַל צום ים־סוף, כּדי אויסגעפינען בעסערע ראַיאָנען פאַר פישפאַנג. ער האָט געדינט אין פּלמ"ח און דערפאַר האָבן טוביה און אַלעקס אים באַשטימט צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון פאַרוווּנדעטן גדעון.

מיט זיין געוויינלעכער עפעקטיווקייט, האָט סעוועק אָנגעהויבן באַטראַכטן די לאַגע. צומערשט איז ער אַריין אין „פילבאָקס" און אים קאָנטראָלירט.

די עגיפּטער האָבן פון צייט צו צייט דערלאַנגט אַהין. די הילצערנע בענק זענען פאַרשרפעט געוואָרן; פון די אויפגעריסענע פעסער וואַסער זענען געראָנען לוזשעס איבער דער פּאָדלאָגע; אַ ריח פון שיס־פולווער האָט זיך געטראָגן אין דער פּאָזיציע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז כדי אָבסערווירן דעם שונא און זיינע באַוועגונגען, מוז מען זיך באַנוצן מיטן „פּילבאָקס״, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין אַנדערער וועג צו קוקן אויף מזרח. ער האָט באַשלאָסן אַלע צען מינוט שיקן אַ מענטש צו אָבסערווירן די מזרח־זייט.

פונעם „פּילבאָקס״ האָט זיך פאַר סעווען אַנטפּלעקט אַ קלאָר בילד פונעם גאַנצן שטח. לינקס האָט זיך געזען די בריק אויפן הויפּט־שאָסיי — די זעלבע בריק, וועלכע די פּלמ״ח־דיוויזיאָנען האָבן ניט מצליח געווען אויפצורייסן מיט צוויי נעכט פריער. אונטערן בריק האָט זיך געשלענגלט אַ וואַדי, וועלכע האָט אויפן וועג צום ים זיך דערנענטערט אויף אַ 200 מעטער צו דער פּאָזיציע און דערנאָך זיך פאַרדרייט צום וועג וואָס אויף דער רעכטער זייט פון סעווען. איבערן וואַדי איז געווען אַריבערגעוואָרפן אַ קליין בריקל. ניט ווייט פון דאָרט, עטוואָס רעכטס און פאַרן וועג, האָט זיך געפונען אַ יונגע באַנאַנען־פּלאַנטאַציע, וועלכע איז פאַרפלאַנצט געוואָרן דורך די חברים פון יד־מרדכי. די פּלאַנטאַציע האָט זיך געפונען אויף אַ מרחק פון אַ 150 מעטער. סעוועק האָט באַמערקט, ווי זעלנער באַוועגן זיך צווישן די באַנאַנעס. דרומדיק פון דער פּלאַנטאַציע, האָט סעוועק געזען די פּאַנצער־אויטאָס, וועלכע זענען געשטאַנען אויפן וועג און זייערע האַרמאַטן האָבן פון צייט־צו־צייט געשאָסן. קוקנדיק אַלץ אין דער ריכטונג, האָט ער באַמערקט ווי אַ גרופּע זעלנער, אין דער צאָל פון אַ האַלבער קאָמפּאַניע, לאָזן זיך אַוועק מיטן וואַדי. ער האָט שוין ניט געהאַט קיין ספקות, אַז די עגיפּטער גרייטן אַן אַנגריף פון זייער פּיעכאָטע. מעגלעך, אַז אויף די פּאָזיציעס 1 און 2, וועלכע געפינען זיך אַנטקעגן דעם וועג, הגם עס ווערט קלאָרער, אַז די אַטאַקע וועט אַדורכגעפירט ווערן אויף דער קיבוצישער פעסטונג פון דרום־זייט — ד.ה. אויפן „פּילבאָקס״. דערפאַר האָט ער איינגעזען, אַז ס׳איז נייטיק צונויפזאַמלען די מענטשן און פינדאַסניי זיי אָרגאַניזירן, לויט דער געענדערטער לאַגע. כדי פאַרלויפן דעם וועג דער אַטאַקע פון יענער זייט וואַדי, מוז ער צוזאַמען מיט געלמאַנען, מנחמען און ישין בלייבן אין „פּילבאָקס״. זיי זענען געווען באַוואָפנט מיט ביקסן און ער — מיט אַן אויטאָמאַט „טאָמי״. מאַקס, אין וועמענס רשות ס׳האָט זיך געפונען אַ מאַשין־געווער „ברען״ און זלמן מיט יורעקן, באַוואָפנטע מיט ביקסן, וועלן פאַרטיידיקן די אָקאָפּע פאַר די אַנגרייפערס וואָס וועלן קומען פון דער באַנאַנען־פּלאַנטאַציע, אַ ספּעציעלער מענטש איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן צו אָבסערווירן און באַריכטן וועגן יעטוועדער באַוועגונג ביי דער פּלאַנטאַציע.

עמעץ איז געקראָכן איבערן ווייצן־פעלד און זיך צו זיי דערנעענטערט. דאָס איז געווען אַ פּלמ"חניק, וועלכער האָט אויף זלמנס בקשה געבראַכט מיט זיך גראַנאַטן און מאָלאָטאָוו־פלעשער. די מענטשן אין דער אָקאָפּע האָבן מיט אַלץ וואַקסנדיקן ציטער נאָכגעפאָלגט זיינע באַוועגונגען. די סנאַריאַדן האָבן אים שיער ניט געטראָפן; טראָגנדיק מיט זיך אַזאַ געפערלעכן באַגאַזש, האָט אים גאָרניט געטאָרט געשען. פויזנדיק אויפן בויך, האָט ער איינגעאַנצן אַ דערשעפּטער ענדלעך זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער אָקאָפּע. די מענטשן האָבן זיך געאיילט אים אונטערצוטראָגן אַ ביסל וואַסער, וואָס איז איצט געווען ביי זיי אַזוי טייער, אויך דערלאַנגט אים אַ פלאַש וויין, וועלכע זיי האָבן געהאַט ביי זיך, כדי אים שטעלן אויף די פיס. דערנאָך האָבן זיי די גראַנאַטן און מאָלאָטאָוו־פלעשער אַוועקגעשטעלט אויף אַ זיכערן אָרט אין דער אָקאָפּע. אַז דער שליח האָט קריכנדיק זיך צוריק געלאָזט אין קיבוץ אַריין, זענען די מענטשן געזעסן אין דער אָקאָפּע אין שפּאַנענדיקער דערוואַרטונג.

אין יענע שווערע שעהן האָבן אין קיבוץ גופא זיך אָפּגעשפּילט פיל זאַכן. ווען די עראָפּלאַנען האָבן זיך באַוויזן איבער יד־מרדכי, איז דער עס־זאַל געווען אויסגעפּילט אין דער העלפט. די טישן זענען געווען געדעקט מיט ברויט, פּוטער, מאַרמעלאַדע, קעז, אייער, קאַרטאָפל־סאַלאַט און קאַווע. אַזוי ווי מ'האָט ניט געקענט פאַרקויפן די פּראָדוקטן פון קיבוץ, האָבן די פרויען באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ פולן פרישטיק, כדי פאַרקלענערן די שפּאַנונג נאָך פון דער פאַריקער נאַכט. דערהערנדיק די אַלאַרם־סירענע, זענען די מענטשן אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און זיך אַוועקגעלאָזט אויף די פּאָזיציעס. אין קיבוץ האָבן זיך געפונען 55 פרויען און זיי האָבן שנעל זיך באַהאַלטן אין די בונקערס.

ווען די עראָפּלאַנען האָבן זיך אָפּגעטראָגן האָט אַלעקס געשיקט אַ גרופּע מענטשן צו ראַטעווען דעם קאָמביין פונעם בכּענענדיקן גאַראַזש. אַלעקס איז געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער איבערן שטאַב, דעם מענטשלעכן כוח און זיין פאַרטיילונג און איבערן געווער, בעת טוביה איז געווען דער דירעקטער קאָמענדאַנט איבער די פּאָזיציעס און אָקאָפּעס. ווען ער האָט אַדורכגעפירט אַ שנעל־באַזוך אין די אָקאָפּעס, האָט ער באַפוילן די מענטשן צו דערווייטערן זיך איינער פון צווייטן, אַפילו אין די זיגזאַגיקע אָקאָפּעס, און אין יעדער פון זיי איבערלאָזן בלויז איין אָבסערוואַטאָר. אין דער אָקאָפּע הינטערן בערגל, נאָענט פון וואַסער־טורעם, האָבן פאַרנומען זייערע ערטער דריי פון דער מאַנשאַפט פונעם מאַשינגעווער מ.ג. 34 און ניט ווייט פון זיי האָבן זיך איינגעגראָבן פיר מענטשן מיט צוויי גראַנאַטן־וואַרפערס. מע האָט זיי ספּעציעל באַשטימט דעם פלאַץ, נאָענט פון שטאַב, כדי זיי קענען איבער־

האַרפֿן פֿון אָרט צו אָרט, לויט דער באַדערפֿעניש. אין אַן אַנדער בונקער האָט געוואַרט ד״ר קעלער מיט אַ שוועסטער און מענטשן מיט טראָגבעטלעך.

קיינער האָט זיך ניט פֿאַרגעשטעלט אַזאַ פֿאַרניכטונגס־קראַפֿט פֿון אַרטי־לערישער באָמבאַרדירונג. אין יענער שעה זענען די פּרויען געזעסן אין די בונקערס, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ אויף די קני און זיך באַמיט גובר צו זיין די שרעק און שטיקנדיקע היץ. די מענטשן אין די אָקאָפּעס האָבן געמיינט, אַז נאָך אַ ביסל — און דער שרעקלעכער, פֿאַרטויבנדיקער רעש וועט זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט. זיי האָבן ניט געקענט אויפֿהייבן די קעפּ און זען וואָס די סנאַריאַדן טוען־אָן זייערע היימען; זיי איז ניט מער איבער־געבליבן, ווי לערנען זיך טרעפֿן די גרייס פֿונעם חורבן, לויט די אויפֿרייסן. אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע מינוטן זענען חרוב געוואָרן אַלע אינערלעכע טעלעפֿאָנישע פֿאַרבינדונגען. דער קליינער בונקער פֿונעם שטאָב איז דירעקט געטראָפֿן געוואָרן און מע האָט אים באַדאַרפֿט פֿאַרלאָזן. פּויזנדיק צווישן די אָקאָפּעס, האָבן אַלעקס, שמאי און די צוויי פֿאַרבינדלערינס פּאַניע און רחל זיך געצאיילט אַריבערצוגיין אינעם בונקער ווו מ׳האָט מאַגאַזינירט דאָס געווער.

סאַשאַ עברי איז געשטאַנען אויפֿן אָבסערוואַציע־פּונקט אין דער פּאָזיציע נומער 6. סאַשאַ איז געווען אַ שיינער יאַט, מיט שוואַרצע אויגן, גלאַטע האָר און שעמעוודיקן שמייכל. זיין אויסערלעכער אויסזען האָט ניט אַרויסגעוויזן די ביטערקייט און טראַגעדיע, וועלכע ער האָט אַדורכגעמאַכט אין דער יוגנט, אייסער אין יענע מאָמענטן, ווען זיין שיין פּנים האָט זיך פֿאַרצויגן מיט אַ פֿינצטערקייט און זאָרג. זיינע עלטערן זענען אומגעקומען אין קאָנצענ־טראַציע־לאַגער אין טשעכאָסלאָוואַקיי און ער מיט זיין ייִנגערן ברודער זענען אַוועק אין וואַלד און דאָרט געלעבט מיט אַ גרופּע ייִדישע פּאַרטיזאַנער ביזן סוף פֿון קריג. קומענדיק אין לאַנד אַלס אומלעגאַלער עולה, איז ער געבליבן אין יד־מרדכי און צוגעשטאַנען צו איינער פֿון די הכשרה־גרופּן אויפֿן אָרט. זיין ענערגיע און פֿאַרשטאַנד האָבן גאָר שנעל דערפֿירט דערצו, אַז ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פֿון זיין גרופּע. 9 אַזייגער אין דער פֿרי האָט אַ סנאַריאַד פֿון אַ דריי־אינטשיקן גראַנאַטן־וואַרפֿער געטראָפֿן אין דער פּאָזיציע נומער 6 און סאַשאַס קערפּער, מיטן אָפּגעצ־ריסענעם קאָפּ, איז אַרויסגעשליידערט געוואָרן אין דרויסן. דאָס איז געווען דער ערשטער קרבן פֿון קיבוץ — 20 יאָר לעבן זענען פֿאַרשניטן געוואָרן.

אין יענער צייט האָט יהודה ראָזען געוואָלט „פֿאַררעדן די ציין״ זיינע חברים פֿון דער קוילנוואַרפֿער־מאַנשאַפֿט. דערציילנדיק זיי וועגן דער באַלייכטונג־נעץ וואָס אַרום דעם קיבוץ. אַלס עלעקטריקער פֿון קיבוץ, האָט

ער ערשט דעם זעלבן אין דער פרי פאַרענדיקט די אַלץ־אַרומנעמענדיקע באַלייכטונג.

— דאָס איז דער סוף פון די לאָמפּן — האָט ער געזאָגט מיט פאַר־ביטערונג, צונויפגעמישט מיט גלייכגילט. — די פליענדיקע סנאַריאַדן וועלן צעזעצן אַלע 200 לאָמפּן פון דער באַלייכטונגס־נעץ.

דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר ראַזענען דווקא אין דעם מאָמענט צו טרינקען אַ „לחיים". ער האָט פון דער שפּייז־פּאַליצע אין דער אָקאָפּע אַרויסגענומען אַ פלאַש ווײַן און מיט די ציין אַרויסגעריסן דעם קאָרעק.

— פאַר יעדן לאָמפּ וועט אַן עגיפּטער באַצאָלן מיט זיין לעבן. נו, לאָמיר טרינקען פאַר דער דאָזיקער דעקלאַראַציע! — האָט ער אויסגערופן און דערנענטערט די פלאַש צום מויל, גיבנדיק אַן אָנשטענדיקן זופּ. דערנאָך האָט ער געזאָגט „לחיים" — און דאָס איז געווען זיין לעצט וואָרט. די מצרים האָבן אָנגעצילט זייערע קוילנוואַרפערס אויפן וואַסער־טורעם, איינער פון די סנאַריאַדן איז פאַרבייגעפלויגן דעם טורעם, אַריבער דעם בערגל און געטראָפן אין דער אָקאָפּע. יהודה איז דערהרגעט געוואָרן. שימעק איז שווער פאַרווונדעט געוואָרן און ממש פאַרגראָבן געוואָרן אונטער דער ערד. אויך אַנדערע פינף פאַרטיידיקערס זענען פאַרווונדעט געוואָרן.

די פאַרווונדעטע האָבן מיט אייגענע כוחות באַוויזן צוצוקריכן צום בונקער פון דאָקטאָר קעלער. די אַמבולאַטאָריע אין בונקער איז ניט געווען פון די פולקאָמע; די קיבוץ־חברים זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז דער דאָקטאָר וועט אויך אין דער אויסנאַם־צייט וויסן ווי צו דערפילן זיין פליכט, מיט דער הילף פון די מעדיצינישע מיטלען, וועלכע זענען געווען אין זיין רשות. אָבער אויפן אָרט איז אַפילו ניט געווען קיין טיש. די פאַרווונדעטע האָט מען אַוועקגעלייגט אויף אַ נידעריקע באַנק און ד"ר קעלער האָט זיך מיט זיי מטפל געווען קניענדיק. ער האָט געהאַט צוויי געהילפן — דאָראַ, וועלכע האָט אין דער „הגנה" אַדורכגעמאַכט קורסן פאַר ערשטער הילף, און לייב דאָרפמאַן, אַ סאַניטאַר, פאַראַנטוואָרטלעכער אויך פאַר די בעטלעך־טראָגערס.

צווישן די דאָזיקע ערשטע פאַרווונדעטע איז געווען איינער מיט אַ שווע־רער וווּנד אין קאָפּ: אים האָט ניט געדראָט קיין לעבנס־געפאַר, ער איז אָבער בלינד געוואָרן אויף איין אויג. אַן אַנדערער פאַרווונדעטער, לעאָן בלאַו, האָט אויסגעזען ניט ווי אַ שווער פאַרווונדעטער, נאָר נאָך דעם ווי ד"ר קעלער האָט אים איבערגעבונדן די וווּנד אויפן רוקן, איז אים שווער געווען צו ליגן. אַ שפּליטער פון אַ סנאַריאַד איז אים אַריין אין דער לונג, געבליבן שטעקן אין דער ריפּ, גורם געווען צו אַ בלוט־אויסגוס און שווערע ווייטיקן ביים ליגן. אין פאַרלויף פון צוויי מעת־לעת איז ער געשטאַנען

אייף די פיס, ביז זיי זענען אים געוואָרן אָנגעשוואָלן — און ער איז שוין ניט געווען מסוגל צו שטיין. ד״ר קעלער האָט אים איינגעשפּריצט דאָס לעצטע ביסל מאָרפיום וואָס ער האָט געהאַט, און אים געצוואונגען זיך אַוועקצולייגן.

מיטן איבערשניידן די טעלעפאָן־ליניעס אין קיבוץ, ווי נאָר ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונג, איז פאַר אַלעמען געשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון כסדרדיקער פאַרבינדונג צווישן שטאַב און די פאַרשידענע פּאָזיציעס. ניט געווען פאַר אים קיין אַנדערע ברירה, ווי נאָר זיך באַנוצן מיט שליחים־פאַרבינדלער. אַזאַ מעגלעכקייט האָט זיך פאַרויסגעזען נאָך פריער, און דריי פרויען האָבן זיך געמעלדעט צו דער אויפגאַבע. זיי זענען אין דער יוגנט דערצויגן געוואָרן אין „השומר הצעיר״. רעיה האָט זיך געפונען אין קיבוץ פון סאַמע אָנהייב, נאָך פון נתניה. זי האָט געוווּסט דעם מאָרס־אַלפאַבעט און מ׳האָט זיך געקענט מיט איר אַרויסהעלפן. לאהקע איז געקומען אין לאַנד אַריין דעם זעלבן טאָג, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. שולאַ האָט בעתן קריג זיך געפונען אין סיביר און איז ערשט ניט לאַנג געקומען אין לאַנד. אַלע דריי זענען נאָך געווען בחורטעס.

אַלעקס האָט צו זיך אַרויסגערופן די פאַרבינדלערינס. „די מענטשן שיסן אין די עראָפּלאַנען און פאַרשווענדן אַמוניציע״ — האָט ער געזאָגט. „מיין באַפעל: זיי דאַרפן שוין אָפּשטעלן די דאָזיקע שיסעריי. זאָל קיינער ניט צילן אין די עראָפּלאַנען. גייט אין די פּאָזיציעס און גיט איבער דעם באַפעל״.

הגם זיין שטים איז געווען אַ רויקע און פעסטע, האָבן אויפן שטערן זיך באַוויזן טיפערע קנייטשן ווי תמיד, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגן זיין זאָרג און ציטער צוליבן שיקן פרויען איצט, ממש בעת דער אַרטילעריי־שער באָמבאַרדירונג, צו דערפילן אַן אויפגאַבע. „עס לייגט זיך אויפן געדאַנק, אַז אַ באַשטימטע מאָס זיכערקייט פאַר אייך איז יאָ פאַראַן, אויב איר וועט אַדורכמאַכן דעם וועג אין די אָקאָפּעס״ — האָט ער זיי געזאָגט. אין פאַל ווען נייטיק צו גיין איבערן אָפענעם פעלד, דאַרפט איר שנעל לויפן און ביים דערהערן פון דער ווייטנס אַ פייף פון אַ סנאַריאַד — באַלד זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד. דאָס אַלץ, חברטעס, וואָס איך קען אייך זאָגן. מיט הצלחה!״.

רעיה האָט באַקומען אַ באַזונדערע אויפגאַבע. אַלעקס האָט געוואָלט האָבן פון סאַלעקן, וועלכער איז געשטאַנען אויף אָבסערוואַציע אינעם בעטאָנענעם הויז, אַ באַריכט פון די עגיפּטערס באַוועגונגען. מיט אַ שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ האָט רעיה אָנגעהויבן לויפן אין די אָקאָפּעס, וואָס צופוסנס

פון בערגל. דאָרט האָט זי געוואָלט אַ ווײַלע אָפּעטעמען. זי האָט אָנגעצילט איר בליק אויף יענער זײַט אָקאָפּע, וווּ ס'איז געשטאַנען די בעטאָן־הײַזקע. די דאָזיקע אָקאָפּע האָט מען אַפילו ניט געגראָבן זיגזאַגיק. די סנאַריאַדן זענען געפאַלן דערנעבן, ווײַל די עגיפּטער האָבן קאָנצענטרירט זייער פײַער אויפן אָבסערוואַציע־פּונקט. זי איז געבליבן זיצן אויף אַ באַשיצט אָרט, ניט קענענדיק זיך אַ ריר טאָן. אירע קניען האָבן געציטערט און זענען ניט געווען אימשטאַנד טראָגן אַפילו איר לײַכטן קערפּער. זי האָט שווער געאָטעמט און יעדער אָטעם־צוג האָט איר בלויז געבראַכט ווייטיקן. איר גאַנצע קיבוצישע וועלט־אָנשויאונג, באַזירט אויפן מוותר זײַן לטובת דעם כלל און די גליענדיקע שטרעבונג צו דינען אַנדערע, וואָס האָט איר באַוווינגן פרײַוויליק צו מעלדן זיך צו דער געוואַגטער און געפערלעכער אויפגאַבע — האָבן זי פלוצים אָפּגעלאָזט: „איך קאָן ניט, איך קאָן ניט!" איר פאַר־מאַטערטער און זיך קעגנשטעלנדיקער גוף האָט איר אָבער אונטערגעזאָגט: דו מוזט!" און דאָס געוויסן האָט געענטפערט: „וואָס וועט זײַן, אַז כ'וועל דאָ פאַרוווּנדעט אָדער דערהרגעט ווערן, ווײַט פון יעטוועדער הילף?" און רעיה האָט פאַרלאַנגט תשובה אויף דער שוואַכקייט, וואָס האָט זי אָנגעהויבן באַהערשן: „און ווער וועט אַלעקסן ברענגען דעם באַריכט, ווען ער קוקט אַזוי אויס?" אַזוי האָט זי זיך אַליין געענטפערט. ענדלעך האָט זי זיך אויפגעהויבן. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די באַשיסונג איז עטוואָס שוואַכער געוואָרן, אָדער אפשר האָט זי זיך אַליין באַרויקט מיט דער אילוזיע, אַז ס'איז טאַקע שטילער געוואָרן. זי האָט שנעל גענומען לויפן איבער דער אָקאָפּע, וויפל די פיס האָבן געטראָגן. ווען זי איז צוגעקומען כמעט צום סוף פון דער אָקאָפּע, האָט זי פלוצים דערזען אַ פאַרבלוטיקטע מענטשלעכע האַנט ליגט נעבן גרוב. טרערן האָבן זי גענומען שטיקן און זי האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן טיף אין דער אָקאָפּע, אין עק פונעם בעסער פאַרטיידיקטן אָבסערוואַציע־פּונקט. זי האָט אויפגעהערט אָטעמען. ס'זענען פאַריבער עטלעכע מינוט ביז זי האָט געקאָנט אַרויסריידן אַ וואָרט.

— געלאַסן, געלאַסן, מע דאַרף זיך ניט אײַלן — האָט געזאָגט סאַלעק. — נעם, גיב אַ זופּ ווײַן.

— אַ מענטשלעכע האַנט, כ'האָב געזען די האַנט פון אַ מענטש — האָט רעיה ענדלעך אַרויסגעזאָגט עטלעכע ווערטער. — ווער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן? אָדער דערהרגעט?

ער האָט איר דערציילט פון סאַשאַ עברי'ס טויט. „אוי, סאַראַ שאָד דער דאָזיקער טײַערער יונגנטלעכער" — האָט זי געזאָגט מיט באַדויער. זי האָט אים גוט געקענט, ווײַל זי איז געווען אַ מין „מאַמע" פאַר דער הכשרה־גריפּע פון די יונגע עולים, וואָס זענען געקומען אין קיבוץ. איר אויפגאַבע

איז געווען צו זאָרגן פאַר דעם אַלעמען וואָס האָט געפעלט די יוגנטלעכע פון דער הכשרה, דערקלערן זיי דאָס קיבוצישע לעבן, באַשעפטיקן זיך מיט זייערע פּראָבלעמען, ענטפערן אויף זייערע פראַגן און זיי טרייסטן אין זייער איינזאַמקייט.

— אַ וואָסער מעלדונג האָסטו געבראַכט? — האָט סאַלעק שאַרף גע־פרעגט, איבערשפּרינגענדיק פון איין ענין צום צווייטן, וואָס האָט באַדאַרפט פאַרהוילן זיין בהלה־שטימונג צוליב סאַשאַס טויט.

רעיה האָט געבעטן איר איבערגעבן די פּרטים, וועלכע האָבן אינטערע־סירט אַלעקסן. זי האָט זיך זיי גוט איינגעחזרט און דערנאָך איבערגעזאָגט פאַר סאַלעקן. פאַרן אַוועקגיין האָט זי אים געדריקט די האַנט.

— אפשר וועל איך דיר קענען געבן עטלעכע עצות, וואָס וועלן דיר צונוץ קומען אין וועג — האָט סאַלעק געזאָגט. — אין אַנהייב ווייזט זיך דיר אויס, אַז די באַשיסונג איז ניט מער ווי איין גרױסער דונער, דו מוזט אָבער וויסן אונטערצושיידן די קולות פון די סנאַריאַדן. איצט, צום ביישפּיל. האָסטו געהערט דעם אויפרייס? דאָס איז אַ סנאַריאַד וואָס איז ערשט אַרויס פון דער האַרמאַטן־לופע. די מצרים האָבן אַזוי נאָענט פון אונדז אַוועק־געשטעלט זייערע האַרמאַטן, אַז מיר קענען אַפילו הערן, ווען די סנאַריאַדן גליטשן זיך אַרויס פון דער לופע. דערנאָך הערט מען דעם אויפרייס פון סנאַריאַד, ווען ער שטויסט זיך אָן מיטן ציל. הערנדיק דעם־אָ אויפרייס — הייב זיך שנעל אויף און לויף. און שפּיץ ווידער אָן די אויערן. הער זיך איין צו די קולות פון די פאַרשידענע אויפרייסן און לויף ווייטער.

אַזוי האָט סאַלעק געלערנט רעיהן ווי אַזוי זיך ראַטעווען — און זי האָט די דאָזיקע תורה געכאַפּט זייער שנעל, אין אַנבליק פון דער שווערער לאַגע און געפאַרן וואָס האָבן אויף איר געלויערט. ער איז געשטאַנען און אָבסער־ווירט ווי זי לויפט גיך אין דער אַנטבלויזטער אָקאָפּע, שטעלט אָן די אויערן און וואַרפט זיך אָפּט אויף דער ערד. גלייכצייטיק האָט זי געוווּסט פּראַקטיש צו טאָן דאָס וואָס סאַלעק האָט זי פריער געלערנט און איר זעלבסטגעפיל האָט זיך פאַרבעסערט, ווען זי האָט פאַרשטאַנען, אַז מען קען לויפן אונטער אַ האָגל פון סנאַריאַדן. געפינענדיק זיך שוין אין דער זיכערער שוץ פון דער שטאַב־פּאָזיציע, האָט זי מער ניט געאָטעמט אַזוי שווער, נאָר איבער־געגעבן אַלעקסן די פּרטים, וועלכע זי האָט געהערט פון סאַלעקן און אויך דערציילט פון סאַשאַ עברי׳ס טויט. זי און אירע חברטעס די פאַרבינדלערינס, האָבן זיך אויסגעלערנט צו באַריכטן אַלעקסן וועגן די פאַרלוסטן, אָבער די מענטשן אין די פּאָזיציעס ניט דערציילט וועגן די שווידערלעכקייטן וואָס זיי האָבן געזען אויפן וועג פון זייערע שליחותן.

די פּאָזיציע נומער 1 איז אויסגעגראָבן געוואָרן אין דער הייך פון אַ נידעריק בערגל, מיט אַן אויסבליק אויף דרום. אין דער פּאָזיציע האָבן זיך געפונען פיר מענער און די סאַניטאַרין פּאַליאַ; קאָמענדאַנט פון דער פּאָזיציע איז געווען הערשל גרינמאַן. עטלעכע טעג פאַר דער שלאַכט, האָט הערשל געציטערט איבערן גורל פון זיין פּאָזיציע, ווייל די ערד דאָרט איז געווען אַ האַרטע און די גראָבונגען פלאַכער ווי אין אַנדערע פּאָזיציעס. ער האָט פון דער זיכערקייט־קאָמיסיע געפאָדערט צו פאַרטיפן די פּאָזיציעס. נאָר די קאָמיסיע איז געווען פאַרוואָרפן מיט פיל אַנדערע, דרינגענדיקע ענינים, אַזוי, אַז די פאַרטיפונגס־אַרבעט איז ניט געטאָן געוואָרן. בעת דער באַשיסונג האָבן זיך פיר מענטשן צונויפגעדרענגט אין דער אָקאָפּע און איינער איז געבליבן אין אָבסערוואַציע־פּונקט, שטייענדיק אין אַ גרוב וואָס איז ספּעציעל פאַרטיפט געוואָרן, כדי דעם גראַנאַטן־וואַרפער דער־מעגלעכן טאָן זיין אַרבעט הינטער אַ מער זיכערער שוץ. יעדער האַלבע שעה האָבן זיך געביטן די מענטשן אויפן אָבסערוואַציע־פּונקט, אַרייַנגערעכנט אויך פּאַליאַן. אַ זייגער 11 איז געקומען הערשלס ריי. ער האָט זיך געפונען אין דער אָקאָפּע, מיט דער ביקס ביי די פיס, ווען אַ צוויי־פונטיקער סנאַריאַד האָט איבער אים זיך אויפגעריסן. „כ'בין פאַרוווּנדעט!" — האָט אַ געשריי געטאָן הערשל. מאָטקע, דער שאָפער וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין די קאַמפן פאַר זיכערן די יידישע קאָמוניקאַציע אויף די וועגן, האָט זיך געפונען אַמנאָענטסטן פון הערשלען און געזען ווי ער איז שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן. שפּליטערן פון זיין ביקס האָבן אים צעשניטן די פיס ווי מיט מעסערס און בלוט האָט געשטראָמט פון די ווונדן. ער האָט אַלאַר־מירט פּאַליאַן.

— די אָדערן־פאַרהאַלטער — האָט ער געשריען לויפנדיק צום ווינקל פון דער אָקאָפּע, וווּ זיי זענען געלעגן.

— די באַנדאַזשן וואָס איך האָב, וועלן ניט זיין גענוג — האָט פּאַליאַ געענטפערט, קניענדיק נעבן פאַרוווּנדעטן. — שנעל, גיב מיר דיין העמד...

אין איילעניש איז דאָס העמד צעריסן געוואָרן אויף פּאַסן. מיט וועלכע מ'האָט איבערגעבונדן הערשלס פיס. מיט שפּליטערן פון דער צעקלאַפּטער ביקס, האָט מען פאַרפעסטיקט די קנופּן און פאַרהאַמעוועט די אָדערן, אויסער מיט די אָדערן־פאַרהאַלטער ממש.

— עס רינט אויך בלוט פון די פּיאַטעס — האָט פּאַליאַ געזאָגט. — העלפט מיר אַראָפּציען די שיך.

מיט אַמאָל האָט פּאַליאַ אָוועקגענומען די הענט פון די שיך און זיך צוריקגעצויגן. ביים אויפלאָזן די שיך־בענדלעך האָט זי געזען ווי דער פוס ציט זיך אַראָפּ, גלייך ער וואָלט שוין אויף גאָרניט געהאָנגען.

— מאַטקע, נעם איבער די קאָמענדע — האָט הערשל זיך אָפּגערופֿן. — מע דאַרף וואַלפֿן פֿאַרבייטן אויפֿן אָבסערוואַציע־פּונקט און צווישן געבן אַלעקסן וועגן דער לאַגע, פֿאַר מיר האָט ניט מורא — האָט ער צוגעגעבן, זעענדיק ווי זייערע פּנימער זענען שטאַרק באַזאָרגט מיט זיין גורל. אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג, אויך איך. נעמט מיך נאָר צום דאָקטאָר קעלער.

מאַטקע האָט אַוועקגעשטעלט סיאָמאַן אויפֿן אָבסערוואַציע־פּונקט און ער אַליין האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער פֿאַבריקס־געביידע, וויסנדיק, אַז אין דער נאָענט געפֿינען זיך די בעטלעך־טראָגערס. אין יענעם מאָמענט זענען זיי גראָד ניט געווען, ווייל זיי האָבן געהאַט אַוועקגעטראָגן דעם פֿאַרוווּנדעטן גדעון אין בונקער פֿון ד״ר קעלער. ניט געווען קיין ברירה, נאָר אויפֿזוכן אַנדערע בעטלעך־טראָגערס. ער האָט אָנגעהויבן לויפֿן אין די אָקאָפּעס און פֿון צייט־צו־צייט געמוזט קריכן אויף דער ערד, ווען די אָקאָפּע איז געווען ניט פֿאַרענדיקט. אין אַ 20 מינוט איז מאַטקע געקומען צום פֿאַרוווּנדעטן, צוזאַמען מיט לייב דאַרפֿמאַן און זיין געהילף. הערשל איז טאַקע געווען ביים פּולן באַוווּסטזיין, אָבער ריידן האָט ער שוין ניט געקענט. ביי אַ פֿערטל שעה האָט געדויערט, ביז דער פֿאַרוווּנדעטער איז אָנגעקומען צו ד״ר קעלער. זיי האָבן אים אַוועקגעלייגט אויף דער שמאָלער באַנק און מיט אַ שער צעשניטן זיינע בגדים. ער איז געווען פֿאַרוווּנדעט אין בויך, אויסער די שווערע וווּנדן אין די פֿיס. נאָך דעם ווי ד״ר קעלער האָט פֿאַרענדיקט מיטן באַנדאַזשירן און באַפֿרייען די פֿאַרהאַלטענע אָדערן, כדי שפּעטער זיי ווידער איינצוזימען, האָט ער גענומען אין האַנט אַ גרויסע שער. הערשל, וועלכער האָט שוין כמעט פֿאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין, האָט דערזען די שער.

— וואָס גייסטו טאָן מיט דער שער? — האָט ער געפּליסטערט.

דער דאָקטאָר האָט ניט געענטפֿערט. די פּיאַטעס זענען לגמרי געווען אָפּגעטיילט פֿון הערשלס פֿיס און זיך געהאַלטן בלויז אויף אַ דין פּיצל הויט. דער דאָקטאָר האָט איבערגעשניטן די הויט און לייב האָט געכאַפּט אין זיינע הענט די אָראָפּפֿאַלנדיקע פּיאַטעס. אַ ביסל שפּעטער, ווען דאָס פֿייער איז שוואַכער געוואָרן, איז לייב אַרויס אין דרויסן און קובר געווען די שווידערלעכע משא...

אין צווישנצייט האָבן די עגיפּטער פֿאַרגעזעצט באָמבאַרדירן דעם קיבוץ. זיי האָבן דיספּאָנירט מיט אַן אומבאַגרענעצטער צאָל אַמוניציע און זי פֿאַר־שווענדעט מיט אַ ברייטער האַנט, צילנדיק עטלעכע מאָל אין דעם זעלבן אָרט. אַ טייל קיבוץ־חברים האָבן געהאַלטן, אַז מ׳האָט אויסגעשאָסן אַ 2500 סנאַריאַדן. בעת אַנדערע זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז די צאָל האָט דערגרייכט 4000. פֿאַרן ענדיקן די מלחמה, איז דער גאַנצער שטח פֿון יד־מרדכי געווען באַדעקט מיט מעטאַל־שפּליטערס; אַז כ׳האָב מיט 12 יאָר

שפּעטער באַזוכט דעם קיבוץ, האָב איך אויף יעדן אָרט וואָס כ'בין פאַרביי־געגאַנגען, געקענט אויפהייבן שפּליטערס פון סנאַריאַדן.

די מענטשן האָבן אויף פאַרשידענע אופנים רעאַגירט אויף דער לויערנ־דיקער טויט־געפאַר, אויף דעם שרעקלעכן רעש פון דער באָמבאַרדירונג און אויף דער הילפלאָזיקייט אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. די ותיקים פון קיבוץ האָבן מיר דערציילט, אַז ניט אַלע האָבן אויסגעהאַלטן דעם דאָזיקן נסיון. אייניקע האָבן ניט געקלעקט די כוחות און זיי האָבן ביטער געוויינט, אַנדערע האָבן געחלשט. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן כאילו זיך צוריקגעקערט צו זייער קינדהייט, ניט קענענדיק זיך איינהאַלטן, אָדער זיך באַהערשן. אַנטקעגן זיי האָבן זיך געפונען אַנדערע, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן קאַלטבלוטיקייט, דרייסטקייט, אַפילו זיך געוויצלט און מיט זייער גוטער שטימונג אָנגעשטעקט די איבעריקע. זיי האָבן געחוזקט פון די עגיפּטער, הלמאי זיי פאַרשווענדן זייער אַמוניציע אויפן וואַסער־טורעם. אין דער פּאָזיציע פון מרים האָט מען זיך געוויצלט אויפן בחור, וועלכער האָט צווישן די פּראָדוקטן אַנטדעקט אַ סלאָיקל מאַרמעלאַד, מיט גרויס הנאה עס געעפנט און מיט די זאַמדיק־פאַרשמוציקטע פינגער געשטופּט אין מויל אַריין די זיסקייט. דער זאַץ „נעם אַ ביסל מאַרמעלאַד" איז געוואָרן די לאָזונג פון דער פּאָזיציע. ווי נאָר אַ סנאַריאַד האָט אויפגעריסן נאָענט פון דעם אָרט, האָבן די פאַרטיידיקערס באַצייכנט די געשעעניש מיטן זאָג „נעם אַ ביסל מאַרמעלאַד".

די פּאָזיציע נומער 8 האָט אַממיינסטן געליטן פון אַ קאָנצענטרירטן פייער, ווייל זי האָט זיך געפונען אויף איין ליניע מיטן בעטאָן־בנין אויפן בערגל — דער בנין, וועלכן די עגיפּטער האָבן, ווייזט אויס, באַשלאָסן צו צעשטערן ביזן יסוד.

— די לאַגע אין סטאַלינגראַד איז ניט געווען קיין סך ערגער — האָט געזאָגט אַדעק וויינפעלד, כדי צו דערמוטיקן זיינע חברים.

אַדעק איז געווען פון די ערשטע חברים פון קיבוץ. מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ער אַנטלאָפן פון פּוילן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, דאָרט מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און געווען צווישן די פאַרטיידיקערס פון סטאַלינגראַד. מיטן פאַרענדיקן די מלחמה, האָט ער זיך אומגעקערט קיין פּוילן, כדי צושטיין צו זיינע חברים אין ארץ־ישראל. נאָר דאָרט האָט מען אויף אים אַרויפגעלייגט פאַרשידענע אייפגאַבן, איידער ער וועט עולה זיין. ער האָט באַדאַרפט פאַרוואַלטן מיט אַ יידישן יתומים־הויז. „מיינע קינדערלעך" — פלעגט ער זיי רופן, ווייל ער אַליין האָט ניט געהאַט קיין קינדער. אין די שווערע טעג פון מערץ איז אַדעק אָנגעקומען קיין יד־מרדכי.

— איך האָב ניט געקענט זיין צווישן די גרינדערס פון קיבוץ, וועל איך כאָטש זיין צווישן זיינע פאַרטיידיקערס — האָט ער געזאָגט. אַז ס׳איז געקומען זיין ריי אַרויסצוגיין אויפן אָבסערוואַציע־פּונקט אין דער צעשטערטער פּאָזיציע, האָט ער אַהין געאיילט, ממש אַ פריילעכער. אַ סנאַריאַד, וואָס איז געפאַלן נאָענט פונעם בעטאָן־בנין, האָט אים דער־הרגעט אויפן אָרט.

פון די פיר בונקערס, זענען צוויי געווען פאַרנומען דורך די פרויען. בלויז פופצן פרויען האָבן געהאַט פאַרשידענע פונקציעס אין דער פאַר־טיידיקונגס־מערכה, בעת פאַר די אַנדערע איז ניט געווען קיין שום אַנדערע באַשעפטיקונג, ווי נאָר זיצן צונויפגעדרענגט אין די אומדערטרעגלעך הייסע בונקערס, מיט זייער געדיכטער לופט. דער מאַנגל אין פיזישע באַקוועמלעכקייטן האָט זיי ווייניקער באַשווערט ווי דער מוראדיקער איבער־לעכער ציטער פון אומזיכערקייט און שרעק. וואָס קומט דאָרט פאָר אין דרויסן? ווער האָט פאַרלוירן זיין לעבן אין דער אַרטילערישער באַשיסונג? ווי אַזוי פירט זיך די שלאַכט? וואָס וועט זיין אונדזער סוף?

דער בונקער נומער 2 איז כמעט אין גאַנצן באַזעצט געוואָרן מיט יונגע פרויען און מיידלעך, וועלכע זענען ערשט מיט צוויי חדשים צוריק געקומען קיין יד־מרדכי, כדי זיך אַנשליסן אין דער הכשרה־גרופּע. אַ העלפט פון זיי — 14—17־יאָריקע מיידלעך, ניצול־געוואָרענע פון די דייטשישע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן. גבריאל רמתי האָט זיי דער עיקר אויסגעקליבן פון צווישן די בערגען־בעלזענער. מיט זיי האָט זיך פאַרנומען ברכה, איינע פון די עלטסטע קיבוץ־חברטעס. הגם זי האָט געשוואַנגערט, וואָס האָט זי באַרעכטיקט צו פאַרלאָזן דעם קיבוץ צוזאַמען מיט די קינדער, האָט ברכה באַשלאָסן צו בלייבן, ווייל זי האָט געהאַלטן, אַז מ׳וועט זיך אין איר נייטיקן אין דער מילכעריי.

בעת דער באָמבאַרדירונג, איז דער בונקער געטראָפן געוואָרן. זיינע פונדאַמענטן זענען צעטרייסלט געוואָרן און די דרענגלעך וואָס האָבן אים באַדאַרפט אונטערשפּאַרן און שטאַרקן, האָבן זיך געוויגט ווי שיכורים. ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, גלייך דער גאַנצער בונקער וועט אויסגעריסן פון זיין אָרט מיט אַ מעכטיקן קלאַפּ. געדיכטער רויך און שטויב האָבן פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג און די פרויען האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּאַניק. ניט נאָר די יונגע האָבן זיך דערשראָקן, נאָר די מער דערוואַקסענע האָבן זיך מוראדיק צעשריגן.

— לאָמיר שוין אַרויס פון דאַנען! — האָט ווער פון זיי געקוויטשעט. — אַלץ וועט איינפאַלן אויף אונדזערע קעפּ.

ברכה איז געווען איבערגעשראָקן ניט ווינציקער פון אַנדערע, פונ־דעסטוועגן האָט זי געשפּאַנט צווישןביידע רייען הילצערנע בענק און גערופן:

— שטילער, שטילער, איר זעט דאָך אַז דער בונקער האַלט אויס. מיר זענען אין אים זיכער. שטיל זאָל זיין!

זי האָט דערלאַנגט אַ פּאַטש אַ יונג מיידל, וועלכע האָט זיך היסטעריש צעוויינט. אַ צווייט מיידל האָט זי באַרויקט מיטן נעמען זי אין די אַרעמס און גלעטן. ביסלעכוויז האָט זיך אַלץ איינגעשטילט, נאָר דאָס איז געווען אַן אויפגעצווונגענע און פאַלשע שטילקייט, אָנגעלאָדן מיט שפּאַנונג.

דאָס קינדער־הויז, וואָס האָט זיך געפונען פאַר דעם דאָזיקן בונקער, איז סיסטעמאַטיש צעשטערט געוואָרן דורך די עגיפּטער. אַז די קנאַלן פון די אויפרייסן האָבן זיך דערטראָגן צו זייערע אויערן, האָבן די פּרויען געטראַכט: „וועט דער צווייטער סנאַריאַד פאַלן אויף אונדז? צי נאָך די שרעקלעכע גרוילן פון בערגען־בעלזען דאַרף איך דאָ, אין דעם אונטער־ערדישן בונקער, אומקומען?״.

מיטן דערנענטערן זיך פון דער מיטאָג־שעה, האָבן די פרויען אין בונקער אַלץ מערער געליטן פונעם איינזאַמקייט־געפיל. זיי האָט זיך אויסגעוויזן, גלייך מ׳האָט זיי אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער שלאַכט. אינעם צווייטן פרויען־בונקער, ווו מ׳האָט אַריינגעשיקט עטלעכע פאַרוווּנדעטע, איז כאָטש געווען אַ באַוועגונג פון אָנקומענדיקע און אַוועקגייענדיקע. אַ לויפער־פאַרבינדלער פלעגט אַהין ברענגען דעם ד״ר קעלער, ווען מ׳האָט זיך געניי־טיקט אין זיין הילף. אייניקע פלעגן קומען זיך נאָכפרעגן ווי עס פילן זיך די פאַרוווּנדעטע, ווי נאָר אַ שוואַכערע באַשיסונג האָט דאָס דערמעגלעכט. אָבער אין דער פּאָזיציע נומער 2 איז קיינער ניט געקומען. דאָ איז גאָרניט געווען צו טאָן, ווי נאָר זיצן אין דער שווערער היץ און וואַרטן און וואַרטן — ביז נאָך אַ סנאַריאַד וועט אויפרייסן; וואַרטן ביז מ׳וועט מעגן טרינקען דאָס צוגעטיילטע טעפּעלע וואַסער; וואַרטן ביז ס׳וועט ווערן פינצטער, כדי קענען אַרויסגיין דערליידיקן די פיזיאָלאָגישע באַדערפעניש און אויסקוקן אויף נייעס.

מיט אַמאָל, נאָך אַן אַרטילעריסער באַשיסונג וואָס האָט זיך געצויגן דריי שעה, זענען די האַרמאַטן שטיל געוואָרן. אַן איינזאַמער עראָפּלאַן האָט זיך באַוויזן אויפן הימל איבערן קיבוץ און גענומען אַראָפּוואַרפן הונדערטער פלוגבלעטלעך, וועלכע זענען דערגאַנגען צו די מענטשן אין די פּאָזיציעס.

אין די בלעטלעך, געשריבענע אין אַ שלעכטן העברעיש, איז געזאָגט געוואָרן:

„אין נאָמען פון משה רבנו און אין נאָמען פון אַללאַ און זיינע נביאים, זאָלן זיך אויף אונדז דערבאַרעמען. גאָט האָט געזאָגט, אַז אויב דיינע שונאים ווילן שלום, מאַך מיט זיי שלום. גאָט הערט און ווייסט דעם אמת.

מיט די דאָזיקע הייליקע ווערטער פון קאָראַן, ווענדן מיר זיך צו אייך, איינוווינער פון דעם ישוב. מיר זענען אויסן צו ברענגען אייך שלום, מיטן באַדינג, אַז איר זאָלט זיך כלפּי אונדז באַציען פרידלעך. אַזוי אַרום וועט איר קענען ראַטעווען אייערע לעבנס, אייערע פאַרמעגנס, אייערע קינדער.

ניט אונדזער כוונה איז געווען אָנצוהייבן די מלחמה. אייער ווידערשטאַנד האָט אונדז באַוויזן אייך צו אַטאַקירן, נאָר דער ווידערשטאַנד וועט זיין אַ קורצער און אויסזיכטלאָזער.

דעריבער בעטן מיר אַלע איינוווינער שטיל לייגן זייער געווער, איבערגעבן אונדז די ביקסן, מינעס און דאָס גאַנצע מלחמה־געצייג, אַרויסהענגען אַ ווייסע פאַן, ניט פאַרניכטן דאָס פאַרמעגן, צונויפזאַמלען זיך אויף אַ צענטראַלן פונקט און וואַרטן ביז אונדזער קומען. איר ווערט אויפגעפאָדערט צו דערפילן דאָס אַלץ אין פאַרלויף פון אַ שעה פונעם מאָמענט ווען די פלוגבלעטלעך וועלן אָנקומען אין אייערע הענט. נאָך דער צייט, אויב איר וועט ניט דערפילן אונדזערע אָנווייזונגען, וועלן מיר אייך באַטראַכטן ווי אַגרעסאָרן און דערמיט וועט איר באַווייזן אַז איר ווילט קריג.

גאָט האָט געזאָגט: „דער וואָס וויל דיך הרגענען, הרגע אים פריער”. בעסער איר זאָלט וויסן, אַז גאָט איז אויף דער זייט פון די גערעכטע.

דער אַלמעכטיקער גאָט זאָגט תמיד אמת.”

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע צביעותדיקע פּראָפּאַגאַנדע איז געווען באַשטימט פאַרשפּרייט צו ווערן אין די ישובים פאַר דער באַמבאַרדירונג, וועלכע מ׳האָט אָנגעווענדט קעגן יד־מרדכי. איצט, ווען די פלוגבלעטלעך זענען פאַרשפּרייט געוואָרן נאָך דער צעשטערערישער אַרטילערישער באַשיסונג, האָבן זיי בלויז אַרויסגערופן צאָרנדיקן געלעכטער. די מענטשן האָבן גענומען פאַרפעסטיקן די פּאָזיציעס. אַלעקס און טוביה האָבן באַזוכט די פּאָזיציעס און אומעטום געטראָפן די פּאַרטיידיקערס ביים פאַרריכטן די צעשטערטע אָקאָפּעס. הגם די מענטשן זענען געווען דערשטוינט צוליב

דער אכזריותדיקייט פונעם אַנגריף, זענען זיי ניט געפֿאַלן ביי זיך. נאָך מיט יאָרן צוריק האָבן זיי אויסגעקליבן צו באַזעצן זיך אין אַ גרענעץ־פּונקט; איצט האָבן זיי זיך באַטראַכט ווי פּאַרטיידיקערס פֿון דער סאַמע פֿאָדער שטער פּאָזיציע פֿון דער בייער מדינה. „וואָס עס זאָל ניט זיין, דאַרפֿן מיר דאָ אויסהאַלטן" — אַזאַ איז געווען זייער מיינונג.

אַלע זענען פּאַרציטערט געוואָרן, הערנדיק וואָס ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַנדערע פּאָזיציעס. די קאָמאַנדירן האָבן דערציילט די פּאַרטיידיקערס, אַז יעדער מינוט האָט מען אויסגעשאָסן אויפֿן קיבוץ 40 סנאַריאַדן; געמענ־דיק אין אַכט אַזאַ שווערע באַשיסונג, זענען די שאָדנס ניט אַזעלכע גרויסע. פֿיר מענטשן זענען דערהרגעט געוואָרן, און צען — פֿאַרוווּנדעט. פֿון דער אַכט־פּערזאָניקער מאַנשאַפֿט פֿון קוילנוואַרפֿערס, זענען פֿיר אינגאַנצן אַרויס־געפֿאַלן, אַזוי, אַז פֿון איצט וועלן בלויז צוויי מענטשן באַדינען יעדן פֿון די צוויי קוילנוואַרפֿערס. מעגלעך, אַז ניט אַזוי פֿיל וואָלט געטראָפֿן געוואָרן, ווען זיי זאַמלען זיך ניט אַלע צונויף אין איין אָקאָפּע. די קאָמאַנדירן האָבן געבעטן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל פֿון דעם טייערן פּרייז וועלכן מ'האָט דערפֿאַר געצאָלט.

אומקערנדיק זיך אין שטאַב, האָט אַלעקס דיקטירט אַ דעפּעשע צום קאָמענדאַנט פֿון פּלמ"ח אין ניר־עם:

„12 בייטאָג. פֿון באַגינען זענען מיר שטאַרק אַטאַקירט געוואָרן פֿון דער לופֿט און מ'האָט אונדז באַשאָסן מיט 6־פֿונטיקע און 25־פֿונטיקע האַרמאַטן. אין קיבוץ זענען אויסגעבראָכן עטלעכע שריפֿות און גורם געווען גרויסע שאָדנס אין פֿאַרמעגן. דער „פּילבאָקס" אין דרומדיקן עק פֿון קיבוץ איז באָמבאַרדירט געוואָרן. דער וואַסער־טורעם איז געטראָפֿן געוואָרן און דאָס וואַסער האָט זיך אַרויסגעריסן".

שמאיס האַנט האָט געציטערט ביים איבערשיקן די דעפּעשע. מיט דער לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן דעם רעכטן אָרעם, כדי ער זאָל זיין פֿעסט. הגם שפּעטער האָט שמאי איבערגעוויזן טעלעגראַמעס מיט מער שוידערלעכע פּרטים, האָט די ערשטע דעפּעשע, ווי ר'האָט אויף אַ תמציתדיקן אופֿן און טרוקענער שפּראַך איבערגעגעבן וועגן די שאָדנס פֿון וועלכע ס'האָט געליטן דער קיבוץ, זייער אויף אים געווירקט.

טוביה און אַלעקס האָבן זיך באַראַטן וועגן ווייטערדיקע שריט, כדי זיך צופּאַסן צו דער ניי־געשאַפֿענער סיטואַציע. דער פֿאַרבינדונגס־סיסטעם דאַרף געשטאַרקט ווערן מיט דער הילף פֿון לויפֿערס. דינה, די מיטגלידערין פֿון דער זיכערקייט־קאָמיסיע, האָט זיך פֿרייוויליק געמאָלדן אַלס פֿאַר־בינדלערין פֿון שטאַב. מ'האָט זיך געניינקט אין נאָך לויפֿערס, כדי אָנהאַלטן



## דאס גרינדען פון קיבוץ









די ערשטע
טעג פון
יד־מרדכי







דעם שונא׳ס פאנצער וואגענס
און הארמאטן







דער פלאג (באנער) פון אונאבהענגיקייט

יד־מרדכי — היינט ; אלגעמיינער אנזיכט

פֿאַרבינדונג מיט די פּאָזיציעס. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אויפֿצולייזן די גרופּע „טאַנקן־יעגערס” און די ייִנגלעך באַנוצן אַלס לויפֿערס.

בשעתו האָט מען ניט געמאַכט קיין שום פּלענער אייַנצואָרדענען די קיך אין אַן אונטערערדישן בונקער. די מיטגלידער פֿון דער זיכערקייט־קאָמיסיע האָבן געהאַלטן, אַז די פּרויען וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט די קיך־אַרבעטן, וועלן אין פֿאַל פֿון אַטאַקעס, קענען קאָכן ביינאַכט אין קיך. איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ מעגלעכקייט איז ניט פֿאַראַן. אַ העלפֿט קיך איז געווען צעשטערט און ס׳האָט זיך געלייגט אויפֿן שׂכל, אַז זי וועט ווידער אַרייַנכאַפּן: די קאָמאַנדירן האָבן אַפֿילו געהאַלטן, אַז די עגיפּטער וועלן שיסן אויפֿן קיבוץ אויך אין די נאַכט־שעהן. לאָה, די הויפּט־קעכין, האָט מיט נאָך עטלעכע פּרויען געניטשטערט אין דער צעשטערטער קיך, כדי אַריבערצופֿירן אין די בונקערס אַ טייל פֿון די סאַמע נייטיקסטע כּלים. זיי האָבן געפֿונען צוויי באַשעדיקטע פּרימוס־מאַשינקעס, טעפּ און פֿאַטעלניעס, אַ ביסל פּראָדוקטן און דעם טאָפּ קאַווע וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אויף פֿרישטיק און קיינער האָט ניט באַוויזן פֿון אים צו פֿאַרזוכן. פֿון עלעקטרישן אייזקאַסטן האָט מען אַרויסגענומען געקאָכטע פֿלייש, פּוטער און מילך. ניט געווען קיין צייט אַריבערצופֿירן שפּייז אויך אין די פּאָזיציעס אין פֿאַרלויף פֿון דער שעה איבעררייס, וואָס איז דורך די עגיפּטער צוגעזאָגט געוואָרן אין זייערע פֿלוגבלעטלעך: די פֿאַרטיידיקערס אין די פּאָזיציעס וועלן דאַרפֿן עסן דאָס וואָס איז דאָרט פֿאַרגרייט געוואָרן אויף אַן אויסנאַם־צייט. דערווייל האָבן די פּרויען צוגעגרייט עסן פֿאַר די פֿאַרוווּנדעטע.

טוביה און אַלעקס האָבן באַזוכט דעם בונקער, וווּ עס האָבן זיך געפֿונען די פֿאַרוווּנדעטע. נאָכן כאַפּן אַ שמועס מיט יעדן איינעם, איז ד״ר קעלער מיט זיי אַרויסגעגאַנגען.

— מיר דאַרפֿן זיך פֿאַרבינדן מיטן רויטן קרייץ, כדי זיינע פֿאַרשטייער זאָלן קומען אַהער און עוואַקוירן די פֿאַרוווּנדעטע — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר. — אין אונדזערע באַדינגונגען קען איך זיך ניט מיט זיי מטפּל זיין ווי ס׳געהער צו זיין, ניטאָ גענוג אָרט וווּ זיי זאָלן ליגן.

— מיר זענען אַרומגערינגלט — האָט אַלעקס געענטפֿערט. — די באַשיסונג וועט זיך אָנהייבן אין עטלעכע מינוטן אַרום, און איצט איז אויך צו דערוואַרטן אַן אַטאַקע פֿון פּוסגייער. מעגלעך, אַז זיי וועלן אונדז אָנגרייפֿן נאָך היינטיקע נאַכט, הגם איך צווייפֿל וועגן דעם.

— אין יעדער מלחמה איז אָבער אָנגענומען צו עוואַקוירן די פֿאַר־וווּנדעטע — האָט דער דאָקטאָר גערעדט מיט היץ. ער איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען דאָקטאָר אין אַ דייטשיש מיליטערישן שפּי־טאָל. — הערשלען דאַרף מען תּיכּף אָפּערירן. דאָס איז זיין איינציקער שאַנס

צו בלייבן לעבן. אויב איר וועט ניט זאָרגן פאַרן באַלדיקן איבערפירן אים אין שפּיטאָל, קען איך ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין לעבן.

— בעסער איר, דאָקטאָר קעלער, זאָלט טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך — האָט אַלעקס געדולדיק דערקלערט. — מיר וועלן פּרוּוון טאָן וואָס עס לאָזט זיך, מיר זענען אָבער אָפּגעשניטן.

אומקערנדיק זיך אין שטאָב, האָבןביידע זיך אויסגעשטעגהט.

— אויב מיר וועלן דאָ וועלן אויסהאַלטן, פאָדערט זיך מערער ווי אַן אַמבולאַנס פון רויטן קרייץ — האָט געזאָגט אַלעקס. — מיר נייטיקן זיך אין פאַרשטאַרקונג און אין אַמוניציע. נאָר דו מיינסט, אַז זיי זענען אימשטאַנד צו שיקן אַהער מער ווי איין אָפּטיילונג? דער פּלמ״ח האָט ניט קיין רעזערוון און איך ווייס ניט צי מיר וועלן זיך קענען האַלטן אַפילו ווען זיי שיקן איין אָפּטיילונג.

— איך בין ניט אַזוי אָנגעשראָקן — האָט טוביה געענטפערט. — די גאַנצע אַרטילערישע באַשיסונג זייערע... איך מיין זייער מאָראַל איז גאָרניט אַזאַ געהויבענע. ווערסט זען — אונדזערע מענטשן וועלן זיי נאָך צוריקשטויסן.

אין „פילבאָקס" האָט מען דערווייל גוט אויסגענוצט די שעה איבעררייס וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן אין די אַראַבישע פלוגבלעטלעך. זיי האָבן גערייניקט און געשמירט מיט פעטס דאָס געווער און די ביקסן אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט. די לופעס זענען פאַרשטאָפּט געוואָרן מיט שמאַטקעלעך כדי ניט לאָזן אַריינדרינגען זאַמד און שטויב. מ'האָט אָפּגעגעסן און פאַרטרונקען מיט אַ ביסעלע וואַסער. זיי האָבן געפילט, אַז אַט קומט זייער ריי. די אויפגעדעקטע פּאָזיציע אין סאַמע דרומדיקן עק האָט זיי געלאָזט גלייבן, אַז די עגיפּטער וועלן טאָן אַלץ, כדי דעראָבערן דעם „פילבאָקס", איידער זייערע פוסגייער־אָפּטיילונגען וועלן אָנגרייפן דעם קיבוץ.

אַלע זייערע האָפענונגען זענען געווען פאַרבונדן מיט פייוולען, וועלכער האָט ווידער פאַרלוירן דעם וועג צום קיבוץ. אויך נאָך דעם ווי ער האָט געטראָפן סעוועקן, איז ער ווידער געקראָכן צו זיי.

— פייוול, באַלד וועט זיך אָנהייבן די אַרטילערישע באַשיסונג. דו הערסט, פייוול? בעסער זאָלסט אָנהייבן שפּאַנען אין דער ריכטונג פון קיבוץ. איצט וועט דיר זיין לייכטער אַהינצוקומען.

דאָס מאָל איז פייוולען יאָ געלונגען.

די שעה פון איבעררייס האָט זיך געענדיקט. די האַרמאַטן האָבן ווידער אָנגעהויבן דונערן נאָך שטאַרקער ווי פריער. די ערד אַרום דעם „פילבאָקס" האָט כסדר אויפגעציטערט פון די סנאַריאַדן.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ געשריי פונעם קעמפּער אויפן אָבסער־וואַציע־פּונקט:

— זיי קומען! זיי קומען!

זלמן האָט עטוואָס אויפגעהויבן דעם קאָפּ איבער דער אָקאָפּע.

— גיט אַ קוק, זעט ווי זיי מאַרשירן ווי אויף אַ פּייערלעכן פּאַראַד — האָט ער געזאָגט מיט איבערגענומענקייט.

צי דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין דערפאַרונג אין שלאַכטן, אָדער זיי האָבן געמיינט, אַז די פאַרטיידיקערס אין „פּילבאָקס" זענען דערהרגעט געוואָרן, האָבן די עגיפּטער מאַרשירט, ניט ווי ס'איז איינגעפירט ביי אַן אָנגרייפנדיק מיליטער. אַנשטאָט רוקן זיך פאָרויס איינגעבויגענע, צי קריכנדיקע, האָט מען גלייך און שטייף מאַרשירט. אין זיין לאַרנעטע האָט סעוועק דערזען שיין־מונדירטע אָפיצירן, וועלכע זענען געגאַנגען הינטער זייערע מענטשן, געפּאָכעט מיט די רעוואָלווערן און געשריגן:

— אויף זיי!

דערווייל איז דער „פּילבאָקס" נאָך אַלץ באַשאָסן געוואָרן מיט אַ געדיכט פייער. די פאַרטיידיקערס האָבן געוואַרט ביז די עגיפּטער וועלן זיך דער־נענטערן: 300 מעטער — 200 מעטער — 100 מעטער. ענדלעך האָט דאָס דעקונג־פייער אויפגעהערט און דער קליינער כוח אין דער פּאָזיציע האָט זיך גענומען גרייטן. דריי מענטשן האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויפן בויך און זייערע בליקן אָנגעשטעלט אויף דער פּלאַנטאַציע פון די באַנאַנעס. אויף דער צווייטער זייט זענען סעוועק און מנחם אַריינגעשפּרונגען אין „פּיל־באָקס", כדי דערלאַנגען פייער פון די שיס־לעכער. די איבעריקע צוויי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט טיפער אין דער אָקאָפּע, כדי פון דאָרט שיסן. דאָס זאַמד איז געווען גלאַט און גליטשיק, זיי איז שווער געווען צו פאַרפעסטיקן די פיס ליגנדיק, דאָך איז זייער פייער געווען עפעקטיוו. די שאָסן פון די פאַרטיידיקערס האָבן געזייט בהלה צווישן די פאָרויסמאַרשירנדיקע עגיפּטער און די געשרייען פון די פאַרוווּנדעטע האָבן זיך גוט געהערט. די זעלנער האָבן אין פּאַניק זיך צוריקגעצויגן און געדעקט הינטערן בערגל צווישן „פּילבאָקס" און וואַדי.

— זייט גרייט! זיי פּרוּוון זיך אומקערן און גיין פאָרויס — האָט סעוועק געשריגן.

געלמאַן און ישי האָבן זיך פעסטער אַוועקגעלייגט, כדי בעסער צילן מיט זייערע קוילן.

— לאָמיר אַרויפגיין אויפן דאַך — האָט געלמאַן אויסגערופן. דער דאַך פון „פּילבאָקס" האָט אַרויסגעשטאַרט אויף אַ מעטער איבער דער ערד. געווען שיפּועדיק און פונעם צענטער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַלע זייטן.

איפן הינטערשטן שיפוע איז געווען געגנוג אָרט פאַר צוויי מענטשן צו ליגן און שיסן צום שונא, זייענדיק גוט באַשיצט דורכן אַרויסשטאַר אין צענטער.

— באַמי זיך צו צילן און טרעפן אין די אָפיצירן. די זעלנער וועלן זיך אָפּטראָגן, אויב זיי פאַרלירן די אָפיצירן — האָט געלמאַן געזאָגט צו ישין.

איצט אָבער האָבן די עגיפּטער זיך געררוקט פאָרויס איינגעבויגענערהייט. אייניקע זענען דערגאַנגען ביזן עק פון אַראָפּהאַנג, וווּ ס'האָט אין דער הייך זיך געפונען דער „פּילבאָקס". סעוועק האָט איצט דערלאַנגט פון זיין אויטאָמאַט אין דער מאַרשירנדיקער קאָלאָנע. אייניקע זענען געטראָפן געוואָרן און די אַנדערע האָבן זיך שנעל אָפּגעטראָגן. פונעם „פּילבאָקס"־דעכל האָבן זיך געהערט די הייטערע שטימען פון ישי און געלמאַן.

— כ'האָב אים געטראָפן! געטראָפן דעם דיקן אָפיציר! — האָט ישי געשריען.

אויך געלמאַן האָט אין ברען פון דער שלאַכט געשריען פאַר פרייד. אין די רייען פון שונא איז איצט אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה און זיי האָבן זיך באַמיט צו אַנטלויפן, זוכנדיק שוץ אין וואַדי.

אין צווישנצייט האָבן די פאַרטיידיקערס אויף דער צווייטער זייט אָקאָפּע אָפּגעשטעלט די שיסעריי, ביז די עגיפּטער האָבן זיך דערנענטערט אויף דער דיסטאַנץ פון פייער־פאַרלעצונג פונעם „ברען". בעת צוויי מענטשן נעבן מאַקסן האָבן געשאָסן פון זייערע ביקסן און באַמיט זיך צו טרעפן די אָפיצירן, האָט ער געשיקט איין בינטל קוילן נאָכן אַנדערן. פּלוצים האָט מאַקס אַ געשריי געטאָן:

— דאָס מאַשינגעווער שיסט נאָר מיט איינצלנע קוילן — בלויז אַן איינצל־פייער.

— באַנוץ זיך דערמיט ווי מיט אַ ביקס — האָט זלמן אויסגערופן. אַלנפאַלס, איצט רוקן זיי זיך צוריק.

דער באָדן פאַר דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע איז געווען אַ פלאַכער אין די דערשראָקענע עגיפּטער האָבן ניט געהאַט קיין שוץ. זיי האָבן זיך אַלץ צ‧וריקגעצויגן און פאַרבייגעלאָפן די אָפיצירן, וועלכע האָבן זיי געדראָט מיט אָנגעצילטע רעוואָלווערן; די זעלנער האָבן זיך אָבער דערמיט ניט איבער־גענומען און אַפילו איבערגעלאָזט זייערע פאַרוווּנדעטע.

די אַרטילעריע איז ווידער געלאָזט געוואָרן אין גאַנג, דאָס מאָל — מיט מערער קראַפט, גלייך די עגיפּטער וואָלטן אַזוי אַרום געוואָלט נקמה נעמען פאַר די דריי מפּלות, וועלכע ס'האָבן געהאַט זייערע פוסגייער־אָפּטיילונגען. ס'האָט זיך געדוכט, גלייך אַלע האַרמאַטן וואָלטן געצילט געוואָרן און פיל סנאַריאַדן זענען געפאַלן נאָענט פון דער אָקאָפּע און

אין דער סביבה. די צייטיקע תבואה צווישן דער אָקאָפּע און דעם קיבוץ האָט אָנגעהויבן ברענען.

די מענטשן אין דער אָקאָפּע האָבן זיך באַמיט צו געפינען אַ ביסל מנוחה. די זון האָט געגליט, דער כאַמסין האָט זיי געמאַטערט, פאַרשטאַרקט דעם שווייס וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן שטויב אויף זייערע פּנימער און קערפּערס. אין האַלדז איז אינגאַנצן געווען טרוקן. אַ סך האָבן זיך געפרייט וואָס זיי האָבן מצליח געווען אָפּצושטויסן דעם שונא, בעת אַנדערע האָבן געפילט אַ מין דערדריקטקייט פון פּחד און שולד. צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן האָבן זיי דערהרגעט מענטשן. דאָס בילד פון פאַרווונדעטע און גוססדיקע, וועלכע רופן נאָך הילף — האָט זיי ניט געלאָזט רוען. זיי האָבן געוווּסט, אַז זיי דערוואַרטן נאָך אַן אַטאַקע, און ס'איז שווער געווען צו גלייבן, אַז דעמאָלט וועלן ניט זיין צווישן זיי קיין פאַרווונדעטע. ווי לאַנג וועט זיי צושפּילן דאָס מזל ניט געטראָפן צו ווערן? זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און אָנגעהויבן רייניקן דאָס געווער.

— איך האָב ניט געטראַכט פון קיין שום זאַך — האָט מיר דערציילט יורעק דער בינען־ציכטלער, אַרויסברענגענדיק זכרונות פון יענע טעג. — אוז בכלל איז מיר ניט אָנגעגאַנגען וואָס וועט געשען. אַ געפיל האָב איך געהאַט, אַז כ'וועל שוין קיינמאָל ניט אַרויס פון דער אָקאָפּע. דאָס איז מיר געווען קלאָר. כ'האָב אפילו ניט געטראַכט וועגן גורל פון מיין משפּחה, נאָר זיך פאַרנומען מיטן פּוצן די ביקס, ווי סעוועק האָט געהייסן.

— האָסט געזען דעם בעגער? — האָט געפרעגט ישי בעתן רייניקן די ביקסן. — איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזעלכע בעגערס.

— דאָס זענען אַוודאי סודאַנער — האָט זיך אָנגעשטויסן געלמאַן. (אין דער אמתן זענען זיי ניט געווען פון סודאַן גופא, נאָר געהערט צו אַ קעמפּערישן שבט, ניט ווייט פון דער סודאַנער גרענעץ). — איך האָב איינעם פון זיי געטראָפן, ער איז אָבער ניט געפאַלן, נאָר ווייטער געגאַנגען פאָרויס. דערנאָך האָט אים סעוועק דערלאַנגט אַ קויל און ליקווידירט.

— איך מיין, אַז כ'האָב מצליח געווען צו פאַרריכטן דאָס מאַשינגעווער — האָט מאַקס געמאָלדן. — זאָמד האָט זיך אַריינבאַקומען אינעווייניק און ס'איז ניט קיין וווּנדער וואָס ר'האָט ניט געשאָסן ווי ס'געהער צו זיין. קען איך אויספּרובירן די כלי און אויסשיסן אַ בינטל?

סעוועק האָט געגעבן די דערלויבעניש און מיט איין שאָס האָט מאַקס באַוויזן אַז דאָס געווער אַרבעט אין אָרדענונג.

די פאַרטיידיקערס האָבן פּרובירט אָפּשאַצן די צאָל פאַרלוסטן, וועלכע זיי האָבן גורם געווען די מצרים. יעדער האָט געהאַט זיין אָפּשאַצונג, נאָר צום סוף איז מען דערגאַנגען צו אַן אַלגעמיינער מיינונג, אַז אַ 30 זענען

אַוודאי געטראָפֿן געוואָרן. אונטערן צודעק פֿון אַרטילערישער באַשיסונג האָבן מצרישע סאַניטאַרן אַרויסגעטראָגן אויף בעטלעך אַ 7 צי 8 פֿאַרוווּנדעטע.

— דאָס זענען זיכער אַפּיצירן — האָט סעוועק אַרויסגעזאָגט זיין השערה.

אַלע אָנטיילנעמער אין די שלאַכטן, מיט וועלכע כ'האָב געשמועסט, האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז די עגיפּטער האָבן ניט אונטערגענומען וועלכן ס'איז פּרווו, אַפֿילו ווען ס'איז פֿינצטער געוואָרן, צונויפֿצוזאַמלען זייערע פֿאַרוווּנדעטע, אויב דאָס זענען ניט געווען קיין אָפּיצירן. די פֿאַרוווּנדעטע זענען געבליבן ליגן אויפֿן אָרט, ווו די קויל האָט זיי געטראָפֿן, דער דורשט האָט זיי געפּייניקט און נאָר די וועלכע זענען מיט אייגענע כוחות צוריק־געקראָכן צו די מצרישע ליניעס, זענען ניט אויסגעליפֿערט געוואָרן דעם מלאך־המוות צוליבן מאַנגל אין מעדיצינישער באַהאַנדלונג. *

דער חבר אויפֿן אָבסערוואַציע־פּונקט האָט צוויסן געגעבן וועגן באַ־דייטנדיקע צוגרייטונגען אויף די מצרישע ליניעס. ווייט פֿון דער לינקער זייט פֿונעם „פּילבאָקס", זעט מען טאַנקן נאָענט פֿון דער בריק, וועלכע די מינירער האָבן אויפֿגעריסן, אָבער זי ניט איינגעלייגט. אין וואַדי האָט מען געזען ווי זעלנער פֿאַרמירן זיך אין רייען. רעכטס האָט מען באַמערקט אַ באַוועגונג אין דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע. אין דער זיגזאַגיקער אָקאָפּע איז די שפּאַנונג געוואַקסן. וואָס וועט ברענגען דער ווייטערדיקער מאַנעווער פֿון די עגיפּטער? מיט אַמאָל האָבן זיך דערהערט שאָסן פֿון דער פּאָזיציע נומער 1. די פֿאַרטיידיקערס פֿון „פּילבאָקס" איז קלאָר געוואָרן, אַז דער שונא האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין יענער ריכטונג. אין עטלעכע מינוטן אַרום האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטורעם־אַטאַקע אויך אויף זיי. דער שונא האָט אויסגעקליבן אָנצוגרייפֿן אויף צוויי ערטער מיט איין מאָל — פֿונעם וואַדי און פֿון דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע.

— אויף די ערטער — האָט סעוועק אַ געשריי געטאָן. — לאָזט זיי דערנענטערן זיך וויפֿל ס'איז מעגלעך. פֿריער באַנוצן די האַנט־גראַנאַטן. רייסט אַרויס דעם פֿאַרזיכערונג־שטיפֿט און וואַרט אויף מיין באַפֿעל.

די פֿאַרטיידיקערס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איצט רוקן זיך די עגיפּטער פֿאָרויס מיט אַ פֿיל גרעסערער שנעלקייט. זיבן מאַן האָבן מיט קראַפֿט זיך באַהאַפֿטן מיט דער ערד, גלייך זיי וואָלטן געוואָלט זי זאָל זיי איינ־שלינגען, נאָר גלייכצייטיק האָבן זיי געפֿילט די הילפֿלאָזיקייט פֿונעם אַרום און פֿאַרשטאַנען, אַז זיי דינען אַלס באַקוועמער ציל פֿאַרן שונא. זיי האָבן

* אָבסערוואַטאָרן שטרייכן אונטער, אַז שפּעטער, ווען די עגיפּטער האָבן שוין געהאַט אַ ביסל קאַמפּס־דערפֿאַרונג, זענען זייערע פֿאַרוווּנדעטע ניט געבליבן אויפֿן פֿעלד, נאָר מ'האָט זיי אַוועקגעפֿירט אין שפּיטאָלן.

באַדאַרפט לאָזן דעם פיינד דערנענטערן זיך גאָר נאָענט, כדי ווי געהעריק זיך קענען פאַרטיידיקן אויף דער פּאַסיקער דיסטאַנץ פון אַ האַנט־גראַנאַט. נאָר אַ שטאַרקע דיסציפּלין און שטאַרקע נערוון האָבן באַוויזן די פאַרטיידיקערס צו וואַרטן, בעת דער שונא רוקט זיך פאָרויס. ענדלעך האָט סעוועק באַפוילן:

— וואַרפן!

זיבן האַנט־גראַנאַטן זענען געשליידערט געוואָרן אין דער ריכטונג פון די זיך דערנענטערנדיקע מענטשן, דערנאָך האָבן די פאַרטיידיקערס געעפנט אויף זיי אַ פייער פון גאַנצן געווער. די מצרישע אַטאַקע איז געוואָרן אָפּגעשטעלט און די אַנגרייפער האָבן אָנגעהויבן זיך איינברעכן. געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן געזוכט שוץ הינטער די טויטע קערפּערס פון זייערע חברים, אַנדערע ווידער האָבן זיך אויסגעדרייט און גענומען אַנטלויפן. נאָר דאָס הייסט ניט, אַז די לאַגע פון די פאַרטיידיקערס האָט זיך פאַרבעסערט. פאָרנט פון זיי, אין וואַדי, זענען געווען פאַרשטעקט טאַנקען, וועלכע האָבן געהאַט אַ ברירה אַרויסקריכן פון דאָרט יעדער רגע. הינטער זיי, געבויער — אויף דער רעכטער זייט, האָבן פּלוצים זיך באַוויזן מצרישע זעלנער; זיי האָבן אַרומגערינגלט דאָס בערגל אויף וועלכן ס'איז געווען אויפגעשטעלט די פּאָזיציע נומער 1 און אָנגעהויבן אַרומשניידן די שטעכלדראָטן. פּאַקטיש איז דער „פּילבאָקס” געווען אַרומגערינגלט פון דריי זייטן. צום גרויסן אומגליק, האָבן די דריי אויטאָמאַטישע כלים ווידער ניט געאַרבעט ווי געהעריק. דער קוילנוואַרפער האָט ווידער געשאָסן מיט אַן איינצל פייער און די אַמוניציע פון האַנט־מאַשינגעווער האָט זיך אויסגעלאָזט. די ביקסן האָבן געגליט און די פאַרטיידיקערס זענען איבערגעבליבן בלויז איינצלנע האַנט־גראַנאַטן. סעוועק האָט תיכף באַדאַרפט באַשליסן וועגן ווייטערדיקע שריט.

— לויפן! — האָט סעוועק געשריען. — נעמט מיט זיך די גאַנצע אַמוניציע, צעשפּרייט זיך! לויפט צו דער פאַרצוימונג!

די וואָס זענען געווען אין עק פון דער אָקאָפּע, האָבן ניט געהערט דעם באַפעל. יורעק איז צו זיי אַוועק.

— פאָרויס, לויפן! מיר ציען זיך צוריק!

— ניט געווען אַזאַ באַפעל.

— יאָ געווען דער באַפעל. סעוועק האָט אים געגעבן. פאָרויס!

— שוטה! טיפּש! — האָט אויסגעשריען יורעק, וועלכער האָט נאָך אויף קיינעם ניט געהויבן דאָס קול. — אויב אַזוי, וועל איך אייך דאָ איבערלאָזן.

— די אַנדערע האָבן זיך שוין צוריקגעצויגן, לאָמיר גיין! — האָט זלמן אַ געשריי געטאָן.

איינגעבויגענערהייט האָט מען זיך געלאָזט לויפן. זיי האָבן באַדאַרפט אַדורכמאַכן אַ 50 מעטער דורך דעם ברענענדיקן ווייצן־פעלד. קוילן האָבן געפייפט איבער זייערע קעפּ. די פלאַמען האָבן זיי געבריט, אָבער ענדלעך זענען זיי אָנגעקומען אויף אַ באַשיצט אָרט, אויסער דער זע־דיסטאַנץ פון די עגיפּטער. אויפן וועג זענען זיי פאַרבייגעלאָפן די פרעס־מאַשין פון די שטרוי־פעקלעך, וועלכע האָבן זיך איצט פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקן שייטער־הויפן. זיי זענען צוגעקומען צום טאָמאַטן־פעלד און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. ניט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, זענען זיי ווייטער געקראָכן. צום סוף זענען זיי אָנגעקומען צו דער פאַרצוימונג. דערנענטערנדיק זיך, האָבן זיי באַענט פון פעלז, ביי דער פּאָזיציע נומער 1, באַמערקט אַ גרופּע מצרישע זעלנער אויף אַ מרחק פון אַ 20 מעטער. דאָס באַווייזן זיך פון די איינ־געריסטע, שמוציקע און שווער־אָטעמדיקע „פּילבאָקס״־מענטשן, האָט איבער־ראַשט די עגיפּטער. קיין איינער פון די צוויי גרופּן האָט ניט געשאָסן. אייניקע פון די זיבן האָבן אַריבערגעקלעטערט דעם טיפן קעגן־טאַנקן ראָוו, בעת אַנדערע זענען געקראָכן אינעווייניק, אינעם זיגזאַגיקן גרוב הינטערן שטעכלדראָט. אַלע האָבן זיך געאײַלט צו געפינען שוץ הינטער דער וואַנט פון דער פאַבריק, דאָרט האָבן זיי זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און עטוואָס איבערגעכאַפּט דעם אָטעם.

די מצרישע זעלנער, וועלכע זענען שוין כמעט געווען אין „פּילבאָקס״, האָבן זיך פון דאָרט אומגעקערט און אַנטלאָפן צו דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע. וואָס האָט באַוויגן די עגיפּטער צום בהלהדיקן אַנטלויפן, שוין זייענדיק בלויז אייניקע מעטער פונעם ציל? לויט דער מיינונג פון זלמנען, האָבן זיי מורא געהאַט פאַר מינעס. די אָרטיקע אַראַבער האָבן געוווּסט, אַז די פלמ״חניקעס האָבן אַ סך מינירט די געגנט. דעריבער האָט זלמן געגלייבט, אַז ווען די אָנגרייפערס האָבן געזען ווי די יידן פאַרלאָזן אין איילעניש דעם „פּילבאָקס״ און ציען זיך צוריק פון דער אָקאָפּע, האָט איינער פון זיי געהאַלטן, אַז די באַפעסטיקטע פּאָזיציע וועט באַלד אויפרייסן. עמעץ האָט אַוודאי געלאָזט הערן אַ וואָרענונג, נאָך וועלכער אַלע האָבן זיך צוריקגעצויגן צום באַנאַנעס־פעלד.

אַז חברה האָט זיך עטוואָס אָפּגערוט פון דער לויפעניש, האָט סעווען געשיקט ישין צו מעלדן אין שטאַב וועגן זייער ריקצוג. גלייכצייטיק, ניט וואַרטנדיק אויף באַפעלן, האָבן די מענטשן פאַרנומען פּאָזיציעס אויפן בייעם אָרט. זלמן מיט נאָך צוויי פאַרטיידיקערס זענען געבליבן ביי דער פאַבריק און פון הינטער די וואַסער־ציסטערנעס פון בעטאָן האָבן זיי ווייטער געשאָסן

אויף די עגיפּטער, וועלכע מע האָט געזען לעם דער פאַרצוימונג. סעוועק, יוריעק און געלמאַן זענען געקראָכן צו דער אָקאָפּע, וועלכע האָט ווינקלדיק זיך געצויגן אויפן בערגל־אַראָפּהאַנג, ווו ס'איז געווען אויפגעשטעלט די פּאָזיציע נומער 1.

דערווייל איז ישי צוגעקומען צו דער פריערדיקער פּאָזיציע פון שטאַב. דערזעענדיק דעם צעקוועטשטן דאַך פון דער פּאָזיציע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אַלעקס האָט איבערגעפירט דעם שטאַב אין איינעם פון די בונקערס. דורכמאַכנדיק דעם וועג איינגעבויגענערהייט, אין די אָקאָפּעס, וועלכע האָבן פאַרבונדן פאַרשיידענע טיילן פון קיבוץ, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דאַרער, נידעריקער פּרוי.

— לאהקע, וואָס טוסטו דאָ?

— איך בין אַ פאַרבינדלערין פון אַלעקסן — האָט זי אין איין אָטעם געענטפערט. — דער טעלעפאָן איז צעשטערט, ער אַרבעט ניט.

— איך האָב אַ מעלדונג פאַרן שטאַב, נאָר כ'קען אים ניט געפינען. מיר האָבן זיך געמוזט צוריקציען פון „פּילבאָקס" — מ'האָט אונדז כמעט אַרומגערינגלט. נאָר אַלע זענען אָנגעקומען אויף אַ זיכער אָרט.

— איך קער זיך איצט אום אין שטאַב, כ'וועל איבערגעבן דיין מעלדונג.

ישי האָט געוווסט, אַז ניטאָ אַזאַ זאַך וואָס זאָל אָפּהאַלטן לאהקען פון דערפילן איר אויפגאַבע, אַפילו די שווערסטע. זי איז געווען באַוווסט מיט איר איבערגעגעבנקייט און דערפאַר האָט מען איר איצט אָנפאַרטרויט די אויפגאַבע פון אַ פאַרבינדלערין פונעם שטאַב.

— אַלזאָ, גיב איבער די ידיעה, — האָט געזאָגט ישי. — איך גיי צוריק צו מיינע. זאָג אַלעקסן, אַז די אַמוניציע האָט זיך כמעט אויסגעלאָזט. מיר זענען געבליבן אין דער פּאָזיציע, ווי לאַנג עס האָט זיך געלאָזט.

— זאָרג זיך ניט, כ'וועל אַלץ געדענקען.

— מיט הצלחה! און זיי פאָרזיכטיק!

ביידע זענען אַוועק זייער וועג.

אין דער פּאָזיציע נומער 10 האָט איר קאָמענדאַנט יחיאל רובען נאָכ־געפאָלגט נאָך די ערשטע פּרוּוון פון די עגיפּטער צו פאַרכאַפּן דעם „פּיל־באָקס". ער האָט באַפוילן זיינע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך ניט געהאַט דערלאַנגט קיין איין שאָס, צו זיין גרייט צו באַנוצן זיך מיטן געווער.

— מירן פּרובירן אָפּנאַרן דעם שונא. אפשר וועט ער גלייבן, אַז מיר האָבן אַ קוילנוואַרפער — האָט ער געזאָגט. — אַז כ'וועל אַ געשריי טאָן „פייער", זאָלט איר אַלע שיסן מיט אַמאָל. איצט — „פייער" — האָט ער באַפוילן און אין אַ ווייל אַרום:

— דערלאַנגט זיי נאָך אַמאָל... פייער!

די עגיפּטער האָבן זיך צוריקגעצויגן צום וואַדי. אין יענע אַלע נאָכמיטאָג־שעהן זענען די מענטשן אין דער פּאָזיציע נומער 10 געשטאַנען אויף די פּיס, גרייט צום שלאַכט. יעדעס מאָל, ווען אַ מצרישע איינהייט האָט פּרובירט זיך דערנענטערן צום „פּילבאָקס״, האָט יחיאל איבערגעחזרט דעם מאַנעווער.

צווישן איין אַלאַרם און דעם צווייטן, האָט איינער פון די מענטשן אין דער פּאָזיציע געפּרוווט געבן רו זיין אַקסל. נחן האָט ווײ־געטאָן דער אַקסל פונעם צוריקשפּרינגען פון דער ביקס. דאָס איז געווען אַ טשעכישע ביקס, וועלכע דערלאַנגט צוריק אַ זעץ ביים שיסן. נח האָט דערביי געטראַכט וועגן יענע פאַרלאָפענע יאָרן, ווען ער איז יונגערהייט מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי. דערמאָנט זיך דעם טאָג, ווען מ׳האָט אים אַריינגעשטופּט אין די הענט אַ ביקס, נאָר אים האָט געעקלט דאָס געווער. אין „השומר הצעיר״ האָט מען אים דערצויגן ליב צו האָבן דעם מענטש. דאָך האָט ער זיך געמוזט לערנען די מלאכה פון הרגענען. און ער האָט שוין פריער געהרגעט נאַציס, ווען דאָס פּוילישע מיליטער האָט זיך קעגנגעשטעלט דער דייטשער אינוואַזיע; ער האָט זיי ווידער געהרגעט פון לויערס, אַלס פּאַרטיזאַנער. איצט, 5 חדשים נאָכן אָנקומען אין קיבוץ, האָט ער ווידער געהאַלטן די ביקס אין האַנט...

— זיי קומען! אַלע צוזאַמען — פייער! — איז געפאַלן אַ באַפעל.

נח האָט אויפגעהויבן זיין ביקס און זי אָנגעשפּאַרט אויף דעם אָנגעווייטיקטן אַקסל.

אַז ישי איז צוגעקומען צו דער פאַבריק, האָט ער דערזען ווי טוביה לויפט אַהין מיט דער מאַנשאַפט פונעם קוילנוואַרפער „בראונינג״. ישי האָט געוואָלט אים דערציילן וואָס עס קומט פאָר, נאָר טוביה האָט שוין געוווּסט וועגן ריקצוג פון „פּילבאָקס״.

— זיי וועלן אַטאַקירן די פּאָזיציע נומער 1. זיי וועלן ניט פאַרזאַמען דאָס צו טאָן — האָט געזאָגט טוביה. — איצט קאָנצענטרירן זיי זיך אויפן ווייסן בערגל.

דאָס ווייסע בערגל איז געווען ניט עפּעס אַנדערש ווי אַ נידעריקער אַראָפּהאַנג אויף דער רעכטער זייט פון דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע, אויף אַ מרחק פון אַ 200 מעטער פון די פּאָזיציעס נומער 1 און 2. דעם נאָמען האָט דאָס בערגל באַקומען צוליבן גלאַנציקן זאַמד וואָס האָט עס באַדעקט און פון דער ווייטנס אויסגעזען ווייס.

טוביה און שמעון האָבן אַוועקגעשטעלט דעם קוילנוואַרפער באָענט פון דער פאַבריק און געעפנט אַ פייער אויפן ווייסן בערגל.

— ישי, לאָז זיך צו דער פּאָזיציע נומער 1 — האָט טוביה באַפוילן. —

זאָג סעוועקן, אַז פון איצט אָן וועט ער זיין קאָמענדאַנט פון דער פּאָזיציע. הערשל איז פאַרוווּנדעט געוואָרן. באַמיט זיך צו האַלטן די קעפּ בידעריק. די אָקאָפּע איז ניט גענוג טיף.

— האָב ניט מורא. ס׳וועט מיר גאָרניט געשען — האָט ישי געענטפערט מיט יינגלשער זעלבסטזיכערקייט.

אָנקומענדיק צו דער פּאָזיציע, האָט ער געזען ווי מאָטקע לייגט פּאָר זיינע דערשעפּטע חברים אַ פלעשל וויין.

— טרינקט ניט דעם וויין, באַנעצט בלויז די ליפּן — האָט ער זיי געראָטן. איינעם העלדזל פון דער פלאַש איז געווען אַ לאָך און מאָטקע האָט מורא געהאַט, קוים וועט ווער אַראָפּשלינגען אַ גלאָז־שפּליטער צוזאַמען מיטן וויין. אָבער ישי איז געווען צו שטאַרק דורשטיק, כדי זיך רעכענען מיט אַ שטיקל גלאָז און געגעבן פון וויין עטלעכע זופּ.

די פּאָזיציע איז געווען פאַרטיידיקט פון דער גאַנצער מאַנשאַפט. אין אָנהייב פון דער מצרישער אַטאַקע האָבן זיך אין איר געפונען צוויי שיסערס און אַ גראַנאַטן־וואַרפער. נאָר אַז די עגיפּטער האָבן זיך דערנענטערט צו דער פאַרצוימונג, איז דאָרט געשיקט געוואָרן פאַרשטאַרקונג פון אַ גרופּע פּלמ״חניקעס. די דאָזיקע פאַרשטאַרקונג האָט באַוויזן צו אַ ריקצוג פון די עגיפּטער, וועלכע האָבן געפונען שוץ אויפן ווייסן בערגל. איצט זענען צו די פאַרטיידיקערס צוגעקומען נאָך פיר מענטשן, וועלכע האָבן פריער זיך געפונען אין „פּילבאָקס״. דער פייער־כּוח פון דער פּאָזיציע נומער 1 און אויך פון נומער 2, איז שפּעטער נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן מיטן אָנקומען אַהין פון צוויי גראַנאַטן־וואַרפערס מיט די מאַנשאַפטן. אַלץ איז געווען גרייט אָפּצושטויסן די דערוואַרטע מצרישע אַטאַקע.

די עגיפּטער האָבן ווידער אָנגעהויבן זיך רוקן פאָרויס, פאַרלאָזנדיק דאָס שוץ־אָרט וואָס זיי האָבן פריער פאַרנומען אויפן ווייסן בערגל. איצט האָבן זיי זיך באַוועגט אין די אויסגעריזלטע ערטער און קליינע וואַדיס, וועלכע האָבן זיך געשלענגלט אויפן גאַנצן שטח, כמעט ביז צופוסנס פונעם פעלדז וואָס ביי דער פּאָזיציע. אויך איצט האָבן די אָנגרייפערס געציילט אַ מאַן זעכציק. אַ טייל — סודאַנער, און הינטער זיי שפּאַנען די אָפיצירן מיט אָנגעצילטע רעוואָלווערן. זיי האָבן זיך גערוקט פאָרויס אונטערן צודעק פון אַ זייער געדיכטן פייער, וואָס איז געצילט געוואָרן אויף די פּאָזיציעס 1 און 2. בעת די מענטשן אין די אָקאָפּעס האָבן זיך אַראָפּגעבויגן, האָבן די מינען־וואַרפערס דערלאַנגט עטלעכע מינעס דעם שונא. דער ליאַרעם און טומל פון דער שלאַכט איז געווען אין לשער. טוביה האָט גענומען דאָס מאַשינגעווער און געצילט זיין פייער אויף די אָנגרייפערס. זלמן און די אַנדערע, וועלכע האָבן פאַרנומען אַ שוץ־אָרט

ביי די בעטאָנענע וואַסער־ציסטערנעס, האָבן שנעל געשאָסן צום זיך פאַרויס־רוקנדיקן שונא. די פאַרגייענדיקע זון האָט זיי געבלענדט די אויגן, דערפאַר אָבער האָבן די העלמען פון די עגיפּטער זיך גוט אָנגעזען.

— צילט אונטער די העלמען — האָט זלמן געשריען.

די פאַרטיידיקערס פון יד־מרדכי האָבן ניט געהאַט קיין העלמען, נאָר דער בלויז האָט זיך באַלאַנסירט, אַ דאַנק דער ליכט־ און שאָטן־שפּיל פון דער אונטערגייענדיקער זון.

די עגיפּטער זענען דערגאַנגען ממש ביזן פּלאָנטער פון שטעכלדראָט פאַר דער פּאָזיציע נומער 1. אייניקע פון זיי זענען אַרויף אויף מינעס, פאַרוואונדעט געוואָרן און געפאַלן אויף דער ערד. פּלוצים האָט אויפגעהערט דאָס מצרישע דעקונג־פייער. אַרויסשפּרינגענדיק פון די אָקאָפּעס, האָבן די פאַרטיידיקערס געשאָסן אין די פון זיי נאָענטע עגיפּטער און אויף זיי געשליידערט האַנט־גראַנאַטן.

ישי איז געווען גליקלעך: — כ׳האָב אים געטראָפן! — און אין אַ ווײַלע אַרום: — כ׳האָב דערלאַנגט דעם סודאַנער, — ווידער אַ געשריי פון פרייד און נצחון.

— דאָס איז מײַן דריטער!... און מיט אַמאָל האָט ער אַרויסגעלאָזט די ביקס פון האַנט און געפאַלן אויפן רוקן. עמעץ האָט אַלאַרמירט די ערשטע הילף און פאַליאַ האָט אָנגעהויבן קריכן צו דער אָקאָפּע. זי איז געקראָכן ביי די פיס פון די פאַרטיידיקערס, וועלכע האָבן געוואָרפן האַנט־גראַנאַטן אויף די זיך אונטן קאָנצענטרירנדיקע עגיפּטער, ביז זי האָט זיך דערשלעפּט צו ישי׳ן.

— אַזאַ קליין לעכל — האָט זי געזאָגט ווי צו זיך אַליין. — ווי קאָן אַ מענטש שטאַרבן אַזוי שנעל פון אַזאַ לעכעלע.

דער דופק האָט שוין ניט געקלאַפּט, דאָס האַרץ — אויך ניט, דער גוף איז געבליבן אָן לעבן. זי האָט ישי׳ס פּנים צוגעדעקט מיטן מאַנטל. קריכנדיק צוריק, האָט זי דערהערט די פרייד־געשרייען פון די פאַרטיידיקערס:

— זיי ציען זיך צוריק! זיי טראָגן זיך אָפּ! זיי אַנטלויפן!...

די קאָמענדאַנטן פון יד־מרדכי האָבן בכלל ניט דערוואַרט קיין מצרישע אַטאַקע אויף דער פּאָזיציע נומער 1. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער אַממייִנסטן באַדראָטער ראַיאָן וועט גראָד זיין די די מזרח־זייט, וואָס איז געווענדט צום שאָסיי. ס׳איז ניט געבליבן קיין צייט צו מינירן דעם אָפּשניט, וווּ ס׳האָבן זיך געפונען די פּאָזיציעס 7, 8, 9 און 10; אַנשטאָט דעם האָט מען אויסגעשטעלט שילדן מיט אויפשריפטן „פאַרזיכטיק — מינעס!". ביזן היינ־טיקן טאָג קענען די חברים פון יד־מרדכי ניט פאַרשטיין וואָס האָט באַוויגן די עגיפּטער צו קאָנצענטרירן זייערע אַטאַקעס אויף די פּאָזיציעס 1 און 2.

די־אַ פּאָזיציעס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן שפּיץ פון אַ קליין בערגל און הגם זיי האָבן זיך געפונען אויף אַ מרחק פון בלויז 10 מעטער פון די שטעכלדראָט־ראָלן און קאָנצערטינעס, האָבן די פּאַרטיידיקערס געהאַט אַ שטיקל איבערגעוויכט אַ דאַנק דעם אַראָפּהאַנג וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט פון די אָנגרייפערס, וועלכע האָבן בעת אַן אַטאַקע באַדאַרפט אַרויפקלעטערן אין דער הייך. נאָך מער, ווען די אָנגרייפערס וואָלטן געוואָלט איבערהאַקן דעם שטעכלדראָט, וואָלטן זיי זיך געמוזט דערנענטערן אויף אַ דיסטאַנץ פון אַ האַנט־גראַנאַט. אין אָנהייב פון די שלאַכטן האָט יד־מרדכי פאַרמאָגט 400 האַנט־גראַנאַטן.

אַז די עגיפּטער זענען צוריקגעשטויסן געוואָרן און אַנטלאָפן פון שלאַכט־פעלד, האָבן די מענטשן זיך דערלויבט אַוועקצוזעצן אין דער אָקאָפּע, אין קילן שאָטן אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, כדי עטוואָס איבערצוכאַפּן דעם אָטעם נאָך דער פאַרביטערטער שלאַכט. זיי האָבן קיין סך ניט גערעדט, נאָר פאַרנומען זיך מיטן רייניקן און אָנלאָדן דאָס געווער.

ס׳איז פאַריבער אַ האַלבע שעה און דער אָבסערווירער האָט אויס־געשריגן:

— נאָך אַן אַטאַקע!

די מענטשן האָבן רעאַגירט פּאַמעלעך. זייערע אברים זענען געווען אַזוי האַמעטנע, אַז זיי האָבן זיך שווערלעך אויפגעהויבן, אויסגעצויגן די קערפּערס, נאָר באַלד האָט זיי באַהערשט דער קאַמפּס־גייסט און זיי זענען געוואָרן געשפּאַנט און גרייט.

— גראַנאַטן, גראַנאַטן! וואַרפט אויף זיי גראַנאַטן — האָט סעוועק געשריען.

ווידער זענען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יענע געוואַגטע און געשפּאַנטע קעמפערס, וועלכע האָבן געשליידערט גראַנאַטן, געשאָסן מיט אייפער, זיך איינגעבויגן, ווידער זיך אויפגעהויבן און געשאָסן. עטלעכע עגיפּטער זענען דאָך דערגאַנגען צום דראָט־פּלאָנטער און אים אָנגעהויבן איבערהאַקן. אייניקע פּאַרטיידיקערס זענען אַרויסגעשפּרונגען פון דער אָקאָפּע, זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און פּינקטלעך אויסגעקליבן דעם ציל. איינער נאָכן אַנדערן זענען עגיפּטער געפאַלן טויט אויפן שטעכלדראָט. די זעלבער הינטער די געפאַלענע, האָבן זיך געאײַלט אַוועקצוואַרפן די ביקסן און זיך אָפּטראָגן אין דער ריכטונג פון די וואַדיס.

די זון האָט אָנגעהויבן פאַרגיין. דריי אַטאַקעס אויפן „פּילבאָקס״ און די זעלבע צאָל אַטאַקעס אויף דער פּאָזיציע נומער 1 זענען צוריקגעשטויסן געוואָרן. דער אָבסערווירער אין דער פּאָזיציע האָט מיטגעטיילט, אַז ער

זעט ווי די עגיפּטער גרייטן זיך צוריקציען. די האַרמאַטן האָט מען דער־ווייטערט און אויך די איינהייטן זענען צוריקגעטראָטן.

— אויף היינט האָבן זיי פאַרענדיקט זייער אויפגאַבע — האָט זיך אָנגערופן זיגי, פון די פּלמ״חניקעס, וועלכער איז געווען קאָמפּעטענט אין די ענינים. — אויב די זענען ענלעך צו זייערע אַראַבישע ברידער, מיט וועלכע מיר האָבן בשעתו געקעמפט, וועט ביינאַכט ניט פאָרקומען קיין שום אַטאַקע. מעגלעך, אַז זיי וועלן אונדז באַשיסן מיט די האַרמאַטן, אָבער ניט אַטאַקירן.

— דאָ ליגט ווער פאַרווונדעט — האָט זיגי אַ געשריי געטאָן פון דער צווייטער זייט אָקאָפּע.

דאָס איז געווען אבא גלינסקי, פון דער ערשטער־הילף אָפּטיילונג פון פּלמ״ח. קיינער האָט ניט געזען ווי ר׳איז פאַרווונדעט געוואָרן, קיינער האָט אים ניט געהערט שרייען. איצט איז ער געלעגן אָן באַוווסטזיין.

— פירט אים שנעל אַוועק צו ד״ר קעלער — האָט געזאָגט סעוועק. — וואַרט ניט ביז עס וועלן קומען די מענטשן מיט די טראָגבעטלעך. ער וועט באַלד אויסהויכן זיין נשמה.

צוויי קעמפערס האָבן אַ נעם געטאָן גלינסקין אין אַ קאָלדרע און אים אַוועקגעטראָגן אין בונקער פון ד״ר קעלער. ער איז אָבער אויפן וועג געשטאָרבן.

אין שטאַב־בונקער איז אַלעקס געווען באַשעפטיקט ביים דיקטירן אַ טעלעגראַם, דעם לעצטן אין יענעם טאָג.

18.50. דעם שונא איז געלונגען אויף עטלעכע ערטער אַדורכצו־רייסן דעם שטעכלדראָט און ס׳זענען געווען שלאַכטן פּנים־אל־פּנים. אַלע אַטאַקעס זענען געוואָרן אָפּגעשטויסן. די עגיפּטער זענען אַריינ־געדרונגען אויפן אָפּשניט פונעם „פּילבאָקס״. אונדזערע פאַרלוסטן — זעקס דערהרגעטע און פיל פאַרווונדעטע. די עגיפּטער האָבן מיר גורם געווען אַ סך פאַרלוסטן אין הרוגים און פאַרלעצטע. קיין דיר־סאניד איז אָנגעקומען פאַרשטאַרקונג.

די קאָמאַנדירן האָבן זיך באַראַטן וועגן באַשטימען אויפגאַבן פאַר די מענטשן אין יענער נאַכט. ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו לאָזן זיי עטוואָס אָפּרוען, הגם זיי האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך געפונען אין די אָקאָפּעס; אין די בונקערס האָבן זיך צונויפגעדרענגט די פרויען און דאָרטן האָט מען אַפילו די פאַרווונדעטע אַוועקגעלייגט. די איינציקע מעגלעכקייט איז געווען דערמעגלעכן אַ העלפט מענטשן איבערכאַפּן דעם אָטעם, בעת די אַנדערע העלפט וועט שטיין אויף דער וואַך. עסן און טרינקען וועלן די פרויען איבערפירן אין די פּאָזיציעס. ס׳איז נייטיק געווען זיך צו פאַרריכטן

די אָקאָפּעס, באַשעדיקטע פון דער באָמבאַרדירונג, און פאַרטיפן די שיץ־גרובנס, וועלכע זענען פריער ניט געגראָבן געוואָרן גענוג טיף.

מ׳האָט אָוועקגעשיקט די לויפערס מיט אָנווייזונגען וועגן פאַרטיפן די אָקאָפּעס. דערנאָך האָבן די קאָמאַנדירן אָנגעהויבן באַהאַנדלען די סאַמע ברענענדיקסטע פראַגע — געווער און אַמוניציע. נאַטעק האָט באַדאַרפט איני־פאָרמירן וועגן אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו דער פראַגע. ער האָט פאָרגעלייענט די רשימות פון געווער און אַמוניציע וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן די קעמפערס. היינט איז נאַטעקן שווער צו דערמאָנען זיך וויפל ביקסן און קוילן ס׳זענען געבליבן אין קיבוץ נאָכן ערשטן טאָג פון די שלאַכטן, נאָר יענעם אָוונט האָט ער געוווּסט איבערצוגעבן אַ גענויעם באַריכט וועגן יעדער קויל מיט וועלכער ר׳האָט דיספּאָנירט. די לאַגע איז גאָרניט געווען אַזאַ געהויבענע. די אַמוניציע פאַר אַלע סאָרטן געווער האָט אָנגעהויבן זיך אויסלאָזן. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז דער צושטאַנד פון די שיס־כלים איז גאָר שלעכט. די טשעכישע ביקסן, אויף וועלכע מ׳האָט געלייגט אַזוי פיל האָפענונגען, האָבן אַנטוישט און די מייבסטע פון זיי זענען אין פאַרלויף פון טאָג אַרויס פון באַנוץ. בשעתו, ווען ר׳האָט אין זיין געווער־מאַגאַזין באַקומען די דאָזיקע ביקסן פון דער באַרימטער „סקאָדאַ״־פאַבריק, האָט זיין פרייד ניט געהאַט קיין גרענעץ, נאָר אין גאַנג פון די שלאַכטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ׳קען זיך ניט פאַרלאָזן אויף זיי, ווייל זיי זענען ניט צוגעפּאַסט צו קאַמפן אין מדבר און פאַרהיטן ניט דאָס אַריינדרינגען פון זאַמד אין די לופעס. צוזאַמען מיט די איטאַליענישע ביקסן, אגב ניט פון קיין געהויבענער קוואַליטעט, זענען טשעכישע ביקסן געווען בלויז ⅓ פונעם גאַנצן ביקסן־פאַרמעג וואָס האָט זיך געפונען אין קיבוץ. די־אַ ביקסן זענען פאַרטיילט געוואָרן אויף די שטילערע אַפשניטן.

— דערפון איז צו דרינגען, אַז איצט געפינען זיך אין אונדזער רשות ביי אַ 40 גוטע ביקסן, אַריינגערעכנט שוין די וואָס זענען פאַראַן ביי די פלמ״חניקעס — האָט אַלעקס געזאָגט מיט אַ שווער געמיט.

סאַלעק ביעלסקי, דער „קעמפער פון גליל״, האָט גערעדט מיט אַ זי־כערן טאָן.

— לאָמיר דעראָבערן געווער פון די עגיפּטער. עס וואַלגערט זיך בשפע ביי דער פּאָזיציע נומער 1. פאַרוואָס ניט אַהינשיקן אַ פּאַטרול וואָס זאָל דאָס געווער צוזאַמענעמען? איך מעלדע זיך צו גיין.

— אַן אויסגעצייכנטע אידעע — האָט טוביה מיט אים מסכים געווען. — ווער נאָך איז גרייט צו גיין?

— לאָמיר בעטן די בחורים פון פלמ״ח צו נעמען אויף זיך די אויפ־גאַבע — האָט אַלעקס געזאָגט.

אין קיבוץ זענען פאַרבליבן עטלעכע שיך־מינעס, וועלכע די פּלמ״ח־איינהייט האָט ניט באַוויזן אַוועקצולייגן ביינאַכט, פאַר דער ערשטער אַטאַקע. איצט האָבן די קאָמאַנדירן זיך באַראַטן ווו זיי זיך פאַרשטעקן. זייער צאָל האָט ניט געסטייעט צו מינירן דעם אָפּשניט נעבן שאָסיי, און דאָרט האָבן זיי זיך געמוזט פאַרלאָזן אויף די וואָרענונגס־שילדן און אויפן גלויבן פון די אַרטיקע אַראַבער, אַז עס געפינען זיך טאַקע דאָרט מינעס. דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן צו מינירן דעם שטח פאַר דער פּאָזיציע נומער 3. ס׳האָט זיך געלייגט אויפן שכל, אַז די עגיפּטער וועלן אַהין שיקן פוסגייער־איינהייטן, ווייל דאָרט איז נאָך געשטאַנען דאָס פאַרלאָזטע אַראַבישע הויז, וואָס די מצרים האָבן געקענט אויסנוצן אַלס שפּרינג־ברעט. דני, וועלכער איז איצט געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע אינעם שטאַב־בונקער, פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף, וועט צוזאַמען מיט די סאַבאָטאַזשיסטן אַדורכפירן די מינירונג.

אַלעקס האָט גענומען אויף זיך דאָס מטפּל זיין מיט די ענינים, דאַקעגן טוביה האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ריכטונג פון דער פאַבריק, כדי צוגרייטן אויף ביינאַכט די קעמפערס. דער ריקצוג פון „פּילבאָקס״ האָט אים נאָך אַלץ וויי־געטאָן. דאָס פייער פונעם מאַשינגעווער און ביקסן וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן פון דער פּאָזיציע נומער 10, האָט יענעם נאָכ־מיטאָג ניט דערלאָזט אַריינדרינגען די עגיפּטער אין „פּילבאָקס״. נאָר אויב דאָס וועט זיי געלינגען אין די נאַכט־שעהן, וועלן זיי פון דעם דאָזיקן סטראַטעגישן פּונקט גורם זיין פיל שאָדן דעם קיבוץ און זיינע פאַרטיי־דיקערס. פון „פּילבאָקס״ וועלן זיי קענען שיסן ממש אין האַרץ פון קיבוץ און אַפילו זיך באַנוצן מיט דער דאָזיקער סטראַטעגישער פּאָזיציע, כדי צו אַטאַקירן די פּאָזיציע נומער 1 מיט פוסגייער, וועלכע וועלן זיך רוקן פאָרויס אונטער דער דעקונג פונעם פייער פון „פּילבאָקס״. די עגיפּטער וועלן אויך קענען איינשטילן די פּאָזיציע נומער 10. טוביה האָט באַשלאָסן אָפּהאַלטן די עגיפּטער פון אַריינדרינגען אויף דעם אָפּשניט, מיט דער הילף פון דעם „בראַונינג״ מאַשינגעווער. ער האָט דערזען ווי שמעון ראָזען קניט ביים מאַשינגעווער, ניט ווייט פון די אַנטי־טאַנקן גריבער, וועלכע מ׳האָט צוגעגרייט פון יענער זייט קיבוצישע טויערן. טוביה האָט באַפוילן אויסגראָבן אַ שוץ־גרוב וואָס זאָל מער אַנטשפּרעכן דער פּאָזיציע פון אַ מאַשינגעווער. זלמנען האָט ער באַשטימט אַלס נומער 2 פון שמעון, כדי ער זאָל אים העלפן ביי דער קוילן־לענטע און אים געעצהט ווען און ווי אַזוי שיסן.

דאָס פּנים פון מאָגערן שמעון האָט תמיד אויסגעדריקט שטוינונג און פאַרווונדערונג. ער האָט זיך ניט אָנגעשלאָסן אינעם קיבוץ אין פּוילן.

נאָר צו אים אָנגעקומען ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ביי אומגעוויינלעכע אומשטענדן. ראָזען איז געווען אַ פשוטער זעלנער אין דער פוילישער אַרמיי, ווען די נאַציס זענען אַריין קיין פוילן. מיט דער קאַפּיטולאַציע פון פוילן, איז שמעון אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט אין בעתן אַוועקפירן די געפאַנגענע אין נאָענטסטן לאַגער, האָט זיין לאַנגע נאָז אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט ביים נאַצי־אָפיציר, וועלכער האָט אים אַרויסגענומען פון דער ריי. שמעון איז געוואָרן אויפגעבראַכט פון דער באַליידיקונג און געמיינט, אַז ר׳וועט קענען צוריקצאָלן מיט אַ באַליידיקונג. ער האָט אַ געשריי געטאָן.

— דו ביסט אַ היטלעריסטישער חזיר!

דער נאַצי האָט מיטן באַגנעט אים אַדורכגעשטאָכן די היפט. אין משך פון אַ וואָך צייט האָט שמעון מאַרשירט מיט אַ קאָלאָנע געפאַנגענע, ביי אַ 20 מייל אַ טאָג. געווען אַזעלכע וואָס האָבן ניט אויסגעהאַלטן און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. שמעון האָט געזען ווי די וועכטער האָבן זיי דערשאָסן. ער האָט געוווּסט, אַז ר׳מוז אויסהאַלטן, אַנדערש וועט אויך ער באַקומען אַ קויל. חברים־געפאַנגענע האָבן פון זייערע קליידער געריסן פאַר אים באַנדאַזשן אויף איבערצובינדן זיינע וווּנדן און אַ פויער האָט אים צוגעוואָרפן צוויי שטעקנס ער זאָל האָבן אויף וואָס זיך אונטערצו־שפאַרן בעתן גיין. מיט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען איז שמעון אָנגעקומען אין לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע. נאָכן אָפּזיין דאָרט אַ 8 הדשים, האָט מען אים איבערגעפירט אין אַן אַרבעטס־באַטאַליאָן; ער האָט אויסגענוצט זיין קורצע נסיעה מיט דער באַן און איז אַנטלאָפן. ער האָט געהאַט בדעה זיך צו לאָזן אויף מזרח, אין סאָוויעטישן ראַיאָן פון פוילן, ווו ס׳האָט געוווינט זיין פאַמיליע. ער האָט געוואַנדערט אין די נעכט, אויסגעמיטן די דייטשע וואַכן און כמעט ווי ניט געגעסן. ענדלעך איז ער אָנגעקומען אין רוסישן געביט, ווו מ׳האָט אים אַרעסטירט אַלס פאַרדעכטיקטן אין שפּיאָנאַזש און אים פאַרמשפט אויף 3 יאָר תפיסה מיט שווערע אַרבעט.

פונדעסטוועגן איז פאַר שמעונען געווען ליבערשט צו זיין אַ סאָוויעטישער אַרעסטאַנט, איידער זיך געפינען אין אַ נאַצישן קאָנצענטראַציע־לאַגער. מ׳האָט אים פאַרשיקט אויף אַרבעט אין די ניקל־גרובנס אין מורמאַנסק. אַז די דייטשן זענען באַפאַלן דעם ראַטנפאַרבאַנד, איז די לאַגע פון די אַרעסטאַנטן געוואָרן ערגער. שמעון איז דעמאָלט געווען באַשעפטיקט ביים לייגן אַ באַן־ליניע אויף די בערג פון אוראל. די שפּייז־פּאַרציע איז פאַרקלענערט געוואָרן און די אַרעסטאַנטן האָבן ניט באַקומען קיין וואַרעמע קליידער, ביי גאָר שטאַרקע קעלטן. טייל פון זיי זענען געשטאָרבן צוליב די שלעכטע באַדינגונגען. שמעון האָט ניט געגלייבט אַז ר׳וועט איבערהאַלטן,

דאָך האָט ער, טראָץ די שוועריקייטן, געאַרבעט טריי און געטאָן אַלץ וואָס מ'האָט אים געהייסן. צווישן די אַרעסטאַנטן זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אַלע אָפּשטאַמיקע פון פוילן וועלן כאילו באַפרייט ווערן, אויב זיי וועלן זיך מאָביליזירן אין דער אַרמיי פונעם פרייען פוילן, וואָס איז דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן גענעראַל אַנדערס. איינמאָל האָט מען שמעונען גערופן אין קאַנצעלאַריע און געפרעגט צי ער איז גרייט זיך צו מאָביליזירן אין דער אַרמיי. שמעון האָט אויפן אָרט מסכים געווען. די פּויליִשע אַרמיי האָט זיך אויסגעשולט אין פּערסיע, איראַק און סיריע. די דאָזיקע לענדער מיט זייער הייסן קלימאַט האָבן שמעונען אויסגעזען ווי אַ געשאַנק פון הימל, נאָך די שווערע יאָרן וועלכע ר'האָט אַדורכגעמאַכט אין סיביר. אין גענעראַל אַנדערסעס אַרמיי האָט מען זיך צו יידן באַצויגן ערגער ווי אין רעגולערן מיליטער אין פוילן. דער אַנטיסעמיטיזם האָט דאָרט געבושעוועט און יידן זענען באַליידיקט געוואָרן אויף שריט און טריט. פונדעסטוועגן איז שמעון באַשטימט געוואָרן אַלס אויטאָמאַטשיק און באַקומען אַ בענדעלע. אויפן וועג צום איטאַליענישן פראָנט, האָבן די זעלנער פון גענעראַל אַנדערס אַרמיי זיך אָפּגעשטעלט אין ארץ־ישראל און פאַר שמעונען, ווי פאַר אַנדערע יידישע זעלנער, איז דאָס געווען אַ זעלטענע געלעגנהייט וועלכע מ'האָט ניט געטאָרט אַדורכלאָזן. שוין לאַנגע יאָרן ווי יידן האָבן געוואָלט פּטור ווערן פונעם אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט געהערשט אין פוילן. איצט זענען זיי אָנגעקומען אינעם צוגעזאָגטן לאַנד און צענדליקער יידישע זעלנער האָבן פאַרלאָזט אַנדערסעס אַרמיי. אייניקע האָבן זיך מאָביליזירט אין די יידישע איינהייטן פון דער בריטישער אַרמיי. אָבער שמעונען איז נמאס געוואָרן דאָס לעבן אין די קאַזאַרמעס און די מלחמות. אייניקע חברים זיינע פון פוילן האָבן בשעתו געהערט צום „השומר הצעיר". ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג און איז געשיקט געוואָרן אין קיבוץ יד־מרדכי, וווּ מ'האָט אים צוגעטיילט אַרבעטן ביים קאַטשקעס־צוכט.

איצט איז שמעון ווידער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זעלנער. צו דערפאַר ווייל ר'איז געווען אַ ווייכהאַרציקער, צו דערפאַר וואָס ר'איז געווויינט געווען צו דער שטרענגער מיליטערישער דיסציפּלין, פלעגט ער וואַרטן אויף אַ באַפעל, איידער ר'האָט עפּעס אַליין אונטערגענומען. אָפּטמאָל איז געווען נייטיק אים צו זאָגן ער זאָל זיך אַ רוק טאָן רעכטס אָדער לינקס, כדי צו ענדערן די פּאָזיציע, נאָך דעם ווי דער שונא האָט אים אַנטדעקט. שמעון איז אָבער געווען אַן אויסגעצייכנטער אויטאָמאַטשיק, מיט אַ סך אויסדויער און געווען באַהאַפטן צו זיין געווער אין משך פון 3 מעת־לעת.

נאָך דעם ווי דער קוילנוואַרפער איז איינגעשטעלט געוואָרן לויט די

אַנווייזונגען פון טוביהן און צו זיין צופרידנקייט, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין די אַנדערע פּאָזיציעס. דעם שונאס גראַנאַטן־וואַרפערס האָבן געשפּיגן מיט פייער אויפן קיבוץ, אָבער שוין ניט אַזוי געדיכט ווי בייטאָג. אינעם רוב פּאָזיציעס און אָקאָפּעס האָבן די מענטשן זיך פאַרנומען מיט גראָבן. אייניקע האָבן געכאַפּט אַ דרימל, בלויז געציילטע האָבן זיך באַמיט עפּעס נעמען אין מויל אַריין, ווייל די שפּאַנונג, איבערלעבונג, דער אָנשטרענג און דאָס בילד פון געהרגעטע און פאַרווונדעטע, האָט ביי די מערהייט קעמפער צוגענומען דעם אַפּעטיט. דערפאַר האָט זיך אַלעמען געגלוסט טרינקען, ווייל די זון האָט פון זיי אַרויסגעפּרעסט אַ סך שוויס. די קאַווע וואָס איז פאַרבליבן פונעם פרישטיק, איז נאָכן דערוואַרעמען זי אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג.

אין דער פּאָזיציע נומער 9 האָט טוביה געפונען מרימס קעמפערס, ווי זיי גראָבן אויסער דער אָקאָפּע, נאָענט פון פאַרקאַן.

— מיר האָבן געהערט קולות און אַ גערויש פון דער זייט פון וויינגאָרטן — האָט מרים דערקלערט. — געשיקט אַהין אַ פּאַטרול, אָבער גאָרניט געזען, פונדעסטוועגן איז גלייכער צו זיין גרייט. די עגיפּטער האָבן אַ ברירה אַריינצודרינגען אינעם קיבוץ אין די נאַכט־שעהן.

טוביהן איז געוועזן באַקאַנט די עגיפּטערס פּחד צו קעמפן ביינאַכט און דעריבער געטראַכט, אַז מרימס פאָרזיכטיקייט איז אפשר איבערגעטריבן. ער האָט אָבער דערשאַצט אירע קענטעניש, וואַכזאַמקייט, אחריות־געפיל און פעיקייט אַלס קאָמענדאַנטין, און דעריבער גאָרניט געזאָגט אויף די פאַראָרדענונגען, וועלכע זי האָט אַרויסגעגעבן אירע מענטשן.

ביידע קוילנוואַרפערס זענען געבליבן אויפן פריערדיקן אָרט, הינטער די פאָדערשטע פּאָזיציעס און טוביה האָט געטראָפן די מאַנשאַפט, ווי זי זיצט אין אַ קליינער אויסהוילונג צווישן צוויי בערגלעך. מיט זיי איז געווען דינה, וועלכע האָט אַהינגעבראַכט אָונטברויט — עטלעכע סענדוויטשן, מאַראַנצן און קאַווע.

— וואָס הערט זיך אין דער היים? — זענען די מענטשן געווען נייגעריק צו וויסן. — ווי האַלט עס מיט די פאַרווונדעטע? ווי אַזוי טוען זיך די פרויען אַן עצה?

הגם זיי האָבן זיך געפונען ניט מער ווי עטלעכע הונדערט מעטער ווייט פונעם שטאַב־בונקער, האָט זיך זיי אויסגעוויזן ווי זיי וואָלטן געווען איזאָלירט. טוביה האָט זיי דערציילט וואָס עס קומט פאָר אין די אַנדערע פּאָזיציעס, באַרויקט זיי בנוגע דער לאַגע פון די פאַרווונדעטע און דער קעמפערישקייט פון די פרויען און איבערגעגעבן וועגן די שווערע פאַרלוסטן פון די עגיפּטער.

— מאָרגן וועלן זיי אַוודאי אויך אַטאַקירן, נאָר מיר וועלן זיי געבן צי פּילן דעם זעלבן טעם וואָס היינט — האָט טוביה גערעדט ווי אַ קעמפער וואָס וואַרט אויף דער שלאַכט. — זאָלן זיי ניט מיינען, אַז דעראָבערן יד־מרדכי איז עפּעס אַ שפּילעכל.

אויף יעדן אָרט ווו טוביה האָט באַזוכט אין יענער נאַכט, האָט ער געבראַכט מיט זיך דעם אָטעם פון זיכערקייט און גוטן קעמפערישן גייסט. זיינע רייד זענען אַריינגעדרונגען אין די הערצער פון די וועלכע האָבן באַדינט די קוילנוואַרפערס, פּונקט ווי זיי האָבן געהויבן די מאָראַל ביי די מידע און צום טויט דערשעפּטע גראָבערס אין די אָקאָפּעס.

11 ביינאַכט האָבן די אַנוועזנדיקע אין שטאַב איבערגעלאָזט אַלע זייערע באַשעפטיקונגען, כדי הערן די נייעס־אויסיציע. די איבערגעגעבענע ידיעות האָבן בלויז פאַרשטאַרקט די זאָרג. אויף פאַרשידענע ערטער לענגאויס דער ישראל־גרענעץ, זענען אַריינגעדרונגען מיליטער־איינהייטן פון פאַרשידענע אַראַבישע מדינות. און די וואָס האָבן נאָך ניט מיטגעמאַכט די אינוואַזיע — האָבן זיך געגרייט עס צו טאָן וואָס פריער. באַזונדערס שווער איז געווען די לאַגע פון ירושלים. אירע יידישע קוואַרטאַלן זענען דורכן אַראַבישן לעגיאָן באַשאָסן געוואָרן און די לאַגע איז געווען אַ שווערע; דאָס דעראָבערן שייך־דזשעראַך האָט פאַקטיש געעפנט פאַר די אַראַבער דעם וועג אין האַרץ פון ירושלים. אויך אין צפונדיקן גליל זענען פאָרגעקומען ביטערע שלאַכטן. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די סיריער וועלן באַהערשן דעם גאַנצן עמק־הירדן, ווייל די פאַליציי־פעסטונג אין צמח, וועלכע האָט זיך שוין געפונען אין יידישע הענט, איז נאָך אַן אכזריותדיקן קאַמף ווידער פאַרנומען געוואָרן דורך די אַראַבער. אין דער נייעס־אויסיציע האָט מען נאָר איבערגעגעבן וועגן אַראַבישע נצחונות, קיין יידישער זיג איז ניט דערמאָנט געוואָרן.

קיינער האָט ניט געזאָגט קיין וואָרט, ניט געלאָזט פאַלן קיין באַמערקונג, ווען שמאי האָט פאַרדרייט דעם ראַדיאָ. וואָס איז דען געווען צו זאָגן אין אַזאַ לאַגע?

ישובים און זעלנער אויף אַנדערע פראָנטן זענען געווען באַדראָט מצד דעם אַראַבישן אַגרעסאָר. אין דער־אַ אַלגעמיינער קאָנסטעלאַציע, האָט יד־מרדכי פאַרנומען איר אָרט און באַדאַרפט פירן דעם קריג, אויסשטיין אירע ליידן און פּיין. פאַמעלעך זענען די מענטשן אַרויס פונעם שטאַב־בונקער און אַוועק דערפילן די אויפגאַבן, וועלכע מ'האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט.

מיטן באַוויין זיך פון דער לבנה, האָבן צוויי גרופּן פון פלמ״ח זיך אַוועקגעלאָזט אויסער דער פאַרצוימונג. איינע, כדי אונטערלייגן מינעס, אין די צווייטע — כדי צונויפזאַמלען דאָס מצרישע געווער. סאַלעק ביעלסקי

און זיגי, דער עלטסטער פון דער גרופּע, זענען געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די מענטשן וואָס האָבן אויפֿגעקליבן דאָס געווער. די קעמפֿערס אין דער פּאָזיציע נומער 2 זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין שלאַכט־גרייטקייט, כּדי באַשיצן די וואָס זענען אַוועק אויסער דער פֿאַרצוימונג, אין פֿאַל ווען זיי וועלן אַנטדעקט ווערן דורך די עגיפּטער. זיגי האָט גענומען מיט זיך פֿינף פֿון זײַנע מענטשן. אַזוי ווי די אַרבעט האָט געדאַרפֿט געמאַכט ווערן פֿאָרוויִז, האָט סאַלעק געבעטן דעם בינען־ציכטלער יורעק ער זאָל אים באַגלייטן.

אין ליכט פֿון דער בלאַסער לבנה, האָבן די פּלמ״חניקעס צומערשט באַמערקט די לופֿע פֿון אַ 3־אינטשיקן קוילנוואַרפֿער, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרט פֿון דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע. זיי האָבן געהאַט אַ שטאַרקן באַגער צו פֿאַרכאַפּן דאָס שווערע געווער, ווײַל אין גאַנצן נגב האָבן זיך געפֿונען ניט מער ווי דרײַ קוילנוואַרפֿערס פֿון דעם קאַליבער. נאָך טראַך זייער גלוסטונג, האָט זיגי פֿאַרבאָטן זיי צוגיין ביז דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע און פֿאַראָרדנט צו קאָנצענטרירן זיך ביים צונויפֿקלייבן בלויז ביקסן און אַמוניציע, ניט ריזיקירן מיט וועלכער ס׳איז אַוואַנטורע און ניט רעאַגירן אין פֿאַל ווען מ׳וועט רופֿן נאָך הילף. די גרופּעס האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, צו דער פֿאַרצוימונג, פֿאַרבײַגייענדיק די פּאָזיציעס 1 און 2 און אַוועק אין דער ריכטונג פֿון די וואַדיס. ביי אַ 40 טויטע און פֿאַרוווּנדעטע עגיפּטער זענען געלעגן אין די וואַדיס און אַנדערע האָבן זיך געוואַלגערט אויפֿן ווייסן בערגל. די קלייבער־גרופּע האָט אָנגעהויבן צונויפֿנעמען די ביקסן און אַמוניציע.

יורעק האָט געפֿונען אַ גרויסע צאָל אַמוניציע, וועלכע איז ניט אַרײַן אין די טאַשן. האָט ער אויסגעטאָן די בלוזע און זי פֿאַרוואַנדלט אין אַ זאַק, כּדי מיטצונעמען דעם שלל. ווען זיי זענען שוין געווען אויסער דער פֿאַרצוימונג, האָבן די עגיפּטער זיי אַנטדעקט און געעפֿנט אַ פֿייער מיט לײַכטנדיקע קוילן. די מענטשן פֿון דער פּאָזיציע נומער 2 האָבן צוריקגעענטפֿערט מיט אַ פֿייער און די געווער־זאַמלער האָבן זיך געלאָזט לויפֿן צום קיבוץ, נאָר איינער פֿון זיי איז פֿאַרשווּנדן.

— דוב, דוב! — האָט זיגי גערופֿן. — ווו איז ער אַוועקגעקומען?

זייער זאָרג פֿאַרן יינגל איז געווען גרויס, ווײַל אַלע האָבן ליב געהאַט דעם פֿריילעכן סימפּאַטישן בחור. זיי האָבן געוווּסט, אַז ער איז ניט מער ווי 16 יאָר אַלט און אַז ר׳האָט גענאַרט מיט זײַן עלטער, כּדי זיך מאָביליזירן אין פּלמ״ח. ניט געקוקט אויף זײַן יונגשאַפֿט, איז ער געווען אַן אויטאָמאַטלער און אויסגעצייכנטער קעמפֿער, איינער פֿון די בעסטע אין דער

אָפּטיילונג. איז מעגלעך, אַז ווער פון די פאַרווונדעטע עגיפּטער וואָס איז געבליבן ליגן אין שטח, האָט צו אים געשאָסן? מ׳האָט ניט געטאָרט זיך פאַרהאַלטן אויפן אָרט, ווייל דאָס מצרישע פייער איז געוואָרן שווערער און געדיכטער. עמעצ׳ער האָט אָנגעהויבן פייפן די „התקווה", דעם אָפּגערעדטן צייכן און דערנאָך האָבן אַלע אָנגעהויבן זיך אומקערן אין קיבוץ דורך דעם שטעכלדראָט. ממש אין דער לעצטער מינוט האָט זיך דוב באַוויזן. זיינע אויפקלערונגען זענען געווען קורצע, אָפּגעהאַקטע און אומקלאָרע. אָבער נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך שוין געפונען אין קיבוץ, פאַרזיכערט פון שלעכטס, האָט ער מיט איבערגענומענקייט דערציילט יורעקן:

— כ׳האָב געפונען וואָס כ׳האָב געזוכט — און אים געוויזן אַ רעוואָלווער, וועלכן ר׳האָט אַוועקגענומען פון אַ דערהרגעטן מצרישן אָפיציר.

קיין קוילן צום רעוואָלווער זענען ניט געווען, אויסער די וואָס אין מאַגאַזין פון דער כלי. דעריבער האָט דוב געוואָלט פאַרהאַלטן ביי זיך דעם רעוואָלווער אַלס אָנדענק.

— יורעק, לאָמיר מאַכן אַ הסכם. בלייב איך לעבן, בלייבט דער רעוואָל־ווער ביי מיר; נאָר אויב איך פאַל אין שלאַכט — איז דער רעוואָלווער דיינער.

יורעק האָט קיינמאָל ניט געשטרעבט צו באַזיצן אַן אייגענעם רעוואָלווער און ניט צוגעשריבן וועלכע ס׳איז חשיבות דער דאָזיקער כלי, בעת דוב האָט ריזיקירט מיטן לעבן, כדי זי צו באַקומען — און יורעק האָט אים אַפילו ניט געמאַכט דערפאַר קיין פאָרוואורף. זיי האָבן אָפּגערעדט וועגן אַ באַהעלטעניש אין קיבוץ, דאָרט וועט מען פאַרשטעקן דעם אוצר — און דערנאָך האָט מען זיך דערלאַנגט די הענט. וואָלט דוב געווען מער דערוואַקסן, וואָלט אים יורעק געווען צוגעדריקט צו זיך, ער האָט אָבער מורא געהאַט. קוים וועט דער יונגערמאַן זיך פילן געטראָפן פון אַזאַ ניט־זעלבנערישן אויסדרוק פון סימפּאַטיע.

יענע נאַכט און אין דער צווייטער, האָבן זיגי מיט זיינע מענטשן באַרייכערט דעם קיבוצישן אַרסענאַל מיט 12 ענגלישע ביקסן און פיל קוילן, 1 „פיאַט", 12 סנאַריאַדן און 2 קוילנוואַרפערס „ברען" מיט 24 פולע מאַגאַזינען.

אין ערשטן טאָג פון דער אכזריותדיקער שלאַכט איז בתיה, שימעקס פרוי, געווען די פאַראַנטוואָרטלעכע איבער איינעם פון די בונקערס. אַהיז האָט מען געבראַכט די לייכט־פאַרווונדעטע, כדי זיי זאָלן זיך עטוואָס אויסרוען אויף איינער פון די פריטשעס. די פרויען, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם בונקער, האָט זי זיך באַמיט צו באַשעפטיקן ביי פאַרשידענע אַרבעטן אַרום די פאַרווונדעטע — באַנעצן זייערע ליפּן, אָנטרינקען און

זיי צורייז צו עסן. בתיה האָט שטרענג אָפּגעהיטן די פֿאָרשריפֿטן. צוליב דעם האָט זי אַ געוויסער צאָל פֿרויען דערלויבט צו זיצן, בעת אַנדערע האָבן געמוזט שטיין. די שווערסטע פֿאַראָרדענונג איז געווען, אַז די פֿרויען טאָרן ניט דערמאָנען די קינדער.

אַז ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט און זי האָט ניט באַקומען קיין שום ידיעה פֿון איר מאַן, האָט זי געפֿילט, אַז זי מוז גובר זיין די מורא און ציטער וואָס האָבן זי אָנגעהויבן באַהערשן. אייניקע מענער זענען אויף עטלעכע מינוט אַראָפּגעקומען אין בונקער, ווי נאָר די שיסעריי איז שוואַכער געוואָרן — אָבער שימעק איז ניט געווען צווישן זיי. פֿון די אַלע וועמען זי האָט געפֿרעגט, האָט אים קיינער ניט געזען. ענדלעך איז זי אַוועק צו די אָקאָפּעס, כדי דערגיין צי ער ליגט ניט ערגעץ־ווו פֿאַרוווּנדעט. אַז אַ סנאַריאַד איז אָנגעלאָפֿן אין איר ריכטונג, האָט זי זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט פֿון דער אָקאָפּע. רוקנדיק זיך פֿאָרויס אין דער אָקאָפּע און הערנדיק די מעקעריי פֿון די פֿאַרוווּנדעטע בהמות, האָט זי מיט אַמאָל זיך דערמאָנט אין אירע צוויי קינדער, דעם אייניאָריקן מיידעלע און דעם 6־יאָריקן אברהם, דער בכור. צווישן אים און דעם טאַטן האָט געהערשט אויפֿריכטיקע און איידעלע ליבשאַפֿט, ווייזט אויס, אַז דער פֿאָטער האָט געוואָלט געבן זיין זון דאָס אַלץ וואָס ער גופֿא האָט ניט געהאַט אין דער היים ביי זיין טאַטן דעם קפּדן. פֿאַר אירע אויגן איז איצט געשטאַנען שימעקס אויסדרוק פֿון פּנים און זיין גליק, ווען ער האָט זיך געשפּילט מיט אברהמלען.

שימעק איז שפּעט געקומען אין קיבוץ. ער איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן אין פּוילן אין דער מלחמה־צייט. ווי שמעון, האָט אויך ער אַדורכגעמאַכט דעם וועג אין דעם סאָוויעטישן אָקופּאַציע־געביט פֿון פּוילן. אויך אים האָבן די רוסן איינגעזעצט, נאָר פֿאַר אַ קלענערע עבירה — אומגעזעצלעך אַריינ־קומען קיין ראַטנפֿאַרבאַנד. אַ שטיקל צייט נאָכן אַרעסט, איז ער געוואָרן באַפֿרייט און מ'האָט אים געשיקט אַרבעטן אין אַ פֿאַבריק. וועגן יענע שווערע און ביטערע טעג, פֿלעגט ער תמיד דערציילן אין אַ גוטמוטיקן טאָן:

— בעתן קריג האָבן די סאָוויעטן געהאַט אַ רעכט צו פֿאַרדעכטיקן יעדן מענטש. אַז מ'האָט מיך אַריינגעשיקט אַרבעטן אין אַ געווער־פֿאַבריק, האָט מען צו מיר צוגעשטעלט אַ באַוואָפֿנטן וועכטער. נאָר מיך האָט דאָס ניט געאַרט. אַלס שווייסער, האָב איך צוגעפּגעשווייסט האַרמאַטן פֿאַר דער מלחמה מיט היטלערן. האָב איך דען באַדאַרפֿט מורא האָבן פֿאַר אַן אַלטן וועכטער, אַפֿילו ווען ר'איז געווען באַוואָפֿנט מיט אַ ביקס? — און ער פֿלעגט אויסברעכן מיט אַן אָנשטעקנדיק געלעכטער.

אויך שימעק איז געקומען קיין ארץ־ישראל מיטן מיליטער פֿון גענעראַל

אַנדערס, פאַרלאָזט עס און צוזאַמען מיט שמעונען איז ער אָנגעקומען אין יד־מרדכי.

צווישן די, ביי וועמען בתיה האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף שימעקן, זענען געווען אַזעלכע וועלכע האָבן יאָ געוווּסט זיין גורל, נאָך דעם ווי מ׳האָט אים אַפּויךגענומען פון אונטערן זאַמד־איינשיט, נאָר זיי האָבן ניט געהאַט קיין מוט צו דערציילן איר דעם אמת. צום סוף איז זי מיד געוואָרן אים צו זוכן. זי האָט זיך אומגעקערט אין בונקער, פּרובירט זיך אָוועקלייגן און אָפּרוען, דערביי מורא געהאַט צו פרעגן נאָך מענטשן וואָס האָט פּאַסירט מיט איר מאַן. שפּעטער זענען געקומען אין בונקער עטלעכע יוגנטלעכע פון דער גרופּע „טאַנקן־יעגער״ — און איינער האָט זיך אָפּגערופן:

— געדענקסטו יענעם קיבוצניק מיטן שטענדיק שמייכלדיקן פּנים, וועל־כער האָט אַזוי שיין געזונגען? ער איז אין דער פרי דערהרגעט געוואָרן. דער סנאַריאַד וואָס האָט אים געטראָפן האָט אים באַגראָבן אין זאַמד.

אַזוי האָט זיך בתיה דערוווּסט וועגן טויט פון איר מאַן. זי האָט ניט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, נאָר זיך צונויפגעקוליעט אויפן געלעגער און גענומען טרויערן אויף איר מאַן, דעם שטאַרקן לעבנסלוסטיקן מענטש, וואָס וועט זי שוין ניט אַרומנעמען; געטראַכט פון זיין איידעלן באַנעמען זיך צו די קינדער און וועגן זיין געלעכטער, מיט וועלכן ר׳האָט אויפגענומען יעדער פּורעניות. צומאָרגנס, גאַנץ פרי, האָט זי געזאָגט צו אַלעקסן.

— האָסט מיר געמעגט דערציילן. וואָלסט מיר געווען פאַרשפּאָרט דאָס אַרומוואַנדערן אַ האַלבע נאַכט אין די אָקאָפּעס.

אירע רייד האָבן גיכער אויסגעדריקט צער ווי פאַרביטערונג. זי האָט געוווּסט אַז אַלעקס שלעפּט אַן אומדערטרעגלעכע לאַסט און פאַרשטאַנען ווי שווער ס׳איז פאַר אים געווען צו דערציילן דער ערשטער אלמנה פון קיבוץ וועגן איר פאַרלוסט.

דער קיבוץ איז אַטאַקירט געוואָרן דורכן ערשטן און צווייטן פּאָלק פון דער זיבעטער מצרישער דיוויזיע. דאָס הייסט, אַז ביי אַ צוויי טויזנט מענטשן זענען קאָנצענטרירט געוואָרן ביי דיר סאַניד מיטן איינציקן ציל: דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ יד־מרדכי. די דאָזיקע פּאָלקן זענען אויסגעאיבט און אויס־געשטאַט געוואָרן דורך די ענגלענדער, באַנוצנדיק זיך מיט 24 פינף־און־צוואַנציק פונטיקע האַרמאַטן, 8 זעקס־פונטיקע האַרמאַטן, אַ באַטעריע פון 4.2־אינטשיקע מינענוואַרפערס, 18 דריי־אינטשיקע מינענוואַרפערס און 12 מיטעלע קוילנוואַרפערס. די אָפיצירן האָבן צו יעדער צייט, ווען בייטיק, געקענט בעטן שלאַכט־עראָפּלאַנען „ספּיטפייער״.

אין אָנהייב פון די שלאַכטן האָבן די קעמפערס פון יד־מרדכי געציילט 113 מענער און יוגנטלעכע און איין פרוי, באַוואָפנט בלויז מיט 66 ביקסן.

צו ענדע פון יענעם טאָג, זענען פופצן מענטשן בכלל אַרויסגענומען געוואָרן פון די קעמפערישע רייען, נאָר אַזוי ווי עס זענען געווען מער קעמפער ווי געווער, זענען די פרייע ביקסן שנעל צעטיילט געוואָרן די אַנדערע. די פאַרלוסטן פון די עגיפּטער האָבן באַטראָפן ביי אַ הונדערט דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע.

די קיבוץ־חברים זענען נאָך אַלץ געווען זיכער אין זיך און אין זייערע כוחות. זיי האָבן געגלייבט, אַז זיי וועלן אויסדויערן אויפן אָרט, ביז ס'וועט אָנקומען פאַרשטאַרקונג. די „הגנה", וועלכער ס'איז זיכער באַקאַנט די וויכ־טיקייט פון דעם פונקט, וועט צושיקן פאַרשטאַרקונג, אָדער פּרובירן אַטאַקירן די עגיפּטער פון די פלאַנקן. שמאי האָט אַפילו אויפגעכאַפּט אַ ידיעה, אַז ס'איז מעגלעך אַ באָמבאַרדירן די מצרים פון דער לופט. אַלע האָבן נאָר געערדט וועגן „דעם קלאַפּ וועלכן דער שונא וועט באַקומען פון דרויסן" און דערמיט אַנטלאַסטן דעם קיבוץ. גלייכצייטיק האָבן זיך אַלע געפּייניקט מיטן געדאַנק — ווער וועט זיין דער חבר, מאַן אָדער גוטער פריינד, וואָס וועט פאַלן אויף דער וואַך מיטן זון־אויפגאַנג?

# 6

# 1948 סזטער מאַי

פאַרן באַוויַיזן זיך פון דער זון, איז איין קו צוגעקומען צו דער פּאָזיציע נומער 7 און יאָמערלעך געמעקעט, ווי זי וואָלט געבעטן פאַר זיך רחמים. איינער פון די מענטשן אין דער פּאָזיציע איז געווען גבריאל רמת, וועלכער האָט ביזן אָנהייב פון די שלאַכטן געאַרבעט אין דער קי־שטאַל.

— דאָס איז טאַביאַ — האָט ער געזאָגט מיט איבערגענומענקייט, דער־זעענדיק די זיך דערנענטערנדיקע קו. — אָן אומגליקלעך באַשעפעניש. קוקט ווי אירע אייטערס זענען אָנגעלאָפן.

ער האָט גענומען ריידן צו דער קו, פּרובירנדיק זי באַרויקן מיט אַ ווייך קול:

— אומגליקלעכע מייַנע, ווילסט אַוודאי מ׳זאָל דיך אויסמעלקן, ניט אַזוי? איצט איז די שיסערייַ שוואַכער געוואָרן — האָט ער זיך געווענדט צו די חברים אין דער פּאָזיציע. — איך גיי אַרויס אין דרויסן. כ׳וועל פּרובירן אויסמעלקן די קו.

ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער פּאָזיציע. ווי נאָר אָבער ר׳האָט זיך דערנענטערט צו דער קו, האָט זי שנעל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַנטלאָפן. ערשט איצט האָט גבריאל באַמערקט אַ גרויסע אָפענע ווונד אין איר גוף, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה.

דאָס שרעקלעכע בילד האָט אים דערשיטערט און ר׳איז פּאַמעלעך צוריק אַוועק אין דער פּאָזיציע. די קו איז איצט לאַנגזאַם געגאַנגען איר וועג, קרעכצנדיק און מעקענדיק פון גרויס יסורים און שרעק. גבריאל האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און זיך פאַרדעקט דעם קאָפּ מיט דעם העמד. אַ לענגערע צייט האָט קיינער צו אים ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.

אין שטאַב האָבן אַלעקס און טוביה באַהאַנדלט די באַריכטן, וועלכע זענען אָנגעקומען פון אַלע פּאָזיציעס פון דער פרי אָן. די פּאָזיציע נומער 10 האָט איבערגעגעבן, אַז אין משך פון דער נאַכט האָבן די עגיפּטער זיך באַשעפטיקט מיט ברענגען טיילן פון אַ ביילי־בריק, כדי זי אַריבערוואַרפן

איבערן וואַדי, אַנשטאָט דער צעשטערטער בריק אויפן הויפט־שאָסיי. אַן אומאויפהערלעך פייער פונעם קיבוץ אויף די מצרישע סאַפּיאָרן, וועלכע האָבן געוואָלט איינשטעלן די בריק, האָט זיי געשטערט אין דער אַרבעט. דער וועג אויף צפון, אין דער ריכטונג פון תל־אביב, איז נאָך אַלץ געווען פאַרשטעלט פאַר די עגיפּטער.

פאַרבינדלער, וועלכע זענען געקומען פון עטלעכע פּאָזיציעס, האָבן איבערגעגעבן, אַז טאַנקען און פּאַנצערקעס באַוועגן זיך פון דיר־סאַניד. די מאַנעווערן פון די עגיפּטער זענען שנעל קלאָר געוואָרן די פאַרטיידיקערס. אויף די בערגלעך פון מזרח־זייט, איבער דער באַן־ליניע, אויף אַ מרחק פון אַ 750 מעטער פון קיבוץ, האָט דער שונא אָוועקגעשטעלט האַרמאַטן, כדי דערלאַנגען פייער אויף די פּאָזיציעס 7, 8, 9 און 10. אויסער דעם, האָבן אָנטקעגן דער פּאָזיציע נומער 10 זיך באַוויזן טאַנקען. פּאַנצער־מאַשינען האָבן זיך פאַרויסגערוקט ביזן „פּילבאָקס״, אייניקע ווידער האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן ערד־וועג, אין דער ריכטונג פון ים און געבליבן שטיין לעבן אַראַבישן הויז. די האָבן געקענט באַשיסן די פּאָזיציעס 1, 2, 3 און 4. איצט איז פאַרענדיקט געוואָרן דאָס אַרומרינגלען דעם קיבוץ פון דריי זייטן. פּאַקטיש איז די אַרומרינגלונג געווען פון אַלע זייטן, נאָר די קאָמאַנדירן האָבן ניט געוווּסט דערפון. צוליב דער נויטווענדיקייט צו שפּאָרן אַקומולאַ־טאָרס (דער אַקומולאַטאָרן־אָנלאָדער איז געשיקט געוואָרן קיין תל־אביב צום פאַרריכטן, נאָר צוליב אויסברוך פון די קאַמפן, האָט ער ניט באַוויזן זיך אומצוקערן), האָט שמאי ניט געהערט די נייעס־אוידיציע, אין וועלכער מ׳האָט איבערגעגעבן, אַז די עגיפּטער האָבן אַ טייל פון זייערע כוחות אַרויסגעזעצט אין מידזשדאַל, 12 קילאָמעטער צפונדיק פון קיבוץ.

אַלעקס און טוביה האָבן זיך געאיילט צו צעשטעלן די קעמפערס, אַנטשפּרעכנדיק דער נייגעשאַפענער סיטואַציע. די מענטשן פון די צפונדיקע פּאָזיציעס זענען אַלאַרמירט געוואָרן, כדי פאַרשטאַרקן די כוחות אין מזרח און דרום. די אויטאָמאַטשיקעס האָט מען געשיקט אויף אַנדערע ערטער און די קוילנוואַרפערס זענען געבליבן נאָענט פון שטאַב, כדי זיי קענען שיקן אויף די סאַמע נייטיקע פּלעצער. אַ נייע פּאָזיציע איז איינגעשטעלט געוואָרן פאַרן מיטעלן מאַשינגעווער, אין דער פאָרעם פון אַ ניט הויכן ערד־אַראָפּהאַנג, וואָס איז אין משך פון דער נאַכט צונויפגעזאַמלט געוואָרן לעבן עוקאַליפּטוס־וועלדל, נאָענט פון דער אָקאָפּע וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פונעם בערגל פון דער פּאָזיציע נומער 2. פון דעם נייעם אָרט האָט דאָס מיטעלע מאַשינגעווער געקענט הערשן אויף די מענטשן אין „פּילבאָקס״. זלמן איז מיטן „פּיאַט״ אָוועקגעשיקט געוואָרן אין דער פּאָזיציע פון מרים — פּאָזיציע נומער 9.

טוביה איז דורכגעגאַנגען אַלע בונקערס און געגעבן פאַראָרדענונגען. אין איינעם פון די בונקערס האָבן די פרויען אָנגעוויזן אויף אַ מאַן, וועלכער האָט זיך פאַרשטעקט אונטער אַ מאַטע.

— קריך אַפער! וואָס טוסטו דאָרטן? מיר נייטיקן זיך אין יעדער איינעם אין די פּאָזיציעס.

— איך בין קראַנק, כ'בין פאַרוווּנדעט — האָט דער מאַן געענטפערט.

— ביסט ניט פאַרוווּנדעט, נאָר אַ פּחדן און אַ טרוס — האָט טוביה געשריען, פילנדיק ווי דער כעס וואַקסט ביים אים. — אַ שוטה וואָס דו ביסט. ווילסט דאָ שטאַרבן? אַרויס קעמפן מיט די עגיפּטער! דאָס איז דער וועג צו בלייבן לעבן.

און אים אַרויסגעשלעפּט אין דרויסן.

דער דעזערטיר האָט אַרומגעכאַפּט טוביהן ביי די קני און גענומען קושן זיינע פאַרשמוציקטע שיך.

— כ'בעט דיך, — האָט דער מאַן געכליפּעט — שיק מיך ניט אין די אָקאָפּעס. כ'בין געווען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. געקומען אין לאַנד מיט 3 וואָכן צוריק. כ'וויל לעבן, כאָטש אַ ביסל. כ'וויל זען מיין שוועסטער.

טוביה האָט אים אַ כאַפּ געטאָן און אויפגעשטעלט. דער מאַן, וועמענס גוף האָט געציטערט פון געוויין, איז געווען אַ פּיל העכערער פונעם נידעריקן און ענערגישן טוביה. דעריבער האָט ער געקוקט אַרויף צו דעם מענטש, וועמען ר'האָט געוואָלט באַפעלן אַרויסצוגיין, קעמפן און אפשר אפילו פאַרלירן זיין לעבן.

— איך קען ניט, איך קען ניט — האָט ער געכליפּעט.

טוביה האָט אים צורו געלאָזט. אין אָנהייב, האָט ער אין כעס געוואָלט אַרויסנעמען דעם מאַן פון בונקער און אים שיסן. נאָר איבערלייגנדיק דעם ענין, האָט ער באַשלאָסן, אַז ס'איז גלייכער אים הייסן גראָבן אָקאָפּעס. ווי נאָר טוביה האָט אים מיט עקל פון זיך אָפּגעשטויסן, האָט יענער זיך געאיילט צוריק אַרונטערקריכן אונטער דער מאַטע.

טוביה האָט מיר ניט דערציילט וועגן דעם און כ'ווייס ניט צי זיין באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן נאָך אַ שיקול־הדעת און פולן באַוווסטזיין. אַלנפאַלס, בלייבט אַ פאַקט, אַז ניט אַלע ניצול־געוואָרענע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערס, זענען פון דאָרט אַרויס מיט אַ פעסטערן גייסט ווי זיי האָבן געהאַט פאַרן אַריינגיין אַהין. זייענדיק צעבראָכן און צעטרייסלט פון די צרות און אכזריותדיקע דערנידערונגען וואָס זענען אויסגעפאַלן אויף זייער גורל, זענען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זענען געבליבן לעבן נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן אויף אַ נידערטרעכטיק־אוממענטשלעכן

אופן זיך באַצויגן צו אַ שוואַכערן קאַצעטניק. די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך קיינמאָל ניט אויסגעהיילט פון די וווּנדן וועלכע זיי אַליין האָבן גורם געווען דעם אייגענעם כבוד.

אַנטקעגן דעם זענען געווען אַנדערע, וועלכע זענען אין גבורה אויסגע־שטאַנען זייערע יסורים און ווייטיקן, ביזן גרענעץ פון מענטשלעכן געדולד און אויסדויער; פאַר די דאָזיקע מענטשן איז יעדער איבעריקער אָנשטרענג געווען איצט איבער זייערע כוחות. ווער ווייסט וואָס דער מענטש האָט אַדורכגעמאַכט אין זיין לעבן און וויפל ר׳האָט זיך אַנגעליטן, ביז ר׳איז געוואָרן אַ פחדן? זיכער האָט ער געוואָלט ווערן אַן אַנדערער מענטש, ווייל ר׳איז געקומען קיין ארץ־ישראל אַלס אומלעגאַלער עולה און דאָ זיך מתנדב געווען צו קעמפן פאַרן לאַנד פון זיינע אבות.

ד״ר קעלער האָט געוווּסט, אַז הערשל האַלט ביים שטאַרבן. ניט האָבנדיק די נייטיקע מיטלען אים צו אָפּעריר'ן, איז דעם דאָקטאָר שווער געווען פעסטצושטעלן די מאָס געפאַר פון די באַקומענע וווּנדן אין בויך. מעגלעך, אַז די וווּנדן זענען אַזעלכע שווערע, אַז ס׳איז שוין נישטאָ וואָס צו היילן. אין וואָס דער דאָקטאָר איז יאָ געווען זיכער, אַז הערשל גייט אָפּ אין בלוט צוליב די צעשמעטערטע פיס. ווי נאָר ר׳האָט עטוואָס באַפרייט דעם אָדערן־קלאַמער, האָט דאָס בלוט ווידער אַ פלייץ געטאָן. שמאי האָט אויף זיין ראַדיאָ־זענדער ווידער געבעטן צו שיקן אין קיבוץ בלוט־פּאַרציעס, מעדיקאַ־מענטן צוצואיילן בלוט־פאַרגליווערונג און אויסשטאַטונג אַדורכצופירן אָפּע־ראַציעס — אָבער קיין שום ענטפער איז ניט געקומען. פון זיין דערפאַרונג אין דייטשע מיליטערישע שפּיטאָלן האָט דער דאָקטאָר געוווּסט, אַז מ׳קען באַווייזן ווונדער, אויב מע אָפּערירט אויף שנעל דעם פאַרלעצטן אבר און מ׳איז דערנאָך זיך מיט אים מטפל ווי געהעריק. ער איז געווען פאַרביטערט און פול מיט תרעומות אויף די קאָמאַנדירן, וועלכע האָבן ניט געקענט אים צושטעלן די מכשירים און אויסשטאַטונג, אין וועלכע ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געניייטיקט.

ד״ר קעלער האָט ניט געהערט צו די שטאַרק צוגעלאָזענע מענטשן, אָבער הערשלען האָט ער ליב געהאַט. מעגלעך אַז דאָס האָט זיך גענומען דערפון, ווייל דעם דאָקטאָר זענען גוט געווען באַקאַנט די קריזיסן וועלכע הערשל האָט אַדורכגעמאַכט אין זיין לעבן און די שוועריקייטן וואָס ר׳האָט באַדאַרפט אויסטראָגן. הערשל איז געבוירן געוואָרן מיט אַ מום, אַ קראַנקן פוס. ביז דרייצן יאָר האָט ער אַליין ניט געקענט שטעלן קיין טריט, סיידן מ׳האָט אים אונטערגעהאַלטן. אויך נאָך דער אָפּעראַציע האָט ער נאָך אַלץ אונטערגעהונקען. ס׳האָט זיך געלייגט אויפן שכל, אַז איינער מיט

אַ פאַרלעצטן פוס, וועט אַוודאי זוכן אַ זיצנדיקע אַרבעט. הערשל האָט אָבער געטראַכט אַנדערש. ר׳האָט געשטרעבט צו זיין ווי יעדער איינער און מאָן דאָס זעלבע וואָס אַנדערע, אַרייַנגערעכנט אויך לויפן און שפּרינגען. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס: אַריינטרעטן אין קיבוץ. אין יד־מרדכי, האָט ער צוזאַמען מיט פאַניען, געפלעגט די בלומען־גערטנדלעך און גראָז־פּלאַנטן און געטאָן אַלע שווערע אַרבעטן, וועלכע זי האָט ניט געקענט מאַכן, ווי צעגראָבן און ווייך מאַכן די ערד. די איראָניע פון גורל, אַז גראָד הערשל איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין די פיס דווקא! זעגען דאָך די פיס געווען זיין שוואַכער פונקט זינט ר׳איז אויף דער וועלט געקומען; דאָס גובר זיין די דאָזיקע שוואַכקייט האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַן אומגעוויינלעכן, גוטן און צוגעלאָזענעם מענטש. איצט האָט זיין נשמה געהאַלטן ביים אויסגיין, און נאָך אַ ביסל וועט ער זיך ענדיקן.

הערשל האָט זיך ביט געקלאָגט אויף זיינע ווייטיקן, ניט געשריגן, פּונקט ווי ר׳האָט ביט געשריגן אַלע יאָרן, ווען ר׳האָט געפילט אַ ווייטיק אין די פיס בעת שווערע אַרבעט. איצט האָט דאָס ליכטל פון זיין לעבן געצאַנקט. דאָס פּנים איז געוואָרן גראָ און די הענט — קאַלט, דער דופק האָט קוים געקלאַפּט. ענדלעך, ווען ער האָט אויסגעהויכט די נשמה, האָט דער דאָקטאָר באַפוילן לייב דאַרפמאַנען אַרויסנעמען פון בונקער דעם אויס־געמאַטערטן גוף. נאָך דעם ווי דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן, האָט ד״ר קעלער אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף די הענט און זיך יאָמערלעך צעוויינט.

אין יענער נאַכט האָבן די קעמפערס געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט, כדי פאַרבעסערן זייער לאַגע. אויסער דעם פאַרטיפן די אָקאָפּעס, האָבן זיי אויך געגראָבן אין די זייטן, געעפנט דורכגענג און זיי פאַרפעסטיקט מיט ברעטער. אין די דאָזיקע בונקערס האָט מען פון די צימערן געבראַכט קאָלדרעס מיט קישנס. אין איין בונקער האָט מען אַפילו אַוועקגעשטעלט אַ היאַזאַן, וועלכן מ׳האָט געפונען אויף אַ זאַק מיט זאַמד, ווו ר׳איז אַרויסגעפאַלן פון אַ פענצטער בעת אַן אויפרייס און לופט־שטויס. אין דער פּאָזיציע נומער 7 האָט רפאל רודער געפּרוּווט זיך אָפּראַזירן. ער איז אַריינגעקראָכן אין זיין צימער דורכן פענצטער, ווייל די טיר איז געווען פאַרלייגט אין ר׳עזולטאַט פון אַן אויפרייס. ער האָט פון דאָרט גענומען דאָס ראַזיר־געצייג. אַז די חברים האָבן פון אים געחוזקט, האָט ער געזאָגט:

— כ׳האָב געהערט, אַז די עגיפּטער ברענגען מיט זיך פרויען...

מיט אַזעלכע וויצן האָבן די מענטשן פּרובירט אַריינברענגען אַ טאָן פון סטאַבילקייט און אָרדענונג אין זייערע אומגעוויינלעכע און אומדערטרעגלעך־שווערע באַדינגונגען.

די לופט האָט זיך כמעט ניט באַוועגט, ס'איז געווען הייס דערשטיקט צו ווערן און די זון האָט געבריט אָן רחמנות. אויסער דעם האָבן די מענטשן געליטן פון שוואַרצע בייסיקע פליגעלעך, וועלכע האָבן זיך אויף זיי אַ לאָז געגעבן מאַסנווייז — גלייך ווי אין די פּוסטריט פון דער מצרישער אינוואַזיע. דער וואַרעמער ווינט האָט אָנגעטראָגן וואָלקנס שטויב און דינעם זאַמד, וועלכע זענען אַריינגעדרונגען אין עסן, וואַסער, געווער, העלדזער, נאַזלעכער און אויגן. דער ווינט האָט אָבער געבראַכט מיט זיך עפּעס ערגערס, וואָס איז פון טאָג־צו־טאָג געוואָרן שאַרפער — דעם עיפּושדיקן ריח פון מענטשן און בהמות, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין פּגרים. דער עיפּוש האָט זיך פאַרשפּרייט אומעטום. די מענטשן האָבן אים אַריינגעאָטעמט מיט יעדן אָטעם־צוג.

פאַר אַ זייגער 9 האָבן זיך דערהערט שנעל־שאָסן פון יענער זייט פּאָזיציע נומער 1. דער אויפן אָבסערוואַציע־פּונקט האָט אונטערשיידט אייניקע עגיפּטער, וועלכע האָבן איצט באַהערשט דעם „פּילבאָקס", ווי זיי לאָזן זיך אַוועק אויפן שטח און פאַרשטעקן עפּעס אין דער ערד. אַ סברה, אַז זיי פאַרלייגן מינעס. מאָטקע איז אַרויסגעקראָכן פון דער אָקאָפּע, כדי בעסער זען וואָס דאָרט קומט פאָר. צוזאַמען מיט אים איז געווען אפרים, דער וועכטער פון קיבוץ, ווען ר'איז געהאט אַרויף אויפן באָדן. אפרים איז געקומען אין דער פּאָזיציע אַלס פאַרשטאַרקונג, הגם פריער האָט ער באַלאַנגט צו דער פּאָזיציע נומער 6. מאָטקע און אפרים זענען געווען חברים פון קינדווייז אָן.ביידע האָבן געלערנט אין דער זעלבער שול, אַוועק צוזאַמען אויף הכשרה און געווען שותפים צו די שמחות און פּורעניותן ביים אויפשטעלן דעם קיבוץ אין ארץ־ישראל. איצט האָט ביידע באַהערשט אַ געפיל פון נאָענטקייט, זייענדיק באַהאָפטן צו דער ערד און שיסנדיק אויף די סודאַנער, וועלכע זענען געווען פאַרנומען ביים פאַרלייגן די מינעס. די עגיפּטער האָבן געענטפערט מיט פייער פון די „פּילבאָקס"־לעכער. סעווען, וועלכער האָט אויך געשאָסן מיט זיי, האָט זיך אָנגערופן:

— לאָמיר זיך אָפּטראָגן פונדאַנען. מיר געפינען זיך געצוי אין זייער שיס־דיסטאַנץ.

אַ סעקונדע פריער האָט אַ קויל געטראָפן אין סעוועקס ביקס. ער האָט שנעל גענומען קריכן צוריק אין דער אָקאָפּע. מאָטקע האָט אָנגעהויבן קריכן נאָך אים, אין דער זעלבער ריכטונג, אָבער אפרים האָט זיך ניט געגעבן קיין ריר.

— אפרים, וואָס איז דיר? ביסט פאַרוואונדעט געוואָרן? — האָט מאָטקע געשריגן און געשלעפּט מיט זיך אפרימען אין דער אָקאָפּע.

— ער איז פאַרוווּנדעט. אַוודאי איז ער פאַרוווּנדעט — אָבער אויף וועלכן אָרט?

ניט געווען קיין סימן פון בלוט צי פון אַ וווּנד. נאָר אפרימס פּיס האָבן געציטערט, ווי אין קאָנוווּלסיע.

חביבה, חביבה — שנעל אַהער! — האָט מאָטקע געשריגן צו דער סאַניטאַרין. — ער לעבט נאָך. רופט די בעטל־טרעגערס.

חביבה האָט אויסגעפונען אפרימס וווּנד. די קויל איז אַריין נעבן לינקן אויער און זיך געלאָזט אַראָפּ.

— נעם זיין אַמוניציע — האָט זי געזאָגט צו מאָטקען. — ער האָט שוין ניט קיין גרויסע האָפענונגען.

מאָטקע איז אָבער ניט געווען אימשטאַנד צו חתמענען, חלילה, דעם טויט פון זיין פריינד, דורך אַנטוואָפענען אים. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך אויסגעדרייט — און אַן אַנדערער האָט געגומען די קוילן.

אַז דער ערשטער קרבן פון יענעם טאָג איז געבראַכט געוואָרן צום ד״ר קעלער, האָט ער אַן אויפגערעגטער געזאָגט:

— פאַרוואָס טראָגן ניט די קעמפערס קיין העלמען. אין יעדער מלחמה האָט מען די זעלנער געגעבן העלמען. אויב די „ז.גנה״ האָט אייך ניט געקענט ליפערן קיין העלמען האָט איר זיי באַדאַרפט אויסאַרבעטן אין דער אייגענער שלאָסעריי. מיר פאַרלירן מענטשן דערפאַר וואָס אַזאַ פּשוטע זאַך, ווי אַ העלם פעלט אונדז.

אַזוי האָט ד״ר קעלער, אין זיין צאָרן־אויסברוך, מספיד געווען דעם איידעלן אפרים.

פּינקטלעך 10 פרי, האָט דער מצרישער אויסשפּיר־עראָפּלאַן ווידער זיך באַוויזן איבער יד־מרדכי און באַלד דערנאָך האָבן דעם שונאס האַרמאַטן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן דעם קיבוץ. די אַרטילערישע באַשיסונג איז געווען אַ שווערע. סנאַריאַדן פון איינ־ און דריי־אינטשיקע גראַנאַטן־וואַרפערס און פון זעקס־פונטיקע האַרמאַטן — זענען אומעטום געפאַלן. פון צייט־צו־צייט זענען צו דער באָמבאַרדירונג צוגעשטאַנען אויך 25־פונטיקע האַרמאַטן, פון זייער פּאָזיציע נעבן דיר־סאַניד. דער אַנקום פון די סנאַריאַדן איז געווען באַגלייט מיט אַ ספּעציפיש פאַרטויבנדיק פייפעריי. די קעמפערס האָבן לויט די אויפרייסן שנעל זיך אויסגעלערנט אונטערשיידן יעדן מין סנאַריאַד און פלעגן זיך צעזייפּקוליען און פאַרשטעקן, ווי נאָר ס'האָט זיך דערטראָגן צו זייערע אויערן דער רעש פון דער קויל, וואָס איז ערשט אַרויס פון דער לופע. זענען פאַראַן נייע פאַרוווּנדעטע? איז די קינדער־היים ווידער געטראָפן געוואָרן? און וואָס איז מיט זייערע וווינונגען? אפשר איז געשען אַ נס און די סנאַריאַדן זענען געפאַלן נאָר אויף די ליידיקע פעל־

דער ? קנוילן רויך און שטויב האָבן הויך געשוועבט איבערן קיבוץ. די זון האָט מען כמעט ניט געזען — אָבער די היץ האָט ניט אויפגעהערט. די מענטשן זענען צוגעפאַלן צו די ווענט פון די אָקאָפּעס, שווער געאָטעמט און געוועזן באַגאָסן מיט שווייס פון דער היץ, פון דעם פחד און איבל וואָס איז זיי באַפאַלן.

די באַשיסונג איז געווען אַ שווערערע ווי נעכטן. דאָס מאָל האָבן די מצרישע האַרמאַטן ניט צעטרענצלט זייערע סנאַריאַדן פאַרן וואַסער־טורעם, אָדער ענלעכע אָביעקטן. איצט זענען זיי געווען אַנטשלאָסן צו טרעפן דירעקט אין די אָקאָפּעס און דערפאַר האָבן זיי ממש באַשיט מיט סנאַריאַדן דעם גאַנצן שטח פון קיבוץ, כדי ניט לאָזן די פאַרטיידיקערס אויפהייבן די קעפּ. ביי אַזאַ געדיכט פייער, איז אוממעגלעך צו פאַרמיידן קרבנות. אין דער פּאָזיציע נומער 9, האָט מרים דערוואַרטעט אַן אָנגריף פון די פּ־סגייערס. זי האָט דאָס אַרויסגעדרונגען פון דער שווערער באַשיסונג, וואָס איז ממש דירעקט געלענקט געוואָרן אויפן אָפּשניט ווו זי האָט געהאַט די אויפזיכט. זלמן, וועלכער האָט זיך געפונען נעבן איר, האָט זיך באַמיט צו שטאַרקן דעם גייסט פון די קעמפערס.

— ערשט נעכטן האָבן מיר געזען ווער ס׳זענען די מצרישע זעלנער און זייער גבורה. אַז זייער קאָמאַנדיר ווערט דערהרגעט, אָדער אַז עטלעכע פאַלן אין שלאַכט, הייבט זיך אָן אַן אַלגעמיין אַנטלויפן. עס אונטערליגט ניט קיין ספק, אַז מיר וועלן זיי בייקומען. איר וועט זען, אַז מירן זיי נאָך דערלאַנגען אַ צעשמעטערנדיקן קלאַפּ...

ר׳האָט ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיינע דערמוטיקנדיקע רייד און אַ גראַ־נאַט איז אַריינגעפאַלן אין דער אָקאָפּע. אַז דער שויב און רויך זענען זיך צעגאַנגען, האָט זלמן דערזען דריי חברים ליגן אויף דער ערד. ביים ערשטן בליק האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז ס׳וועט זיך שוין גאָרניט לאָזן טאָן צו ראַטעווען הלל גליקמאַן. ער איז געווען פון די ותיקים אין קיבוץ און די חברים האָבן אים באַזונדערס געשעצט פאַר זיינע טרעפלעכע ווערטלעך, וואָס אַ סך פלעגן זיי איבערחזרן און אַזוי אַרום זיך פאַרלייכטערן די שווערע שטימונג.

— די שפּייז וואָס מיר עסן מאַכט אונדז פאַר אָרעמעלייט — איז געווען זיינס אַ ווערטל, ווען די חברים האָבן געליטן פון ניט־דערעסן. ביז היינט דערמאָנט מען נאָך צום גוטן זיינע שפּריכווערטלעך.

נעבן אים איז געלעגן ברוך. אַ שפּליטער האָט אים געטראָפן אין דיקן פלייש, בלוט איז גערונען אויף פון פוס. זלמן האָט שנעל אַרויסגעכאַפּט דעם באַנדאַזש, אין דער זעלבער צייט האָט ווער געשפּריצט וואַסער אויף

מרימען, כדי זי אָפּצומינטערן. צוליבן אויפּרייס איז זי געפאַלן אָן באַ־וווסטזיין.

אַז זי האָט זיך איבערגעוועקט פון דער חלשות, האָט מרים זיך געכאַפּט, אַז מ׳דאַרף שוין אַלאַרמירן די בעטלעך־טראָגערס. זלמן איז געווען פאַר־נומען מיט באַנדאַזשירן ברוכן. זי האָט געבעטן רופן עמעצן פון די פאַר־בינדלערס, אָבער קיינער האָט זיך ניט באַוויזן. זי האָט אָנגעהויבן קריכן לענגאויס דער אָקאָפּע, כדי אויסצוזוכן אַ פאַרבינדלער. ווען זי האָט זיך אַ ביסל פאַרויסגערוקט, האָט אַ סנאַריאַד געטראָפן אין עק אָקאָפּע און מרים איז אינגאַנצן באַדעקט געוואָרן מיט שטויב. זי האָט שיער ניט ווידער פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין, נאָר די מאַסע זאַמד וואָס האָט געדריקט אויף איר ברוסט און די באַדערפעניש צו אָטעמען, האָבן זי געשטויסן צום ווייטערדיקן קריכן, ביז זי איז אַרויס פון דער אָקאָפּע. זי האָט אַריינ־געאָטעמט אין די לונגען פרישע לופט, נאָר אין קאָפּ האָט אַלץ געשווינדלט און אין די אויערן האָט נאָך אָפּגעהילכט דער פאַרטויבנדיקער רעש פונעם סנאַריאַד וואָס האָט איר באַדעקט דערנאָך מיט זאַמד. אין איר צעטומלטקייט האָט זי אָבער געדענקט, אַז זי דאַרף דערפילן אַ באַשטימטע אויפגאַבע — אַלאַרמירן די בעטלעך־טראָגערס. זי האָט שוין ניט געהאָפט צו געפינען וועמען פון די פאַרבינדלערס און אַליין זיך געלאָזט לויפן צום בונקער נומער 1, אויף אַ מרחק פון אַ 150 מעטער. זי איז געלאָפן, זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, אויסגעפונען ווי אַ שרץ, ווידער געלאָפן און געפאַלן — ביז זי איז געקומען צום ציל. ד״ר קעלער האָט שנעל קאָנסטאַטירט איר לאַגע, אַז זי האָט באַקומען אַ שאָק און איר באַפוילן זיך אָוועקלייגן.

היינט געדענקט שוין ניט לייב דאָרפמאַן, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די בעטלעך־טראָגערס, וואָס האָט אים דעמאָלט באַוויגן פערזענלעך צו טראָגן הילף די געליטענע פון דער פּאָזיציע נומער 9. לייב איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ערשטער הילף נאָך אין דער צייט ווען דער קיבוץ האָט זיך געפונען אין נתניה און געווען אַפילו סאַניטאַר אין אַ קאַמפּס־איינהייט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. ווען אַ שיף מיט מעפּילים איז געקומען אין לאַנד, האָט מען לייבן אָוועקגעשטעלט אויפן ברעג ים, ער זאָל דערלאַנגען הילף די באַדערפטיקע. דאָס האָט לייב דאָרפמאַן, ביי אַזאַ געלעגנהייט, זיך געטראָפן מיט זיין ברודער, וועלכער איז געקומען אין לאַנד אַלס אומלעגאַלער עולה — און אַנשטאָט מיט אים זיך באַגריסן, בלויז אים אָנגעזאָגט אויפן אויער, אַז ער זאָל זיין שטיל, גיין פאָרויס. איצט, אַריינ־שפּרינגענדיק אין דער אָקאָפּע, האָט לייב גלייך באַמערקט ווי דער באַנדאַזש אויף ברוכס פוס איז דורכגעווייקט מיט בלוט. ער האָט אים פונדאָסניי איבערגעבונדן און געטראַכט ווי אַזוי אַמשנעלסטן איבערפירן דעם פאַר־

ווונדעטן אין בונקער. ענדלעך האָט ער דעם באַשעדיקטן פוס צוגעבונדן מיט אַ דינעם שטעכלדראָט צום אַנדערן פוס, אַז ער זאָל זיך ניט באַוועגן — און אַוועקגעטראָגן ברוכן אין דאָקטאָרס בונקער. די אַרטילערישע באַשיסונג אין יענעם מאָמענט איז געווען אַ שווערע. ברוך האָט געליטן שרעקלעכע יסורים.

— כ׳בעט דיך לייב, לאָז מיך דאָ איבער. דו האָסט אַ גרויסע משפחה, ניט ווי איך... וועסט מיך ניט דערשלעפּן צום בונקער...ביידע וועלן מיר דערהרגעט ווערן!

אין יענעם מאָמענט זענען ביידע געלעגן צוגעדריקט צו דער ערד און לייב האָט אַ שלעפּ געטאָן דעם פאַרוווּנדעטן עטלעכע טריט פאָרויס.

ברוך האָט אָנגעהויבן פאַרלירן דאָס באַוווּסטזיין.

— גיב מיר דיין רעוואָלווער — האָט ער געפּליסטערט — כ׳בעט דיך, לאָז עס מיר אַליין טאָן. לייב, טו מיר צוליב, כ׳קען מערער ניט אויס־האַלטן — האָט ער געזאָגט מיט אַ קול־ניט־קול.

לייב האָט איבערגעלאָזן דעם פאַרוווּנדעטן און געלאָפן אין בונקער נאָך אַ בעטל. דאָרט האָט ער וועמען געפונען ר׳זאָל אים העלפן. ביידע האָבן געאײַלט צו ברוכן, אָבער נאָכן אַרויפלייגן אים אויפן טראָגבעטל, האָבן זיי ניט געקענט גיין שנעל, ווייל די יסורים פונעם פאַרוווּנדעטן זענען געווען אומדערטרעגלעכע. אין סאַמע ברען פון דער אַרטילערישער באַשיסונג, האָבן ביידע פּאַמעלעך אַדורכגעמאַכט דעם מרחק וואָס איז זיי געבליבן ביזן בונקער.

ד״ר קעלער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, דערזעענדיק ברוכס אָפענע ווונד, וואָס איז פאַרשוואַרצט און פאַרברענט געוואָרן צוליב דעם אויפרייס. מיט גרויס קענטעניש האָט דער דאָקטאָר אַרומגעשניטן דאָס פלייש אַרום דער ווונד, דערנאָך איינגעשפּריצט דעם פאַרוווּנדעטן פּעניצילין און מאָרפיום. הגם ברוך האָט פאַרלאָרן אַ סך בלוט און ס׳איז געווען אוממעגלעך אים אַדורכפירן אַ בלוט־טראַנספוזיע, איז ער געבליבן לעבן.

פאַר דער אַרטילערישער באַשיסונג יענעם פרימאָרגן, זענען דריי מענטשן געזעסן אין עק פון דער אָקאָפּע אין דער פּאָזיציע נומער 2 און געפרישטיקט. זיי האָבן געקייט די סענדוויטשן, וועלכע די פרויען האָבן פאַרגרייט מיט אַ טאָג פריער, נאָר אַנשטאָט קאַווע, וועלכע איז ניט געווען בנמצא, האָבן זיי געשטילט דעם דאָרשט מיט זויערמילך. איינער פון די דריי איז געווען מלך — אַ שיינער יונגערמאַן, וועמענס רויטלעכע האָר האָבן זיך געלאָקט אויפן ברייטן שטערן. ער איז געווען פון די ערשטע אין קיבוץ. אַלס ייִנגל האָט ער פאַרלאָזט די היים פון זיינע אָרעמע, פרומע עלטערן און עולה

געווען אין לאַנד, נאָך איידער ס׳איז געגרינדעט געוואָרן מצפה־הים. אין קיבוץ האָט ער געהאַט פיל פאַרשידנאַרטיקע אויפגאַבן. אין נתניה האָט ער געאַרבעט אין אַ בעקעריי, נאָר זיין אמתע פאַראינטערעסירונג איז געווען אויפן קולטור־געביט. אָפט האָט מען אים אַרויסגערופן קיין תל־אביב, צו שרייבן אַרטיקלען אין „על המשמר", די טעגלעכע צייטונג פון דער פאַר־אייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי. אַז דער קיבוץ האָט פון צייט־צו־צייט זיך געניייטיקט אין עפּעס פאַרלייענען אויף אַ מסיבה, צי פייערונג, האָט מען אים געבעטן דאָס אָנצושרייבן. ער איז געווען דער מחבר פון דער „מגילת היסוד", וואָס איז איינגעמויערט געוואָרן אינעם ווינקל פונעם ערשטן בעטאָן־הויז אין יד־מרדכי.

דוביק, דער צווייטער פון די דריי, איז געווען אַ הויכוווקסיקער, גוט־האַרציקער בחור, מיט אַ סך לעבנספרייד. ער און נאָך אַ חבר זענען געווען די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר די אומלעגאַלע געווער־מאַגאַזינען אין קיבוץ. אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דוביק געוווסט ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן די דאָזיקע געווער־לאַגערן, ווען ר׳האָט זיך געטראָפן מיט יידישע זעלנערינס, וואָס האָבן געדינט אין דער בריטישער געהילפס־אַרמיי פון פרויען. אונטערן מאַנטל פון לויטערער ראָמאַנטישקייט האָט ער געוווסט צו בעטן אַמוניציע און האַנט־גראַנאַטן, וועלכע זענען אַרויסגעגנבעט געוואָרן דורך די זעלנערינס. אַז זיין פרוי פלעגט אים אַמאָל מאַכן אַ באַמער־קונג וועגן די טרעפונגען, האָט זיך דוביק געוויצלט: „אין דיין גאָרטן האָדעוועסטו בלויז גרינוואַרג, אָבער יענע זעלנערקעס ווייסן צו האָדעווען אין זייערע גערטנער אויך אַמוניציע און גראַנאַטן". בעת די דריי זענען געזעסן אין דער אָקאַפּע און געגעסן דאָס טרוקענע ברויט, האָט דוביק זיך געוויצלט מיט מלכן און מיט איינעם פון די פלמ״חניקעס, וועלכער איז געוואָרן צוגעטיילט צו דער פּאָזיציע.

— נעכטן האָב איך געהאַט אַ וווּנדערבאַרן אָפּרו — האָט ער דערציילט זיינע חברים אין דער פּאָזיציע. — נאָך דעם ווי טוביה האָט מיך באַפרייט נאָכן פאַרענדיקן מיין אויפגאַבע, בין איך אַוועק אין מיין צימער, כדי אויס־געפינען אַ שטיקל געלעגער. די ערשטע זאַך אויף וועלכער כ׳האָב זיך אָנגעשטויסן, איז געווען דער דאָזיקער בעט־צודעק. צום שטוינען, ווי די מלחמה קען ענדערן דעם כאַראַקטער פון אַ מאַן! אין פרידנס־צייט וואָלט איך ניט אַוועקגעלייגט די פיס אויף דער דעקע, סיידן כ׳וואָלט זי מיט עפּעס פאַרשפּרייט, אַפילו מיט אַ צייטונג. נעכטן האָב איך זיך איינגעוויקלט אין דער דעקע און געשלאָפן, אויף דער פּאָדלאָגע פאַרשטייט זיך, ווי אַ געהרגעטער.

טוביה, וועלכער האָט זיך פאַרהאַלטן אין דער אָקאַפּע בעת זיין איינ־

ספעקציע איבער די פּאָזיציעס, האָט זיך צעשמייכלט. הערנדיק דוביקס דער־ציילונג. ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט די מענטשן ביט זיצן נאָענט איינער צום צווייטן, דערנאָך איז ער אַוועק ווי אַמנאָענטסטן צום „פּיל־באָקס”, כדי זיך אַרומקוקן וואָס דאָרט קומט פאָר. פונעם אונטערשטן טייל אָקאָפּע אין דער פּאָזיציע נומער 1, האָט טוביה געקענט מיט מער קלאָר־קייט כאַפּן אַ בליק אויפן „פּילבאָקס”. 3 פּאַנצערקעס זענען דאָרט געשטאַנען און זייערע קוילנוואַרפערס האָבן זיך גוט אָנגעזען. טוביה האָט געוווּסט, אַז זייער אַנוועזנהייט וועט באַשווערן די לאַגע פון די פאַרטיידיקערס אין דער דאָזיקער פּאָזיציע.

בעת ער קוקט זיך אַרום און באַטראַכט דעם שטח, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרטילעריש באַשיסונג, צו וועלכער ס'זענען אויך צוגעשטאַנען די קוילנ־וואַרפערס פון די פּאַנצערקעס — און זייער פייער געלענקט צו דער פּאָזיציע נומער 1. ער האָט געפונען שוץ. אין אַ האַלבע שעה שפּעטער, איז צו אים צוגעקראָכן אַ קוריער און דערציילט אַ שרעקלעכע זאַך: אַ סנאַריאַד האָט גלייך געטראָפן אין דער פּאָזיציע נומער 2, מלך, דוביק און דער יונגער כלמ"חניק זענען דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט.

טוביה האָט זיך געלאָזט לויפן צו דער פּאָזיציע נומער 2 און זיך ניט געמאַכט וויסן פונעם האַגל קוילן און סנאַריאַדן. אין דער פּאָזיציע האָט געהערשט תוהו־ובוהו. די דריי האָבן פאַרלוירן זייערע לעבנס און די פּאָזיציע איז פולשטענדיק צעשטערט געוואָרן. דער אָבסערוויר־פּונקט איז לגמרי געווען חרוב און אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער אָקאָפּע האָט זיך באַדעקט מיט ערד און שטויב.

— וווּהין וועלן מיר גיין פונדאַנען? — האָט געוואָלט וויסן איינער פון די קעמפערס.

— וואָס איז בנוגע דער טערקישער פּאָזיציע? — האָט סאַלעק ביעלסקי זיך צעשריען. — כ'וועל גיין זען וואָס דאָרט קומט פאָר...

קריכנדיק, שפּרינגענדיק און צופאַלנדיק צו דער ערד, האָט ער זיך דערשלאָגן צו אַ מין גרוב, וועלכן די טערקן האָבן אויסגעגראָבן אויף דעם בערגל בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, פאַרטיידיקנדיק זיך קעגן די ענגלענדער. אונטער אַ דיכטן שיכט זאַמד איז דער באָדן געווען פעסט, דעסגלייכן אויך — די ווענט. איבעווייניק האָבן געקענט אַריינגיין צוויי מענטשן. טוביה האָט געשיקט אַ שליח צו ברענגען פאַרשטאַרקונג פון דער פּאָזיציע נומער 3 און די מענטשן אַוועקגעשטעלט אין דער טיילווייז צעשטערטער אָקאָפּע. סאַלעק און נאָך אַן אַלטער חבר פון קיבוץ האָבן פאַרנומען אַ פּאָזיציע אינעם טערקישן גרוב.

איצט האָבן די עגיפּטער אָנגעוואָנדט אַ נייַ קאַמפּס־מיטל — רויך. קודם האָבן זיי פאַרשטאַרקט די אַרטילערישע באַשיסונג און רויך־באָמבעס האָבן אָנגעהויבן אויפרייסן צווישן איין סנאַריאַד און צווייטן. דער רויך וואָס האָט זיך אויפגעהויבן איבערן קיבוץ האָט איינגעהילט דאָס ווייסע בערגל, די קליינע וואַדיס און דעם צוגאַנג פון „פילבאָקס". טוביה האָט געוווּסט, אַז נאָכן רויך, וועלן די פּוסגייער אַטאַקירן, איז ער דעריבער אַוועק אין דער פּאָזיציע נומער 1, מיטנעמענדיק אַהין די מאַנשאַפט פונעם „בראַונינג"־קוילנוואַרפער.

אויפן שפּיץ פונעם קליינעם בערגל האָבן די פאַרטיידיקערס געמרוחשעט די אויגן און מיט אומאַנטשלאָסנקייט געשאָסן אינעם רויך־וואָלקן. מיט אַמאָל האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס די עגיפּטער האָבן ניט פאָראויסגעזען בעתן פּלאַנירן די אַטאַקע. אין די טעג פון היץ און כאַמסין טרעפט ניט איינמאָל, אַז דער ווינט גיט פּלוצים אַ טויש די ריכטונג פון מזרח אויף מערב — און אין יד־מרדכי געשעט דאָס אָפט. בדרך כלל פאַר 11 אין דער פרי. די עגיפּטער האָבן יענעם טאָג באַשטימט זייער ערשטן אָנגריף אויף 11 אַ זייגער און כיט אַמאָל האָט דער ווינט געטוישט די ריכטונג. די פאַרטיידיקערס האָבן דערזען די עגיפּטער ממש ביי דער פאַרצוימונג, ווי זיי שניידן איבער דעם שטעכלדראָט. שרייענדיק פון איבערראשונג, האָבן די פאַרטיידיקערס געשאָסן אויף די אָנגרייפער פון דער נאָענט און אַפילו געשליידערט האַנט־גראַנאַטן. דני, איינער פון דער פּלמ״ח־גרופּע אויפן אָרט, איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער אָקאָפּע און געאיילט זיך צו העלפן דער מאַנשאַפט פונעם גראַנאַטן־וואַרפער. ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין־וחשבון פון דער ריזיקע, האָט זיך דני געשטעלט אויף די פיס, אויסגעגלייכט און אָפּגעשאַצט דעם מרחק פאַר די גראַנאַטן־וואַרפער. גאָר שנעל האָבן זיך געלאָזט אָנזען די רעזולטאַטן פון זיין אויפטו, ווייל די גראַנאַטן זענען געפאַלן ממש צווישן די רייען פון די מצרישע זעלנער, וועלכע זענען שוין געווען אַזוי נאָענט צו זייער ציל. די עגיפּטער האָבן זיך באַלד געכאַפּט אין דער ניט־גינסטיקער ענדערונג און שנעל זיך צוריקגעצויגן צו דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע.

אין בונקער נומער 2 זענען אַנטשטאַנען פּראָבלעמען. פאַרן אָנהייב פון דער אַרטילערישער באַשיסונג, האָט ברכה דערלויבט די מיידלעך צו שטיין, לויט דער ריי, אין די קאָרידאָרן פון בונקער, וועלכע האָבן פון ביידע זייטן זיך באַהאָפטן מיט אָקאָפּעס. דאָרטן איז די לופט געווען אַ פרישערע און מ'האָט אויך געקענט כאַפּן אַ בליק אויפן בלויען הימל. נאָר בעת דער באַשיסונג, איז אין די קאָרידאָרן געווען זייער מסוכנדיק צו שטיין. מ'האָט געקענט געטראָפן ווערן פון אַ סנאַריאַד־שפּליטער. אַז די אַרטילערישע

באַמבאַרדירונג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט ברכה באַפוילן די מיידלעך אַריבער־צוגיין צוריק אין בונקער. איינע האָט אָפּגעזאָגט. זי האָט זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט און די הענט פּאַרלייגט אויפן קאָפּ.

— איך בעט דיך ברכה, צווינג מיך ניט אַריינצוגיין אינעווייניק. איך קען דאָס מער ניט איבערטראָגן...

— אָבער ליבינקע — האָט זי ברכה געפּרוווט באַרויקן מיט געלאַסענע רייד. — דאָ איז צו געפערלעך צו שטיין דו מוזט זיין אינעווייניק.

— ניין, ביין, כ'וועל ניט קענען — האָט דאָס מיידל געבליפּעט. כ'וועל ניט קענען דאָרט ווידער ליגן אַ גאַנצן טאָג. בעסער צו שטאַרבן דאָ. מיר וועלן במילא אַלע אומקומען.

— הער אויף ריידן אַזעלכע נאַרישקייטן — האָט ברכה געענטפערט און זי גענומען שלעפּן מיט זיך, ביז זי האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. — קענסט דאָרט שטיין אין ווינקל. מוזט ניט ליגן אויף דער פּריטשע. אָבער איך בין פאַר דיר פאַראַנטוואָרטלעך און הער אויף מיר אָנטאָן צרות.

דעם 15־יאָריקן מיידל איז נאָר געבליבן אויסצופאָלגן ברכהס באַפעל. ס'איז אָבער פאַריבער ניט קיין סך צייט — און זי איז ווידער אַוועק אין דעם געפערלעכן קאָרידאָר. עפּעס אַ פאַרבאָרגענע קראַפט האָט זי צו דעם געשטויסן. זאָל געשען וואָס עס וויל, זי קען ניט מער פאַרטראָגן געשעעניש וואָס דערמאָנען איר דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער און דאָס אומגליקלעכע לעבן דאָרט; זי איז ניט מסוגל מער צו ליגן נאָענט פון אַן עיפּושדיקן גוף. זי קען ניט נאָך אַמאָל איבערלעבן די דערנידעריקונג פון דערפילן איצט אין בונקער די פיזיאָלאָגישע באַדערפעענישן פאַר אַלעמענס אויגן. זי וויל ניט ווידער אַמאָל זיך אומקערן צום לעבן אין בערגען־בעלזען.

ברכה האָט איר נאָך אַמאָל אַריינגעשלעפּט אינעווייניק, נאָר צום סוף באַשלאָסן, אַז דאָס האָט ניט קיין שום זין. דאָס מיידל איז געווען דעצידירט צו געניסן פון דעם ביסעלע פרייהייט, וועלכע זי האָט אויסגעפונען אין קאָרידאָר. אַ גאַנצן טאָג איז זי שוין געלעגן אויף דעם אָרט, דעם קאָפּ אַרומגעאָרעמט. צו אַלעמענס שוידער — איז איר גאָרניט געשען.

וואָס לעבגער דער טאָג האָט זיך געצויגן, אַלץ מער איז די פרויען באַפאַלן אַ מוראדיקע גלייכגילטיקייט. זיי האָבן איצט אינגאַנצן פאַרגעסן די גוטע שטימונג וואָס האָט זיי באַהערשט אַן אָוונט פריער, ווען זיי האָבן פאַרלאָזט דעם בונקער, כדי צושטעלן עסן די קעמפּערס אין די אָקאָפּעס. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַזאַ אָוונט וועט שוין קיינמאָל מער ניט זיין. זיי האָבן זיך צונויפגעדרענגט אין דורכגאַנג צווישן די פּריטשעס, זיך אָנגעשפּאַרט איינע אויף דער צווייטער, אָדער געלעגן אין גרויס ענגשאַפט. די לופט איז געווען אַ שטיקנדיקע און אויסער די היץ, וועלכע די זון האָט

בשפע דערלאַנגט אָן רחמנות, האָט אויך דער שווייס פון זייערע קערפּערס פאַרגרעסערט דאָס שטיקעניש. דער שווייס האָט נאָס געמאַכט זייערע קליי־דער. זיי האָבן זיך באַמיט וואָס מערער צו שלאָפן און טיילמאָל פאַרזינקען אין אַ מטושטשדיקן דרימל, כדי פרווון פריילאָזן זייערע געפילן און גע־דאַנקען. זיי האָבן ניט געוואָלט עסן. אַפילו די שווערע אַרטילערישע באַמ־באַרדירונג, האָט זיי ניט אַרויסגענומען פון דער דעפּרעסיע וואָס האָט זיי באַהערשט; זיי האָבן פשוט זיך צוגעוווינט צו איר. ס'איז גאָרניט געווען צו טאָן — נאָר ווייטער אויסטראָגן די יסורים.

מיט אַמאָל איז די דערדריקטקייט ווי פאַרשוווּנדן. איינע פון די פרויען וועלכע איז געלעגן אויף דער ערד, האָט אָנגעהויבן זינגען. די אַנדערע האָבן איר אונטערגעהאָלפן. צומערשט האָבן זיי געזונגען לידער פון דעם לאַנד, פונוואַנען זיי האָבן עולה געווען. — פּוילישע לידער. דערנאָך, לידער פון היימלאַנד, וועלכע מ'האָט זיך שוין אויסגעלערנט דאָ. באַזונדערס איין ליד האָבן זיי געזונגען עטלעכע מאָל.

ארצה עלינו
ארצה עלינו
ארצה עלינו,
כבר חרשנו וגם זרענו,
כבר חרשנו וגם זרענו,
אבל עוד לא קצרנו,
אבל עוד לא קצרנו.*

איינע פון די שטוינענדיקע דערשיינונגען אין דער שלאַכט איבער יד־מרדכי איז געווען די, וואָס ניט געקוקט אויף די שווערע אַרטילערישע באַמבאַרדירונגען, האָבן די עגיפּטער ניט מצליח געווען צו צעשטערן די שטעכלדראָט־פאַרצוימונגען און די קאָנצענטרינגעס פאַר די פּאָזיציעס. אין איינעם פון די באַריכטן וואָס זענען שפּעטער פאַרכאַפּט געוואָרן, האָט אַ מצרישער אָפיציר ראַפּאָרטירט, אַז דער מאַנגל אין בענגאַלאָרס ** האָט זיי ניט דערמעגלעכט אַדורכצוברעכן די פאַרצוימונגען. אָבער אָן די אַלע סיבות, האָבן די עגיפּטער ניט אַדורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט אַרומצושניידן די שטערונגען און דראָטן מיט אַלע מכשירים, וועלכע זיי האָבן געהאַט מיט זיך.

בעת די פאַרטיידיקערס זענען יענעם טאָג געווען פאַרנומען מיטן אָפּ־

* מיר האָבן עולה געווען אין לאַנד, / שוין געאַקערט און אויך געזייט אָבער נאָך ניט געשניטן.

** ספּעציעלע כלים אַדורכצורייסן פאַרצוימונגען פון שטעכלדראָט.

שלאָגן די ערשטע אַטאַקע, האָט אַ מצרישע אייגהייט פֿון 15 זעלנער זיך פֿאַרגנבעט ביזן צופֿוסנס פֿון בערגל. אונטערן שוץ פֿון אַ רויך־וואָלקן זענען זיי דערגאַנגען ביז דער פֿאַרצוימונג פֿון שטעכלדראָט ביים הויפּט־טויער און אָנגעהויבן אים אַרומשניידן. ווען זיי געלינגט דאָס און זיי וואָלטן אַריינגעדרונגען אין קיבוץ פֿון דער זייט, מעגלעך אַז פֿון הינטן אַרום וואָלטן זיי איבערראַשט די פֿאַרטיידיקערס פֿון דער פּאָזיציע נומער 1 און אַפֿילו זי דעראָבערט. נאָר דער רויך־וואָלקן איז פֿריצייטיק צעשוווּמען געוואָרן און מ׳האָט זיי אַנטדעקט, איידער זיי האָבן פֿאַרענדיקט זייער מלאכה. טוביה האָט אויף שנעל געגעבן אָנווייזונגען עטלעכע מענטשן און דער מאַנשאַפֿט פֿון קוילנוואַרפֿער באַפֿוילן צו פֿאַרנעמען אַ פּאָזיציע אין אונטערשטן טייל פֿון דער אָקאָפּע, ווו ס׳איז געווען אַ מעגלעכקייט בעסער צו טרעפֿן דעם שונא — און עפֿענען אַ פֿייער. אַלס ענטפֿער אויף דעם פֿייער, האָבן די קוילנוואַרפֿערס פֿון דער מצרישער פּאַנצערקע, וואָס איז געשטאַנען אין פֿראָנט פֿונעם „פּילבאָקס״, אָנגעהויבן שיסן. די־אָ קוילן האָבן די פֿאַרטיידיקערס געשטעלט אין אַ ניט־קליינער געפֿאַר, ווייל אין די עקן איז די אָקאָפּע ניט געווען גענוג טיף. דער „פּילבאָקס״, וועלכער איז ביז נעכטן געווען די פֿעסטונג פֿון די פֿאַרטיידיקערס, איז איצט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטרויכלונג. דני איז געשטאַנען אויפֿן העכסטן אָרט אין דער אָקאָפּע, אַמנאָענטסטן צו דער פּאָזיציע נומער 1. ער איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן און די שוואַרצע גרויסע אויגן האָבן צוגעגעבן חן זיין פּנים, די שוואַרצע האָר און די פֿולע ליפּן. הגם ער איז אַלט געווען נאָר 20 יאָר, האָט ער שוין געהאַט הינטער זיך אַ סטאַזש אין פּלמ״ח. אַזוי ווי ר׳האָט גערעדט אַ פּליסיקן אַראַביש, ווייל ר׳איז געבוירן געוואָרן אין דמשק, האָבן זיינע קאָמאַנדירן אים געשיקט אַדורכפֿירן די געוואַגטסטע אויסשפּיר־אויפֿגאַבן אין די אַראַבישע געגנטן און דערפֿער. נידעריקער פֿון אים אין דער אָקאָפּע איז געשטאַנען מנחם, וועלכער האָט בשעתו געקעמפֿט ביים פֿאַרטיידיקן דעם „פּילבאָקס״ און איז בשום אופֿן ניט געווען מסוגל צו שיסן אין אַ הונט וואָס האָט פֿאַרבלאָנדזשעט צו יענער פּאָזיציע. נעבן זיי האָבן זיך געפֿונען טוביה און די מאַנשאַפֿט פֿונעם קוילנוואַרפֿער — שמעון, נחום און בעניאַ.

— אַכטונג, וואַרפֿן זיך אויף דער ערד! — האָט טוביה אַ געשריי געטאָן צו די מענטשן. נאָר אין שטורעם פֿון דער שלאַכט האָבן זיי זיך ניט ווילנדיק געמאַכט פֿון דער געפֿאַר. ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט אויפֿצופּאַסן אויף זייער זיכערקייט, אויב זיי האָבן געוואָלט שטערן די עגיפּטער אינעם באַשניידן דעם שטעכלדראָט. דער קוילנוואַרפֿער „וויקערס״, וועלכער איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין „פּילבאָקס״, האָט פֿאַרפֿלייצט די

אַקאַפּע מיט פֿייער. זיי האָבן געמוזט פֿון צייט־צו־צייט זיך אויפֿהייבן, כּדי קענען שיסן — און באַלד זיך ווידער איינגעבויגן.

— כ׳בין פֿאַרוווּנדעט, מײַן האַנט איז פּאַראַליזירט — האָט דני גע־שריען.

— ווער האָט אַ באַנדאַזש ? — האָט געפֿרעגט טוביה.

בעניאַ האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום „פּילבאָקס", כּדי אַרויסנעמען פֿון דער בלוזע־קעשענע זײַן באַנדאַזש. אין דעם מאָמענט האָט אַ סנאַריאַד צעקלאַפּט זײַן שטערן און ער איז געפֿאַלן אויפֿן רוקן. גלײַכצײַטיק מיט בעניאָס אומפֿאַלן, האָט נחום געהערט אַ קרעכץ — און צוויי מענטשן האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. בעניאַ איז געוואָרן אינגאַנצן אומ־פּעיק עפּעס צו טאָן, צוליב אַ ווונד אין שאַרבן, און נחום איז דערהרגעט געוואָרן. שמעון האָט אים געהאַלטן, ווען ער האָט אָנגעהויבן פֿאַלן און געהערט זײַנע גסיסה־קרעכצן. ער האָט אים פֿאַרזיכטיק אָוועקגעלייגט אויף דער ערד און זיך געאײַלט צוריק אויף זײַן אָרט, צום קוילנוואַרפֿער.

בעניאָן איז געלוּנגען מיט אייגענע כּוחות זיך צו שטעלן אויף די פֿיס, הגם זײַן פּנים איז געווען באַגאָסן מיט בלוט. מיטן עלנבויגן האָט ער זיך אָפּגעווישט דאָס בלוט, אויפֿגעהויבן זײַן געווער און פּרובירט שיסן. טוביה האָט אים געשלעפּט צוריק אין דער אַקאַפּע און באַנדאַזשירט זײַן שטערן.

פֿאַר זיי האָבן די מצרישע זעלנער, קריכנדיק, זיך אָנגעהויבן דער־ווייטערן פֿון דער פֿאַרצוימונג דורכן טאָמאַטן־פֿעלד. ביז זיי זענען פֿאַר־שוווּנדן פֿון אויג צווישן די קאַרטאָפֿל־פֿלאַנצן, וואָס זענען הייײאָר געוואַקסן העכער ווי שטענדיק. אַ העלפֿט פֿון דער מצרישער אייַנהייט זענען געלעגן פֿאַר דער פֿאַרצוימונג דערהרגעטע אָדער פֿאַרוווּנדעטע. די געפֿאַר פֿון זייער אַרײַנדרינגען אין קיבוץ איז פֿאַרמיטן געוואָרן אַ דאַנק די לעצטע זאַלפֿן פֿון די פֿאַרטיידיקערס.

דני איז געטראָפֿן געוואָרן אין עלנבויגן, און די ווונד האָט פּאַראַליזירט זײַן האַנט. ווען טוביה האָט אים באַנדאַזשירט, האָט דני געזאָגט:

— נעם בעניאָן צום דאָקטאָר, איך וועל דאָרט אַליין אַהינקומען. כ׳גיי נאָך דיר.

אַז דני איז ניט אָנגעקומען אין בונקער, האָט טוביה געשיקט חביבהן זען וואָס האָט מיט אים פּאַסירט. מיט עטלעכע שעה פֿריער האָט חביבה זיך באַגעגנט מיט דנין אין איינער פֿון די אַקאַפּעס. פֿאַרבײַגייענדיק נעבן איר, האָט ער מיטגעשלעפּט מיט זיך אַ ביסל זאַמד, וואָס האָט זיך געגומען אויף איר שיטן.

— וואָס האָב איך געטאָן ? באמת, ניט געוואָלט — אַ פּערד וואָס כ׳בין... — האָט ער געזאָגט צו איר. זי האָט אים געענטפֿערט מיט אַ שמייכל

און בלויז געבעטן ער זאָל אין דער אָקאָפּע גיין מער איינגעבויגן. — דו ביסט אַזאַ הויכער, דני, און די עגיפּטער קענען דיך זען פון ווי ווייט.

איילנדיק זיך איצט צו אים, האָט זי זיך דערמאָנט אין יענער באַ־געגעניש. זי האָט אים געפונען ליגן אויפן שטח, אויסער דער אָקאָפּע. אויפן וועג צום בונקער איז ער געטראָפן געוואָרן אין דער לונג און שוין ניט געווען מסוגל צו שטיין אויף די פיס.

— העלף מיר, חביבה, כ׳וויל אַזוי לעבן...

הגם די שיסעריי האָט ניט אויפגעהערט, איז חביבהן געלונגען אים צו באַנדאַזשירן און אַפילו אים אָנגעהויבן שלעפּן אין דער ריכטונג פון בונקער. זי האָט געזען ווי ער הייבט אָן פאַרלירן דאָס באַוווסטזיין. די אָנגעקומענע בעטלעך־טראָגערס האָבן אים געבראַכט צום ד״ר קעלער. אומ־קערנדיק זיך אין איר פּאָזיציע אינעם עוקאַליפּטוס־וועלדל, האָט חביבה אָפּגעווישט מיט אַ שטיקל באַנדאַזש דניס בלוט פון אירע הענט. פאַר אַזאַ צוועק איז קיין וואַסער ניט געווען.

אַ שעה נאָכן צוריקשטויסן די ערשטע מצרישע אַטאַקע, האָט דער ווינט נאָך אַלץ געביטן די ריכטונג און די אָנגרייפער האָבן זיך ניט געקענט אַרויסהעלפן מיט די רויך־וואָלקנס. אין דער צווייטער אַטאַקע האָבן זיי די פּאַנצער־אויטאָס געשיקט פאַר די פוסגייער און זיך באַוועגט פאָרויס אונטער דער פייער־דעקונג פון די קוילנוואַרפערס.

סעוועק און סיאָמאַ זענען געשטאַנען אינעם אָבסערוואַציע־פּונקט. הגם סיאָמאַ איז געווען אין יד־מרדכי ערשט צוויי יאָר, האָבן אייניקע חברים אים זייער גוט געקענט. ער האָט מיט זיי אַדורכגעמאַכט אין פּוילן די הכשרה און געווען אַרבעטס־פּאַרטיילער. בעת דער מלחמה איז ער אַ שטיק צייט געווען אין טשענסטאָכאָווער געטאָ, געהאָלפן דאָרט אָרגאַניזירן אַן אַנטי־נאַצישן אונטערגרונט. ווען דאָס געטאָ איז נאָך די סעלעקציעס פאַר די אוישוויצער גאַז־קאַמערן כמעט אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן, איז סיאָמאַן געלונגען צו אַנטלויפן און זיך אָנשליסן צו אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער ביי טשענסטאָכאָוו.

איין פּאַנצערקע האָט קאָנצענטרירט איר פייער אויפן אָבסערוואַציע־פּונקט. די קוילן זענען געפאַלן אויפן אייזן־צודעק פון דער פּאָזיציע, נאָר דאָס פייער האָט געהאַלטן אין איין דערנענטערן זיך צו די שיס־לעכער.

— צו דער ערד! — האָט סעוועק אַ געשריי געטאָן, וואַרפנדיק זיך שנעל אויף דער פּאָדלאָגע. אויך סיאָמאַ האָט אַ פאַל געטאָן — נאָר שוין אַ טויטער...

— זיין טויט האָט אויף מיר בכלל ניט געווירקט — האָט מיר סעוועק דערציילט מיט 12 יאָר שפּעטער. — ס׳איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך,

אַז אַזעלכעס מוז געשען. אויך מיך וואָלט ניט אויסגעמיטן דער טויט, ווען כ׳וואַרף זיך ניט דעמאָלט בייצייטנס אויף דער ערד. קאַלטבלוטיק האָב איך געטראַכט, אַז מעגלעך ס׳וועט אויך קומען מיין ריי. איז דאָס ניט מאָדנע? איך האָב זייער געוואָלט, אַז איך געהאַט סיאָמאַן. נאָר מיינע געפילן זענען געווען אָפגעטעמפּט, גייסטלאָז. כ׳בין געווען גלייכגילטיק און פאַרגליווערט, גלייך די נשמה וואָלט פון מיר אַוועק...

דאָס פייער איז שוואַכער געוואָרן און סעוועק איז אַרויסגעקראָכן אין דרויסן. פון דער פּאָזיציע נומער 2 האָבן די גראַנאַטן־וואַרפערס דערלאַנגט די פּאַנצער־אויטאָס און זיי געצוווּנגען זיך צוריקציען. די זעלנערישע רייען הינטער זיי זענען געוואָרן שיטערער, די עגיפּטער האָבן ווידער גענומען אַנטלויפן אין בהלה. אויך די צווייטע אַטאַקע איז געוואָרן אָפּגעשטויסן.

אין די נאָכמיטאָג־שעהן האָט מען מנחמען געשיקט באַגלייטן אַ פּאַר־ווונדעטן אין בונקער פון ד״ר קעלער. דאָרט האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דני איז געשטאָרבן פון די ווונדן. די פּאַרטיידיקערס האָבן ניט געהאַט קיין אַנונג וועגן דניס ווייטערדיקן גורל, זינט ער האָט פאַרלאָזט די פּאָזיציע, נאָכן צוריקציען זיך פון די עגיפּטער פון דער פאַרצוימונג. מנחמען האָט דערשיטערט די ידיעה וועגן טויט פון דעם פריינד און יונגן, בראַוון קעמפער; ער האָט געגלייבט, אַז די קויל האָט אים בלויז לייכט פאַרוווּנדעט. אין זיין נערוועזיטעט און פאַרצווייפלונג, איז ער אַוועק אין איינעם פון די פּרויען־בונקערס, זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ פּריטשע, אויסגעצויגן די אברים און געוואָלט עטוואָס זיך אָפּרוען. איינע פון די פּרויען, ניט דווקא פון די אים נאָענטע, האָט זיך נעבן אים אַוועקגעזעצט און מיט אַ פייכטער שמאַטקע אָפּגעווישט דעם געדיכטן שטויב פון פּנים. איבערגעפירט די שמאַטקע אויף זיין שטערן, אַנטדעקט דאָרט דעם אויסשיט, געריי־ניקט זיין געזיכט און די אַרויסשטאַרצנדיקע און גרויסע אויערן. איר מוטערלעכע באַציונג און דאָס מטפּל זיין, האָט אים פאַרשאַפט פרייד און ר׳האָט איר דערפאַר באַדאַנקט.

— ס׳איז אפשר כדאי זאָלסט מיר אויך אויסריי־ניקן דאָס מויל, ווייל ס׳איז פול מיט זאַמד און דינעם זשוויר — האָט איר פאַרגעלייגט מנהם.

מיט פאַרזיכטיקייט האָבן אירע פינגער באַרירט זיין מויל און מיט די נעגל האָט זי אַראָפּגענומען די בלאָטע וואָס האָט באַדעקט זיינע ציין. דער־נאָך האָט זי אים געגעבן אַ ביסעלע וואַסער אויסצושווענקען דאָס מויל. צום סוף האָט זי אים לייכט אַ שטויס געגעבן צו דער פּריטשע.

פילסט זיך איצט בעסער? — האָט זי געפרעגט — און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט זי זיך איבער אים אַריבערגעבויגן און געגעבן אַ קוש.

מיט אַמאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די פּריטשע, אויף וועלכער ער ליגט, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אויסערגעוויינלעך באַקוועמע לעקטיקע. ער האָט דערשפּירט אַ זיכערקייט, מיט וועלכער ס׳האָבן אים אָנגעפילט די ווענט פונעם בונקער און אַפילו די עיפּושדיקע לופט איז לייכטער געוואָרן צום אָטעמען. די אָנגענעמע איבערראַשונג פון דער פּרויס קוש האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ געפיל פון וואַרעמקייט און באַקוועמלעכקייט. „ווי אַזוי וואָלטן מיר געקענט גובר זיין די אַלע שוועריקייטן, ווען ניט די פרויען דאָ?" — האָט ער געזאָגט צו זיך. ר׳האָט האָט זיך אויסגעצויגן, איבערגעדרייט אויף אַ זייט און פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

אין שטאָב האָט דער ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט שמאי נאָכגעפאָלגט מיט פּעדאַנטישקייט די ידיעות וואָס זענען פון מצרישן אויסשפּיר־עראָפּלאַן איבערגעוויזן געוואָרן אין זייער שטאָב. ער האָט גוט געקענט די אַראַבישע שפּראַך.

— ער באַריכטעט, אַז פאַרן אָנהייבן די אַטאַקעס זענען אין די פּאָזיציעס 1 און 2 געווען בלויז 15 מענטשן — האָט שמאי געזאָגט די קאָמאַנדירן, וועלכע זענען געקומען אינעם בונקער פון שטאָב אויף אַ קורצער באַראַטונג. — די אין עראָפּלאַן זאָגן נאָך, אַז זיי וועלן פליען איבער אונדז, נאָר פיל נידעריקער כדי ווידער איבערציילן די מענטשן אין די פּאָזיציעס.

— און ביי יעדער אַטאַקע זייערער האָבן מיר פאַרניכטעט אַ האַלבע קאָמפּאַניע — האָט טוביה געזאָגט אַ צופרידענער.

— אָבער גלייכצייטיק האָבן מיר פאַרלוירן אַ דריטל פון אונדזערע כוחות — האָט אַלעקס באַמערקט מיט טרויער — ניט די ערשטע אַטאַקעס פון הייבט וועלן באַשטימען אונדזער גורל, נאָר גראַד די לעצטע.

— אָבער זייערע זעלבער זענען אינגאַנצן דערשלאָגן. די קאָמאַנדירן זייערע וועלן ניט קענען ווידער שיקן די זעלבע זעלנער אונדז אַטאַקירן. אין דעם בין איך זיכער — האָט טוביה געזאָגט. אויב זיי טוען אַזוי, וועלן מיר צעקלאַפּן די גאַנצע קאָמפּאַניע און איך מיין ניט אַז זיי וועלן אַזוי אויסהאַלטן.

אַלעקס האָט זיך אָנגערופן:

— מיר מוזן באַקומען פאַרשטאַרקונג אין מענטשן און אין געווער.

טוביה האָט מיט אים מסכים געווען. ביידע האָבן דיקטירט שמאין אַ דעפּעשע.

13.55. צוויי אַטאַקעס פון פוסגייער זענען אָפּגעשטויסן געוואָרן. מיר האָבן פאַרלוסטן. די פּאָזיציעס זענען צעשטערט געוואָרן. מיר מוזן באַקומען פאַרשטאַרקונג אין מענטשן, געווער און אַמוניציע.

אין צווישנצייט האָט אין דרויסן זיך „עענדערט דער „אָרקעסטער" פון די באַמבאַרדיר־כלים, וואָס האָט באַוויזן די קאָמאַנדירן צו ענדערן די סטעמע פון זייער געשפּרעך. די כלי־משחית האָבן נאָך געשאָסן, נאָר פיל שוואַכער.

— זיי רוקן זיך ווידער פאָרויס! — האָט טוביה אַ געשריי געטאָן און אין איילעניש אַרויס אין דרויסן.

„נאָך איין מצרישע אַטאַקע" — האָט שמאי צוגעגעבן צו דער טעלע־גראַמע.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין די באַכמיטאָג־שעהן. וואָלקנס שטויב און רויך האָבן זיך געקנוילט איבערן שלאַכטפעלד. די געשרייען פון די פאַרוווּנדעטע עגיפּטער האָט מען גוט געהערט פון די ערטער, ווו זייערע חברים האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף הפקר. וואָס שוואַכער ס'איז געוואָרן די אַרטילערישע באַשיסונג, אַלץ שטאַרקער האָט מען געהערט זייערע גע־שרייען. אין דער אָקאָפּע פון דער פּאָזיציע נומער 1 האָט סעוועק גערעדט מיט איבערגענומענקייט:

— די כלי איז געווען אַנגעצילט גלייך אויף מיר... אַ גראַנאַטן־וואַרפער... כ'האָב געהאַט אַזאַ געפיל... כ'האָב זיך שנעל אַ וואָרף געטאָן אויף דר'ערד. כ'האָב געפילט ווי ס'פליט אַ גראַנאַט, געגוי איבער מיר — און דער לופט־שטויס האָט מיך גוט צוגעשמידט צו דער ערד. איר פאַרשטייט? כ'האָב דערהערט דעם שרעקלעכן רויש און אויפהייבנדיק די אויגן צו כאַפּן אַ בליק אַרום זיך, האָב איך ניט געוווּסט צי כ'לעב, צי כ'בין געשטאָרבן. כ'הער נאָך איצט ווי גלאָקן וואָלטן געקלונגען אין מיינע אויערן. איר קענט נאָך זען ווי דער גראַנאַט שטעקט אַ פאַרגראָבענער אין וואַנט פון דער אָקאָפּע. בלויז עטלעכע סענטימעטער איבער דעם אָרט ווו כ'בין געלעגן אויף דער ערד. אוי, מיין קאָפּ, מיין קאָפּ... — און ער האָט פאַרדעקט דעם קאָפּ מיט די הענט.

— בעסער זאָלסט שווייגן, סעוועק! — האָבן אים געראָטן די חברים. — די עגיפּטער וועלן נאָך דערהערן דיין קול און אָנצילן זייער געווער אויף אונדז. שווייג!

סעוועק האָט אָנגעהויבן וויינען און כליפּען. טרערן זענען גערונען איבער זיין פּנים, ווען ער האָט גערופן די חברים אין דער אָקאָפּע ביי די בעמען און דערנאָך אויסגערעכנט די וואָס זענען דערהרגעט געוואָרן פון דער מצרישער באַמבאַרדירונג:

— איך וויל הערן מיין קול, כ'וויל הערן אַ מענטשלעכע שטים —

האָט ער ווייטער געכליפּעט. דער קאָפּ פּלאַצט מיר און כ'קען ניט הערן מיין אייגן קול...

די מענטשן אין דער אָקאָפּע זענען געווען צו מיד, כדי זיך פאַרנעמען מיט סעודקן, וועלכן ס'איז באַפאַלן אַ היסטעריע. זיי זענען געזעסן אָדער געלעגן אין דער אָקאָפּע, טריבע כמעט פון די אויפרייסן, פון די לופט־שטויסן און אויפטרייסלונגען. אָפט האָבן זיי זיך פאַרהוסט צוליב דער שאַרפּ־קייט פונעם שיס־פּולווער וואָס האָט זיך געטראָגן פון זייערע ביקסן. פון צייט־צו־צייט האָבן זיי געענדערט די פּאָזיציע פון זייערע קערפּערס, כדי גובר זיין די מידקייט, ווייטיקן און שפּאַנונג פון דער שלאַכט. וויפל אַטאַקעס האָבן זיי שוין באַוויזן אָפּצושטויסן? אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז 3 אַטאַקעס, אַנדערע ווידער האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן שוין דורכגעמאַכט אַ 6־5. דער דאָזיקער דורכדריגנלעכער און צוועקלאָזער ויכוח איז אַנטשטאַנען צווישן די מענטשן אין דער אָקאָפּע — און אויפגעהערט, ערשט ווען דער אָבסער־וואַטאָר האָט געמאָלדן וועגן דער אָנקומענדיקער אַטאַקע. די מענטשן האָבן פאַמעלעך זיך געשטעלט אויף די פיס, בעת צוויי פון די דיסקוטאַנטן האָבן זיך אַרומגענומען...

דאָס מאָל האָבן די עגיפּטער דערלאַנגט דער פּאָזיציע אַזאַ געדיכט פייער, אַז די פאַרטיידיקערס האָבן זי געמוזט פאַרלאָזן. זיי האָבן ניט ווייט געפונען שוץ אין איינער פון די ערד־פאַרטיפונגען. ליגנדיק אויף די בייכער, האָבן די יידן געשאָסן פון די ביקסן און פון צייט־צו־צייט געוואָרפן גראַנאַטן. די עקשנותדיקע האַלטונג פון די פאַרטיידיקערס און זייער ענדערן דאָס אָרט, האָבן יענעם טאָג גורם געווען דערצו, אַז די אַטאַקע פון איבער־הייגנדיקן שונא איז צוריקגעשטויסן געוואָרן צום פינפטן מאָל. דאָס איז געווען די לעצטע אַטאַקע.

איינער פון די מענטשן איז געבליבן אין דער אָקאָפּע. דאָס איז געווען וואָלף קריגער, וועלכער האָט אין אָוונט פון דער שלאַכט זיך אומגעקערט אין קיבוץ צוזאַמען מיט זיין רוסישער פרוי, וואָס האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געבאָרן אַ טויט קינד.

— וואָלף, גיי אַרויס פון דאָרט! — האָט מען צו אים געשריען. — שנעלער אַוועק פון דאָרט! די גרוב איז ניט גענוג טיף — דער שונא זעט דיך.

— נאָך אַ מינוט — האָט וואָלף געשריען. — איך וויל וויסן צי די עגיפּטער ציען זיך טאַקע צוריק.

ניט אַ קויל פון אַ סנייפּער האָט אַ סוף געמאַכט צו וואָלפס לעבן, וועלכער איז געווען אומבאַשיצט אין זיין פּאָזיציע, נאָר אַ בלינדער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אַ 6־פונטיקער אַרטילערישער סנאַריאַד האָט אים גלייך

געטראָפֿן. מיט שרעק און שוידער האָבן די פֿאַרטיידיקערס געזען ווי וואָלפֿס אברים פֿליִען אין דער לופֿטן. אויפֿן אָרט וווּ ס׳איז אָקערשט געשטאַנען אַ לעבעדיקער, שפּרודלדיקער מענטש, איז אַפֿילו ניט געבליבן דער קערפּער. בלויז אייניקע איבערלעבכע אברים פֿון אַ מענטש זענען זיך געלעגן אויפֿן אָרט, אין אַ לוזשע בלוט...

אינעם ערשטן טאָג פֿון די שלאַכטן, האָט ווֶרד, קריגערס פֿרוי, זיך איינגעשפּאַרט צו פֿאַרבלייבן מיט אים אין דער אָקאָפּע. נאָך די אַנטשלאָ־סענע קעגנערשאַפֿט פֿון טוביהן האָט זי ענדלעך באַוויזן זיך אומצוקערן אין בונקער. שפּעטער האָט וואָלף איר געשריבן בריוועלעך ביי יעדער געלעגנהייט, ווען אַ לויפֿער איז אַוועק אין דער פּאָזיציע נומער 1. אַלעמען איז געווען באַוווּסט די פּורענויותן וועלכע דאָס פּאָרל האָט אַדורכגעמאַכט און דערפֿאַר האָט מען זיי ניט פֿאַרגעוואָרפֿן די דאָזיקע ליבעס־בריוועלעך. וואָלף איז געווען אַ זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי אין יאָר 1939. זיין אייגנהייט איז אין איר ריקצוג דערגאַנגען ביזן סאָוויעטישן ראַיאָן און דאָרט גאַנצערהייט איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי. נאָכן פֿאַרענדיקן די שלאַכט איבער סטאַלינגראַד, איז ער געבליבן לעבן. דערנאָך, ווי ס׳האָט געטראָפֿן מיט אַ סך פּוילישע זעלנער, האָט מען אים איבער־געפֿירט אין די אַרבעטס־באַטאַליאָנען. אינעם וויטן טורקעסטאַן, וווּ ר׳האָט געאַרבעט אַלס מאַשיניסט, האָט ער באַקענט ווֶרד און מיט איר חתונה געהאַט. דאָס איז געווען אַ יידישע פֿרוי, געבאָרן אין ראַטנפֿאַרבאַנד, וועלכע האָט זיך עוואַקוירט פֿון די אָקופּירטע געביטן. ורד געדענקט ווי וואָלף פֿלעגט איר אָפֿט דערציילן וועגן זיין קיבוץ, זי האָט געפֿילט, אַז פֿאַקטיש האָט זי געקענט די מענטשן פֿון קיבוץ, איידער זי האָט זיך מיט זיי געטראָפֿן. נאָכן פֿאַרענדיקן דעם קריג, האָט וואָלף זיך אומ־געקערט קיין פּוילן און ווֶרד איז געוואָרן אַ פּוילישע בירגערין. אין זייער דעצידירטקייט אָנצוקומען קיין ארץ־ישראל, זענען ביידע אַוועק קיין דייטש־לאַנד און פֿון דאָרט — קיין פֿראַנקרייך. נאָכן אָפּוואַרטן אַ סך חדשים, האָבן זיי באַקומען סערטיפֿיקאַטן און עולה געווען. געווי אַ יאָר פֿאַר זיין טויט, זענען וואָלף און ווֶרד אָנגענומען געוואָרן אין יד־מרדכי.

אין פֿאַרלויף פֿון יענעם טאָג, זיבנדיק אינעם בונקער וווּ ס׳האָט פֿאַר־פֿעלט לופֿט, איז ווֶרד געווען פֿאַרזאָרגט און דערשראָקן. זינט די אַרטי־לערישע באָמבאַרדירונג האָט זיך אָנגעהויבן, איז פֿון וואָלפֿן ניט אָנגעקומען קיין שום בריוול. פֿון גרויס איבערלעבונג האָט זי פּשוט פֿאַרלאָרן די פֿעיקייט זיך אויסצודריקן אין העברעיש, צי אין פּויליש; דעריבער האָט זי ניט געקענט אַרויסברענגען אין ווערטער אירע געפֿילן, בפֿרט נאָך, אַז זי האָט ניט גוט באַהערשט ביידע שפּראַכן. זי האָט זיך געפֿילט ווי

אַ פּרעמדע, וואָס געהערט ניט צו דעם קאָלעקטיוו פּרויען, וועלכע האָבן זייער שיינסטע צייט פּאַרבראַכט צוזאַמען, געגרינדעט דעם קיבוץ און אַ סך אַ סך יאָרן זיך געטיילט מיט ליידן און פרייד. זי האָט ווי דערפילט די אָנקומענדיקע קאַטאַסטראָפע. דערהאַלטנדיק די פינצטערע בשורה, איז זי ניט שטאַרק איבערראַשט געוואָרן, גלייך זי וואָלט אויף זיכער געוווּסט, אַז די זאַך דאַרף פּאַסירן. איצט איז איר גאָרניט געבליבן — דאָס היימלאַנד, די משפּחה, דער זון און מאַן — אַלץ האָט זי פּאַרלאָרן. זי איז איצט עלנט, אין אַ פרעמד לאַנד און צווישן פרעמדע מענטשן. זי האָט ניט געקענט איינהאַלטן די טרערן און זיך צעכליפּעט. געלאָזט די היסטעריע זאָל איר באַהערשן און די שטילע כליפּעריי האָט זיך פּאַרוואַנדלט אין אַ געשריי פון טיפן ווייטיק און ביטערער אַנטוישונג. די פרויען אינעם ענגן, געדיכטן און לופטלאָזן בונקער, האָבן דאָס ניט געקענט איבערטראָגן. געוואָלט זי באַרויקן, נאָר ס'איז זיי ניט געלונגען. איר וועלט איז מיט אַמאָל חרוב געוואָרן. ביז דאָרקע איז צו איר צוגעגאַנגען און איינגעשפּריצט אַ באַרוי־קונגס־מיטל.

פונעם אָבסערוואַציע־פּונקט אין קיבוץ ניר־עם, אינעם שטאַב פון דער פּלמ"ח־דיוויזיע, האָט גרשון נאָכגעפאָלגט מיט ציטער אין האַרץ נאָך דער שלאַכט וואָס האָט זיך געפירט אין יד־מרדכי. דער קיבוץ, וועלכן ר'האָט אַזוי גוט געקענט און וועמענס קינדער ר'האָט ערשט ניט לאַנג עוואַקוירט, איז געווען אַרומגענומען מיט פלאַמען. ווי נאָר ס'איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די קראַפט פון דער אַרטילערישער באַשיסונג, האָט ער געוווּסט, אַז דעמאָלט אַטאַקירן דעם קיבוץ די מצרישע פוסגייער. דאָס פייער פון די פּאַרטיידי־קערס האָט אים עטוואָס באַרויקט, ווייל דער איינדרוק איז געווען, אַז פון איין אַטאַקע ביז דער צווייטער ווערט דאָס פייער ניט שוואַכער.

ווען די עגיפּטער האָבן יענעם טאָג אָנגעהויבן צום פינפטן מאָל זייער אַרטילערישע באָמבאַרדירונג, האָט מען גרשונען גערופן אויף אַ זיצונג פון שטאַב. בעת די שויבן אין די פענצטער האָבן געציטערט פון די מצרישע אויפרייסן, האָבן די קאָמאַנדירן פּרובירט פעסטשטעלן, מיט וואָס מען קען פּאַרלייכטערן דעם באַלאַגערטן קיבוץ. גרשון האָט באַדאַרפט פּאַרן שעף פון פּאָלק געבן זיין אָפּשאַצונג פון דער לאַגע.

— איך ווייס ווו ס'געפינען זיך די פּאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס און קען גוט די מענטשן אין יד־מרדכי — האָט גרשון געזאָגט. — איר מעגט זיין זיכער, אַז זיי וועלן קעמפן ביזן סוף. זיי קענען בעסער ווי יעדער אַנדערער ישוב באַעטן פונעם הויפּט־שאָסיי,ביישטיין די עגיפּטער. לאָמיר זיי העלפן מיט אַלע מיטלען וועלכע זענען אין אונדזער רשות.

נחום שריג, שעף פון דער נגב־דיוויזיע, האָט אויפגעקלערט די סטראַ־טעגישע וויכטיקייט פון דער שלאַכט אין יד־מרדכי. אין יענעם מאָמענט האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי ממש צוגעשמידט צו זיך דעם מצרישן הויפט־כוח, וועלכער איז געווען באַשטימט צו גיין אויף תל־אביב. אָבער אויך דער דיוויזיע־שעף האָט ניט געהאַט קיין זעלנער און געווער. אַ העלפט פון זיינע 800 קעמפער האָט זיך געפונען אין נגב. די צווייטע העלפט איז ניט געווען קיין קאָנסאָלידירטע איינהייט, נאָר צעוואָרפן איבער 15 ישובים און זיך פאַרנומען מיט עוואַקוירן פרויען און קינדער פון די באַלאַגערטע קיבוצים און געהיטן די רעגולערע יידישע קאָמוניקאַציע. בלויז צוויי אָפּטיי־לונגען, אַ 60 מענטשן, זענען געווען צו זיין דיספּאָזיציע, אין פאַל ווען ר'וועט מוזן ערגעץ־ווו שיקן פאַרשטאַרקונג.

אין מיטן באַהאַנדלען דעם ענין, האָט דער פאַרבינדלער אַוועקגעלייגט פאַר זיי אַ טעלעגראַמע וועלכע איז אָקערשט אָנגעקומען פון יד־מרדכי:

18.30. מיר האָבן אָפּגעשטויסן די פינפטע אַטאַקע, געשטיצט דורך מאַשין־געווער, גראַנאַטן־וואַרפערס און אַרטילעריע. אונדזערע פאַר־לוסטן: 16 דערהרגעטע און 20 פאַרוווּנדעטע. ניטאָ ביי אונדז קיין אָרט ווו זיי אַוועקלייגן, אָדער זיי פלעגן. דער דאָקטאָר איז פול־שטענדיק דערשעפּט. מיר מוזן באַקומען פאַרשטאַרקונג, דרינגענדיקע הילף און דאָס — באַלד.

— מיר וועלן זיי שיקן איינע פון די אָפּטיילונגען — האָט שריג באַ־שלאָסן. — מערער קען מען ניט טאָן. ס'וועט זיין אַ פעלער צו שיקן אַלע אונדזערע מענטשן אין אַ באַלאַגערטן ישוב.

— און וואָס איז בנוגע די פאַרוווּנדעטע? — האָט געפרעגט גרשון.

— דו ווייסט ווי איך, אַז יעדער לאַסט־אויטאָ איז איצט באַשטימט צו עוואַקוירן די קינדער — האָט געענטפערט דער דיוויזיע־שעף. — אַ העלפט קינדער פון יד־מרדכי געפינען זיך נאָך אַלץ אין רוחמה; וואָלט מען די באַלאַגערטע געלאָזט אויסקלייבן, וואָלטן זיי אַוודאי געפאָדערט צו עוואַ־קוירן קודם זייערע קינדער. די עגיפטער האָבן אַ ברירה יעדער מינוט צו באָמבאַרדירן רוחמה.

גרשון האָט געמוזט מסכים זיין מיט שריגס רייד.

די מענטשן פון דער אָפּטיילונג וועלכע האָבן באַדאַרפט זיין די פאַר־שטאַרקונג פאַר יד־מרדכי, האָבן געהערט צום גח"ל (גיוסי חוץ־לארץ) — מאָביליזירטע עולים, נאָר־וואָס געקומענע אין לאַנד. צוליב דער קורצער צייט, האָבן זיי ניט באַוויזן קיין סך זיך צו איבן און זיי האָבן ניט געהאַט קיין שום שלאַכט־דערפאַרונג. די־אָ מענטשן זענען ניט געהאַרטעוועט גע־וואָרן אין קאַמפן פאַרן קיום פון דער יידישער קאָמוניקאַציע, ווי דאָס האָבן

אַדורכגעמאַכט יענע מער עלטערע יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער גרשונס פערזענלעכער קאָמענדע. זיי זענען געווען באַוואָפנט מיט ביקסן, סטענס און לייכט מאַשין־געווער. אויסער דעם האָבן זיי באַדאַרפט טראָגן מיט זיך וואָס מער אַמוניציע, וויפל מ'האָט געקענט פאַרנעמען. יאַסקע, וועלכער האָט גוט געקענט דעם שטח, איז דורך גרשונען באַשטימט געוואָרן אַריבערפירן אַהין די אָפּטיילונג, ווי נאָר די לבנה וועט זיך באַווייזן.

אין אָנהייב פון די קאַמפן האָט מען ניט געמאַכט קיין שום פּלענער וועגן קובר זיין די געפאַלענע, אָדער מטפּל זיין מיט די אומגעקומענע, ביז עס וועט זיין אַ מעגלעכקייט זיי ברענגען צו קבורה. ווען יהודה ראָזען, פון די שפּאַנדאַר־מענטשן, איז אין דער ערשטער שלאַכט דערהרגעט געוואָרן, האָבן אים די סאַניטאַרן אַוועקגעטראָגן אינעם בונקער פון דאָקטאָר. נאָך דעם ווי ער האָט פעסטגעשטעלט זיין טויט, האָט מען דעם קערפּער אַוועקגעלייגט אין דרויסן, ווו ד'איז ווידער געטראָפן געוואָרן פון שפּליטערס. שפּעטער האָבן לייב דאַרפמאַן און אַלעקס באַשלאָסן אַוועקלייגן די הרוגים אין דער געביידע פון דער וועשעריי, באַשיצט עטוואָס פאַר סנאַריאַדן פונעם דערבייִיקן בערגל.

אין צווייטן טאָג פון די קאַמפן, ווי נאָר ס'איז געוואָרן טונקל, האָבן אַלעקס און טוביה פאַרבעטן צו זיך לייבן, כדי רעגולירן די פראַגע פון קבורה. זיי האָבן באַשלאָסן באַנוצן זיך פאַר דעם צוועק מיטן בונקער, וועלכער איז פריער געהאַט באַשטימט געוואָרן פאַרן שטאַב, נאָר איז נאָך אין דער פרי צעשטערט געוואָרן פון אַ באָמבאַרדירונג. דער פּלאַן איז געווען אַראָפּצונעמען דעם אייזן־טאַוול, וואָס האָט געדינט אַלס דאַך פאַרן בונקער און דעם פריער אויסגעגראָבענעם גרוב פאַרוואַנדלען אין אַ ברידער־קבר.

זלמנען און נאָך וועמען האָט מען געבעטן העלפן לייבן און די אַנדערע בעטלעך־טראָגערס. אַ 20 מענער און פרויען, די נאָענטסטע פריינד פון די הרוגים, האָט מען דערלויבט בייצוזיין די קבורה, הגם דאָס פייער פון די גראַנאַטן־וואַרפערס האָט ניט אויפגעהערט. צווישן די באַגלייטערס זענען געווען צוויי אלמנות — בתיה און עליזה, וועמענס מאַן מלך איז יענעם באַגינען דערהרגעט געוואָרן אין דער פּאָזיציע נומער 2. די פרויען וועלכע זענען געבליבן אין בונקער, האָבן איבערצייגט וועדן, זי זאָל ניט גיין צו דער קבורה. זיי האָבן ניט געוואָלט זי זאָל זיך דערוויסן, אַז פון וואָלפס קערפּער איז ניט געבליבן מער אַריינצולייגן אין קבר ווי אַן אָרעם און אַ פוס...

יענעם באַגינען איז עליזהן באַוווּסט געוואָרן, אַז מלך איז פאַרוווּנדעט און אַ סך זאַמד האָט אים צוגעדעקט, נאָר די שטאַרקע שלאַכט וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען, האָט ניט דערמעגלעכט איר איבערצוגעבן ווייטער־דיקע ידיעות וועגן גורל פון מאַן. אין די־אַ שעהן האָבן די אַנדערע פרויען אין בונקער באַוווּנדערט עליזהן. ווינציק מענטשן קענען זיך אַזוי האַלטן. הגם זי האָט זיך ניט באַפרייט אין גאַנצן פון איר מורא און דערנאָך — ווייטיק, האָט זי פונדעסטוועגן זיך באַמיט צו טאָן איר אַרבעט נאָר־מאַל. אירע חברטעס האָבן ביז איצט ניט געוווּסט, אַז די דאָזיקע פרוי פאַרמאָגט אין זיך אַזוי פיל ווייכקייט, נאָר איצט האָט זי זיך אַנטפּלעקט מיט איר פולער איידלקייט און מוטערלעכן געפיל. זי האָט מיט איבער־געגעבנקייט זיך מטפל געווען מיט די פאַרוווּנדעטע, באַרויקט די פרויען, וועלכע האָבן זיך דערין געניייטיקט און געזאָרגט פאַרן גורל פון די פאַר־בינדלערס.

דערגענטערנדיק זיך צום טויטן קערפּער פונעם מאַן, האָט זי נעבן אים אַוועקגעקניט, אַראָפּגענומען פון זיין האַנט דאָס זייגערל און קוילן־פּאַס, אַן אַדורכגעווייקטן מיט בלוט.

— ער וועט שוין ניט דאַרפן די קוילן און דער קיבוץ קען זיך נאָך מיט זיי באַנוצן — האָט זי געזאָגט, און איבערגעגעבן די אַמוניציע איינעם פון די חברים. זי האָט אַ גלעט געטאָן זיינע רויטלעכע האָר, אַ קוש געגעבן אים אין די ליפּן און געהאָלפן צוטראָגן צום קבר. זלמן, וועלכער איז געשטאַנען אין גרוב, האָט פון איר צוגענומען דעם קערפּער.

די געפאַלענע, וועמענס אברים זענען צעריבן געוואָרן, האָט מען איינ־געוויקלט אין דעקעס. די אַנדערע האָט מען קובר געווען אין די מיט בלוט פאַרפלעקטע בגדים, אין וועלכע זיי זענען געשטאַנען אין די אָקאָפּעס און פּאָזיציעס. אַלס תכריכים פאַר דוביקן האָט געדינט דער בעט־צודעק, וועגן וועלכן ר׳האָט זיך געוויצלט אייניקע מינוטן פאַרן טויט.

זיבן פון די אומגעקומענע זענען געווען בחורים; זעקס פון זיי האָבן געלאָזן נאָך זיך אלמנות, וועלכע זענען דעמאָלט געווען אויסערן קיבוץ, צוזאַמען מיט די קינדער. די חברים און פריינד וואָס זענען געקומען אָפּ־געבן דעם לעצטן כבוד, האָבן אויף זיי געקוקט מיט דערשטוינטע בליקן, אָבער ניט געלאָזן קיין טרער. איינע פון די פרויען האָט זיך אָנגעבויגן און אַ קוש געגעבן אין די גראָע און פאַרענדערטע פּנימער פון די געפאַלענע, וועמענס פרויען האָבן ניט געוווּסט וועגן דער דאָזיקער אייליקער קבורה. עליזה און בתיה האָבן, ווי עס פּירט זיך, אַ וואָרף געגעבן זשמעניעס ערד אויפן ברידער־קבר. די באַגלייטערס האָבן ניט געוואַרט ביזן פאַרענדיקן די קבורה. זיי האָבן זיך אויסגעדרייט, און קריכנדיק, צוריק אַוועק אין

די אָקאָפּעס. דער עיפּושדיקער ריח פון די דערהרגעטע עגיפּטער, וואָס זענען געלעגן אין שטח, האָט זיי געשלאָגן אין נאָז, ווען זיי האָבן אין צער, ווייטיק און יאוש, זיך פאַראייניקט מיטן אָנדענק פון די טייערע.

דער זייגער האָט געוויזן 10 ביינאַכט. דער בונקער פון שטאָב איז געווען פול מיט מענטשן. קיינער האָט שוין ניט געלייגט קיין אַכט אויף דער פאַראָרדענונג מיט אַ טאָג פריער, אַז נאָר קאָמאַנדירן, פאַרבינדלער און די פאַראַנטוואָרטלעכע איבער די געווער־מאַגאַזינען, איז דערלויבט צו קומען אין דעם אָרט. אַלע לייכט־פאַרוווּנדעטע האָט מען געמוזט איבער־פירן אין דעם בונקער. איצט, מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, ווען דאָס פייער איז שוואַכער געוואָרן, זענען אַהער געקומען עטלעכע פרויען, כדי באַזוכן די פאַרוווּנדעטע און פון פאַרשידענע פּאָזיציעס האָבן זיך באַוויזן פאַרטיידיקער, כדי הערן נייעס.

אין איינעם פון די ווינקלען איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער זיכער־קייט־קאָמיסיע: זלמן, סעקרעטאַר פון קיבוץ; דינה, וועלכע האָט געבעטן זי איינאָרדענען ביי אַ לייכטער אַרבעט און איצט דערפילט די אויפגאַבע פון אַ פאַרבינדלערין און סאַניטאַרין; ראובן, טוביה און אַלעקס. ניט ווילנדיק אַז עס זאָל ווער הערן זייערע רייד, האָבן זיי געשמועסט שטילער־הייט. די אַנדערע אָנוועזנדיקע אין בונקער האָבן אָבער געפּאָדערט צו באַטייליקן זיך אין דער באַראַטונג. ביז איצט האָבן דאָך אַלע באַזאַמען באַהאַנדלט די ענינים פון קיבוץ, נאָך זינט זייער אַרויסגיין אויף הכשרה אַלס יוגנטלעכע. זיי האָבן קיין מאָל ניט מוותר געווען פונעם דעמאָקראַטישן מינהג אָנטייל צו נעמען אין יעטוועדער אַנטשיידונג, צי ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין בויען אַ נייַ הויז, אָדער ביים איינשאַפן לאַנדווירטשאַפטלעכע אויסשטאַטונג. פאַר וואָס, אויב אַזוי, זאָלן זיי אויך איצט ניט זיין שותפים צו אַנטשיידונגען, באַזונדערס ווען עס רירט אָן די פראַגע פון לעבן און טויט?

די קאָמענדאַנטן פון די פּאָזיציעס, וועלכע זענען איינגעלאַדן געוואָרן צו דער זיצונג, האָבן איינציקווייז אָנגעהויבן קומען אין בונקער. הגם די צאָל פאַרלוסטן איז געווען אַלעמען באַוווּסט, האָט מען דאָך גערעדט נאָר וועגן דעם. ניט רעכענענדיק די לייכט פאַרוווּנדעטע, וועלכע האָבן זיך אַליין פאַרבאַנדאַזשירט און זיך אומגעקערט אויף די פּאָזיציעס, זענען אַ צוואַנציק מאַן אינגאַנצן אַרויס פון חשבון. זעכצן זענען דערהרגעט געוואָרן. אין אָנהייב פון די שלאַכטן זענען אין קיבוץ געווען 114 מענער און יוגנטלעכע. די פאַרלוסטן, 36 אין צאָל, האָבן קלאָר געמאַכט די פאַר־טיידיקערס, אַז אַ דריטל פון זייער כוח איז שוין ניט קריגס־פעיק. פון

שטאַנדפּונקט פון קאַמפּס־כוח, איז די צאָל פּאַקטיש דערגאַנגען ביז אַ העלפט. נאָכן נאַטעק האָט אינפאָרמירט וועגן געווער־מאַגאַזין. עס איז נאָך געבליבן אַ באַדייטנדיקע צאָל האַנט־גראַנאַטן, נאָר די אַמוניציע צו די פאַרשידענע מינים געווער איז אײַנגעשרומפּן געוואָרן ביז ווייניקער ווי אַ העלפט. די אמתע צאָל איז געווען נאָך ווייניקער, ווייל די קוילן צו די איטאַליענישע און טשעכישע ביקסן האָבן ניט געהאַט קיין שום ווערט, באַר דער סאַמע שווערסטער פאַרלוסט איז געווען דאָס פאַרניכטן איינעם פון די 2־אינטשיקע גראַנאַטן־וואַרפערס, וועלכער איז געטראָפן געוואָרן אין דער פּאָזיציע נומער 1, בעת אַ שווערער אַרטילערישער באָמבאַרדירונג.

נאָך נאַטעקס באַריכט, איז די זיצונג געוואָרן אַן אָפענע און אַלע האָבן זיך געקענט אין איר באַטייליקן. פיל האָט באַהערשט יאוש. „ווי אַזוי וועט מען אויסהאַלטן ?" — האָבן זיי געפרעגט. „און וואָס איז נוגע אַמוניציע ? וואָס וועט זיין מיט אונדז, אַז קיין וואַסער צום טרינקען איז ניטאָ ? דאָס אָנגעזאַמלטע וואַסער אין די פעסער האָט זיך אויסגעלאָזט. פונעם ברונעם לאָזט זיך ניט שעפן קיין וואַסער, ווייל דער גענעראַטאָר, הגם ר'איז אין דער העלפט געווען פאַרגראָבן אין זאַמד, ווי אַ שוץ־מיטל, איז בייטאָג געטראָפן געוואָרן און מען קען אים ניט פאַרריכטן. די דערהרגעטע בהמות זענען אַריינגעפאַלן אינעם שווים־באַסיין, ווו מ'האָט געהאַלטן וואַסער פאַר דער אויסנאַם־שעה. ס'וועט ניט פאַריבער קיין סך צייט, דאָס וואַסער וועט ווערן פאַראומרייניקט און אומטויגבאַר צום טרינקען. און וואָס איז בנוגע די פרויען ?"

דעם ערשטן און צווייטן טאָג האָט קיינער זיך ניט געשטעלט די פראַגע — וואָס איז בנוגע די פרויען ? די מענער האָבן ניט געוואָלט אָנוואַרפן אַן אימה אויף די פרויען, אויב זיי וועלן אויסזאָגן די פאַרבאָרגענע זאָרג. פון דער צווייטער זייט ווידער, האָבן די פרויען ניט געוואָלט באַטריבן די מענער. נאָר דעם זעלבן טאָג, אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן, האָט עפּעס פאַסירט, וואָס האָט שוין ניט געלאָזט זיך אַרויסדרייען פון דעם ענין. איינער פון די פאַרבינדלער, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין אַ היסטעריע, האָט איבערגעגעבן, אַז די פּאָזיציעס 1, 2 און 10 זענען געפאַלן און אַז די עגיפּטער האָבן זיך אַריינגעריסן אין קיבוץ. אַ בהלה איז אויסגעבראָכן אין די בונקערס. די מענטשן פון יד־מרדכי האָבן געוווּסט, אַז פאַרגוואַל־טיקונגען וועלן בלויז זיין אַ טייל פון די מצרישע גרוילטאַטן כלפּי די פרויען. אין די פינף חדשים פון דער אומרעגולערער מלחמה, האָבן די אַראַבער אָפּגעטאָן געוווּג שוידערלעכקייטן, אין רוב פאַלן — מיט פרויען. עטלעכע פרויען האָבן איצט זיך אַרויסגעריסן פון די בונקערס אין דרויסן און געוואָלט זען אַלעקסן. זיי האָבן געפאָדערט מ'זאָל זיי געבן געווער,

ווייל ס'איז בעסער צו שטאַרבן, איידער געכאַפּט ווערן לעבעדיקערהייט. אַלעקס, וועלכער איז אויך געווען באַזאָרגט איבערן גורל פון די פּרויען, האָט זיי געגעבן האַנט־גראַנאַטן. נאָר דער פאַקט אַז זיי האָבן געהאַט מיטלען צו זעלבסט־פאַרניכטונג, איז געווען דערשיטערנדיק און אַרויס־גערופן שרעק. געווען אַזעלכע וואָס האָבן איצט פאַרגעוואָרפן דער „הגנה", הלמאי זי האָט ניט דערלויבט עוואַקוירן די פרויען איידער די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן. די מיינונג פון דער „הגנה", אַז די עוואַקואַציע פון די פרויען וועט אַראָפּנידערן די מאָראַל פון די פאַרטיידיקערס, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס טעותדיקע, ווייל גראָד איצט איז די מאָראַל שטאַרק געפאַלן דווקא צוליבן פּחד פאַר זייער גורל, צוליב דער אָנוועזנהייט פון אַ צוויי־צענדליק אומבאַשעפּטיקטע פרויען, וועלכע האָבן פאַרפולט די בונקערס און ניט געלאָזן קיין אָרט פאַר די פאַרווונדעטע אָדער פאַר די מידע קעמפער. און טאַקע דער ציטער פאַרן גורל וואָס דערוואַרט די פרויען — האָט גורם געווען צום אַלגעמיינעם פאַלן פון דער מאָראַל.

ביים אַריינגאַנג אין בונקער האָט זיך עפּעס גערודערט. נחמן כץ, מיטן ביקס אין האַנט, האָט זיך אַריינגעריסן אינעווייניק און זיך אָנגעשטויסן אויף די מענטשן.

— כ'האָב געשאָסן אַלע קי — האָט ער זיך צעכליפּעט. — אַלע בהמות אָוועקגעלייגט. ניט געקענט צוזען זייערע יסורים. אַלע ווערן מיר דאָ שטאַרבן, טא פאַרוואָס דאַרפן די בהמות ליידן?

אַ מין קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן ביי אַלע אָנוועזנדיקע.

— הער אויף! — האָט טוביה באַפעלעריש אַ געשריי געטאָן. — האָסט ניט געהאַט קיין שום רעכט צו באַנוצן זיך מיט דער אַמוניציע אָן אַ בפירוד־שער אָנווייזונג.

— כ'האָב געשאָסן אין אַלע! — האָט יענער פאַרגעזעצט, באַהערשט פון אַ היסטעריע. געזען דעם „אציל",* ער האָט נאָך אַלץ געלעבט און זיך אַרומגעדרייט ביים שווים־באַסיין. געשאָסן אין איינעם פון די מויל־אייזלען. געשאָסן די קי.

— גיי, געפין זיך ערגעץ אַן אָרט צום ליגן. רו זיך אָפּ אַ ביסל — האָט אַלעקס אים געזאָגט מיט איידלקייט און זיין גרויס קוואַדראַט־פּנים האָט אויסגעדריקט צער און מיטלייד פאַר נחמנען. עמעץ איז אַריינגעקומען און אַרויסגעפירט נחמנען אין דרויסן.

אַ לאַנג שטילשווייגן האָט געהערשט אין בונקער. דער טויט פון די בהמות איז געווען אַ שווערער פאַרלוסט פאַרן קיבוץ. ווי שטאָלץ זענען

* „אריסטאָקראַט" (נאָמען פון אַ פערד).

זיי געווען מיט דעם ווייסן, מיוחסדיקן רייט־פערד „אציל“ און זיך גערימט מיט די באַוווסטע מעלק־קי. מיטן אַנטוויקלען אין קיבוץ די עופות־צוכט, הינער און קאַטשקעס, איז געקומען צום אויסדרוק די טענדענץ אייננצופירן אַ געמישטע און אַלזייטיקע ווירטשאַפט. די באַשעדיקטע הייזער וועט זיך לאָזן פאַרריכטן, די אויסגעהאַקטע אָדער צעבראָכענעביימער וועלן פונדאָסניי וואַקסן, נאָר די בהמות, וועלכע מ׳האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און איבער־געגבנקייט געפלעגט — מעג מען איצט פאַררעכענען צו די פאַרלוסטן.

— מיר דאַרפן זיך אונטערגעבן! — האָט פלוצים זיך אָנגערופן איינער מיט אַ געשפּאַנט קול. — ווי אַזוי וועלן מיר, ווינציקע,ביישטיין די גאַנצע מצרישע אַרמיי? ניטאָ קיין שום אויסזיכט. צו וואָס דאָ שטאַרבן? איך זאָג — קאַפּיטולירן!

— אַז מע וועט אונדז נעמען אין געפאַנגענשאַפט, וועט מען אפשר בלייבן לעבן און קענען זיין מאַמעס צו אונדזערע קינדער — האָט זיך אָנגערופן איינע פון די פרויען.

— כ׳וועל קיינמאָל זיך ניט אונטערגעבן — האָט דוב אויסגעשריגן צו בענין, וועלכער איז יענעם נאָכמיטאָג פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ שפּליטער אין קאָפּ. דאָס איז געווען דער יונגיטשקער, 16־יאָריקער בחור פון דער פּלמ״ח־אָפּטיילונג, וועלכער האָט מיט אַ טאָג פריער זיך גענומען אַלס אָנדענק דעם רעוואָלווער פון אַ געפאַלענעם מצרישן אָפיציר. — מאָרגן וועל איך שוין זיין אין אָרדענונג און קענען ווייטער קעמפן מיט זיי, ביזן סוף.

אַלעקס האָט מיט אַ פּשוטער שפּראַך געגעבן צו פאַרשטיין וואָס מיינט געפאַנגענשאַפט. ער האָט זיי דערמאָנט וואָס ס׳האָט מיט אַ וואָך צוריק פּאַסירט מיט די פאַרטיידיקערס פון כפר־עציון. דער דאָזיקער ישוב אויפן וועג חברון—ירושלים איז געווען אָפּגעשניטן, ווען די אַראַבער האָבן אָנגע־הויבן אים באַלאַגערן. צום סוף, דריי טעג פאַרן פּראָקלאַמירן די מדינה, איז דאָס דאָרף אַטאַקירט געוואָרן דורך די זעלנער פון אַראַבישן לעגיאָן. נאָך צוויי טעג פון שלאַכטן, האָבן די לעגיאָנערן פאַרשטאַרקט זייער אָנגריף, באַנוצנדיק זיך מיט אַרטילעריע און פאַנצער־געווער. די לעבן־געבליבענע איינוווינער פון כפר־עציון האָבן זיך אונטערגעגעבן; מ׳האָט זיי אויס־געשטעלט אין אַ ריי, כלומרשט צום פאָטאָגראַפירן. און דערנאָך געשאָסן צו זיי פון קויל־וואַרפערס.* בלויז דריי זענען ניצול געוואָרן פון דער

* הגם ס׳זענען ניט אינגאַנצן קלאָר די דערציילונגען פון די ניצול־געוואָרענע פון דער שחיטה, איז אָנצונעמען, אַז דעם בלוטיקן שניט איבער די געפאַנגענע האָבן אַדורכגעפירט די אומרעגולערע אַראַבישע קעמפער, וועלכע האָבן באַגלייט

שחיטה. אָבער דאָ, נאָך דעם ווי די מענטשן פון יד־מרדכי האָבן גורם געווען דעם מצרישן מיליטער אַזוי פיל פאַרלוסטן, איז צו דערוואַרטן אַ בעסערע באַציונג ווי די מיט וועלכער ס׳זענען געפּרוווט געוואָרן די מענטשן פון כפר־עציון?

— מ׳האָט אונדז צוגעזאָגט פאַרשטאַרקונג — האָט ער פאַרענדיקט זיינע רייד. — אין אָוונט, מיטן באַוויייזן זיך פון דער לבנה, קומט צו אונדז אַן אָפּטיילונג.

— בלויז איין אָפּטיילונג? — האָט אייינער געפרעגט מיט שטוינונג. — וואָס פאַראַ נוצן איז דאָס שיקן אַ הייפל מענטשן, כדי זיי זאָלן שטאַרבן מיט אונדז? און ווער ווייסט וואָס פאַראַ אָפּטיילונג דאָס איז. וועט גרשון קומען צו אונדז בראש פון זיינע אָפּגעקליבענע מענטשן, אָדער מ׳האָט אונדז פשוט איבערגעלאָזט — און געענדיקט.

— מיר זענען אַלע פון דער „הגנה" — האָט טוביה דערקלערט מיט אַנט־שלאָסנקייט. — לויט די באַפעלן וועלכע מיר האָבן, דאַרף מען דאָ בלייבן און קעמפן. ניט מיר האָבן זיך אויסגעקליבן די מלחמה. מ׳האָט זי אויף אונדז אויפגעצוווּנגען. עס ליגט אויף אונדז אַ געוויסע פליכט און מיר דאַרפן זי דערפילן. לאָמיר אויפהערן ריידן וועגן קאַפּיטולאַציע.

— אַז די פאַרשטאַרקונג וועט אָנקומען, וועלן מיר קענען באַפרייען די מענטשן אין די פּאָזיציעס זיי זאָלן זיך אויסרוען — האָט אַלעקס צוגעגעבן. — אַלע נייטיקן זיך אין אַ ביסל מנוחה. די מענטשן וואָס וועלן אָנקומען, וועלן העלפן פאַרבעסערן די אָקאָפּעס, בעת איר וועט זיך אויס־רוען און כאַפּן אַ דרימל. זיי וועלן ברענגען מיט זיך געווער און אַמוניציע און מיר וועלן בעטן די פלמ״ח־בחורים זיי זאָלן אויסער דער פאַרצוימונג צונויפזאַמלען מצריש געווער.

שמאי דער פאַרבינדלער, וועמענס מכשיר איז געווען אָנגעשטעלט אויפצוכאַפּן די מצרישע ראַדיאָ־כוואַליעס, האָט איבערגעריסן זייערע רייד.

— דער מצרישער שטאַב דאָ מעלדעט קיין קאַיר, אַז זייערע כוחות האָבן געהאַט 200 פאַרלוסטן. זיי זאָגן, אַז מ׳איז נישט אימשטאַנד צו דעראָבערן דאָס אָרט. זיי בעטן פאַרשטאַרקונג.

— פאַרשטאַרקונג! — האָט ווער אויסגעשריען מיט איבערגענומענ־קייט. — זיי נייטיקן זיך אין פאַרשטאַרקונג?

דעם לעגיאָן. אייינער פון די גרעסטעוועטע האָט צו פאַרדאַנקען זיין לעבן אַן אָפיציר פון לעגיאָן, וועלכער האָט אים צוגענומען ביי די אומרעגולערע. אין יענער צייט האָט מען דערפון ניט געוווסט און די מורא פון די מענטשן פון יד־מרדכי אַריינ־צופאַלן אין מצרישער געפאַנגענשאַפט איז געווען באַרעכטיקט.

— זיי קעמפן ניט אַזוי ווי מיר — האָט זלמן דערקלערט. — זיי שלאָגן זיך לויט דער לערע אין די מיליטערישע שולן, פון די געשריבענע געזעצן און רעגולאַמינען. געשולט האָבן זיי בריטישע אינסטרוקטאָרן, אַזוי ווי אונדז, ווען מ׳האָט געדינט אין דער יידישער בריגאַדע. זיי וועלן קיינמאָל ניט שיקן אין שלאַכט אַן אָפּטיילונג, וועלכע איז שוין געווען אין קאַמף און צעקלאַפּט געוואָרן.

— ס׳איז אָנצונעמען, אַז ביז איצט האָבן די עגיפּטער געשיקט קעגן אונדז צוויי קאָמפּאַניעס — האָט טוביה צוגעגעבן. — דאָס וועט אונדז געבן נאָך צייט, אַז די פּלמ״ח־איינהייט זאָל באַוויזן אַהערקומען.

מיט די דערמוטיקנדיקע רייד האָט די זיצונג זיך פאַרענדיקט.

אַ זייגער 2 ביינאַכט איז אָנגעקומען די פּלמ״ח־אָפּטיילונג, אונטער דער קאָמענדע פון יאָסקען, ווען די קיבוץ־חברים האָבן געקענט זינט די באַלאַגערונג האָט זיך אָנגעהויבן. די מענטשן האָבן ניט געהערט צו די אַלטע פאַרטיידיקער און באַגלייטער פון די טראַנספּאָרט־קאַלאָנעס. דער רוב איז באַשטאַנען פון יוגנטלעכע, וועלכע האָבן ערשט ניט לאַנג עולה געווען, פרייוויליק זיך געמאַלדן אין פּלמ״ח און דאָרט אַדורכגעמאַכט אַ שנעלע, 4־וואָכיקע מיליטערישע צוגרייטונג. בלויז יאָסקע, דער עלטסטער פון דער אָפּטיילונג און דריי קאָמאַנדירן פון גרופּן, האָבן געהאַט הינטער זיך פולע מיליטערישע אויסשולונג. יעדער פון דער אָפּטיילונג האָט געהאַט אַ ביקס מיט קוילן און אַ שטאָל־העלם. אַזוי ווי זיי האָבן ניט געטראָגן קיין מונדירן, האָבן די געקומענע ניט אונטערשיידעט זיך פון די קעמפער פונעם קיבוץ.

נאָכן באַראַטן זיך מיט אַלעקסן און טוביהן, האָט יאָסקע געשיקט דעם רוב זיינע מענטשן צו פאַרבייטן די קעמפער אין די פּאָזיציעס 1, 2, 3 און 10. די איבעריקע האָט ער באַפוילן ברענגען אין אָרדענונג די צעשטערטע אָקאָפּעס. ס׳האָבן גענומען קורסירן פאַרשידענע קלאַנגען. די געקומענע האָט מען פאַרוואָרפן מיט אַ וועלט פראַגן און זיי האָבן געענטפערט וואָס מ׳האָט געוווּסט, אָדער געזאָגט דאָס וואָס זיי האָבן געגלייבט אַז ס׳איז אַזוי. מ׳האָט געשמועסט וועגן דעם, אַז 2 פּאָלקן פון פּלמ״ח דאַרפן פון צפון קומען אין נגב; אַז די רעגירונג האָט באַקומען עטלעכע עראָפּלאַנען, וועלכע מ׳וועט שיקן באָמבאַרדירן די עגיפּטער אין עזה; אַז פּלמ״ח־איינהייטן דרינגען אַריין אין די מצרישע ליניעס, הגם קיינער האָט ניט געוווּסט גענוי ווען און ווי אַזוי דאָס איז געשען. אַפילו די וואָס האָבן זיך באַצויגן סקעפּטיש צו די אַלע קלאַנגען, האָבן אָבער געמוזט אָנערקענען דעם פאַקט, אַז די אָפּטיילונג האָט זיך פאַרט דורכגעשלאָגן אַ וועג און דערגאַנגען ביזן קיבוץ. דאָס האָט באַוויזן, אַז יד־מרדכי איז ניט לגמרי אָפּגעשניטן. הגם

ס'זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געצווייפלט אינעם זיג איבער די עגיפטער, זענען זיי שוין ניט געווען באַהערשט פון דער פינצטערער שטימונג ווי אין אָנהייב פון דער באַראַטונג און די קעמפער האָבן זיך געקענט גרייטן צום מאָרגנדיקן טאָג מיט מער גלויבן און זיכערקייט.

# 7

# 21-22סטער מאַי 1948

בעת די שלאַכט איבער יד־מרדכי האָט זיך געפירט מיט דער פולער קראַפט, איז די לאַגע אין אַנדערע טיילן פון לאַנד ניט געווען קיין בעסערע. הגם דער געוואַגטער אַראַבישער פּלאַן צו אַ קאָנסאָלידירטער מיליטערישער אַקציע איז דורכגעפאַלן צוליב פּאָליטישע מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן די אַראַבישע לענדער, איז זייערע אַרמייען דאָך געלונגען אויף עטלעכע ערטער אַריינצודרינגען קיין ישראל. אויסער דעם שמאָלן פּאַס לענגאויס דעם ברעג ים, האָבן אין אַלע ערטער פון לאַנד זיך געפירט קאַמפן. פּאַקטיש איז די מלחמה אָנגעגאַנגען אויף 4 פראָנטן.

ניט געקוקט אויף דער חשיבות, וועלכע ס׳האָבן צוגעשריבן די מנהי־גים פון דער מדינה און אַרמיי דער סטראַטעגישער וויכטיקייט פון דעם אָדער יענעם פראָנט־אָפּשניט, איז ירושלים געווען זייער הויפּט־זאָרג. אין משך פון דורות פלעגן די יידן אין די גלות־לענדער שווערן „אויב כ׳וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן". איצט איז ניט געווען זיך פאַרצושטעלן אַ יידישע מדינה, אַז דוד המלכ׳ס שטאָט זאָל ניט זיין איר הויפּטשטאָט. ווי באַוווּסט, ווערט אָבער ירושלים געהייליקט דורך דריי רעליגיעס. מיט דער האָפענונג אַליין צו באַהערשן די שטאָט, האָט דער מלך אַבדאַללאַ סאַבאָטירט דעם באַשלוס אויפצושטעלן אַ בשותפותדיקע אַראַבישע מיליטער־אָנפירונג: איינער פון זיינע הייסטע באַגערן איז געווען צו זיין דער קעניג פון אַ שטאָט, וואָס פאַרנעמט דאָס דריטע אָרט אין דער קדושה פון איסלאַם. זיין מיליטער — דער אַראַבישער לעגיאָן, מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט דער ענגלענדער גלעב פּאַשאַ, איז געווען דאָס אַמבעסטן אויסגעשולטע און אויסגעשטאַטע פון אַלע אַראַבישע אַרמייען. אַז דער לעגיאָן איז דעם 15־טן מאַי אַריינגעדרונגען קיין ארץ־ישראל, האָט אַ טייל פון זיינע איינהייטן פאַרנומען די שטחים, וועלכע זענען, לויטן חלוקה־פּלאַן, געווען באַשטימט פאַר דער אַראַבישער מדינה, בעת אַנדערע איינהייטן האָבן זיך אַ לאָז געגעבן אויף ירושלים. די גאַנצע שטאָט איז געווען צערודערט און די לאַגע פון אירע איינוווינער — אַ ביטערע. פון חודש מערץ איז

ירושלים געווען אָפּגעשניטן פון תל־אביב און פון אַנדערע טיילן פון לאַנד. ס'האָט אָנגעהויבן פעלן וואַסער און שפּייז, די רעגולערע באַזאָרגונג פון עלעקטריע האָט אויפגעהערט. מיטן פאַרלאָזן פון די ענגלענדער די שטאָט, האָבן שוין ניט געווירקט פאַרשידענע מוניציפּאַלע באַדינונגען. ביטערע שלאַכטן האָבן זיך אָפּגעשפּילט צווישן „הגנה"־איינהייטן און די אַראַבער, ווייל יעדער צד האָט זיך באַמיט צו באַהערשן שליסל־פּונקטן און סטראַ־טעגישע פּאָזיציעס אין שטאָט. ווען די אַראַבישע לעגיאָנערן האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, איז די לאַגע פון די יידן דאָרט נאָך ערגער געוואָרן. אויף פאַרשידענע ערטער אין דער אַלטשטאָט און אַרום ירושלים האָבן די אַראַבער אַוועקגעשטעלט האַרמאַטן־באַטעריעס און אָנגעהויבן באַשיסן די יידישע קוואַרטאַלן. שפּעטער (ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די שלאַכט איבער יד־מרדכי), האָבן די לעגיאָנערן פאַרכאַפּט איינעם פון די צפונדיקע קוואַרטאַלן אין שטאָט; און דעמאָלט האָבן זיי אָנגעהויבן זיך רוקן, גלייכצייטיק פון צפון און פון מזרח, צום האַרץ פון דער יידישער ירושלים.

די שלאַכטן אין צפון פון לאַנד, וועלכע האָבן זיך געפירט פון אָנהייב מאַי, האָבן דערגרייכט זייער הויכפּונקט. דער אויבערשטער גליל איז אַ שמאָלער טאָל, וואָס ציט זיך ווי אַ שפּיציקער פינגער צווישן די בערג פון לבנון און סיריע. אין דעם פרעכטיקן טאָל שטראָמען די וואַסערן פון עטלעכע טייכלעך, וועלכע פאַראייניקן זיך און בילדן־אויס דעם ירדן. דער־פאַר איז די חשיבות פונעם טאָל אַזוי גרויס, ווייל דער וואָס הערשט איבער די וואַסער־קוואַלן, באַקומט אין זיינע הענט אַ קענטיקע שליטה איבערן גורל פון ישראל, וועלכע לעכצט אַזוי שטאַרק נאָך וואַסער.

פון אָנהייב מאַי האָבן אומרעגולערע לבנונער איינהייטן אַטאַקירט די גרענעץ־פּונקטן אויפן מערבדיקן אַריבערגאַנג פונעם „פינגער". אין דעם אָוונט ווען ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אַנטשטייונג פון דער מדינה, זענען אין שטאַב פון פּלמ"ח דערהאַלטן געוואָרן ידיעות, אַז אָפּטיילונגען פון לבנונער מיליטער קאָנצענטרירן זיך נאָענט פון דער גרענעץ און אַז די סיריער גרייטן זיך אַריינצודרינגען אין לאַנד פון מזרח. די ברייט פונעם „פינגער" איז ניט מער פון 15 קילאָמעטער אויפן סאַמע ברייטסטן אָרט זיינעם און אויף פיל פלעצער — אַ סך שמעלער; די יידישע קעמפערס, ביים פאַרטיידיקן דעם גליל, וואָלטן זיך אָנגעשטויסן אויף ריזיקע שוועריקייטן, ווען די־אַ כוחות וואָלטן מצליח געווען מיט זייער אינוואַזיע. גענעראַל יגאל אלון האָט געשיקט פּלמ"ח־איינהייטן אַנטקעגן די אינוואַדאָרן. זיינע מענטשן האָבן פאַרנומען צוויי לבנונער דערפער, נאָר זיך געמוזט צוריק־ציען, נאָך דעם ווי זיי האָבן געליטן שווערע פאַרלוסטן. גלייכצייטיק איז

די פלמ״חניקעס געלונגען אויפצורייסן בריקן און שווער טרעפן דער לבנונער קאָמוניקאַציע ביי זיי אין לאַנד. די יידישע קעמפערס איז אויך געלונגען צו באַהערשן איינע פון די פּאָליציי־פעסטונגען, נאָכן דעראָבערן זי פון אַן אומרעגולער אַראַבישער אָפּטיילונג. די דאָזיקע פעסטונג האָט געהערשט אויפן הויפּט־שאָסיי, וועלכער האָט געפירט צום „פינגער״. אויף אַ געוויסער צייט איז דער דאָזיקער וועג געווען פאַרשפּאַרט פאַר דער אַריינדרינגלעריי־שער לבנונער אַרמיי.

די סירישע האָבן אויסגעקליבן דאָס אָרט פאַר זייער אינוואַזיע דרומדיק פון כנרת — און זייערע כוחות האָבן זיך אַ לאָז געגעבן אין דער ריכטונג פון עמק־הירדן. פון דאָרט האָבן זיי געהאַט פאַר אַ ציל צו מאַרשירן אויף חיפה. נאָכן פאַרנעמען דעם פּאָליציי־בנין אין צמח, האָבן זיי זיך געריקט פאָרויס צו דגניה, דער „מאַמען פון די קיבוצים״. דגניה ליגט אויפן מזרח־דיקן ברעג פון ירדן און די אינוואַדאָרן איז געווען קלאָר, אַז זייער ווייטער־דיקער פאָרשריט איז אוממעגלעך, כל־זמן דגניה איז ניט דעראָבערט. דעם 20־טן מאַי האָבן די סירישע אַדורכגעפירט אַ גרויסע אַטאַקע אויפן קיבוץ, מיט דער הילף פון אַרטילעריע, טאַנקן און פאַנצער־אויטאָס. פּאַקטיש זענען די טאַנקן דערגאַנגען ביזן טויער פון קיבוץ; ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי וועלן יאָ דערגרייכן זייער ציל, טראָץ דעם שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די פאַרטיידיקערס. נאָר אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן איז געקומען אַהין די געגאַרטע פאַרשטאַרקונג. צוויי 65־מילימעטערדיקע האַרמאַטן, וועלכע מ׳האָט נאָר־וואָס אויסגעלאָדן פון דער שיף, וואָס האָט זיי געבראַכט אין לאַנד אַריין, זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער נאָענט אויף איינעם פון די בערגלעך וואָס האָט געהערשט איבערן שלאַכט־פעלד. די דאָזיקע האַרמאַטן האָט מען געהאַט איינגעקויפט אין דרום־אַמעריקע און אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ העלפט פון דער ישראלדיקער אַרטילעריע. זיי זענען געווען איינסטאַלירט אויף הילצערנע רעדער און די צייט פון פּראָדוצירן זיי — בערך אין סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט. קיין מכשירים צו לענקען די סנאַריאַדן האָבן די האַרמאַטן ניט געהאַט. אָבער נאָך עטלעכע שאָסן גלייך אינעם כנרת, איז די אַרטילעריסטן געלונגען צו לענקען ווי געהעריק די שיסעריי. דער דערפאָלג איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז די סנאַריאַדן זענען געפאַלן צווישן אַנגרייפנדיקן סירישן מיליטער. די סירישע האָבן זיך צוריק־געצויגן און פון דעמאָלט איז זיי ביט געלונגען אַריינצודרינגען אין עמק־הירדן.

אין דרום ווידער האָבן די עגיפּטער אַטאַקירט אין דריי ריכטונגען. אין עזה האָבן די אַריינדרינגלער זיך צעטיילט אויף צוויי אָרעמס. דער קלענערער האָט זיך אַ לאָז געגעבן צו דער אַראַבישער שטאָט באר־שבע,

ווו ס'האָט זיי ניט דערוואַרט קיין שום ווידערשטאַנד. פון באר־שבע האָט דער כוח באַדאַרפט מאַרשירן אויף צפון־מזרח, צו חברון און בית־לחם. לויטן פּלאַן, האָבן זייערע האַרמאַטן באַדאַרפט באָמבאַרדירן ירושלים דעם 21־טן מאַי.

דער גרעסערער כוח, וואָס האָט זיך באַוועגט לענגאויס דעם ים־ברעג, נאָר איז צוגעשמידט געוואָרן דורך די פּאַרטיידיקערס פון יד־מרדכי, האָט זיך געגרייט צו מאַרשירן אויף תל־אביב. דער דאָזיקער כוח האָט ניט וויניק זיך פאַרלאָזט אויף זייערע פאַרבינדעטע אין די אַראַבישע שטעט רמלה און לוד, ווו ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט אומרעגולערע קעמפערס און עטלעכע איינהייטן פון אַראַבישן לעגיאָן. צפונדיק פון תל־אביב, אַ מרחק פון 5 קילאָ־מעטער פונעם שאָסיי תל־אביב—חיפה, האָבן זיך געהאַט קאָנצענטרירט איראַקישע איינהייטן. די מצרישע אַוויאַציע האָט אומגעשטערט כסדר באָמ־באַרדירט תל־אביב. ס'האָט אויסגעזען, אַז דעם לייכטסטן נצחון וועלן אָפּהאַלטן די עגיפּטער, אויב, פאַרשטייט זיך, זיי וועלן פריער בייקומען עטלעכע יידישע ישובים אויפן וועג.

אַ מצרישע שיף האָט דערוויילט אויפן-ברעג פון מידזשדאל *, ניט ווייט, פון יד־מרדכי, אַרויסגעזעצט אַ מיליטערישן כוח. דער כוח האָט זיך אַריינ־געלאָזט טיף אין לאַנד און באַהערשט די פּאָליציי־פעסטונג איראַק־סואידאַן, וועלכע איז מיט אַ צייט צוריק איבערגעגעבן געוואָרן דורך די ענגלענדער צו די „מוסולמענישע ברידער". נאָענט פון דער פעסטונג געפינט זיך דער קיבוץ נגבה, וועלכן די עגיפּטער האָבן אָנגעהויבן אַטאַקירן, נאָך איידער ס'האָט זיך פאַרענדיקט די שלאַכט איבער יד־מרדכי.

אַזאַ איז געווען די לאַגע פון דער מדינה גלייך נאָכן פּראָקלאַמירן איר אַנטשטייונג. אין דער צייט ווען יד־מרדכי האָט אויסגעקוקט אויף הילף, האָבן זיך געפירט העפטיקע שלאַכטן אין ירושלים און אין אויבערשטן גליל; ס'איז אַדורכגעפירט געוואָרן די סירישע אינוואַזיע אין עמק־הירדן, די מצרישע אַריינדרינגונג אויף 3 ערטער אין נגב און אין דרום פון לאַנד און אויפן ברעג ים האָבן געדראָט נייע אינוואַזיעס אויף פאַרשידענע ערטער. די יונגע און קליינע מדינה האָט ניט געהאַט קיין סך אָרט צו מאַנעווירן. יעטוועדער אַריינדרינגונג און אינוואַזיע אין דעם לאַנד, אויף וועלכן ס'איז אָרט, האָט מיט זיך געטראָגן די געפאַר צו דערמעגלעכן די אַראַבער פאַר־ווירקלעכן זייער דראָונג: „אַריינשליידערן די יידן אין ים אַריין". יעדע שלאַכט איז געווען אַן אַנטשיידנדיקע און די צאָל נעווער און מענטשן זענען ניט געווען גענוג.

* מגדל־אשקלון.

אין דריטן טאָג פון באַלאַגערן יד־מרדכי, האָט טוביה, נאָך אַ קורצן שלאָף, זיך אויפגעכאַפּט גאַנץ באַגינען און אַוועק קאָנטראָלירן די פּאָזיציעס. די פּלמ״חניקעס, וועלכע זענען אָנגעקומען אין קיבוץ נאָך האַלבער נאַכט, זענען שוין ביז פאַרטאָג געווען באַשעפטיקט ביים פאַרריכטן די אָקאָפּעס, בויען בונקערס און צוגעבן נאָך פאַרבינדונגס־דורכגענג. טוביה האָט זיי פאַרטוישט מיט אַנדערע, די געשיקט עסן און רוען. די לעצטע פּאָזיציעס וועלכע ר׳האָט באַזוכט, זענען געווען נומער 9 און 10, בייביידע זייטן פון הויפּט־טויער. די צוויי פּאָזיציעס האָבן זיך געפונען אין ראַיאָן פון די שטאַלן און היגער־שטייגן. דער חורבן צווישן די בעלי־חיים איז געווען אַ כמעט פולשטענדיקער. קי און קעלבלעך זענען געלעגן אין שטח, ס׳האָט זיך פון זיי געטראָגן אַ געשטאַנק. הונדערטער טויטע היגער און קאַטשקעס האָבן זיך געזען אומעטום. איין קעלבל, וואָס האָט אויסגעמיטן בחמנס קוילן, האָט איצט געשטרעקט די נאָזלעכער אין טוביהס האַנט. אַ סברה, אַז דאָס אומגליקלעכע באַשעפעניש האָט געוואָלט בעטן שוץ. צום ערשטן מאָל זינט דעם אָנהייב פון די קאַמפן, איז טוביהס זיכערקייט געוואָרן אונטערגעבראָכן. ביז איצט האָט ער געלעבט ווי אין דערהויבנקייט, ניט וועלנדיק מודה זיין אין דער מעגלעכקייט פון אַ מפּלה. אָבער איצט, זעענדיק אַרום זיך דעם חורבן און פאַרוויסטונג, האָט ער זיך שיער ניט צוזאַמענגעבראָכן פון דער־שלאָגנקייט. אויך די אָרעמע חיה — דער לעצטער בעל־חיים פון די בהמות אין קיבוץ — וועט האָבן איר סוף. אין טוביהס בלויע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן, דערנאָך אַרויסגעפּלייצט און גענומען רינען איבער זיין טונקל, פאַרשטויבט פּנים. ער איז אַריינגעשפּרונגען אין דער אָקאָפּע, מיט דער האָפענונג, אַז קיינער וועט אים ניט באַמערקן אין אַזאַ צושטאַנד, ביז ר׳וועט זיך דערשלאָגן צום בונקער פון שטאַב. אָנקומענדיק אַהין, האָט ער אַ שטיקל צייט זיך אָפּגעהאַלטן פון אַריינגיין, ביז ר׳האָט זיך אינגאַנצן באַהערשט. זאָל קיינער פון די מענטשן אין בונקער — אַלעקס, די פאַרבינדלערס, די פרויען און פאַרוווּנדעטע — ניט באַמערקן די שוואַכקייט, וואָס איז אים באַפאַלן אין יענעם מאָמענט.

אין איינעקע מינוטן שפּעטער האָבן ביידע קאָמאַנדירן אָנגעהויבן באַ־האַנדלען דאָס פּראָבלעם ווי אַזוי אַמבעסטן אויסנוצן די צוגעשיקטע פאַר־שטאַרקונג. קודם האָבן זיי געטוישט אין די פּאָזיציעס אַלע מידע קעמפערס. די פאַרטיידיקער פון די פּאָזיציעס 1 און 2, פּאָזיציעס וועלכע האָבן ספּעציעל באַקומען שווערע קלעפּ פון מצרישן געווער, זענען איבערגעפירט געוואָרן אין די רויקערע פּאָזיציעס אויף דער צפונדיקער זייט פון קיבוץ, אָדער מ׳האָט זיי געהייסן בלייבן אויף איין אָרט און זיך אויסרוען, ביז מע וועט זיי ווידער רופן, הגם ווייניק זענען געווען ערטער, ווו מ׳האָט געקענט

געפינען מנוחה. צווישן די ווענט פון די הייזער איז שוין ניט געווען קיין זיכערקייט, ווייל צופעליקע סנאַריאַדן האָבן געקענט טרעפן אין דעם אָדער יענעם צימער. די בונקערס זענען געווען פאַרפולט מיט פרויען און פאַר־ווונדעטע, ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט איינצואָרדענען נאָך מענטשן אין די בונקערס, ווו די לופט איז געווען אַ שטיקנדיקע. דער רוב קעמפערס האָט ליבערשט אויסגעקליבן אַריינצוגיין אין איינער פון די אָקאָפּעס און פאַרזונקען אין שלאָף, ווען די זון האָט שוין געגליט איבער זייערע קעפּ.

בעת דער באַראַטונג פון די קאָמאַנדירן, איז אויף דער פּאָזיציע 1 געעפנט געוואָרן אַ פייער. דער אָנגעקומענער פאַרבינדלער האָט אָטעמענדיק שווער איבערגעגעבן:

— מאָרדוק האַלט, אַז דער שונא האָט בדעה צו אַטאַקירן די פּאָזיציע. די עגיפּטער האָבן אַפילו אַרויסגעלאָזט אַ רויך־פּאַרהאַנג.

טוביה איז שנעל אַוועק אַהין.

— סעוועק האָט געזאָגט, אַז ס'איז צו דערוואַרטן אַז די עגיפּטער וועלן לאָזן אַ רויך־פּאַרהאַנג — האָט מאָרדוק געזאָגט — מיר קענען אונ־טערשיידן דעם „פּילבאָקס״. אויך די מענטשן אונטער מיר אין דער אָקאָפּע — קען איך ניט זען.

— הער אויף שיסן — האָט טוביה באַפוילן. — דאָס איז ניט קיין רויך־מאַסקירונג, נאָר די באַגינענדיקע נעפּלען אין יד־מרדכי. זיי זעען טאַקע אויס ווי אַ רויך־פּאַרהאַנג. בעסער ניט פאַרשווענדן נאָך אַמוניציע — האָט אים טוביה באַרויקט.

אין רעזולטאַט פון דעם פאַל, איז געעפנט געוואָרן אַ שיסעריי אויפן גאַנצן פראָנט. מיקי, דער עלטסטער פון דער פּלמ״ח־גרופּע, וועלכער האָט פאַרביטן מרימען אין דער פּאָזיציע נומער 9, האָט דערזען אַ 6־פונטיקן האַרמאַט, וועלכן מ'האָט אַוועקגעשטעלט נעבן „פּילבאָקס״, אָנגעצילט אויף דער פּאָזיציע נומער 7. ער האָט געהערט דעם אויפרייס און דערנאָך באַמערקט, ווי מ'האָט דעם האַרמאַט אָנגעצילט אויף דער פּאָזיציע נומער 8. זייער שנעל איז געקומען מיקיס דריי. אַ ריזיקער אויפרייס און אַ סך שטויב האָבן אים איינגאַנצן פאַרדעקט און מיט קראַפט איז ער אַריינגעשטויסן גע־וואָרן אונטן, אין דער אָקאָפּע. ער האָט געפילט, אַז זיין קערפּער ווערט נאַס.

— שמואל, ביסט אין אָרדענונג? — האָט ער געשריען צו אַ געשטאַלט וואָס איז געלעגן נעבן אים. ער און שמואל האָבן פון זיך אָפּגעטרייסלט דעם שטויב און זיך אויפגעהויבן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ניט קיין בלוט איז געווען די נאַסקייט. איינער פון די שפּליטערס האָט דורכגעלעכערט דעם מילך־קאַן, ווו ס'איז געווען זויערמילך — און די פליסיקייט איז אַרויס

דורך די לעכער. די אַנטפּלעקונג האָט ביי זיי אַרויסגערופן געלעכטער. מ'האָט זיך אַרומגענומען פאַר פרייד, נאָר דאָך האָט אייגער באַטראַכט דעם צווייטן. צי ר'איז ניט פאַרווונדעט געוואָרן. מיקי, וועלכער האָט מורא געהאַט פאַרן גורל פון זיינע מענטשן, האָט נאָך אַ קאָנטראָל פעסטגעשטעלט, אַז ס'איז זיי גאָרניט געשען. די אָקאָפּע איז זיי געווען אַ זיכערע שוץ.

— אַז מיר וועלן פון דאַנען אַרויס געזונט און גאַנץ, פאַרבעט איך אייך אויף אַ גלעזל קאַלטע משקה, ווען מ'וועט זיין אין תל־אביב — האָט מיקי געזאָגט.

— און איך וועל דיר קויפן אַ נייעם זייגער — האָט זיך אָפּגערופן זיין חבר, אַנווייזנדיק אויף מיקיס צעקלאַפּט האַנט־זייגערל.

מיט אַמאָל האָט מיקי דערפילט ווי די קניען ציטערן אים. צום ערשטן מאָל ווי ר'האָט קענען געלערנט דעם קלאַפּ פון אַרטילעריש פייער. זיינע איבונגען זענען דער עיקר געווען מיט לייכט געווער, ער פלעגט באַגלייטן קאָלאָנעס און אַפילו זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע אַקציעס, צווישן זיי — אין דער שלאַכט איבערן אַראַבישן דאָרף ברייער. ער איז געווען אַ הי־גע־בוירענער, דערצויגן אין דער יוגנט־באַוועגונג; טראָץ זיין יונגן עלטער, איז ער געווען יאָרן־לאַנג אין פלמ״ח. קיין יד־מרדכי איז ער געקומען פול מיט ענערגיע און דורכגענומען מיט גלויבן. נאָר אָט האָט דער סנאַריאַד, וועלכער האָט כמעט דירעקט געטראָפן אין דער אָקאָפּע, אין גאַנצן געענ־דערט זיין געדאַנקען־גאַנג. מיט אַמאָל האָבן אַלע זיינע זאַכן זיך פאַרוואַנדלט אין ווערטפולע חפצים: דאָס מעסערל, אַ שטיקל בלייער, אַ קליין לעמפל, דער קאָמפּאַס, דער מאַמעס פאָטאָגראַפיע, אַפילו דער פערזענלעכער דאָקו־מענט וואָס איז אים אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער מאַנדאַט־מאַכט — זענען פלוצים געוואָרן פון ספּעציעלער באַדייטונג. „היינט געהערן די אַלע זאַכן צו מיר״ — האָט ער געטראַכט בעתן באַרירן זיי. „מעגלעך, אַז מאָרגן וועלן זיי שוין ניט זיין מיינע, און אפשר — קיינעמס ניט״. ער האָט געשפּרודלט מיט לעבן און געשטרעבט לעבן פיל מערער פון זיינע איצטיקע 19 יאָר. נאָר גלייכצייטיק האָט זיך אים געוואָלט לעבן ווי אַ זעלנער וואָס האָט געזיגט אין שלאַכט.

אַז דער זייגער האָט געוויזן 11 — די שעה ווען די עגיפּטער האָבן אָנגעהויבן אַטאַקירן איןביידע פאָריקע טעג — האָט טוביה אַלאַרמירט עטלעכע קעמפערס אויף צו שטאַרקן די פּאָזיציעס 1 און 2. אַלע האָבן געוואַרט אויפן אָנהייב פון דער אַטאַקע. די שעה איז פאַריבער און קיין שיסעריי האָט מען ניט געהערט. אין דער באַנאַנעס־פּלאַנטאַציע האָט מען געקענט באַמערקן, ווי מצרישע זעלנער שטעלן זיך אויס אין אַ ריי און צעשפּרייטן זיך דערנאָך. אַזוי האָבן זיי געטאָן עטלעכע מאָל. אַלעקס האָט

דעפעשירט צום שטאַב פון דער נגב־דיוויזיע און געבעטן „אַטאַקירן די עגיפּטער פון דרויסן״.

11.45. ווייזט אויס, אַז דער שונא דערוואַרט פאַרשטאַרקונג. די מאָראַל ביי די עגיפּטער איז זייער אַ געפאַלענע. אַט גרייטן זיי זיך צום אַטאַקירן און גייען זיך צוריק פונאַנדער. איצט איז די צייט זיי אַנצוגרייפן.

דער פּלמ״ח האָט אָבער ניט געהאַט די כוחות, אָדער געווער, כדי מיט זיי אַטאַקירן בייטאָג. קיין איינעם פון די קאָמאַנדירן איז ניט איינגעפאַלן אַרויסצובערענגען פאַרן מויל, אַז „מע דאַרף זיך באַנוצן מיט יד־מרדכי ווי מיט אַן אַפּהאַלטער ביזן סוף״ — אָבער דאָס איז געווען אַ ביטערער פאַקט. ס׳איז געווען וויכטיקער צו פאַרפעסטיקן די פּאָזיציעס, וועלכע האָבן געקענט פאַרמיידן די מצרישע אַריינדרינגונג אין תל־אביב, איידער צעדריבלען די אָרעמע כוחות פון דער נייער מדינה אויף צו פאַרטיידיקן אַן איינצלנעם פּונקט. פון אַלע גרענעץ־פּונקטן האָט מען פאַרלאַנגט זיי זאָלן זיך אַליין פאַרטיידיקן און אויסהאַלטן, אַפילו קעגן גרויסע כוחות.

אין די נאָכמיטאָג־שעהן האָבן איבערן קיבוץ זיך באַוויזן 3 עראָפּלאַנען, אַנגעפלויגן פון דרום און געוואָרפן באָמבעס. דאָס איז געווען די ערשטע באָמבאַרדירונג פון דריי. הגם די באָמבעס האָבן כמעט פאַרענדיקט די צעשטער־מלאכה פון די בנינים און צעטרייסלט דעם דאַך פון אַ בונקער, זענען קיין מענטשלעכע אבידות ניט געווען. די פאַרטיידיקערס אין די אָקאָפּעס זענען געווען זיכער, אַז נאָך די דאָזיקע באָמבאַרדירונגען וועלן אַוודאי באַנייט ווערן די אַטאַקעס פון די פוסגייער. דערווייל זענען די נאָכמיטאָג־שעהן פאַריבער און קיין אַטאַקע איז ניט פאָרגעקומען.

אין אָוונט האָבן די מצרישע פאַנצערקעס זיך אַ לאָז געגעבן נאָענט צו די פּאָזיציעס אויפן מזרחדיקן אָפּשניט און צו דער פּאָזיציע נומער 7, צפון־מזרחדיק פון קיבוץ. זייערע לייכטע מאַשין־געווערס האָבן געעפנט אַ שווער פייער, נאָר די פאַרטיידיקערס זענען געווען גרייט, יעדער אויף זיין אָרט. צי איז דער באַשלוס פון די עגיפּטער צו אַטאַקירן דעם שוואַכערן, מזרחדיקן אָפּשניט? אַלעקס האָט אונטערגעשיקט אויף דעם אָרט דעם איינציקן גראַנאַטן־וואַרפער וואָס איז אים פאַרבליבן, ווי אויך אייניקע קעמפערס. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער מצרישער שטאַב איז דאָס מאָל ניט אויסן געווען יד־מרדכי. מיט דער הילף פון אַרטילערישן פייער און קוילנוואַרפערס האָבן די עגיפּטער אָנגעהויבן איבערפירן אַ לאַנגע קאָלאָנע לאַסט־אויטאָס און פאַנצער־מאַשינען דורכן זאַמדיקן וועג אין פעלד, אויף אַ מרחק פון עטלעכע הונדערט מעטער פון דער פּאָזיציע נומער 7. די קאָלאָנע האָט

זיך שנעל באַוועגט אין דער ריכטונג צו חירביה און מידזשדאַל. טוביה, זעענדיק דעם מצרישן מאַנעווער, האָט באַפוילן ניט פאַרשווענדן קיין אַמו־ניציע אויף דער קאָלאָנע; מיט די ווייניקע גראַנאַטן וועלכע זענען נאָך פאַרבליבן אין קיבוץ, זענען געווען שוואַכע האָפענונגען אָפּצוהאַלטן די קאָלאָנע. שפּעטער, ווען די קאָמאַנדירן פון יד־מרדכי איז באַקאַנט געוואָרן די דערקלערונג פון קאַיר וועגן „אַ זיג אין מידזשדאַל", האָבן זיי פאַר־שטאַנען דעם ציל פון יענעם מאַנעווער. מצרישע איינהייטן — אַ סברה די וועלכע האָבן געשטורעמט יד־מרדכי און דערביי געליטן שווערע פאַר־לוסטן — האָבן זיך אַ לאָז געגעבן צום ברעג ים, כדי זיך פאַראייניקן דאָרט מיט זייער מיליטער. די־אָ איינהייטן האָבן געקענט ליפערן פאַר דער קאַירער פרעסע אַ „נצחון" און אַזוי אַרום פאַרדעקן זייער דורכפאַל צו פאַרכאַפּן יד־מרדכי.

אַז ס'איז געוואָרן פינצטער, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ געדיכטער נעפּל און אַלץ צוגעדעקט. דער נעפּל האָט פאַרשטאַרקט די מצרישע נערוועזיטעט. זיי האָבן אָפּט געשאָסן אין אַלע ריכטונגען, מורא האָבנדיק פאַר אַן אַטאַקע פון די קאָמאַנדאָס. די מענטשן אין קיבוץ האָבן געהאָפט, אַז דער פּלמ"ח וועט טאַקע יאָ אַטאַקירן די עגיפּטער פון רוקן. אין משך פון דער נאַכט האָבן זיך געהערט שאָסן הינטער די מצרישע ליניעס. געווען אַזעלכע וואָס האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן געהערט אַן אָפּהילך פון אַ שטאַרקן אויפרייס. אויב אין יענער נאַכט איז טאַקע עזה באָמבאַרדירט געוואָרן — און די פאַרצייכענונגען פון דער ישראַלדיקער אַוויאַציע באַווייזן, אַז אַזאַ באָמבאַרדירונג איז יאָ פאָרגעקומען — איז אָבער דער מצרישער דרוק אויף יד־מרדכי ניט קלענער געוואָרן.

דער דיוויזיע־שטאַב אין ניר־עם האָט צוגעזאָגט אין פאַרלויף פון דער נאַכט צו עוואַקוירן פון קיבוץ אַלע פרויען און פאַרוווּנדעטע. די קאָמאַנ־דירן האָבן צוגעגעבן די קיבוץ־חברים, אַז מיט דער קאָלאָנע וועלן זיי קענען מיטשיקן בריוו. איידער זיי האָבן זיך גענומען צום שרייבן די בריוו, מעגלעך, אַז די לעצטע אין זייער לעבן, איז יעדער אַוועק צו די חורבות פון זיין צימער, כדי אויפזוכן אין פאַמיליע־אַלבום אַ פאַרבליבן בילד. אייניקע קיבוץ־חברים זענען ניט געווען אין זייערע וווינונגען זינט די קאַמפן האָבן זיך אָנגעהויבן. אַז זלמן איז אַריין צו זיך אין צימער, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז ס'האָט זיך דאָרט גאָרניט געענדערט. אַ שיכט זאַמד האָט זיך אָפּגעלייגט אויף די לייוונטענע דעקעס פון די בעטן און אייניקע בילדער זענען קרום געהאַנגען אויף די ווענט. אויסער דעם איז אין צימער אַלץ געווען גענוי ווי אין יענער נאַכט פאַר די שלאַכטן, ווען

ער און כאַסקע האָבן אים פאַרלאָזט. דער אויסזען פונעם מוסטערהאַפט איינגעאָרדנטן צימער האָט אים ממש אַרויסגעבראַכט פון די כלים. אים האָט אויסגעוויזן, אַז די געמיטלעכקייט אינעם חדר האָט ניט קיין געמיינזאַמעס מיט די צעשטערטע געביידעס פון קיבוץ. ניט נעמענדיק קיין זאַך, האָט זלמן זיך אָפּגעטראָגן פונעם צימער, פאַרקלאַפּנדיק הינטער זיך די טיר. אַנדערע ווידער האָבן אַנטדעקט, אַז זייערע וווינונגען זענען צעשטערט און אַ לאַנגע צייט אומזיסט געזוכט פאָטאָגראַפיעס. עטלעכע איז אָבער געלונגען פון צווישן די חורבות אָפּצוראַטעווען די בילדער פון זייערע קינדער און לאַנג־לאַנג זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די טייערינקע, כדי זיי צו פאַרגעדענקען.

הגם די קאַלאַנע, וועלכע זיי האָבן אַזוי אויסגעקוקט, איז אין יענער נאַכט ניט געקומען, האָט מען אַלע בריוו צונויפגענומען — און זיי זענען געבליבן. אייניקע פון די בריוו האָט מען שוין איבערגעגעבן די אלמנות, נאָך דעם ווי די שרייבער פון די בריוו זענען אומגעקומען אין לעצטן טאָג פון די קאַמפן. אַנדערע בריוו זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין אַרכיוו, וועלכער איז נאָכן באַפרייונגס־קריג געשאַפן געוואָרן אין קיבוץ.

אין זיין לעצטן בריוו שרייבט קלמן:

די חורבות פון יד־מרדכי, שבת 22.5.48.

אַזאַ פאַרוויסטונג און צעשטערונג פונעם קיבוץ האָב איך זיך ניט פאַר־געשטעלט. די לאַנדשאַפט וואָס רינגלט מיך אַרום, זעט מיר איצט אויס אַזוי פרעמד, אַז זי דערמאָנט מיר ניט בכלל מיין היים און אונדזער קיבוץ — האָט קלמן געשריבן צו זיין פרוי יעל. — איך פריי זיך, אַז מיר האָבן ווינציקסטנס אָפּגעראַטעוועט די קינדער און חברטעס. איך האָף, אפשר וועט אַ טייל אונדזערע חברים אָפּגליקן צו דערלעבן דעם נצחון און העלפן פון דאָס ניי אויפשטעלן די חורבות.

דערמאָנענדיק זיך אוודאי אין יענעם ויכוח, וועלכן ר׳האָט געפירט מיט יעלן, איידער זי איז אַוועק פון קיבוץ, האָט ער געשריבן:

דו ווייסט אוודאי מיין ווערטל, אַז דאָס מזל שפּילט מיר צו — און אויך ביז איצט האָט עס ניט ווייניק מיר צוגעשפּילט.

איך האָף אַז מיר וועלן זיך ־זען. נאָר אויב נישט — ווייס ווי אַזוי דאָס איבערצוטראָגן (און אין דעם צווייפל איך ניט), ווייל אויב מיר וועלן מצליח זיין צוריקשטויסן דעם שונא און אים ניט לאָזן צונעמען דעם פונקט פון אונדזערע הענט, וועט ניט אומזיסט זיין דער דאָזיקער קרבן.

די חברטעס וועלן דיר איבערגעבן פּרטים, דער עיקר — קענען איבער־

טראָגן... זאָג עמוסן, אַז עס זענען דאָ פאַראַן צענדליקער טויזנטער גילזעם, סנאריאדן און פארשידענע אַנדערע מינים געווער.

הייסע קושן פאַר דיר, עמוסן, שולמיתן און דער משפּחה".

**די פּרוי פון גבריאל רמתי איז צו יענער צייט געלעגן אין שפּיטאָל, וואַרטנדיק אויפן געבורט פון איר ערשט קינד. דאָס איז געווען ס'מיידל פון פּוילן, וועלכע ר'האָט קוים אַ לעבעדיקע געפונען אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען. נאָך דעם ווי ר'האָט איר געשילדערט אין בריוו די באַמבאַר־דירונגען און באַשיסונגען, דעם חורבן און די פאַרלוסטן, האָט ער ווייטער געשריבן:**

„אויב ס'וועט טאַקע קומען פאַרשטאַרקונג, אפשר וועלן מיר גובר זיין... מעגלעך, אַז דאָס איז מיין לעצטער בריוו, טייערע. אַז דאָס קינד וועט געבוירן ווערן, היט עס אָפּ, דערציי אים ווי אַ שטאָלצן ייד און אָרנטלעכן מענטש. טרויער ניט, מיין ליבסטע, אַזאַ איז אונדזער גורל. ניט איך האָב געוואָלט די דאָזיקע מלחמה און ניט מיר האָבן זי אָנגעהויבן. מיליאָנען קושן.

אין דער צעשטערטער יד־מרדכי, 22־טער מאַי 1948".

**אַ גאָר אַנדערער טאָן הערט זיך פון טוביהס בריוו צו זיין פּרוי רעיה. זיי האָבן זיך באַקענט נאָך אויף דער הכשרה אין פּוילן; זי האָט אים בשעתו געגעבן געלט, ער זאָל קענען עולה זיין קיין ארץ־ישראל, הגם דאַמאָלט זענען זיי געווען בלויז באַפריינדעט, ניט מער.**

יד־מרדכי, 20.5.48

„מיר איז שווער זיך צו קאָנצענטרירן און שרייבן, כ'האָב אָבער באַשלאָסן דיר שיקן אַ האַרציקן גרוס פון אונדזער פראָנט. כ'וויל דיר ניט איבערגעבן פּרטים וואָס מיר האָבן אַדורכגעמאַכט ביז איצט, דאָס וועסטו זיך קענען דער־ווּיסן ביי לאַלען... וועגן די קרבנות און דעם חורבן ווייסטו שוין אוודאי, איך מוז אָבער אונטערשטרייכן, אַז כ'האָב זיך ניט פאַרגעשטעלט אַזאַ האַלטונג פון אונדזערע מענטשן אין די קריטישע טעג, ווי כ'האָב עס געזען דאָ... אַז כ'וועל דערלעבן דיך זען, וועל איך דיר נאָך דערציילן אַ סך, נאָר איצט לאָזן מיך ניט די צייט און די נערוון שרייבן לאַנגע בריוו... לויט מיין מיינונג, האַלט איך זיך גוט און פאַרליר ניט דעם מוט אַפילו אויף קיין איין מינוט. כ'בין דערשיטערט פון דער הריגה און קרבנות, כ'באַווייז אָבער געבן פּאַסיקע אָנווייזונגען אַפּצוהיטן מענטשלעכע לעבנס, כדי הרגענען דעם שונא"...

**נאָך איין בריוו האָט טוביה געשריבן צו זיין עלטסטן זון:**

„שלום דיר, ליבער שי!

נאָך דעם ווי ביסט אַוועקגעפאָרן, האָב איך זייער געבענקט נאָך דיר און צוגעזאָגט אָפּצוהיטן די שפּילצייג. זיי אָבער מוחל, ווייל מעגלעך אַז ווען וועסט קומען צוריק, קענען די אַראַבער אויפרייסן די שפּילצייג. דערווייל זענען זיי נאָך גאַנץ, הגם עס זענען פאַראַן אַ סך צימערן ווו די שפּילצייג איז צעבראָכן. דיינע זענען נאָך אין אָרדענונג.

איך האָף, אַז אונדז וועט געלינגען צו פאַרטרייבן די שלעכטע אַראַבער און זיי הרגענען פאַרן גאַנצן שלעכטס וואָס זיי האָבן אונדז אָפּגעטאָן. פאַרנעם זיך מיט אַ־ל־ן, ס׳איז דאָך דיין ברודער. איך שיק דיר אַ סך קושן, גיב זיי אויך איבער צו אַ־ל־ן".

יענעם אָוונט זענען אַ סך חברים געקומען אין בונקער פון שטאָב — ווער אויף איבערצוגעבן דעם בריוו, ווער אויף אויסצוטאָן די שיך און עטוואָס זיך אָפּרוען. די פרויען האָבן זיי דערלאַנגט קאַווע מיט ביסקוויטן. „די קאַווע האָט ניט געהאַט קיין יידישן טעם" — האָט מיר דערציילט אייע פון די פרייען. „עס האָט גענומען עטלעכע שעה, ביז ס׳איז אונדז געלונגען אויפצוקאָכן וואַסער אויפן פרימוס, וועלכער האָט ניט גוט געברענט. די קאַווע איז געווען שוואַרץ, ווייל מיר האָבן ניט געהאַט קיין מילך און ניט געקענט פּטור ווערן פונעם פאַרדעמפטן וואַסער. דאָס אַלץ האָבן מיר געקענט געבן די מענטשן — און זיי האָבן מיט הנאה געזופּט די קאַווע".

עמעץ האָט זיך דערמאָנט, אַז אין דער קינדער־קיך זענען געווען באַנאַנעס. דוב, דער 16־יאָריקער פּלמ"חניק, וועלכער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין קאָפּ, האָט זוכה געווען צו באַקומען צוויי באַנאַנעס. „עס!" — האָבן די פרויען זיך געוויצלט — „דו דאַרפסט נאָך וואַקסן". די פרויען זענען אַוועק צו די פּאָזיציעס, טראָגנדיק מיט זיך סענדוויטשן, זויערמילך און קאָנסערוון. הגם יענער טאָג איז פאַרהעלטענישמעסיק געווען אַ רויקער, זענען די מענטשן דאָך געווען אַזוי מיד און גלייכגילטיק, אַז מ׳האָט זיי באַדאַרפט איבערצייגן זיי זאָלן עפּעס נעמען אין מויל אַריין; די פרויען האָבן זיך ניט אָפּגעהאַלטן אַנצוקאָרמען אייניקע קעמפערס מיט אַ לעפעלע, ווי קליינע קינדער. נאָר דאָס עצם באַווייזן זיך פון די פרויען אין די פּאָזיציעס, איז געווען וויכטיקער פונעם עסן. פאַר די מענטשן איז עס געווען ווי אַ קיל ווינטל אין אַ כאַמסיניקן טאָג.

אין פאַרלויף פון יענעם „שטילן" טאָג, האָט ביי די פרויען זיך אַנטוויקלט אַ געפיל פון יאוש און קאַפּיטולאַנטישקייט. זיי זענען געוואָרן דערשטויגט, דערוויסנדיק זיך, אַז די עגיפּטער געפינען זיך אויך צפונדיק פון זיי. איצט האָבן זיי געוווּסט, אַז מ׳איז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. אויך זענען זיי געווען אַנטוישט וואָס די קאָלאָנע איז ניט געקומען.

צומאַרגנס — אין פערטן טאָג פון דער באַלאַגערונג — איז די פאַרצווייפלונג שטאַרקער געוואָרן. שעהן זענען פאַריבער און מ׳האָט ניט געזען קיין סימן פון שונא. די שפאַנונג איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. איז זייער ניט באַוויזן זיך די סיבה פאַר אַ פאַרשטאַרקטן און אַנטשיידנדיקן אָנגריף, וואָס וועט אָפּווישן דעם קיבוץ און זייַנע מענטשן פאַרטיליקן ביז איינעם? ס׳איז קלאָר געווען, אַז קיין שום פאַרשטאַרקונג וועט קיין יד־מרדכי ניט געשיקט ווערן. באַלד וועלן זיי אַפילו ניט קענען אַלאַרמירן נאָך הילף, ווייל די באַטעריעס פונעם פונקען־איבערווייזער, ראַדיאָ־זענדער, מאָרס־אַפּאַראַט און טעלעגראַפישן אַפּאַראַט האָבן זיך שנעל אויסגעלאָזט און דער גענעראַטאָר אַנצולאָדן די באַטעריעס איז צעשטערט געוואָרן בעת דער באָמבאַרדירונג.

אַלעקס האָט דיקטירט אַ פאַרצווייפלטן הילפס־רוף:

„די מאָראַל פון די מענטשן האַלט אין איין פאַלן. זיי זענען א־נגאַנצן דערשעפּט. זיי האָבן מורא, אַז יד־מרדכי וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ צווייטן כפר־עציון. מיר האָבן ניט קיין וואַסער און ניט קיין אָרט ווו צו לייגן די פאַרוואונדעטע. מיר בעטן דערלויבן אונדז צו פאַרלאָזן דאָס אָרט, אָדער צו שיקן פאַרשטאַרקונג. עוואַקוירט די פאַרוואונדעטע און די פרויען.

אין די אָקאָפּעס און פּאָזיציעס האָבן די מענטשן כסדר געשמועסט וועגן זייער לאַגע. זינט זיי זענען געוואָרן זעלבשטענדיק, האָבן זיי זיך אויסגעקליבן אַ דעמאָקראַטישן לעבנס־רעזשים, ווו די מיינונג פון יעדן מאַן אָדער פרוי ווערט באַהאַנדלט צום עצם ענין. די מענטשן האָבן ניט געוואָלט משלים זיין מיטן פאַקט, אַז זייערע ענינים זענען איצט אַריבער אין מיליטערישן תחום, ווו אַלע גורלדיקע באַשלוסן ווערן אָנגענומען דורך מיליטער־לייט. זיי האָבן פון דער זיכערקייט־קאָמיסיע געוואָלט עפּעס הערן.

קיינער האָט ניט געטראַכט זיך אונטערצוגעבן די עגיפּטער; דאַקעגן האָבן אייניקע קיבוץ־חברים מסכים געווען צו אַן אַנדער פּלאַן: פאַרוואָס ניט פּרובירן זיך אַרויסרייסן פון דער אַרומרינגלונג כל־זמן די כוחות קלעקן נאָך און מ׳האָט נאָך געווער און אַמוניציע צו קעמפן? זיי וועלן אַפילו קענען נעמען מיט זיך די פאַרוואונדעטע. אַזוי טאַקע ליפערט מען אויס דעם קיבוץ אין מצרישע הענט, איז אָבער ניט בעסער פאַרלאָזן דאָס אָרט לעבעדיקערהייט, איידער בלייבן אין קיבוץ, ווו מען וועט אָן שום ספק דערהרגעט ווערן אָדער אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט? די זיכערקייט־קאָמיסיע האָט באַטראַכט דעם דאָזיקן פאָרשלאָג און איינשטימיק באַשלאָסן אים אָפּצוּוואַרפן. דער קיבוץ האָט באַדאַרפט אויסטראָגן די אחריות און שטיין אויף דער וואַך אַזוי ווי ר׳האָט זיך פאַרפליכטעט כלפּי דער „הגנה" און דער מדינה. ס׳איז אויך אויפגעשוווּמען אַן אַנדער פאָרשלאָג. אַזוי ווי

זיי האָבן ניט געוווּסט אַז בעצם איז דאָס גאַנצע לאַנד אין באַלאַגערונג, האָבן אייניקע קיבוץ־חברים געהאַלטן, אַז ווען מען גיט צו וויסן די אַרמיי־אָנפירער וועגן דער שווערער לאַגע פון יד־מרדכי, וואָלטן זיי אַוודאי באַלד געשיקט הילף און פאַרשטאַרקונג. דער פאָרשלאָג איז געווען צו שיקן אַ דעלעגאַציע וואָס זאָל שילדערן די לאַגע און פאָדערן באַלדיקע הילף. פיל פון די העכערע פּלמ״ח־קאָמאַנדירן זענען געווען באַקאַנט די מענטשן פון יד־מרדכי — און די כוונה איז געווען, אַז די דעלעגאַציע זאָל אויפזוכן די דאָזיקע קאָמאַנדירן, זיי קלאָר מאַכן די סטראַטעגישע חשיבות פון יד־מרדכי און פאָדערן שיקן אין באַלאַגערטן פּונקט מענטשן און געווער. טוביה איז געווען קעגן דעם פאָרשלאָג, ווייל אין אַזאַ דעלעגאַציע דאַרף מען אויסקלייבן די בעסטע מענטשן — שטאַרקע פיזיש און מאָראַליש, און גראָד אַזעלכע קען ער ניט באַפרייען פון די קעמפנדיקע רייען.

ווען די זיכערקייט־קאָמיסיע האָט פאַרענדיקט איר זיצונג ניט אָננעמענדיק קיין באַשלוס וועגן דעם פאָרשלאָג, האָט איינער פון די אָנוועזנדיקע — אַרעלע מעלער, באַקומען אַן אויסברוך פון יאוש. אויב נעמען אין באַטראַכט זיין פאַרגאַנגענהייט אין קיבוץ און די אַקציעס, וועלכע ר׳האָט אַדורכגעפירט צומאָרגנס, איז דער דאָזיקער אויסברוך געווען אַ באַווייז פון די אומגעוויינלעכע גייסטיקע ראַנגלענישן פונעם מענטש. יענעם טאָג נאָכמיטאָג, איז אַרעלע פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ סנאַריאַד־שפּליטער. הגם אַ קלייןוווּקסיקער, ווי אַ סך אַנדערע יידישע איינוווינער פון די שטעטלעך אין פּוילן, און פון די געטאָס, איז אַרעלע געווען אַ יונגנטלעכער מיט אַ סך אַנטשלאָסנקייט און ענערגיע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, זייענדיק אַ זעלנער אין דער בריטישער אַרמיי, האָט ער קאַטעגאָריש זיך געהאַלטן ביים זייניקן, צו מאָביליזירן אים אין דער יידישער בריגאַדע, טראָץ דעם וואָס מ׳האָט אים נעפּסלט צוליב זיינע פּלאַטפּיס. ער האָט אפילו ניט נאָכגעגעבן, וויסנדיק פון פריער, אַז אין דער בריטישער אַרמיי זענען געווען צען מאָל אַזוי פיל מערער יידן וויפל ס׳איז געווען נייטיק אויף צו שאַפן די בריגאַדע. אַלע האָבן געגלייבט, אַז זיין איינהייט וועט דערפילן די אויף איר אַרויפגעלייגטע אויפגאַבן, ווי היטן די געפאַנגענע וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די אַליאַנטן, אָדער באַשיצן די אמוניציע־מאַגאַזינען, ווען די יידן פון דער בריגאַדע וועלן אַוועק אויפן פראָנט קעמפן. אַרעלעס באַשלוס צו דערשלאָגן זיך ווי ס׳איז ניט צו אַ קאַמפּס־איינהייט איז געווען אַ פעסטער. ווי נאָר ר׳האָט זיך דערוווּסט, אַז די בריגאַדע נייטיקט זיך אין שאָפערן, האָט ער דערלאַנגט אַ בקשה צו אַרבעטן אַלס שאָפער, הגם ר׳האָט קיינמאָל ניט געפירט קיין אויטאָ. זיינעם אַ חבר

האָט ער געגעבן אים אויסלערנען פאַרן און פאַרלאַנגט נאָך אַ מעדיציניש: אונטערזוכונג, ביז מ׳האָט אים ענדלעך באַשטעטיקט.

אַז די מיטגלידער פון דער זיכערקייט־קאָמיסיע האָבן אָנגעהויבן זיך פונאַנדערגיין, האָט אַרעלע זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ מאַטע. מיט אַמאָל איז ער אויפגעשפרונגען און אַ כאַפּ געגעבן די ביקס.

— כ׳וועל דאָ ניט בלייבן, כדי סתם אַזוי זיך שטאַרבן, ניט ברענגענדיק קיין שום נוצן — האָט ער זיך צעשריען. — די אַלע רייד וועגן בלייבן אויפן אָרט און איבערהאַלטן זענען ניט מער ווי נאַרישקייטן. מיר האָבן ניט קיין שום אויסזיכט. אַלץ וואָס מיר טוען איז ניט מער ווי אַ בטלנותדיק זיצן און וואַרטן אויפן טויט. איך וועל אַוועק פון דאַנען און זיך אַדורכברעכן אַ וועג, אויב קיינער וועט צו מיר ניט צושטיין. אַליין וועל איך גיין און מיט כוח זיך אַדורכהאַקן אַ וועג...

ער האָט אַ שפרונג געגעבן צו דער טיר, איינע פון די פרויען האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און אים צוריקגעפירט אויף דער מאַטע. אַ הילפלאָזער האָט ער נאָכגעגעבן. די מענטשן אין בונקער האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיין אויסברוך איז נאָר צוליב די אָפּגעשוואַכטע נערוון. זיי האָבן געוווּסט, אַז אַרעלע, אַמווינציקסטן פון יעדן אַנדערן אין קיבוץ, איז נוטה צו האַנדלען קעגן אַלגעמיינע באַשלוסן, אָדער גיין זיך מיט זיין וועג.

פיר טעג זענען פאַריבער זינט די קאַמפן האָבן זיך אָנגעהויבן. די עגיפטער האָבן איצט ווייטער געפירט דעם קריג, ניט באַנוצנדיק זיך מיט קיין פוסגייער. פאַרנאַכט האָט זיך אויפן שטח אַראָפּגעלאָזט אַ נעפל און די עגיפטער האָבן פאַרגרעסערט די צאָל סגאַריאַדן, מיט וועלכע זיי האָבן באַמבאַרדירט דעם קיבוץ. פונדעסטוועגן האָט טוביה זיך געהאַלטן ביי זיינס, אַז מע דאַרף אויסגראָבן נייע אָקאָפּעס, וואָס זאָלן פאַרבינדן די פּאָזיציעס אויפן צפונדיקן אָפּשניט פון קיבוץ. אויף אַדורכצופירן די אַרבעט האָט מען געשיקט אויך פרויען, זיי זאָלן העלפן די מענער. געגראָבן האָבן זיי מיט אַזעלכע מכשירים, וואָס האָבן פריער געדינט אַלס שפּילצייג פאַר די קינדער. די ערד האָט מען צונויפגעזאַמלט אין בלעכן און אין פּושקעס, ווייל די אַרבעטס־כלים און גראָב־אינסטרומענטן זענען צעקלאַפּט געוואָרן אָדער געווען צעוואָרפן, אַז מ׳האָט זיי ניט געקענט געפינען.

יענע נאַכט איז געווען אַ שווערע, די מענטשן זענען פיזיש און גייסטיק געווען זייער דערשעפּט. ניט איין מאָל האָט וועד איינגעדרימלט מיט דער לאָפּעטע אין האַנט. מיט עטלעכע שעה שפּעטער האָט טוביה באַפרייט די פרויען פון דער אַרבעט, זיי זאָלן זיך אומקערן אין די בונקערס. ס׳איז געווען אַ פעלער צו נעמען זיי צו אַזאַ שווערער אַרבעט און דערצו אַזעלכע מידע און איבערגענומענע מיט די אַדורכגעלעבטע טעג אין בונקערס, אָן

לופט. ער איז אַוועק באַזוכן די פּאַציענטן. עקשנותדיקע קלאַנגען האָבן זיך פאַרשפּרייט, אַז די עגיפּטער קלייבן זיך אַדורכצופירן אַ גרויסע אַטאַקע אויפן קיבוץ, אָבער אין יעדער פּאָזיציע האָט מען געוווסט צו דערציילן, אַז דער אָנגריף וועט פּאַרקומען אויף אַ צווייטער פּאָזיציע. טוביה האָט פאַרשטאַנען, אַז דער מקור פון די קלאַנגען איז די אָפּהענטיקייט און אויך — סימנים פון היסטעריע.

די קלאַנגען האָבן זיך דערטראָגן אַפילו אין בונקער פון שטאַב. מרים, וועלכע האָט זיך געפונען אין דעם בונקער זינט זי איז מיט צוויי טעג פריער פאַרשאָטן געוואָרן מיט זאַמד, האָט זיך אויפגעהויבן פון דער פּריטשע און זיך אומגעקערט אין איר פּאָזיציע.

— כ׳וועל ניט לאָזן אַז די עגיפּטער זאָלן מיך כאַפּן אין דעם בונקער — האָט זי געזאָגט. — בעסער זיין אויף דער וואַך אין מיין פּאָזיציע.

זי האָט ניט געוואָלט הערן די אויפקלערונגען פון ד״ר קעלער, אַז אין איר לאַגע טאָר זי ניט גיין אויף דער פּאָזיציע.

— איך גיי מיט איר! — האָט זיך אָנגערופן דאָבע די סאַניטאַרין.

— כ׳וועל דיר ניט דערלויבן גיין מיט איר, — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר. — ווי אַזוי וועסטו זי געפינען, אויב די אָקאָפּעס זענען מיט גראַניט באַצייכנט? מע האָט באַדאַרפט מאַכן סימנים אויף די אָקאָפּעס. פאַרוואָס האָבן די קאָמאַנדירן ניט געזאָרגט דערפאַר אַז מע זאָל באַצייכענען יעדע אָקאָפּע און פּאָזיציע? איך פאַרווער דיר אַרויסצוגיין.

— גוט, איך גיי ניט אין דרויסן — האָט געזאָגט דאָבע. — אָבער... איר, דאָקטאָר, לייגט זיך אַוועק אָפּרוען. טוט אויס די שיך.

— שוין עטלעכע טעג, אַז כ׳האָב ניט אַראָפּגענומען די שיך פון די פיס, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט אַ מידער. — באַמי זיך ניט, כ׳וועל אַליין אויסטאָן די שיך. די פיס שפּירן זיך אַוודאי...

— ס׳איז אָנצונעמען, אַז אַלעמען פילט זיך פון די פיס — האָט דאָבע געענטפערט מיט פריילעכקייט. — לאָזט מיך, כ׳וועל זיי עטוואָס אויפפרישן מיט אַ ביסעלע אַלקאָהאָל. לייגט זיך.

— נאָר ניט באַנוצן זיך אומנייטיק מיטן אַלקאָהאָל — האָט דער דאָקטאָר זיך אָנגערופן מיט אַ הייזעריק קול. — דו מיינסט, אַז מיר האָבן איבעריקן אַלקאָהאָל? ניטאָ ביי אונדז קיין סטעריליזירט וואַסער, קיין מעדיקאַמענטן, קיין בלוט צו טראַנספוזיעס; ניטאָ קיין געווער, קיין טרינק־וואַסער, ציִ אַן אָרט ווו זיך אָפּרוען! וואָס איז מיר געבליבן צו טאָן?

— לייגט זיך, לייגט זיך, — איז דאָבען געלונגען צו באַרויקן דעם דאָקטאָר און, ניט געקוקט אויף זיינע פּראָטעסטן, אַראָפּגעצויגן פון אים די שיך, דערנאָך די שקאַרפּעטן און מיט אַ שמאַטקע אייַנגעטונקען אין

שפּירט, אים איבערגעווישט די פּיס. זײַנע כּעס־אויסברוכן האָבן איר ניט געשטערט. מעגלעך, אַז אויך זי וועט זיך אַ ליאָדע מינוט צעשרייען צוליב דער מינדסטער קלייניקייט...

פֿאַרטאָג האָט אַ ים־ווינטל צעטריבן דעם נעפּל. שמאַי האָט אויפֿגעוועקט אַלעקסן פֿון שלאָף און אים פֿאַרגעלייגט, אַז די פּרויען, וועלכע האָבן זיך געלערנט סיגנאַליזאַציע, זאָלן פּרובירן זיך פֿאַרבינדן מיטן קיבוץ ניר־עם. די באַטעריעס פֿונעם טעלעגראַף־אַפּאַראַט זענען געווען כּמעט ליידיק און ס'איז שווער געווען אָנצוהאַלטן די פֿאַרבינדונג. אין משך פֿון עטלעכע חדשים האָבן פֿאַניע און רעיה, אייניקע פֿון די פֿאַרבינדלערינס, זיך געלערנט סיגנאַליזירן אויפֿן בערגל ווו מ'האָט אויפֿגעשטעלט דעם וואַסער־טורעם. אַזוי ווי ס'איז איצט געווען צו געפֿערלעך צו סיגנאַליזירן פֿון דעם בערגל, האָט מען באַשלאָסן, אַז זיי וועלן די צייכנס איבערוואַרפֿן פֿון א דער־בייִיק בערגל. ווען די פּרויען האָבן זיך שוין געגרייט אין וועג אַריין, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס לעמפּל איז ניטאָ. דער מכשיר איז פֿאַרלאָרן געגאַנ־גען, ווען דער ערשטער בונקער פֿון שטאַב איז צעשטערט געוואָרן.

אַרעלע מעלער, צוהערנדיק זיך צו דעם אַלעמען, האָט עפּעס פֿאַר־געלייגט :

— ווען כ'בין געווען אין איטאַליע, האָב איך פֿאַר מײַן טאַכטער גע־קויפֿט אַן עלעקטריש טאַשן־לעמפּל. דאָס לעמפּל וועט מען לייכט קענען אויסנוצן אויף איבערשיקן די צייכנס. וואַרט אַ ווײַלע, איך קום שוין צוריק. דאָס לעמפּל דאַרף זיך געפֿינען צווישן שפּילצייג פֿון די קינדער. כ'וועל זען צי ס'וועט זיך לאָזן אויסגעפֿינען.

ער איז אַוועק פֿון בונקער און אין עטלעכע מינוט אַרום זיך אומגעקערט מיטן לעמפּל אין האַנט.

— איך וועל גיין מיט אײַך, — האָט ער געזאָגט. — איר וועט שיקן סיגנאַלן און איך וועל אויפֿכאַפּן דעם ענטפֿער.

דער זעלבער, וועלכער האָט מיט עטלעכע שעה פֿריער דעקלאַרירט, אַז ער וועט אַליין פֿאַרלאָזן דעם קיבוץ, האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט די פּרויען אויף איינעם פֿון די בערגלעך הינטערן בינקער פֿון שטאַב. ווי נאָר זיי האָבן אָנגעהויבן סיגנאַליזירן מיטן לעמפּל, האָבן מצרישע סנייפּערס גענומען אויף זיי שיסן. די פּרויען האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, זיך אויפֿגעהויבן, סיגנאַליזירט און ווידער זיך געוואָרפֿן אויף דער ערד.

ראַטעוועט! ראַטעוועט! עוואַקוירט די פֿאַרוווּנדעטע! ראַטעוועט!...

ענדלעך האָט אַרעלע אויפֿגעכאַפּט די ליכט־סיגנאַלן פֿונעם ענטפֿער.

— ווײַטער סיגנאַליזירן איז מיט שטערונגען — האָט ער געזאָגט מיט

איבערגעגומעגקייט. — ווייזט אויס, אַז אויך זיי זענען אונטער אַ פייער. אפשר סיגנאַליזירן זיי פון אַ דזשיפּ. כ׳קען גאָרניט אויפכאַפּן. פּרובירט ווידער.

די פּרויען האָבן כסדר סיגנאַליזירט: עוואַקוירט די פאַרוווּנדעטע! ראַטעוועט! אויך זיי האָבן געזען ליכט־צייכנס, וועלכע האָבן זיך באַוועגט, אָבער אויפכאַפּן זיי און פאַרשטיין איז געווען אוממעגלעך.

צו יעגער צייט האָבן אין דער דערבייִיקער רוחמה זיך געפונען די עלטערע קינדער פון יד־מרדכי, וועלכע מ׳האָט ניט באַוויזן צו עוואַקוירן. די ייִנגערע זענען נאָך אין דער ערשטער נאַכט פון די קאַמפן אַוועק־געשיקט געוואָרן אויף צפון, באַזאַמען מיט דעם קליינוואַרג פון רוחמה. מיט דער „אַקציע קינדער״, וועלכע האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו עוואַקוירן אַלע זויגלינגען פון דער געגנט, האָט זיך פאַרנומען דער פּלמ״ח; די קינדער פון יד־מרדכי האָבן באַדאַרפט וואַרטן אויף זייער ריי. אין די דריי טעג פון זייער זיין אינעם „קיבוץ פון די אַלאַרמען״, זענען זיי געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע פון דער אָרטיקער פאַבריק, געהערט די אויפ־רייסן און באַשיסונגען, געלאָפן אין בונקער ווי נאָר די אַלאַרם־סירענע האָט זיך צעפייפט. הגם דער קיבוץ איז ניט באָמבאַרדירט געוואָרן, האָבן אָבער די אָפטע אַלאַרמען דענערווירט און אַנגעוואָרפן אַן אימה.

— פאַרוואָס מאַכן אַן די עגיפּטער אַזאַ גרויסן טומל און רעש? — האָבן געפרעגט די קינדער. — אפשר האָבן זיי געטראָפן אין אונדזער היים און זי פאַרברענט? אפשר איז אונדזער גאַנצע שפּילצייג אַוועקגעקומען? — פלעגן די קינדער זיך אויסטענהן.

די פלעגערינס, וואָס זיי אַליין איז שווער געווען גובר זיין די אייגענע מורא, האָבן זיך באַמיט צו באַרויקן די קינדער, וועלכע זענען אָבער נישט געווען אויסגערוט און דערפאַר געגייגט אַרומרייסן זיך. זיי איז שווער געווען צו קאָנצענטרירן זיך און אויסהערן אַ דערציילונג, אַפילו אין די שפּילערייען ניט געהאַט קיין אינטערעס. דאָס איינציקע וואָס האָט זיי יאָ אינטערעסירט, איז געווען דער באַלעם. לאַנגע שעהן האָבן די פלעגע־רינס געשפּילט מיט די קינדער אין באַלעם און דערביי ניט אויפגעהערט טראַכטן: וואָס קומט דאָרט באמת פאָר? וואָס טוט זיך אין יד־מרדכי?

אַז דער ערשטער טאָג האָט זיך פאַרענדיקט און נאָך אַ סך מי איז געלונגען איינצושלעפּערן די קינדער, זענען עטלעכע פרויען אַוועק אינעם בונקער וווּ ס׳האָט זיך געפונען אַ קורירין פון פּלמ״ח, וועלכע איז גע־שטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן שטאַב פון דער פּלמ״חישער נגב־דיוויזיע אין ניר־עם. צומערשט האָט זי ניט געוואָלט ענטפערן אויף די שאלות

פון די פּרויען. — אַ מיליטערישער סוד — איז געווען איר אַנטשלאָסענער, קורצער ענטפער. נאָר צום סוף, נאָך דער שטאַרקער צודרינגלעכקייט, און זעענדיק די ליידן פון די פרויען, האָט זי דערציילט וואָס דאָרט קומט פאָר:

— פאַראַן דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. די שלאַכט איז געווען אַ שווע־רע און אכזריותדיקע. דער „פּילבאָקס" איז אַריינגעפאַלן אין מצרישע הענט.

אַיעדע פון די פרויען האָט פרובירט טראַכטן, אַז ניט איר מאַן איז צווישן די אומגעקומענע. נאָר איינע פון זיי, וועלכע האָט מורא געהאַט מער פון אַלץ און געווען זיכער, אַז נאָר זי ווייסט דעם ריכטיקן אמת, איז געווען זלמנס פרוי, חאַסקע. אויב די עגיפּטער האָבן פאַרכאַפּט דעם „פּיל־באָקס", די קליינטשיקע פעסטונג, איז זלמן זיכער צווישן די דערהרגעטע.

אויב ס'איז נאָך געווען אַ פּאָרל וואָס האָט מיטן גאַנצן האַרצן גע־שטרעבט צו פירן אַ רויק געאָרדנט לעבן, אָן געשעענישן — איז דאָס געווען חאַסקע און זלמן; כמעט אַלע זייערע שענסטע יאָרן איז מען געווען ווייט איינער פון אַנדערן. זינט דעם פאַרבערענגען אויף דער הכשרה אין פּוילן, האָט איינער צום צווייטן געפילט אַ שטאַרקע ליבע. ווען אין יאָר 1938 איז געקומען זלמנס ריי עולה צו זיין, האָט ער חאַסקען געמוזט איבערלאָזן אין פּוילן. נאָר זי האָט ניט געוואָרט ביזן קומען פון די נאַציס. צוזאַמען מיט מרים און אַנדערע חברים פון השומר הצעיר איז מען אַנטלאָפן קיין ליטע. אין יענער תקופה פון מלחמה־אַנהייב, האָבן די סאָוויעטן נאָך ניט געהאַט זייער פעסטע פּאָליטיק בנוגע פליטים. אייניקע האָט מען אַרעס־טירט, אַנדערע האָט מען געלאָזט פאָרן. צעטומלונג און צערודערונג האָט געהערשט אומעטום. אין די נעכט האָט מען זיך געלאָזט וואַנדערן אין די וועלדער; האַלב־פאַרפרוירענע האָט מען געפונען אָפּרו אין פּויערישע כאַטעס און ענדלעך זיך דערשלאָגן קיין ווילנע. ווו מ'האָט זיך געטראָפן מיט נאָך חברים פון דער באַוועגונג. אַ 9 חדשים האָט מען מיט דער הילף פון „דזשאָינט" זיך אויפגעהאַלטן אין ווילנע. טויזנטער פליטים האָבן גע־שטרעבט צו קומען קיין ארץ־ישראל, נאָר די סאָוויעטישע איינשטעלונג איז געווען אַן אַנטי־ציוניסטישע און זייער וויניציק אַרויספאָר־דערלויבענישן האָט מען אַרויסגעגעבן. חאַסקע האָט פונדעסטוועגן זיך פאַרעקשנט און יעדן טאָג געגאַנגען אין די רעגירונגס־אַמטן. 4 פאַרטאָג האָט זי זיך שוין געשטעלט אין דער ריי און אין מיטן טאָג האָט זי געהערט דעם ענטפער, אַז איר ווענדונג איז אָפּגעוואָרפן. ביז אַ געוויסן טריבן טאָג האָט מען אָן אַ ספּעציעלער סיבה, צוגעטיילט איר און מרימען אַרויספאָר־דערלויבע־נישן. זיי האָבן דורכגעשיפט דעם שוואַרצן ים, אויסגעפאָרן טערקיי אין דער

לענג און אָנגעקומען קיין ירושלים. דאָרט, אין דער שוועסטערס שטוב, האָט זי זיך דערוווּסט, אַז זלמן האָט זיך מאָביליזירט אין דער ענגלישער אַרמיי. נאָך צוויי יאָר צעשיידונג און סעפּעראַטן לעבן און נאָכן אַדורכמאַכן 12 טויזנט מייל, איז איר ווידער באַשערט געווען צו זיין אָפּגעטיילט פון זלמנען נאָך זעקס יאָר, אויסער די קורצע און איילִיקע אורלויבן. ערשט אין יאָר 1945 האָט זלמן זיך אומגעקערט אין קיבוץ און בלויז דעמאָלט האָט זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן זייער פאַמיליע־לעבן.

זייענדיק פאַרנומען אַלס קינדער־פלעגערין, האָט חאַסקע זיך באַמיט אירע פּערזענלעכע געפילן אָפּצושטופּן אין אַ זייט. אויסערלעך איז זי געווען שטיל און רויק, נאָר אינעווייניק האָט געברויזט פון צער און ווייטיק. אַ גאַנצן טאָג האָט זי געוווּסט ווי אַזוי זיך באַהערשן, נאָר אַז ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט זי געפילט אַז זי מוז זיך אויסוויינען, שרייען און כליפּען, כדי אַנטשפּאַנען איר פאַרצווייפלונג און טרויער. זי האָט געזוכט אַן איינזאַם ווינקל, כדי אַ שטיקל צייט קענען בלייבן מיט זיך אַליין, נאָר אַזאַ אָרט אינעם איבערגעפּולטן קיבוץ איז ניט געווען. ענדלעך האָט זי געפונען אַזאַ אָפּגעזונדערט פינצטער ווינקל, נאָענט פון דער פאַבריק וווּ די קינדער זענען געשלאָפן. אַ לאַנגע צייט אַריינגעטאָן אין זיך, האָט זי שטיל געכליפּעט. זי האָט איצט זלמנען געזען נאָענט, דאָס שמאָלע געזיכט און די אויגן, וואָס האָבן איר אויסגעוויזן אין דער פינצטער אַז זיי לייכטן. זי האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט איר יענעם טאָג באַגעגנט אין ירושלים. אַז מ׳האָט זיין בקשה אויף אורלויב אָפּגעוואָרפן, ווי נאָר ר׳האָט זיך דערוווּסט וועגן איר אָנקומען אין לאַנד, האָט ער בעתן קראַנקע־אַפּעל זיך באַקלאָגט אויף ציין־ווייטיק. ער האָט געוווּסט, אַז אין זיין מיליטערישן לאַגער נעבן יריחו איז ניטאָ קיין דענטיסטישער קאַבינעט און מע וועט אים מוזן שיקן קיין ירושלים. פאַר דעם וויזיט האָט ער באַקומען צוגעטיילט 2 שעה אין ירושלים. אַוועקגעזעצט זיך וואַרטן ביים דאָקטאָר אויף דער ריי, דאָס געדולד האָט גענומען פּלאַצן, ווען ר׳האָט דערזען, אַז עס זענען אים איבערגעבליבן ניט מער ווי 40 מינוט. ענדלעך איז ער אַריין אינעווייניק און אַוועקגעפאַלן אויפן קראַנקן־פאָטעל.

— וועלכער צאָן טוט דיר ווי? — האָט געפרעגט דער מיליטערישער ציין־דאָקטאָר.

— דער! — האָט זלמן אָנגעוויזן אויפן ערשטן־בעסטן צאָן.

דער דאָקטאָר האָט אַ כאַפּ געטאָן די צוואַנג און אין איין אויגנבליק אַרויס־געריסן דעם צאָן, ניט באַטראַכטנדיק אים פריער. ווען זלמן איז געקומען צו חאַסקען, האָט ער דאָס פאַרבלוטיקטע מויל זיך געווישט מיט אַ טיכל. בסך־הכל זענען אים פאַרבליבן צען מינוט צו זיין מיט איר.

די האַלטונג פון נאָך פרויען איז ניט געווען אַנדערש ווי די פון כאַסקען. בעת דער געדונער פון די האַרמאַטן האָט אומאויפהערלעך גע־קלונגען אין זייערע אויערן, האָט מען זיך דערמאָנט אין די טייערסטע און אין די גליקלעכע מאָמענטן וואָס מ׳האָט פאַרברענגט מיט די נאָענט־סטע. און איצט — די מורא, קוים זענען די מענער צווישן די אומגעקומענע. גלייכצייטיק האָבן זיי זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו באַהערשן, כל־זמן מ׳איז צוזאַמען מיט די קינדער. יעדע איינע האָט זיך געזוכט אַן אָרט אָפּצוזונדערן מיט איר צער און טרויער; דערנאָך, ווען מ׳האָט דערפילט אַ באַדערפעניש מיט עמעצן זיך טיילן אין טרויער, איז מען ווידער געווען צוזאַמען. זיי האָבן פון די יוגנט־יאָרן זיך צוגעוווינט צו בשותפותדיקע ליידן און פריידן.

הגם די פרויען זענען אין זייערע געשפרעכן וועגן די קאַמפן אין יד־מרדכי געווען זייער אָפגעהיטן און פאָרזיכטיק, האָבן די קינדער דאָך, זיך דערוווסט, אַז דאָרט זענען פאַראַן פאַרלוסטן. „ס׳איז צו שטויבען ווי אַזוי דאָס קליינוואַרג דערוויסט זיך אַזעלכע זאַכן. גלייך זיי וואָלטן פון דער לופט אויפגעכאַפּט די ידיעות". אַ 4־יאַריק מיידעלע האָט אַרויסגעברענגט איר זאָרג פאַר דער מוטער, וועלכע האָט זיך מטפל געווען מיט אַן אַנדערע גרופּע קינדער:

— דער טאַטע איז זייער קראַנק — האָט זי געזאָגט דער מאַמען. — ר׳האָט שטאַרקע היץ. מאָרגן גיי איך אים באַזוכן. כ׳וועל אים אָבער ניט אויפוועקן, בלויז אַ קוק טאָן דורך דער טיר. אַז ר׳וועט ניט שלאָפן, וועל איך אַריין אינעווייניק און אים אַ קוש געבן... — און אָנגעהויבן זיך דרייען אַרום דער מוטער הין־און־צוריק, גלייך זי גייט עס שוין באמת טאָן.

איין קינד האָט זיך דערמאָנט אין די צוגרייטונגען ערב די קאַמפן:

— דאָס מאַשין־געווער האָט זיך שטענדיק געפונען אין אונדזער צימער און איך פלעג עס צודעקן מיט אַ קאָלדרע, ס׳זאָל ניט פאַרשטויבט ווערן. עמרם פלעגט קומען אין צימער כדי אים אָנלאָדן און דערנאָך אויסלאָדן די קוילן און אַלע קינדער האָבן זיך געבעטן צו פּוצן די קוילן. דאָס מאַשין־געווער וועט אונדז באַפרייען פון די שרעקלעכע עגיפּטער. זיי וועלן אַנטלויפן פון גרויס מורא. און מיין טאַטע וועט זיין אַ גיבור...

דער פאַרבינדונגס־אַפּאַראַט האָט אויפגעכאַפּט די נייעס פונעם צווייטן טאָג פון די שלאַכטן: 16 דערהרגעטע און פיל פאַרוווּנדעטע, דער קיבוץ איז צעשטערט און די פאַרטיידיקערס אַלאַרמירן נאָך הילף און אַמוניציע. נאָר קיין נעמען האָט מען ניט איבערגעגעבן.

— אַז ווערסט זיך עפּעס דערוויסן, קום באַלד מיר דערציילן — האָט איין פרוי געזאָגט דער צווייטער.

אויפן דריטן טאָג נאָך זייער אָנקומען אין רוחמה, האָט מען צווויסן געגעבן די פּלעגערינס, זיין גרייט צו פאַרלאָזן דאָס אָרט. אַ גאַנצע נאַכט איז מען געפאָרן און אין תל־אביב האָט מען זיך געטראָפן מיט נפתלי גראָס, דעם קאַסירער פון קיבוץ, וועלכער איז צוזאַמען מיט די קליינע קינדער געשיקט געוואָרן אויף אויסצוגעפינען אין אַנדערע ישובים אַן אָרט פאַר די עוואַקוירטע פון יד־מרדכי. די פרויען האָבן אים ניט אָפּגעלאָזן, געוואָלט וויסן פּרטים פון די קאַמפן וואָס האָבן זיך געפירט אין קיבוץ — אָבער ער האָט ניט געוווּסט מערער פון זיי. ס׳איז געווען אויסטערליש צו געפינען זיך אין אַ שטאָט, ווו ס׳איז אָנגעגאַנגען כמעט אַ נאָרמאַל לעבן. מידע, דערשעפּטע און דערשלאָגענע, איז די פרויען שווער געווען צו ענטפערן אויף די פראַגן פון די וועלכע האָבן געוואָלט וויסן, פונוואַנען זיי קומען מיט די פּעקלעך. זיי האָבן בשום אופן ניט געקענט אַרויסברענגען דאָס וואָרט „יד־מרדכי״ — און דערביי זיך ניט איינברעכן פאַר די קינדערס אויגן. אַנשטאָט די פרויען, האָבן געענטפערט די שאָפערן:

— דאָס זענען קינדער פון נגב, וועלכע מ׳האָט געמוזט עוואַקוירן.

און די פרעגערס, גלייך זיי וואָלטן דערשפּירט דעם טויט פון דער נאָענט, האָבן זיך שטיל אָפּגעטראָגן.

די קינדער האָט מען צום סוף איבערגעפירט אין קיבוץ מעברות און די דערוואַקסענע יינגלעך — אינעם בעטאָן־הויז אין נתניה, ווו זיי האָבן אַלס פּיצלעך קינדער פאַרברענגט אייניקע יאָר. אין דער צוויי־שטאָקיקער געביידע האָבן די קינדער מיט די פּלעגערינס געוואַרט אויפן ה־י פון די שלאַכטן.

עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָכן פאַרענדיקן דעם באַפרייונגס־קריג, ווען יד־מרדכי האָט זיך ווידער צעבליט, האָט אַן אַמעריקאַנער אָפיציר באַזוכט דעם קיבוץ. אַלעקס און טוביה האָבן אים געוויזן דאָס שלאַכטפעלד און דערציילט די געשיכטע פון יד־מרדכי. אויף דעם האָט זיך אָנגערופן דער אָפיציר:

— מיר איז שווער צו פאַרשטיין. איך וואָלט דאָס אָרט פאַרנומען אין משך פון אַ שעה.

די העלדישע האַלטונג פון די פאַרטיידיקערס ווערט נאָך בולטער, אויב נעמען אין אַכט, אַז די עגיפּטער האבן געהאט א ריזיקן איבערגעוויכט איז

דערצו סיבות, וועלכע שטעקן אין דער האַרבער ווירקלעכקייט פון דער מצרישער געזעלשאַפט.

דער מצרישער פּאַרטיידיקונגס־מיניסטער האָט אַפילו געוואָרנט זיין רעגירונג, אַז זיין אַרמיי איז ניט פעיק צו פירן מלחמה. בעת די אַגרעסיווע אַרמייען האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף דער גרענעץ, האָבן זיי בכלל ניט דערוואַרט קיין ערנסטן ווידערשטאַנד. דאַקעגן די אָפיצירן, וועלכע זענען יאָ געווען בקי אין דער לאַגע, איז באַפאַלן אַ ציטער ווען מ׳האָט זיי באַפוילן מאַרשירן אויף ירושלים און תל־אביב. אייניקע פון זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט, צווישן זיי קאָלאָנעל מוכאַמעד נאַגיב, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די מצרישע כוחות אין יד־מרדכי און אין עטלעכע יאָר אַרום זיך געשטעלט בראש פון אַן אָפיצירן־פאַרשווערונג, וועלכע האָט דעם מלך פאַרוק אַראָפּגעזעצט פון טראָן.

פאַראַן קלאָרע באַווייזן, אַז די אומדערפאַרנקייט פון די עגיפּטישע אָפיצירן, איז געווען אַ ניט־קליינער גורם אין זייערע דורכפאַלן. אין די אָפיצירן־שולן האָט מען מיט זיי איינגעקנעלט די תורה פון מלחמה־האַלטן פון בריטישע לערן־בראָשורן, אָבער קיינמאָל האָט מען זיי ניט אָוועקגעשטעלט פאַר פּראָבלעמען, וועלכע מ׳דאַרף לייזן ממש אין דער שלאַכט; און זיי האָבן ווידער און ווידער געגרייזט. די אַמאָליקע זעלנער צווישן די פאַרטיידיקערס פון יד־מרדכי האָבן געוווּסט, אַז דעם קיבוץ לאָזט זיך דעראָבערן דורך אַן אַטאַקע פון עטלעכע זייטן גלייכצייטיק. אָבער די עגיפּטער האָבן אַזוי ניט געטאָן — און אָנשטאָט דעם 8 מאָל געשיקט זייערע פוסגייער, אין אינטערוואַלן, אויף דער פּאָזיציע נומער 1, וועלכע איז געווען באַשיצט און פאַרפעסטיקט מיט שטעכלדראָט און קאָנצערטינעס אויף אַ הייך פון עטלעכע מעטער. אין צווייטן טאָג האָבן זיי זיך באַמיט ענדערן דעם מאַנעווער דורך שטאַרקן דאָס אַרטילערישע פייער, אָבער אַן וועלכן ס׳איז פּרווו צו אַטאַקירן מיט פוסגייער. זיי האָבן דיספּאָנירט מיט טאַנקן, אָבער ניט באַנוצט זיך מיט זיי אין די ערשטע טעג פון די קאַמפן, אויסער אַלס באַוועגלעכע האַרמאַטן.

אינעם טאָגבוך פון אַ מצרישן אָפיציר, וועלכער איז שפּעטער געפונען געוואָרן, זענען פאַרצייכנט געוואָרן עטלעכע אויפקלערונגען בנוגע די דורכפאַלן אין יד־מרדכי. די־אָ אויפקלערונגען דריקן אויס די צעטומלונג און אומאַנטשלאָסנקייט וואָס האָבן געהערשט אין דער מצרישער אָנפירונג.

1) דער אָפיציר אויפן פראָנט האָט באַקומען די באַפעלן פון הינטערלאַנד און דעריבער האָט ער ניט געקענט דערפילן זיין אויפגאַבע.

2) דער קאָמאַנדיר פון דעם פוסגייער־מיליטער פלעגט זיך אַריינמישן און באַשטימען פאַר דער אַרטילעריע וועלכע אָביעקטן זי דאַרף באָמבאַרדירן, הגם דאָס איז געווען די אויסשליסלעכע אויפגאַבע פון אַרטילעריע־אָפיציר.

3) די פאַרשפּעטיקטע אַטאַקע פון די פוסגייער אין ערשטן טאָג פון די

קאַמפּן, איז געווען צוליב ספּעציעלע סיבות. די אַרטילעריע איז געווען גע־צוווּנגען כסדר צו באָמבאַרדירן דעם קיבוץ, וואָס האָט דערפירט צו אַ גרוי־סער פאַרשווענדונג פון אַמוניציע.

4) דאָס אָנצילן די האַרמאַטן פאַרן אָנהייבן די באַשיסונג, האָט געדויערט צו לאַנג.

מיטן אַנטוויקלען זיך פון די קאַמפן, זענען די עגיפּטער באַגאַנגען ווײַ־טערדיקע פעלערן. זיי האָבן זיך אָבער געלאָזט באַלאַנסירן דורך דער צאָל־מעסיקער איבערגעוויכט אין מענטשן און געווער — און אויך דורך נאָך אַ פאַקטאָר: זיי האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו פּייניקן די פאַרטיידיקערס מיט דורשט און זיי דערפירן צו פולשטענדיקער דערשעפּונג. מיט זייער גאַנצער פעלערהאַפטער פּלאַנירונג און פירונג, האָבן די אַגרעסאָרן דאָך געהאַט אַן אַלזייטיקן איבערגעוויכט.

די צווייטע סיבה פון מצרישן דורכפאַל האָט געשטעקט אין דער שוואַ־כער פיזישער קאָנדיציע פון זייערע זעלנער, דער עיקר — די געוויינטלעכע. די מלחמה איז דער העכסטער עקזאַמען פאַר דער מענטשלעכער געזעלשאַפט: די פעיקייט פון זעלנער ווערט אין אַ גרויסער מאָס געשאַצט לויט זיין מעמד אין ציווילן לעבן. אין יאָר 1948 איז מצרים געווען אַ לאַנד פון אומבאַשרייב־לעכע ליידן פאַרן רוב פון דער באַפעלקערונג. אין די דערפער האָבן 75% געליטן פון בילהאַרציע, וואָס ווערט אַרויסגערופן דורך די קליינטשיקע בויך־ווערעם, וועלכע ווימלען אין די באַוואַסערונג־קאַנאַלן. אַזאַ קראַנקער איז ווי אין אַ היפּנערפלעט, הילפלאָז, אָן ענערגיע; בדרך־כּלל שטאַרבט דער קרבן יונג, אויב די ווערעם באַקומען זיך אַריין אין דער לעבער צי אין אַן אַנדערן איבערלעבכן אבר. אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען די אויסזיכטן פון אַ 10־יאָריק מצריש יינגל געווען צו דערגיין בלויז ביזן עלטער פון 38 יאָר. נאָכן קריג פון יאָר 1948, זענען די־אָ אויסזיכטן שטאַרקער גע־וואָרן. אויך די טראַכאָמע איז געווען זייער פאַרשפּרייט און אין עגיפּטן זענען צוליב דער קראַנקייט בלינד געוואָרן פיר מאָל אַזוי פיל מענטשן ווי אין אינדיע. טובערקולאָז, מאַלאַריע און ווענערישע קראַנקהייטן האָבן דאָרט גע־בושעוועט בשפע. אַמאָל פלעגן די פעלאַכן זיך באַנוצן מיט חאשיש אין גאַר גרויסן מאָסשטאַב, כדי זיך פיזיש מוטיקן, אָבער נאָך דעם ווי מ׳האָט איינ־געפירט קאָנטראָלן איבער די נאַרקאָטישע סמען, האָבן אַ סך אָנגעהויבן טריג־קען פיל שאַרפע טיי, וואָס האָט משפיע געווען אויף דעם נערוון־סיסטעם און אויף דער פאַרדייונג. פון דער־אָ אומגליקלעכער און דערשלאָגענער באַפעל־קערונג, האָט דאָס מצרישע מיליטער מאָביליזירט זיינע סאָלדאַטן.

בעת דער דיסקוסיע אין מצרישן סענאַט אין יאָר 1943, האָט גענעראַל אַלוואַ פּאַחאַ דערקלערט, אַז לויט זיינע בעסטע ידיעות און דערפאַרונג, זע־

נען 90% פריזיוניקעס ניט פּאַסיק, אין פּיזישן זין, צו דינען אין מי־ליטער.

דער זעלנער וועמען מ׳האָט באַפוילן צו שפּאַנען פּאַרויס, גלייך אַנט־קעגן דעם האַנט־גראַנאַט, ביקסן־פייער און קוילנוואַרפערס פון די פּאַרטיי־דיקערס פון יד־מרדכי, האָט געליטן פון אַפּהענטיקייט, הילפלאָזיקייט און אומפעיקייט. ערשטנס, איז ער געווען אַן אַנאַלפאַבעט, אַבערגלויבעריש. צו־ליב דער מורא פאַר שדים און רוחות, איז אים שווער געווען אַרויסצוגע־מען אויף נאַכט־פּאַטרולן, שוין אָפּגערעדט פון אַדורכפירן נאַכט־אַטאַקעס.

נאָר מער פון אַלעמען האָט די אַגרעסאַרישע אַרמיי געליטן פון דער גע־פאַלענער מאָראַל, וועלכע האָט געגנוי אָפּגעשפּיגלט די געזעלשאַפטלעכע באַ־ציונגען, וועלכע האָבן געהערשט אין ציווילן לעבן. בעת די געוויינטלעכע זעלנער, וועלכע האָבן געדינט אין מיליטער, זענען מאָביליזירט געוואָרן דער עיקר פון די דערפער, זענען די אונטער־אָפיצירן געקומען פון די שטעט. און באַשטימט האָט מען זיי אויף די אַמטן ניט צוליב זייער פעיקייט אָנצופירן, נאָר פּשוט דערפאַר ווייל זיי האָבן געקענט לייענען און שרייבן. הגם די דאָ־זיקע אונטער־אָפיצירן האָבן אין ציווילן לעבן געוווינט אין די פּאַרוואָרפּנסטע אָרעמקייט־קוואַרטאַלן פון קאַיר און אַלעקסאַנדריע, איז אָבער זייער לאַגע אין דער אַרמיי געווען אַן פאַרגלייך אַ בעסערע פון די געוויינטלעכע זעלנער, וועלכע זיי האָבן געהאַסט.

די אונטער־אָפיצירן פלעגן אויסנוצן די פּשוטע זעלנער און זיי אַפילו באַרויבן. אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט געשטאַמט פון מצרים און געאַרבעט אַלס לערער אין יד־מרדכי, און איז בשעתו אינטערנירט געוואָרן אין עגיפּטן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָט מיר דערציילט אַזאַ פאַל: די מצרישע זעלנער וועלכע האָבן באַוואַכט דעם לאַגער, זענען דורך זייער אונטער־אָפיציר געצוווּנגען געוואָרן צו געבן אים אַ העלפט פונעם טעגלעכן סיגאַרעטן־צוטייל; ס׳איז אָנצונעמען, אַז ער האָט זיי פאַרקויפט. עטלעכע אינטערנירטע האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם פאַל און פאָרגעלייגט די זעלנער צו העלפן זיי שרייבן אַן אָנקלאַגע. די זעלנער האָבן אָבער ניט געוואָלט דערפון הערן. זיי האָבן זיך באַטראַכט ווי מזלדיקע, וואָס מ׳האָט זיי איבערגעלאָזט אַ העלפט סיגאַרעטן, ווייל דער זעלבער אונטער־אָפיציר האָט פון זיי געקענט צונעמען די גאַנצע צוטיילונג. די אונטער־אָפיצירן האָבן תמיד זיך איזדעקעוועט איבער די פּשוטע זעלנער, וועלכע האָבן זיך געפילט הילפלאָז צו ענדערן די לאַגע און אפילו מורא געהאַט פּרובירן טאָן אַזאַ זאַך.

די דיסטאַנץ צווישן די אָפיצירן און פּשוטע זעלנער איז געווען נאָך גרע־סער. דער מצרישער אָפיציר איז געקומען פון מיוחסדיקע, פאַרמעגלעכע און איינפלוסרייכע משפּחות. בדרך־כלל האָבן זיי פאַרענדיקט אַ מיטלשול און

דערנאָך געלערנט 3 יאָר אין דער אָפיצירן־שול. דער מצרישער אָפיציר איז געווען אַ געצערטלט באַשעפעניש, מיט אַן אויסגעאיידלטן געשמאַק. ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט וועלכע ס׳איז פאַרבינדונג מיט די עגיפּטישע דערפער און ר׳האָט דערצו ניט געשטרעבט אויך. ער האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די קולטורלאָזע פעלאַכן, די צוריק געשטאַנענע און אַבערגלויביקע און פיינט געהאַט די אים אונטערגעאָרדנטע זעלנער. זיין גאַנצע פירונג, אינעם מיליטערישן לאַגער, צי אויפן שלאַכטפעלד, איז נאָר אויסן געווען אונטערצושטרייכן זיין העכערקייט איבערן פעלאַך. דער מצרישער אָפיציר האָט זיינע איינהייטן נאָר געגעבן באַפעלן, אַנשטאָט זיי פירן אין שלאַכט. ווען ר׳האָט זיי געהייסן גיין פאָרויס, איז ער געבליבן פון הינטן, אַ באַשיצטער, און זיי געדראָט מיט אַן אָנגעצילטן רעוואָלווער. הגם די אָפיצירן גופא האָבן געהאַט אין זיך אַ סך נאַציאָנאַלן שטאָלץ, זענען זיי אָבער ניט געווען מסוגל דעם שטאָלץ איינצופלאַנצן אין זייערע זעלנער. די האָבן ניט געהאַט פאַר וואָס מקריב צו זיין זייערע לעבנס אין די שלאַכטן וואָס האָבן זיך געפירט אין ארץ־ישראל. אַפילו ווען זיי געלינגט צו פאַרכאַפּן דאָס לאַנד אין גאַנצן און עס פאַרוואַנדלען אין אַן אַראַבישער מדינה, וואָלט עס זיי ניט געבראַכט קיין שום נוצן, אָדער געדינט אַלס פאַרגיטיקונג פאַר זייער מי. דעריבער איז ניט קיין וווּנדער, אַז ביים פאַרענדיקן דעם צווייטן טאָג פון די קאַמפן, האָט קאַלאָנעל נאַגיב געמוזט בעטן פאַרשטאַרקונג, ווייל די געשלאָגענע זעלנער האָט ער ניט געקענט ווידער שיקן צו אַטאַקירן יד־מרדכי.

אין קעגנזאַץ צו די עגיפּטער, איז די מאָראַל פון די פאַרטיידיקערס פון יד־מרדכי געווען גאָר אַ הויכע. זיי האָבן זיך אַליין אויסגעקליבן די אָפיצירן, וועלכע זענען גרייט געווען מיט זייערע סאָלדאַטן צו לעבן אין די אָקאָפּעס. זיי האָבן געקעמפט מיט זעלבסט־אָפּפערונג, כדי פאַרטיידיקן זייער ערד און הייזער, וועלכע מ׳האָט אויפגעשטעלט מיט אייגענעם שוויים. זיי זענען געווען דורכגענומען מיט ליבע צום פאָלק און לאַנד. אינעווייניק, האָט ביי יעדן געהערשט אַ געפיל פון אומגעוויינלעכער אחריות, פון חבר צו חבר — אַ געפיל, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון אַ סך יאָרן פון בשותּפותדיקער, שעפערישער אַרבעט. ניט יעדער איז געווען אַ גיבור. דער כוח פון איבערטראָגן ליידן, מוז ניט זיין ביי אַלע מענטשן גלייך. און צווישן די קיבוץ־חברים זענען געווען אייניקע, וועלכע האָבן ווייניקער פון אַנדערע געגעבן זייער ביישטייער און מי פאַרן דערפאָלג פונעם קאַמף. אָבער אַלע האָבן זיך גוט געהאַלטן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס די עגיפּטער זענען צאָלמעסיק געווען צען מאָל שטאַרקער פון זיי. „די שלאַכט וואָס האָט זיך געפירט אין האַרץ פון יעדן איינעם פון אונדז — איז געווען אַן אכזריותדיקע" — האָט נאָך די קאַמפן געשריבן איינער פון די אַלטע קיבוץ־חברים. — „ריין און

לויטער איז דער פאַרלאַנג צו האַלטן אין דייַנע אָרעמס די פרוי, האַלדזן דאָס קינדעלע וואָס איז געבאָרן געוואָרן בעת דער באַלאַגערונג און האָסט בכלל ניט זוכה געווען צו זען זיין פּנימל. אין האַרץ גליט דער פּשוטער פאַרלאַנג צו דיין פרוי און קינד, וואָס מעגלעך, אַז וועסט זיי שוין מערער ניט זען. פאַראַן אויך דער שטאַרקער ווילן צום לעבן. דער אמת איז דער, אַז מיר האָבן געהאַט אַ סך ספיקות און פחדים. אָבער גלייכצייטיק האָבן מיר געוווסט ווי אַזוי גובר זיין אונדזערע שוואַכקייטן און אין דער אונטערשטער שורה — האָט דער דאָזיקער קאַמף אונדז געראַטעוועט און געשטאַרקט. דער געראַנגל האָט אונדז פאַרוואַנדלט אין רייַנע, שטאַרקע מענטשן, וועלכע ווייסן אויך זיך מקריב צו זיין. דער געראַנגל האָט אויך געהאַרטעוועט די פרוי און זי פאַרוואַנדלט אין אַ מקור פון טרייסט און מוט פאַר אַלע, טראָץ איר צער און ווייטיק צוליבן טויט פון מאַן. דאָס האָט אונדז אויף אַזוי ווייט דערבענטערט, אַז ביים טראַכטן וועגן טויט, וועלכער דערוואַרט אונדז, פלעגן מיר, די מענער, זיך געזעגענען איינער מיטן צווייטן מיט האַלדזן זיך און קושן.״

אַזאַ איז געווען דער גייסט, וועלכער האָט אין אַ געוויסער מאָס באַלאַנ־סירט דעם קאַמף צווישן 2000 עגיפּטער און 144 מענער און יונגעלייט פון ישראל.

# 8

# 23סטער מאַי 1948

זונטיק איז געווען אַ הערלעכער פרילינג־טאָג. דער כאַמסין איז אַוועק און אַנשטאָט דעם הייסן ווינט, האָט איצט פון ים געבלאָזן אַ קיל ווינטל, הגם דער הימל איז געווען בלאָ און די פייגל האָבן געשוועבט אין דער לופט, איז גרויס געווען אויף דער ערד דער חורבן און פאַרוויסטונג, און דער געשטאַנק פון די פגרים — אומדערטרעגלעך. דער איבלדיקער ריח איז אַריינגעדרונגען אין די מיילער און נאָזלעכער און די מענטשן האָבן געפילט, גלייך זיי וואָלטן געטעטעמט מיט עיפוש. בלויז געציילטע פון די וואָס זענען געשטאַנען אין די אָקאָפּעס זענען געווען מסוגל צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין, הגם אַלע האָבן געוואַרט אויף דער וואַסערפּאַרציע פון דער פרי — אַ האַלב טעפּעלע פּאַר אַ מענטש.

ניט קיין סך האָט מען איצט געשאָסן אויפן קיבוץ. אַלעקס און טוביה האָבן צו דער מיטאָג־שעה באַשטימט אַ צוזאַמענטרעף פון די קאָמענדאַנטן פון די פּאָזיציעס. דערווייל האָט די זיכערקייטס־קאָמיסיע אַרומגערעדט די געשאַפענע לאַגע. טראָץ דער קעגנערשאַפט פון טוביהן, האָט די קאָמיסיע באַשטעטיקט דעם פאָרשלאָג, וועלכער איז אַריינגעטראָגן געוואָרן מיט אַ טאָג פריער, אַרויסשיקן אַ דעלעגאַציע צו אַלאַרמירן נאָך הילף. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דריי קיבוץ־חברים ותיקים, וועלן אין דער פינצטערניש זיך אַדורכגנבענען דורך די מצרישע ליניעס אין שטאַב פון דער נגב־דיוויזיע אין קיבוץ ניר־עם. משה קלמן איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דער פּאָזיציע נומער 1, כדי פאַרמולירן די פאָדערונגען פון יד־מרדכי.

אַז מ'האָט די חברים איבערגעגעבן וועגן דעם באַשלוס פון די קאָמענדאַנטן פון די פּאָזיציעס, איז אין זיי אַריינגעטרעטן אַ נייער אָפּטימיזם. מ'האָט געהאַלטן, אַז דאָס עצם אַרויסשיקן אַ דעלעגאַציע וועט מיט זיך ברענגען פאַרשטאַרקונג. די מידע קעמפּערס האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן עפּעס אַנדערש. זייער מחשבה, געשטיצט אויף פאַרלאַנגען, איז געווען דער מעסטער פאַר זייער יאוש. ווען נאָטעק האָט געמאָלדן, אַז די אַמוניציע וועלכע געפינט זיך אין קיבוץ וועט גענוגענען אויף נאָך איין טאָג, אפילו ווען די עגיפּטער

וועלן אַטאַקירן מיט זייער גאַנצן כּוח, האָבן אַלע מסכּים געווען, אַז עס בלייבט נאָך אַלץ גענוג צייט צו שיקן פאַרשטאַרקונג, געווער און אַמוניציע. ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן עפעקטיווער אויסצונוצן די בונקערס, נאָכן עוואַקוירן פון דאָרט די פרויען און די פאַרוווּנדעטע. די קאָמענדאַנטן פון די פּאָזיציעס האָט מען צוגעזאָגט, אַז זייערע מענטשן וועלן געטוישט ווערן אַלע 24 שעה און מ'וועט זיי דערלויבן זיך אָפּצורוען אין די בונקערס.

פאַר 2 אַ זייגער, ווען ס'האָט זיך באַדאַרפט פאַרענדיקן דער צוזאַמענטרעף פון די קאָמענדאַנטן פון די פּאָזיציעס, האָבן די עגיפּטער געעפנט אַ שטאַרקע באָמבאַרדירונג אויפן קיבוץ — איינע פון די שטאַרקסטע ביז איצט. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די עגיפּטער שפּייען מיט פייער פון אַלע זייערע קריגס־מכשירים. די קעמפערס וועלכע זענען נאָך ניט איבערגעגאַנגען פון די בונקערס אין די פּאָזיציעס, האָבן מסכּים געווען מיט זייערע קאָמענדאַנטן בנוגע דער באַדייטונג פון דער דאָזיקער פּלוצימדיקער שיסעריי. די מיינונג איז געווען, אַז דאָס איז אַן איבעררחזרונג פון דער נעכטיקער באָמבאַרדירונג; ווייזט אויס, אַז די עגיפּטער גרייטן זיך איבערצופירן אויף צפון נאָך אײנהייטן. אַ סברה, אַז זיי ווילן בלויז איבערלאָזן אַ קליינעם כּוח אַנצוהאַלטן די ווייטער־דיקע באַלאַגערונג פון יד־מרדכי, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין נירים און אין כּפר־דרום, בעת דער עיקרדיקער כּוח וועט פאַרביי דעם קיבוץ און ממשיך זיין זיין וועג. די דאָזיקע הנחה איז געווען אין קעגנזאַץ צו דער איינשטעלונג, אַז די סטראַטעגישע פּאָזיציע פון קיבוץ, וועלכער ליגט אויפן הויפּט־שאָסיי קיין צפון, פאַרפּליכטעט די עגיפּטער אים צו דעראָבערן. אַלנפאַלס, די דאָזיקע הנחה איז געשטאַרקט געוואָרן נאָך דער באָמבאַרדירונג מיט אַ טאָג פריער און מיט איר הילף האָבן די מצרים איבערגעפירט קיין צפון זייערע מיליטער־איינהייטן. ס'איז קיינעם ניט איינגעפאַלן, אַז דאָס האָט אַ ברירה צו זיין אַ באָמבאַרדירונג „ווייכער צו מאַכן" די פאַרטיידיקונג פון יד־מרדכי, כּדי אָנהייבן אַ נייע אָפענסיווע פון די פּוסגייער; די עגיפּטער פלעגן זייערע אַטאַקעס אַדורכפירן אין דער פרי און ניט אין אַזאַ שפּעטער שעה, ווען די פינצ־טערניש קען זיי אָניאָגן.

מיט אַ שעה שפּעטער זענען צוויי לויפערס געקומען אינעם בונקער פון שטאָב. איינער — פון דער פּאָזיציע נומער 2 אויפן דרומדיקן אָפּשניט און דער צווייטער — פון דער פּאָזיציע נומער 10 אויפן דרום־מזרחדיקן אָפּשניט. ביידע האָבן געהאַט די זעלבע ידיעה: „טאַנקן דערנענטערן זיך פון דער ריכ־טונג פון ,פילבאָקס'".

אַלעקס און טוביה האָבן אויף שנעל זיך באַראַטן. ביידע האָבן איינגעשטימט, אַז פונדעסטוועגן האָבן די עגיפּטער זיך דעצידירט צו אַטאַקירן דעם קיבוץ אויפן מזרחדיקן אָפּשניט. מ'האָט באַשלאָסן, אַז טוביה וועט אַוועק אויף

דער פּאָזיציע נומער 2 צו דערוויסן זיך צי איז דאָרט די לאַגע פעסט און דאַקעגן די פּאָזיציע נומער 10 דאַרף מען ווי ווייט מעגלעך פאַרשטאַרקן. אַלעקס האָט באַפוילן די שליחים אַוועקצולויפן אויף די צפונדיקע פּאָזיציעס און פון דאָרט אַלאַרמירן מענטשן אַלס פאַרשטאַרקונג. דינה, אַלס מיטגלי־דערין אין דער זיכערקייטס־קאָמיסיע, האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן מיטצו־גיין. „אַלע צו דער פּאָזיציע נומער 10!" — האָט טוביה אויסגערופן. מ'האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום אַרויסגאַנג. אין דעם מאָמענט איז די באַשיסונג שטאַר־קער געוואָרן. דער ערשטער וואָס האָט געוואָלט פאַרלאָזן דעם בונקער, האָט זיך אויף שנעל צוריק געצויגן. „ממש אַ גהינום דאָרט אין דרויסן" — האָט ער אַ געשריי געגעבן. דינה האָט אַוועקגעשטויסן די מענער וועלכע זענען גע־שטאַנען פאַר איר ביי דער טיר, געוואָרפן אַ בליק צוריק און באַלד דערנאָך פאַרשוווּנדן אין דעם פאַרבינדונגס־בלינדאַזש. אין אָנבליק פון אַזאַ וווּנדער, האָבן אויך די מענער זיך אַ לאָז געגעבן, איינער נאָכן אַנדערן, אינעם שטורעם, וועלכער האָט געבושעוועט אין דרויסן.

טוביה האָט זיך איינגעבויגן און געלאָפן צו דער פּאָזיציע נומער 2. באַ־זאַמען מיט אים איז געווען יאָסקע, עלטסטער פון אַן אָפּטיילונג און נאָך צוויי פלמ"חניקעס, באַוואָפנטע מיט „פּיאַטס". אויף די אָקאָפּעס האָט ממש גערעגנט מיט שפּליטערס. נאָכן ערשטן נאָענטן אויפרייס, האָבן די צוויי „פּיאַט"־באַזי־צער זיך געוואָרפן אויף דער ערד און ניט געוואָלט ווייטער גיין.

„איר קענט געפינען דעם טויט אויך דאָ!" — האָט צו זיי געשריען יאָסקע און געדראָט מיט דער ביקס. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און געלאָפן ווייטער. צוקומענדיק צום זיגזאַגיקן בלינדאַזש, האָט זיי יאָסקע איבערגעלאָזט און אַוועק צו דער פּאָזיציע נומער 10.

טוביה האָט די צוויי מיט די „פּיאַטס" אַוועקגעשטעלט אין עוקאַליפּטוס־וועלדל און אַריין אין דער זיגזאַג־אָקאָפּע וואָס האָט געפירט צו דער פּאָזיציע נומער 2. ווי נאָר ר'האָט איינגעזען, אַז די מענטשן האַלטן אויס די באָמבאַר־דירונג און זיי האָבן ניט קיין פאַרלוסטן — האָט ער פאַרלאָזט די פּאָזיציע און אַוועק אין די אַנדערע צו זען ווי איז דאָרט די לאַגע.

די פאַרטיידיקערס פון דער פּאָזיציע נומער 2, מיט וועלכער ס'האָט צייט־ווייליק אָנגעפירט זלמן, זענען אין יענעם מאָמענט געווען איינגעבויגן און צונויפגעקאָרטשעט אין דער אָקאָפּע, צוליב דער שווערער באַשיסונג. די ערד האָט אַלעמאָל אויפגעטרייסלט, דער הימל איז געוואָרן גראָ פון דעם געדיכטן רויך. עטלעכע באַראַקן צופוסנס דעם בערגל זענען געטראָפן געוואָרן און זיך אָנגעצונדן. אין די דאָזיקע באַראַקן האָט מען מאַגאַזינירט די מינעס און כעמישע מאַטעריאַלן פון פלמ"ח און איצט האָט מען פון דאָרט געהערט מעכ־טיקע אויפרייסן, גלייך דער שונא וואָלט זיך שוין געפונען אין קיבוץ. די

מענטשן אין די אָקאָפּעס האָבן ניט געוואָגט אויפצוהייבן די קעפּ. מיט אַמאָל האָט זלמן מיט זיינע דערפאַרענע אויערן דערהערט אַן ענדערונג אין די קלאַנגען פון דער אַלגעמיינער סומאַטאָכע; אַ באַקאַנטער קלאַנג, דאָס קלאַפּן פון אַ קוילנוואַרפער, גלייך די עגיפּטער וואָלטן געבראַכט אַהער די כלי, נאָענט פון די פאַרטיידיקערס.

ביי די פריערדיקע באָמבאַרדירונגען, פלעגן די מענטשן אַרויסגיין פון ציים־צו־צייט אויף דעם אָבסערוואַציע־פּונקט, אָבער איצט איז דאָרט קיינער ניט געווען. זלמן האָט באַשלאָסן, אַז עמעץ מוז מברר זיין וואָס דאָרט קומט פאָר. ער האָט צוגערופן דעם מאַן וועמנס ריי ס'איז איצט געווען אַרויסצוגיין צום אָבסערוואַציע־פּונקט, איינער פון די נייע עולים וועלכער איז ניט לאַנג געקומען אין קיבוץ.

„גיי כאַפּ אַ בליק וואָס עס טוט זיך דאָרט".

דער אָבסערוואַציע־פּונקט — די אַלטע פּאָזיציע נאָך פון די טערקישע צייטן — האָט זיך געפונען אין אַ מרחק פון בלויז 4 מעטער, ס'איז אָבער ניט געווען קיין שום פאַרבינדונגס־בליבדאָזש צווישן אים און דער הויפּט־אָקאָפּע. כדי דאָרט אַהינקומען, האָט מען געמוזט זיין אַנטבלויזט פאַר די פליענדיקע קוילן.

דער וואָס האָט באַקומען דעם באַפעל אַרויסצוגיין, האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ אויף „ניין", ער האָט אָפּגעזאָגט.

„איך באַפעל דיר!" — האָט זלמן געשריען.

דער מאַן האָט געענטפערט בקיצור, גלייך ער וואָלט גערעדט צו זיין שונא: „גיי דו דאָרט דער ערשטער".

זלמן האָט איינגעהאַלטן זיין כעס. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז פון שטאַנד־פּונקט פון פלמ"ח, שיקט ניט דער קאָמאַנדיר זיינע מענטשן אויף ערטער, ווו ער אַליין איז ניט גרייט צו גיין. מעגלעך, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות, באַפעלנדיק דעם מענטש צו גיין אויפן אָבסערוואַציע־פּונקט. דעריבער האָט ער אַליין פאַרלאָזט די אָקאָפּע — און קריכנדיק און זיך פּלאָנטערנדיק צוגע־קומען צו דער טערקישער פּאָזיציע און זיך אַריינגעגליטשט אינעווייניק. דאָס בילד וואָס האָט זיך איצט אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגן, האָט ביי אים אַרויס־גערופן גרויס שרעק. בעת די פאַרטיידיקערס זיצן איינגעבויגענע און איינגעקאָרטשעטע אין די אָקאָפּעס, כדי זיך באַהאַלטן פאַר דער שטאַרקער באָמבאַרדירונג, האָט דער שונא זיך אָנגעהויבן צו זיי דערנעענטערן. טאַנקען און פאַנצער־אויטאָס האָבן זיך געפונען אויף אַ מרחק פון 30 מעטער, צווישן די פּאָזיציעס 1 און 2. זלמן האָט אונטערשיידעט מצרישע זעלנער, וועלכע זענען געגאַנגען הינטער די טאַנקען און פאַנצערקעס און נאָך זעלנער, וועלכע מ'האָט געפירט אין אַ גרינעם אויטאָ. נאָך מער: בעת דאָס פייער פון די

טאַנקן האָט איינגעשטילט די פּאַרטיידיקערס אין דער פּאָזיציע, האָבן 6 זעלנער מיט „ברענס" זיך דערנענטערט ביז פּאַר דער פּאָזיציע, נאָענט פון ווייסן בערגל. די דאָזיקע קוילנוואַרפערס, צוגעפּעסטיקטע אויף וועגעלעך, האָבן געשאָסן און גלייכצייטיק זיך באַוועגט פאָרויס, האָבן פּרובירט צו באַהערשן דעם שטח צווישן די פּאָזיציעס 2 און 3. ס'איז געווען קלאָר, אַז די מיט די „ברענס" האָבן זיך געוואָלט אַריינגנבענען אין קיבוץ צווישןביידע בערגלעך, אויף וועלכע ס'זענען געווען פּאָזיציעס פון די פּאַרטיידיקער פון יד־מרדכי. דעריבער האָבן די עגיפּטער געלאָזט אין באַוועגונג אַן אָפּטיילונג פוסגייער (ביי אַ 120 זעלנער) און זלמן האָט זיך פּאַרגעשטעלט, אַז ממש אין דער זעלבער צייט ווערן אַטאַקירט די אַנדערע פּאָזיציעס. אין די געציילטע סעקונדן וואָס זלמן האָט אויף שנעל אָפּגעשאַצט די לאַגע, האָבן דערווייל די טאַנקן זיך גערוקט פּאָרויס און דאָס פייער איז געוואָרן שווערער און געדיכטער.

ער האָט שנעל זיך אומגעקערט אין דער אָקאָפּע און צונויפגעזאַמלט די מענטשן.

„די טאַנקן זענען דערגאַנגען ביז אַהער" — האָט ער געשריען. „אַלע אויפשטיין! די האַנט־גראַנאַטן! די קוילנוואַרפערס!"

ער האָט געשיקט אַ שליח צווויסן געבן אין שטאַב און צו בעטן דעם גראַנאַטן־וואַרפער. צוויי מיט ביקסן האָט ער אַוועקגעשטעלט ביי דער טער־קישער פּאָזיציע און 4 אַנדערע אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן קענען שיסן און וואַרפן גראַנאַטן אויף די זעלנער וואָס האָבן מאַרשירט הינטער די טאַנקן. אויך ביידע קוילנוואַרפערט האָבן געעפנט אַ פייער אויף די טאַנקן.

מאַריץ, קאָמענדאַנט פון דער פּאָזיציע, האָט זיך אומגעקערט. זלמן האָט אים באַריכטעט וואָס דאָ קומט פאָר. „מיט אַ האַלבער שעה צוריק האָב איך געשיקט ברענגען דעם גראַנאַטן־וואַרפער" — האָט ער געזאָגט מיט אַ באַ־זאָרגט קול. „איך ווייס ניט פאַרוואָס מ'האָט אים ניט געבראַכט. מיר נייטיקן זיך דאָ אין אים".

„מעגלעך, אַז דער גראַנאַטן־וואַרפער איז באַשעדיקט געוואָרן" — האָט געענטפערט מאַריץ. „כ'האָב געזען מאַטעסן לויפן אין די אָקאָפּעס מיט דער בלויזער ביקס אין דער האַנט".

„ווי איז דאָס מעגלעך? ער געהערט דאָך צו דער מאַנשאַפט פונעם גראַנאַטן־וואַרפער" — האָט אויסגעשריען זלמן. ער האָט ניט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ס'איז בכלל מעגלעך אַז דער גראַנאַטן־וואַרפער זאָל מער ניט אַרבעטן. „בעסער שיקן אים ברענגען. אפשר איז דער לויפער געהרגעט געוואָרן אויפן וועג".

אַ ביסל שפּעטער איז געקומען אויף דער פּאָזיציע דער פלמ"חניק עובדיה כהן. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ „פּיאַט" און אַ קעסטל סנאַריאַדן. „יאָסקע,

— האָט ער געזאָגט, אָטעמענדיק שווער פונעם אָנשטרענג. „יאָסקע" — האָט ער איבערגעחזרט, געבנדיק דערמיט אָנצוגעהערן אַז ער קומט פון דער פּאָזיציע נומער 10. „איך האָב געוואָלט אָנשטעלן מיין געווער קעגן טאַנק... עמעץ האָט מיך געשיקט אַהער... געזאָגט, אַז איר דאַרפט מיך האָבן..."

„מע דאַרף דיך! און נאָך ווי אַזוי!" — האָבן מאָריץ און זלמן אויסגעשריען. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט מיט זיינע אָפּגעהאַקטע ווערטער, ווייל זיי האָבן ניט געוווסט וועגן דעם טאַנק וועלכער איז אַריינגעדרונגען אין קיבוץ און ניט פאַרהוילן זייער פרייד צוליב דער דאָזיקער אומדערוואַרטער הילף. מאָריץ האָט געשיקט זלמנען ווייטער אין דער אָקאָפּע, ער זאָל באַשטימען ווו אַוועקצושטעלן דעם „פּיאַט".

„ציל פאָרזיכטיק און מיט זיכערקייט" — האָט זלמן געזאָגט צו דעם יוגנטלעכן וועלכן ער האָט צוזאַמען מיטן געווער איינגעאָרדנט און אַליין זיך געשטעלט הינטער אים. „האָסט דאָ בלויז 3 סנאַריאַדן".

דער ערשטער סנאַריאַד האָט ניט געטראָפן אין ציל. אַזוי אויך דער צווייטער. דער דריטער סנאַריאַד האָט געטראָפן אין פאָדערשטן טאַנק, נאָר ניט אויפגעריסן. עובדיה, אַ דערשלאָגענער פונעם דורכפאַל, האָט געריטשעט ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה און זיין קול האָט איבערגעשטיגן דעם רעש פון דער שלאַכט.

טראָץ דעם ציטער פון וועלכן ער אַליין איז באַהערשט געוואָרן, האָט זלמן, ווי זיין טבע, פּרובירט באַרויקן דעם יונגנמאַן. „ניט שרעקלעך" — האָט ער געזאָגט. „איצט ווייסן זיי אַז מיר באַזיצן אַ „פּיאַט". אפשר וועט דאָס זיי פאַריאָגן פונדאַנען".

„איך האָב נאָך סנאַריאַדן אין דער פּאָזיציע נומער 10" — האָט עובדיה אויסגעשריען, אַוועקלאָזנדיק זיך מיט אַ שפּרונג צו דער אָקאָפּע. „איך וועל נאָך צוריק קומען!"

אַז טוביה איז געקומען צום סוף בלינדאַזש, האָט ער דאָרט געטראָפן שמעונען אינגאַנצן אַ פאַרצווייפלטן. „דער ‚בראַונינג' טויג שוין צו גאָרניט" — האָט שמעון געשריען. „אַלץ איז חרוב. דער קאַסטן אַמוניציע איז צעשמעטערט. דער קוילנוואַרפער איז צעקלאַפּט. ניט געבליבן קיין שום זאַך".

טוביה האָט זיך געאיילט צו דער פּאָזיציע פון קוילנוואַרפער. שמעון איז געווען גערעכט. דער איינציקער מיטלמעסיקער קוילנוואַרפער פון יד־מרדכי איז געלעגן צעשמעטערט פון אַ סנאַריאַד. שפּעטער האָט טוביה געשריבן, „אַז כ'האָב דאָס דערזען, גלייך מע וואָלט מיר אַריינגעזעצט אַ מעסער אין האַרץ".

„קום מיט מיר" — האָט טוביה געזאָגט צו שמעונען. האָסט דאָ ניט וואָס צו טאָן. מיר'ן גיין צו דער פּאָזיציע נומער 10".

איינגעבויגענע זענען זיי געלאָפן צום וועלדל. דאָרט האָבן זיי דערזען דעם זיך דערנענטערנדיקן חורבן. אַ מצרישער טאַנק איז געשטאַנען אין קיבוץ, צווישן די הינערשטייגן און דער פאַבריק, אַ זעכציק מעטער ווייט פון וועלדל. טוביה איז פאַרגליווערט געוואָרן, ניט גלייבנדיק זיינע אויגן — פון די ברענענדיקע באַראַקן האָבן זיך אויפגעהויבן ריזיקע פלאַמען, וואָלקנס רויך האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט, האַרמאַטן און אַנדער געווער דונערן אומעטום און אין צענטער פון דעם געפילדער — דער פייער־שפּייענדיקער שטאָלענער מאָנסטער. ער האָט אונטערשיידעט דריי מצרישע זעלנער, וועלכע האָבן געוואָגט צו דערווייטערן זיך פון דער שוץ וועלכע ס'האָט זיי געגעבן דער טאַנק און זיך געאיילט אין דעם ריוו וועלכער האָט געפירט אין דער פּאָזיציע נומער 1. ער האָט געכאַפּט אַ ביקס יועלכע ס'האָט עמעץ אַוועק־געוואָרפן אויף דער ערד, זי אָנגעשטעלט און אויסגעשאָסן אין זייער ריכטונג. זיי האָבן שנעל זיך פאַרשטעקט אין אַן אָקאָפּע.

„דעם ,פּיאַט', דעם ,פּיאַט',״ — האָט געשריען טוביה. „מע דאַרף דאָ אַהערברענגען די „פּיאַט־מאַנשאַפט״.

אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען מאַקס און טוביה האָט אים געשיקט אויפזוכן און אַהערברענגען די מענטשן מיטן אַנטי־טאַנק געווער.

וואַרטנדיק אויפן „פּיאַט״, האָט ער זיך אַרומגעקוקט. וואָס איז געשען מיט דער פּאָזיציע נומער 1, וועלכע דער טאַנק האָט אַרומגעפליגלט? מ'האָט גאָרניט געקענט זען וואָס עס טוען די עגיפּטער, וועלכע זענען אַריינגע־דרונגען אין דער אָקאָפּע. פון די הינערשטייגן האָט מען געהערט שאָסן אין דער ריכטונג צום טאַנק. ער האָט אונטערשיידעט דעם אייגנאַרטיקן גערויש פונעם קוילנוואָרפער „שפּאַנדאַו״ און זיך פאַרגעשטעלט, אַז אויב די כלי שיסט, געפינט זיך אַוודאי דאָרט הערצל. עמעץ איז אפּערגעשפּרונגען פון איינעם פון די אָפּדעכער און אַ שליידער געגעבן אויפן טאַנק אַ „דאָפּל־גראַנאַט' — אַ דערפינדונג פון פלמ״ח, וואָס איז באַשטאַנען פון באַהעפטן צוויי גראַנאַטן און צוגעבן אַ ביסל אויפרייס־מאַטעריאַל. דער גראַנאַט האָט אויפגעריסן, נאָר זיינע שפּליטערס האָבן ניט דורכגעזעצט דעם דיקן פּאַנצער פונעם טאַנק. אויסער דער אויפגעריסענער פאַרצוימונג, איז געשטאַנען נאָך אַ טאַנק און לעבן אים עטלעכע זעלנער מיט „ברענס״. טוביה האָט ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס האָבן די עגיפּטער ניט אַריינגעשיקט ביידע טאַנקן מיט איינמאָל און פאַרוואָס שטייט דער טאַנק וואָס איז אַריינגעדרונגען אין קיבוץ — אַן אומטעטיקער און דינט גאָר אָלס ציל־ברעט פאַר די גראַ־נאַטן־וואַרפערס. מאַנעווערן, דיקטירט פון וואַקלונגען, האָט ער זיך געטראַכט. נאָר די כוונה פון די מצרים איז געווען אַ קלאָרע: דעראָבערן, מיט אַ צוואַנג־באַוועגונג, דעם דרום־מזרחדיקן עק פון קיבוץ. אַז זיי וועלן באַהערשן

די צוויי פּאָזיציעס, וועט מען אומגעשטערט קענען אָנצילן דאָס פייער אין סאַמע האַרץ פון קיבוץ — און אַזוי דערפירן צו זיין סוף. דערנאָך וועט שוין ניט מעגלעך זיין קיין שום ווידערשטאַנד.

מאַקס איז געקומען צו לויפן אין דער אָקאָפּע, ברענגענדיק מיט זיך דעם „פּיאַט". ער איז געווען אַליין. די צוויי פון דער מאַנשאַפט פונעם אַנטי־טאַנק געווער זענען ניט געקומען מיט אים, ער האָט אויך ניט געהאַט קיין סנאַריאַדן.

אין דעם קריטישן מאָמענט האָט טוביה באַשלאָסן צו רופן אַלעקסן. ער איז ניט געווען בקיא אין באַנוצן זיך מיטן „פּיאַט" און אויך די וואָס האָבן זיך געפונען מיט אים, האָבן ניט געוווסט ווי אַזוי לאָזן אין גאַנג די כלי. ער האָט געשיקט שמעונען אין בונקער פון שטאַב, אַז אַלעקס זאָל שוין אַהערקומען און מיטברענגען מיט זיך עטלעכע רעזערוו־סנאַריאַדן וואָס האָבן זיך געפונען אין מאַגאַזין. אויף יעדן שריט האָט די לויפערס געדראָט די טויט־געפאַר. די מצרישע אַרטילעריסטן האָבן איצט פאַרבעסערט זייער אָנציל און דאָס פייער געריכטעט אין די לעבנסוויכטיקע אָביעקטן פון קיבוץ. הגם זיי האָבן אָפּגעשטעלט די אַרטילערישע אונטערהאַלטונג אויפן אָפּשניט פון דער פּאָזיציע נומער 2, כדי זייערע טאַנקן זאָלן זיך באַוועגן פאָרויס, האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו באָמבאַרדירן מיט אַ שווער פייער די אַנדערע אָפּשניטן. אויב שמעון וועט אויפן וועג געהרגעט ווערן, איז אָבער מעגלעך אַז מאַקס וועט מצליח זיין אָנצוקומען אין שטאַב־בונקער און איבערגעבן אַלעקסן די מעלדונג.

מיט אַמאָל האָט טוביה זיך געכאַפּט, אַז דעם בונקער פון שטאַב, דער נערוון־צענטער פון דער גאַנצער מלחמה, טאָר מען ניט איבערלאָזן אָן אַ קאָמענדאַנט. ער וועט דאַרפן פאַרבייטן אַלעקסן. אָן חשק האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין די פּוסטריט פון די לויפערס.

יחיאל רובען, קאָמענדאַנט פון דער פּאָזיציע נומער 10, האָט באַמערקט די טאַנקן און פּאַנצער־אויטאָס, וועלכע האָבן זיך באַוועגט אין דער ריכטונג פון „פּילבאָקס". ער איז געווען איבערצייגט, אַז די עגיפּטער האָבן מיט איינמאָל געענדערט זייער טאַקטיק און גרייטן זיך איצט מיט אַ גרויסן כוח צו שטורעמען דעם מזרחדיקן אָפּשניט. נאָר אין דער צייט וואָס ער האָט איבערגעוויזן עטלעכע דרינגענדיקע מעלדונגען אין שטאַב, האָבן די טאַנקן זיך געווענדט רעכטס, געענדערט די ריכטונג, זיך אַ לאָז געגעבן פאָרויס און פאַרביי דעם פעלדז. אַז די באָמבאַרדירונג איז עטוואָס שוואַכער געוואָרן, האָט יחיאל געמאַכט אַן איבערבליק איבער זיינע מענטשן; אייניקע פון זיי זענען לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן, בלויז צעדראָפּעט. דאָס האָט אים

טאַקע באַרויקט, נאָך גלייכצייטיק איז אים געוואָרן אומבאַקוועם — אַ כלומרשט* געפיל פון שולד. פאַרוואָס איז ניטאָ קיין געליטענע אין זיין פּאָזיציע, ווי דאָס האָט געטראָפן מיט די פּאָזיציעס 1 און 2? קעמפן דען ניט זיינע מענטשן מיט זעלבסט־אָפּפערונג? האָבן דאָך זיי ניט געלאָזט אַרייַנדרינגען די עגיפּטער אין פילבאָקס אין ערשטן טאָג פון די קאַמפן, שפּייענדיק אויפן שונא מיט פייער. און אַז זיי זענען ביינאַכט יאָ אַריין אין „פילבאָקס״, איז זיין פּאָזיציע געווען אויסגעשטעלט אויף אַ זייער געדיכט פייער פונעם שונא. „ניט אַנדערש ווי די טיפע אָקאָפּעס האָבן געדינט אַלס אויסגעצייכנטע שוץ, אונדז באַוואָרנט ניט געטראָפן צו ווערן״ — האָט ער זיך געטראַכט.

אַ מיטלמעסיקער קוילנוואַרפער האָט געעפנט אַ קאָנצענטרירטע און אומ־אויפהערלעך פייער; יחיאל האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָך דעם פייער וועט קומען אַן אַטאַקע פון די פוסגייער. ווי נאָר דאָס פייער, האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט דעריבער יחיאל באַפוילן זיינע מענטשן אַרויסצוגיין פון די טיפע אָקאָפּעס און אַריין אין די גריבער, וועלכע מ׳האָט אויסגעגראָבן אויף צו קענען שליידערן פון זיי גראַנאַטן. אייניקע האָבן געפונען שוץ הינטער די נאָענטע ערד־אַנשיטן. אַלזאָ, ער האָט געהאַט רעכט. די עגיפּטער האָבן געפּרוווט שטורעמען. די ערשטע כוואַליע אַנגרייפער האָט זיך צוריקגעצויגן, נאָך דעם ווי די פאַרטיידיקער האָבן געעפנט אַ פייער. די צווייטע כוואַליע האָט באַוויזן מערער צו דערנענטערן זיך, נאָר אַז די קוילן פון די פאַרטיידיקער האָבן געזייט טויט צווישן די מצרישע זעלנער, האָבן די לעצטע געפונען שוץ הינטער די בינטלעך היי וואָס זענען געלעגן אויפן פעלד. אין שטורעם פון דער שלאַכט, האָט יחיאל ניט געפילט די קוילן וועלכע האָבן געזשומעט אַרום אים; ביזן היינטיקן טאָג איז ער איבערצייגט, אַז די עגיפּטער האָבן בכלל זיך ניט באַנוצט מיט זייער געווער בעתן פאַרויסמאַרש. דעריבער אויך, ווייזט אויס, האָט ער ניט געפילט די פאַרשטאַרקונג וועלכע איז אָנגעקומען פון לינקן פלאַנק. מיקי און נאָך עטלעכע זיינע מענטשן זענען געשיקט געוואָרן פון דער פּאָזיציע נומער 9 צו העלפן יחיאלן. צוליב דער קורצער צייט, האָבן ביידע ניט געקענט זיך פאַרשטענדיקן און קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט. די פריערע כוואַליע פון די אַנגרייפער, געשטיצט דורך די אָפיצירן וועלכע האָבן אונטערגעשטופּט זייערע זעלנער מיט דראָונגען און קללות, האָט זיך דערנענטערט אויף אַ 20 מעטער פונעם שטעכלדראָט.

מיט אַמאָל האָט די אַטאַקע זיך אָפּגעשטעלט. די צוריקטרעטנדיקע מצרים האָבן צווישן די בינטלעך היי איבערגעלאָזט זייערע 40 מענטשן. מער האָט מען ניט געזען קיין כוואַליע אַנגרייפער. זיי האָבן געהאַט בדעה צו אַטאַקירן אויף אַ צווייט אָרט. דער שונא האָט ניט אַרויסגעפילט די שוואַכקייט פון

דעם מזרחדיקן אָפּשניט און דעריבער איז זײַן קלאַפּ געווען פּרוכטלאָז.

ניט געקוקט אויף דער שווערער באַשיסונג, איז די ידיעה וועגן דער אַטאַקע פון דער פעכאָטע מיט דער הילף פון טאַנקן אויף די פּאָזיציעס 2 און 10, ביסלעכווייז איבערגעגעבן געוואָרן אין די אַנדערע פּאָזיציעס. לאהקע, וועלכע האָט אויף אַלעקס באַפעל פאַרלאָזט דעם בונקער, איז אַרייַנגעשפּרונגען אין דער פּאָזיציע 7 — און איר קליינטשיקער גוף וואַרפט זיך פונעם שווערן אָטעמען און איר פנים דריקט אויס גרויס שרעק. נאָר לויט איר שטייגער, האָט זי די ידיעה איבערגעגעבן מיט אַ רויק קול, אָן איבערטריבנקייט. דער באַפעל האָט געלויטעט: איבערלאָזן צוויי מענטשן אין דער פּאָזיציע; אַלע אַנדערע דאַרפן אַריבערגיין אין דער פּאָזיציע 10. פיר אָדער פינף מענטשן האָבן איינציקווייז אַנגעהויבן פאַרלאָזן די פּאָזיציע, לויפנדיק איינגעבויגן אין די אָקאָפּעס, דאָרט ווו דאָס האָט זיך געלאָזט מאַכן און אַרויסגעשפּרונגען אויפן אָפענעם שטח, ווו די אָקאָפּעס זענען געווען צעשטערט. צווישן זיי האָבן זיך געפונען גבריאל רמתי און פינעק. נאָר איידער זיי זענען דערגאַנגען צו דער פּאָזיציע 10, איז זיי אַנטקעגן געלאָפן איינער פון די פאַרבינדלערס און געמאָלדן, אַז אַ מצרישער טאַנק האָט זיך אַריינגעריסן אין קיבוץ.

— די עגיפּטער האָבן פריער געלאָזן אַ רויך־פאָרהאַנג און מיט זײַן הילף איז דער טאַנק אַריינגעדרונגען אַהער. איצט געפינט ער זיך ביי דער פּאָזיציע 1. אַלע צום טאַנק!

די מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די הינער־שטייגן, ווו ס'איז געשטאַנען דער טאַנק. די פופצן קעמפערס, און מרים צווישן זיי, האָבן זיך געאיילט צו פאַרכאַפּן וועלכע ס'איז באַשיצונג און פון אַלע כלים געעפנט אויפן טאַנק אַ פייער. זיין קוילנוואַרפער האָט הערצל אָנגעצילט אויף דער עפענונג אין דער פאַרצוימונג, כדי די מצרישע פּוסגייער זאָלן זיך ניט אַדורכרייסן. אייניקע פּלמ"חניקעס פּלעגן אָפּט אַרויסשפּרינגען הינטער די הינער־שטייגן, כדי פון דאָרט אַ שליידער טאָן „דאָפּלטע גראַנאַטן" אויף די קייטן־רעדער פונעם טאַנק.

אין עק פון עוקאַליפּטוס־וועלדל, אַ 60 מעטער פונעם טאַנק, איז אַלעקס געווען איינגעבויגן ביי זײַן „פּיאַט". דאָס מאַשין־געווער פונעם טאַנק האָט אויף אים געעפנט אַ פייער. נאָך אַ סך מי, איז אים אָבער געלונגען צו לאָזן אין גאַנג דאָס אַנטי־טאַנקן געווער און שיסן איין מאָל און נאָך אַמאָל. די קעמפערס לעבן די הינער־שטייגן האָבן באַמערקט, אַז די סנאַריאַדן דערגרייכן ניט דעם טאַנק, ווייל דער מרחק איז געווען אַ צו ווייטער. איצט האָבן זיי געזען, ווי אַלעקס הייבט זיך אויף, בעמט דאָס געווער און לויפט אַריבער צו אַ בערגל. מעגלעך, אַז ער וועט ווידער פּרובירן שיסן.

אפשר פון דער זייט. ר׳איז אָבער פאַרשוווּנדן געוואָרן אינעם פּלוס, צווישן די פּאָזיציעס 1 און 2.

— ווו זענען די „מאַלאַטאָוו־פּלעשער״? — האָט ווער געפרעגט.

דאָס דאָזיקע אַנטי־טאַנק געווער, וואָס איז מיט אַ סך זאָרגפעלטיקייט צוגעגרייט געוואָרן דורך סעוועקס „טאַנקן־יעגער״, האָט אין דעם מאָמענט באַדאַרפט דערפילן אַ היסטאָרישע אויפגאַבע. נאָר די „פלעשער״ זענען ניט געוואָרן. צו אַזאַ שלאַכט איז מען ניט געווען גרייט, ס׳איז ניט געווען קיין שום קאָאָרדינאַציע צווישן די קעמפערס און ס׳האָט זיך ניט געפונען קיין קאָמאַנדיר פאַר די קעמפערס לעבן די הינער־שטייגן. אינעם אַנטשטאַנענעם כאַאָס צוליבן די רכרייס פון די עגיפּטער, האָט זיך יעדן פון די קעמפערס אויסגעוויזן, אַז ער שטייט אייגנער אַליין קעגן דעם טאַנק.

סעוועק, וועלכער האָט זיך פאַרשטעקט הינטער אַ בערגל באַענט פון די הינער־שטייגן, האָט געזוכט אַ וועג ווי אַזוי זיך צו באַקומען צו דער פּאָזיציע 1. נאָכן פאַרענדיקן די באַראַטונג פון די קאָמאַנדירן פון די פּאָזיציעס, האָט סעוועק זיך נאָך אויפגעהאַלטן אין בונקער, כדי אַדורכריידן מיט טוביהן אַ געוויסן ענין. ר׳האָט אָבער געמוזט פאַרבלייבן צוליב דער שווערער באַמבאַרדירונג. דערנאָך, אַז ס׳איז באַוווּסט געוואָרן וועגן דער מצרישער אַטאַקע, איז ער מיט אַנדערע אַוועק צו דער פּאָזיציע 10. ס׳האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די שאָסן אויף דער דאָזיקער פּאָזיציע זענען געווען בלויז אויף אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט, בעת די עיקרדיקע אַטאַקע איז געלענקט געוואָרן אויף אַ צווייטן אָרט. מיטן אַריינדרינגען פון טאַנק אין קיבוץ, האָט סעוועק געפונען שוץ הינטער דעם בערגל.

ער האָט ניט געוואָלט גלייבן, אַז די פּאָזיציע נומער 1 איז געפאַלן. די ידיעה איז אָבער געווען אַ לאָגישע. נאָך דעם ווי די עגיפּטער זענען עטלעכע מאָל אַדורכגעפאַלן בעת פראָנטאַלע אַטאַקעס אויף דער פּאָזיציע, וועלן זיי פּרובירן זי דעראָבערן פון די פלאַנקן. ער איז געקומען אויפן אָרט מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג און דערפאַר ניט באַמערקט די דריי מצרישע זעלנער, וועלכע זענען געקראָכן אין דער אָקאָפּע, וואָס האָט געפירט צו דער פּאָזיציע. ער האָט אָבער געוווּסט וואָס ר׳וואָלט געטאָן אויפן אָרט פון מצרישן קאָמאַנדיר. ער וואָלט געשיקט זעלנער אין דער אָקאָפּע, זיי זאָלן איבעררײַשן די פאַרטיידיקערס אין דער פּאָזיציע. דערנאָך האָט ער עפּעס באַמערקט, וואָס האָט אים אַרויסגענומען פון יעדן ספק. דאָס איז געווען דער מאַן וועלכער איז געקראָכן צו דער פּאָזיציע 2. אַזוי ווי ר׳איז געווען ניט מונדירט, איז עס אַוודאי ווער פון די קיבוץ־חברים. זיין אייליקער ריקצוג האָט בלויז עדות געזאָגט אויף איין זאַך — די פּאָזיציע איז דעראָבערט געוואָרן. סעוועק האָט געהאָפט, אַז די קליינע, קריכנדיקע געשטאַלט אין

שטח, איז ניט דער איינציק ניצול־געוואָרענער. דער מאַן איז פאַרשוווּנדן אין דער קלענער פאַרטיפונג צווישןביידע פּאָזיציעס.

סעוועק האָט זיין געדאַנק אַרויסגעזאָגט פאַר צוויי חברים, וועלכע האָבן זיך געפונען לעבן אים.

— מיר טאָרן ניט ביי זיי איבערלאָזן די פּאָזיציע נומער 1; מיר קענען זי צוריקנעמען פון הינטן אַרום, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן. אַלץ וואָס מיר דאַרפן אַדורכפירן, איז: פאַרביילויפן זייער נאָענט פון טאַנק, אַז זיין פייער זאָל אונדז ניט גרייכן, נאָר זיין איבער אונדזערע קעפּ. דערנאָך צוקומען צו דער אָקאָפּע און וואַרפן דאָרט גראַנאַטן.

דער דאָזיקער פאַרצווייפלטער פּלאַן האָט סעוועקן אויסגעזען גאָר לאָגיש. ער האָט ניט געטראַכט, אַז ער און זיינע חברים, קענען זיך אָנשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד, ווען זיי וועלן זיך אַוועקלאָזן צו דער פּאָזיציע. ס'איז אים אויך ניט איינגעפאַלן, אַז אַפילו ווען זיי וועלן שוין דערגיין צו דער פּאָזיציע, מעגלעך זיי וועלן זיך אָנטרעפן אויף אַ גרעסערער צאָל מצרישע זעלנער. אויך די ריזיקע פון אַזאַ אַקציע האָט אים ניט אָפּגעהאַלטן. אין אַזאַ שטורעמדיקן מצב, ווען אַלץ ברויזט און קאָכט, האָט סעוועק געהאַנדלט געצוי ווי דאָס וואָלטן געטאָן אַנדערע אין אַזאַ סיטואַציע — מיטן כוח פון אימפּולסן און מאָמענטאַלן באַשלוס, אָן לאַנגע טראַכטענישן און ניט רעכענען זיך מיטן פּרייז. די חברים האָבן מיט אים מסכּים געווען. ווי נאָר ר'האָט זיי צו וויסן געגעבן וואָס זיי דאַרפן־טאָן, זענען די דריי אַ שפּרונג געגעבן אויפן אָפענעם שטח און איינגעבויגענערהייט געלאָפן צום טאַנק. נאָך עטלעכע שפּרונגען — און זיי געפינען זיך שוין ביים אַריינגאַנג אין דער אָקאָפּע. סעוועק האָט באַמערקט אַ טויטן מאַן ליגן אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ. ניט געווען קיין צייט פעסטצושטעלן וועמעס ס'איז דער געהרגעטער.

— פאַרזיכטיק, עגיפּטער! — האָט ווער אַ געשריי געטאָן.

ביי דער זייט פון טאַנק האָבן פיר סאָדאַנער זיך באַהאַלטן פאַרן פייער וואָס האָט אויף זיי געפּלייצט פון דער ריכטונג פון די הינער־שטייגן. זיי זענען געווען דערוויטערט פון זיי עטלעכע מעטער. סעוועק האָט אָנגעצילט זיין ביקס און אויסגעשאָסן. אַ רויטער פלעק האָט זיך צעשפּרייט אויפן מונדיר פון אַ מצרי, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. סעוועק האָט ווידער אַ צי געגעבן ביים צינגל. ס'איז גאָרניט געשען. א דערצאָרנטער האָט ער ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל פּרובירט.

— די הענט אין דער הייך! — האָט ער אַ געשריי געטאָן אויף אַראַביש, דראָענדיק די דריי סודאַנער מיט זיין נוצלאָזער ביקס. זיי האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט און אַפילו ניט געענטפערט מיט פייער. ס'האָט

אויסגעזען, גלייך די שרעק וואָלט זיי פּאַראַליזירט. ווירקנדיק אימפּולסיוו, אין קעגנזאַץ צו יעטווידער מיליטערישער לאָגיק, האָט סעוועק אַ כאַפּ געגעבן זיין ביקס ביי דער שיס־רער און זיך אַ לאָז געגעבן צו די עגיפּטער, כדי זיי שלאָגן מיטן פריקלאַד. פּלוצים האָט עפּעס אויפגעריסן איבער זיין קאָפּ און ער איז אַוועקגעשליידערט געוואָרן אויף דער ערד. ר׳איז געפאַלן אויפן רוקן און די ביקס האָט זיך אים אַרויסגעגליטשט פון די הענט...

האַלב־פאַרחלשט פונעם אויפרייס, האָט זיך סעוועקן אויסגעוויזן, ווי אין אַ וויזיע, אַז זיין אַלטער זיידע, איינגעוויקלט אין אַ טלית, זאָגט „אֵל מלא רחמים" איבערן אייניקל וואָס איז געפאַלן ביים פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. סעוועק האָט געוווּסט, אַז ער באַדאַרף עפּעס טאָן, זיך שטעלן אויף די פיס, אַנטלויפן, אָדער וויניקסטנס זיך אַוועקקאָלערן אין אַ זייט פאַרן אָנקומענ־דיקן שונא. ליגנדיק נאָך אין גרויסע יסורים, האָט ער דערפילט, גלייך די פיס זענען אים געליימט געוואָרן; ר׳האָט שוין ניט געקענט מיט זיי באַוועגן לויט זיין ווילן. אַזוי איז ער הילפלאָז געלעגן און געוואַרט אויף אַ שאָס וואָס זאָל אים אויסלייזן פון די יסורים. די סודאַנער זעלנער האָבן אָבער ניט געשאָסן. אַנשטאָט דעם, האָבן זיי זיך אויפגעפירט, ווי דאָס וואָלט געווען זייער ערשטע שלאַכט און אינסטינקטיוו געוואָלט האַנדלען ווי סעוועק. זיי האָבן די ביקסן געכאַפּט ביי די לופעס און מיט די קאָלבעס געוואָלט דערלאַנגען דעם ליגנדיקן שונא. מיט אַמאָל האָט סעוועק דערפילט, אַז ר׳איז ביים פולן באַוווסטזיין און געוואָרן וואַכזאַם צום באַפאַרשטייענדיקן. אַז זיי האָבן אויפגעהויבן די ביקסן צו דערלאַנגען אים דעם טויטקלאַפּ, האָט ער אויסגעצויגן זיינע פיס און אַ קאָפּע געגעבן זיי גלייך אין פנים אַריין. זיי האָבן זיך צוריקגערוקט אין בהלה. האָט סעוועק זיך שנעל אויפגעהויבן און אָנגעהויבן אַנטלויפן. לויפנדיק, האָט ער געהערט דאָס סקריפּען פון די קייטן־רעדער פונעם טאַנק, וועלכער האָט גענומען זיך צוריקציען. די סודאַנער זעלנער, מורא האָבנדיק אַז דער טאַנק וועט זיי איבערלאָזן, האָבן אויפגעהערט דאָס געיעג און געאיילט צו זוכן שוץ לעבן דעם טאַנק.

די אַלע געשעענישן האָבן געדויערט בלויז געציילטע מינוטן, אפשר גאָר — סעקונדן. ליגנדיק איצט באַשיצט הינטער איינעם פון די צעשטערטע בנינים און עטעמענדיק שווער, האָט סעוועק געטראַכט: וואָס איז געשען מיט די צוויי חברים וועלכע זענען צוזאַמען מיט אים אַרויס אין דער אַקציע? פאַקטיש האָבן זיי זיך געיאָגט נאָך די סודאַנער זעלנער, ממש ביז דער פאַרצוימונג. איצט, אַז די קורצע שלאַכט האָט זיך פאַרענדיקט, האָט סעוועק דערפילט ווי ס׳באַפאַלט אים אַ פחד, וואָס האָט אים אָפּגעשוואַכט ביז די לעצטע כוחות. ער איז געווען אַ סענסיטיווער מענטש און זיין עמפינדלעכקייט און אַנטוויקלטער דמיון האָבן צעטרייסלט זיינע נערוון.

אין גערדאַנק האָט ער געזען, ווי די ריזיקע סודאַנער שלאָגן אים ביז טויט. איצט האָט אים די שרעק אין גאַנצן באַהערשט. ער דאַרף באַלד זיך צו־באַקומען צו זיינע חברים, אויסקלייבן זיך געווער און ווידער פּרווון זיך דערשלאָגן צו דער פּאָזיציע נומער 1. נאָר פּאַר דעם מוז ער זיך אַ ביסל אָפּרוען, ביז ער וועט אויפהערן ציטערן.

אין אַזאַ מין שלאַכט ווערט ניט די צייט געמאָסטן לויט די ווייזערס פונעם זייגער. די צייט שטייט אויפן אָרט, רירט זיך ניט. ווען שווידער־בילדער און אומדערטרעגלעכער טומל קלאַפּן זיך אָפּ אין מענטשנס חושים. די צייט הערט אויף עקזיסטירן, ווען מענטשן לייגן אַוועק אויף דער וואָגשאָל זייער פלאַטערנדיק לעבן, כדי דעראָבערן אַ שפּאַן ערד. דער באַוווּסטזיין, אַז דעם שונאס קויל האָט ניט געטראָפן אין ציל, שטרייכט אונטער די צייט־רגע. אויך ווערט די צייט געמאָסטן מיט דערהויבענע העלדנטאַטן, ווען דער מענטש איז אייגנוויליק מקריב דאָס לעבן פאַר זיינע חברים.

אַז עס זענען ווידער אָפּגעלאָפן — 2 מינוט? 5 מינוט? — האָט דער צוריקציענדיקער טאַנק זיך אָפּגעשטעלט און געלאָזט זיך פאָרויס, בעת זיינע קוילנוואַרפערס שפּייען מיט פייער. קיינער האָט ניט געוווּסט, פאַר־וואָס איז דער טאַנק געווען אַזאַ לאַנגע צייט אומטעטיק. איצט, אַז ר׳איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג, איז געקומען די שעה פון אַהרעלע מעלער.

— מיר מוזן אים אָפּשטעלן! — האָט ער אַ געשריי געטאָן. אַ נאַכט פריער, ווען ר׳איז אַריינגעפאַלן אין יאוש, האָט ער געוואָלט אַנטלויפן פון דער שלאַכט, איצט, אַז דער שׂונא איז אַריינגעדרונגען אין קיבוץ, האָט אַפילו די וווּנד ניט געלאָזט אים איינזיצן אין בונקער. ער האָט אין ביידע הענט אַ כאַפּ געטאָן „דאָפּלט־גראַנאַטן". — איך גיי אַרויס פאַרהאַלטן דעם טאַנק — האָט ער געשריען.

ר׳האָט זיך געלאָזט לויפן צום טאַנק. מ׳האָט גלייך באַמערקט, ווי דער אין טאַנק וויל איילים און גוט אַנצילן דעם קוילנוואַרפער אויפן אַטאַ־קירנדיקן מאַן. ענדלעך איז אַלץ פאָרגעקומען מיט איין מאָל. אַהרעלע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום טאַנק און אַ שליידער געגעבן די גראַנאַטן. זיי האָבן אויפגעריסן ממש פאַר די שיס־לעכער פונעם קוילנוואַרפער. אין דעם זעלבן מאָמענט איז אַהרעלע אַ פאַל געגעבן אויף דער ערד, מיט אַן אויפגעריסענעם בויך פון די קוילן. דער טאַנק האָט זיך אָפּגעשטעלט און דריי מצרישע זעלנער זענען אַרויסגעשפּרונגען פונעם טורעם און געלאָפן זוכן דעקונג. אהרעלע איז געלעגן אויף דער ערד, געשריען פון ווייטיק.

זינט די שלאַכטן האָבן זיך אָנגעהויבן, זענען דרייצן חברים דערהרגעט

געוואָרן, דער רוב פון זיי ותיקים און פריינד. די וואָס האָבן געזען ניט ווייט פון זיי די געשטאַלט וואָס צאַפּלט זיך אין יסורים, האָבן געטרויערט איבער אַלע געפאַלענע. דער עיקר האָבן זיי באַדויערט הערשלען, וועלכער האָט לאַנג געגוססט, בעת דאָס בלוט איז גערונען פון די צעשמעטערטע פיס. נאָר דאָס איצטיקע בילד פון אהרעלען, וועלכער האָט זוכה געווען צו באַזונדערער סימפּאַטיע און אָנערקענונג, איז געווען שווער איבערצוטראָגן.

— מיר טאָרן ניט לאָזן אים ליידן אַזוי פיל — האָט זיך אָנגערופן הערצל. — ער איז שוין ווי טויט, אפשר מיט אַ שאָס אים אויסלייזן פון די יסורים.

— אויפמערקזאַם! זעט ווער עס קומט פון דאָרט! — האָט גבריאל רמתי אַ געשריי געטאָן מיט איבערגענומענקייט.

מצדישע זעלנער האָבן ווידער אָנגעהויבן אַריינדרינגען דורך די דורכרייסן אין דער פאַרצוימונג. הערצל האָט אויף זיי אָנגעצילט דאָס מאַשין־געווער און געעפנט אַ פייער. צוויי זענען געפאַלן און די אַנדערע האָבן גענומען זיך צוריקציען.

— מיר האָבן זיי אָפּגעשטעלט, מ׳האָט זיי פאַרהאַלטן — האָט פּינעק געשריען צווישן איין סעריע קוילן און דער צווייטער.

— נאָך אַזאַ אַטאַקע, פּינעק — און מיר זענען ליקווידירט — האָט הערצל געענטפערט.

דאָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער. אַ קויל האָט אים געטראָפן אין שטערן און ר׳איז אַוועקגעפאַלן, ניט אויסריידנדיק מער קיין וואָרט.

פון דער צווייטער זייט טאַנק, אַנטקעגן, האָט זיך באַוויזן שמעון. זינט זיין „בראָונינג״ איז באַשעדיקט געוואָרן, איז ער נאָכגעגאַנגען נאָך אַלעקסן, אָן געווער, געטראָגן בלויז די סנאַריאַדן פון „פּיאַט״. דערנענטערנדיק זיך צו אהרעלען, האָט ער באַמערקט זיינע שטערבלעכע וווּנדן.

— דערהרגע מיך! הרגע מיך! — האָט זיך אהרעלע געבעטן. אָבער שמעון איז פון אים אַוועק. אַפילו ווען ר׳וואָלט געהאַט מיט זיך אַ ביקס, וואָלט אים ניט בייגעשטאַנען דער כוח צו שיסן אין אים די אויסלייזערישע קויל.

די לעבן־געבליבענע וואָס האָבן מיר דערציילט וועגן אַהרעלעס העלדנ־טאַט, האָבן צוגעגעבן, אַז זיי זענען בשום אופן ניט געווען אימשטאַנד צו דערפילן זיין פאַרלאַנג און אַ סוף מאַכן צו זיין לעבן. נאָר גלייכצייטיק איז קלאָר, אַז עמעץ האָט אים דאָך אויסגעלייזט פון די יסורים.

אהרעלעס העלדנטאַט האָט אָפּגעשטעלט דעם טאַנק און ניט געלאָזט דעם שונא זיך רוקן פאָרויס אויפן דרומדיקן אָפּשניט. פאַר די מענטשן פון




דאָס אַריינדרינגען פון מצרי׳שן טאַנק
אין קיבוץ

יד־מרדכי איז אהרעלע געבליבן אַ מוסטערהאפטער קעמפער, דער העלד פון דער שלאַכט.

אין דער פּאָזיציע נומער 2 האָט מען נאָך אַלץ געוואַרט אויפן גראַנאַטן־וואַרפער. דער פאַרבינדלער, דער דריטער לויט דער ריי, האָט זיך אומגעקערט און געמאָלדן, אַז ער קען אים ניט געפינען. אַלעקס האָט פאַרלאָזט דעם בונקער פון שטאַב, כדי זיך צו באַנוצן מיטן „פיאַט". קיינער האָט ניט געוווּסט ווו עס געפינט זיך דער גראַנאַטן־וואַרפער, אָדער ווו מ׳האָט אים אַריבערגעפירט, אין וועלכער פּאָזיציע. דער פאַרבינדלער האָט צוווּסן געגעבן, אַז די פּאָזיציע נומער 1 איז געפאַלן.

— האַלט דאָס מויל! — האָט מאַריץ אַ געשריי געטאָן מיט כעס. — ברענג אונדז ניט אַזעלכע איוב־בשׂורות, בעת מיר אַליין זענען שוין כמעט דערשלאָגענע. גיי צוריק אין בונקער פון שטאַב. פרעג יעדן איינעם ווו ס׳געפינט זיך דער גראַנאַטן־וואַרפער. ברענג אַהער דעם קוילנוואַרפער „ברען". אונדזערער טויג שוין צו גאָרניט. הער אויף פאַרשפּרייטן קלאַנגען.

עמעץ פון די אַרומיקע האָט אַ געשריי געטאָן אין יידיש:

— די אַמוניציע האָט זיך מיר אויסגעלאָזט! ביטאָ קיין אַמוניציע!

חיים, וועלכער איז געקומען אין לאַנד אַריין מיט גענעראַל אַנדערסעס אַרמיי און נאָך דעם ווי ר׳האָט זי פאַרלאָזט כדי זיך פרייוויליק אַנשליסן אין פּלמ״ח, איז איצט געשטאַנען אומבאַהאָלפן. דער חבר לעבן אים האָט צוריק געענטפערט אין יידיש:

— נעם מיינע קוילן. איך דאַרף זיי ניט, ווייל מיין ביקס איז באַשעדיקט געוואָרן. נאָר באַנוץ זיך מיט זיי ווי אַמבעסטן. דאָס זענען די לעצטע קוילן וואָס איך האָב. באַמי זיך, אַז יעדע קויל זאָל טרעפן אין שונא.

אין אייניקע מינוטן אַרום איז מאַטעס געקומען צו לויפן אין דער אָקאָפּע, האַלטנדיק אַ ביקס אין האַנט.

— ווו איז דער גראַנאַטן־וואַרפער? — האָט מאַריץ געשריען.

— דאָרט הינטער אונדז — האָט מאַטעס געענטפערט, אָטעמענדיק שווער.

— וואָס הייסט הינטער אונדז? — האָט מאַריץ געשריען. — מיר דאַרפן אים האָבן און מוזן אים באַקומען. וואָס טוסטו דאָ אָנעם גראַנאַטן־וואַרפער?

מאַטעס איז ניט געווען אימשטאַנד אַרויסצוברענגען אַ לאָגישן ענטפער.

— די עגיפּטער זענען אַריין אין קיבוץ! אַלע האָבן אָנגעהויבן לויפן — האָט ער געשטאַמלט.

אים איז שווער געווען צו דערקלערן (און זיך אַליין — אויך!), וועלכע אימפּולסן האָבן אים באַוויגן איבערצולאָזן דעם גראַנאַטן־וואַרפער, כאַפּן אַ ביקס און לויפן צו די עגיפּטער, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אין קיבוץ. ער האָט געוווּסט, אַז ער דאַרף דערפילן אַ באַשטימטע אויפגאַבע, ס׳האָט

זיך אָבער ניט געפונען דער מענטש וואָס זאָל געבן דעם באַפעל און דער אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט צו רייסן זיך פאָרויס, צו דער שלאַכט פנים־אל־פנים, וואָס שפּילט זיך אָפּ ניט ווייט — ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן.

מאַריץ האָט געשיקט מאַטעסן ברענגען דעם גראַנאַטן־וואַרפער. אויפן וועג האָט ער באַגעגנט יאַנעקן, דער איינציקער וואָס איז פאַרבליבן פון דער מאַנשאַפט פונעם גראַנאַטן־וואַרפער, צו וועלכער אויך ער האָט געהערט. יאַנעק האָט געשפּאַנט אין דער אָקאָפּע אין גאַנצן אַן אויסגעגלייכטער. ער האָט געליטן פון אַן אָנצינדונג פון די געלענקען, אַן איבערבלייבעכץ פון די קאַלטע און פייכטע הכשרה־טעג אין פוילן. אפילו ווען זיין לעבן וואָלט געווען באַדראָט, האָט ער ניט געקאָנט לויפן איינגעבויגענערהייט.

— בייג זיך אָן! — האָט מאַטעס אַרויסגערופן. — איך גיי ברענגען דעם גראַנאַטן־וואַרפער. זיי בייטיקן זיך אין אים אין דער פּאָזיציע נומער 2. וואַרט אויף מיר דאָ.

— די אַליין קאָנסט דאָך ניט שלעפּן דאָס געווער מיט די סנאַריאַדן — האָט יאַנעק דערווידערט.

— ביטקשה, כ׳וועל שוין עמעצן געפינען צו הילף. עס וועט ניט זיין קיין שום נוצן, אויב וועסט געהרגעט ווערן, טראַגנדיק די סנאַריאַדן.

ענדלעך האָט מען דעם גראַנאַטן־וואַרפער אַוועקגעשטעלט צופוסנס פון אַ קליין בערגל. זלמן האָט אָבסערווירט און געהאָלפן רעגולירן דאָס דירעקטע פייער אויף די וואָס האָבן געטראָגן דעם „ברען".

— נענטער, נענטער, 40 מעטער אויף רעכטס...

מאַטעס האָט מורא געהאַט צו שיסן לויט זלמנס אָנווייזונגען און אויף אַזאַ קורצער טראַסע, קוים וועלן די סנאַריאַדן פאַלן אין דער טערקישער פּאָזיציע אָדער אין אַנדערע פאָדערשטע פּאָזיציעס. זיי האָבן אָבער געטראָפן גענוג נאָענט, כדי די עגיפּטער זאָלן נאָכגעבן. די זעלנער זייערע וואָס האָבן געשלעפּט דעם „ברען", האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איידער ס׳איז זיי געלונגען אַריינבאַקומען זיך צווישן די צוויי בערגלעך.

נאָך דעם ווי סעוועק האָט עטוואָס איבערגעכאַפּט דעם אָטעם אין דעם צעשטערטן בנין, האָט ער דערפילט, אַז ער מוז זיך אומקערן צו זיינע חברים. אים האָט באַזאָרגט, וואָס ער איז ניט באַוואָפנט, נאָר דערביי געטראַכט, אַז ער וועט אַוודאי באַקומען ביי וועמען עטלעכע האַנט־גראַנאַטן. ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס און מיט פאָרזיכט אָנגעהויבן זיך באַוועגן צווישן די אין בנין מאַגאַזינירטע זעק קאַרטאָפל.

מיט אַמאָל האָט ער זיך דערזען פנים־אל־פנים מיט אַ סודאַנער זעלנער. באַמערקט די ווייסלעך פון יענעמס אויגן, וואָס די שוואַרצקייט פון פנים האָט זיי נאָך ווייסער געמאַכט. דערזען די אויף אים אָנגעצילטע

ביקס. אינסטינקטיוו האָט ער זיך אָפּגעקערט אין אַ זייט. ס'האָט זיך דערהערט אַ פּאַרטויבנדיקער שאָס און סעוועק איז אומגעפאַלן. ער האָט אַ פּיר געטאָן מיט די פינגער איבער דער זייט און זיי זענען געוואָרן נאַס פון בלוט. זייענדיק אין גאַנצן פריטשמעליעט פונעם שאָס, האָט ער געוווסט, אַז ער דאַרף אָנהייבן קריכן און זיך דערווייטערן אויף אַ זיכערן אָרט. ער איז אָבער געווען דערשעפּט און דער גאַנצער קערפּער איז אים געווען שווער. אַ שוואַכקייט האָט אים באַהערשט, ס'האָט זיך געוואָלט שלאָפן. ענדלעך איז ער געקומען צו זיך און פּרובירט אויפהייבן. דער סודאַנער איז שוין דאָרט ניט געווען. סעוועק האָט מורא געהאַט צו רופן נאָך הילף, קוים באַהאַלט זיך ווער פון שונאס זעלנער אויף דעם אָרט. ער איז פּאַמעלעך געקראָכן פאָרויס און אַלע מאָל זיך אָפּגעשטעלט, כדי כאַפּן אַ בליק אַרום זיך, ווייל ס'איז געוואָרן טונקל.

לעבסטו נאָך? האָט ער געהערט ווי עמעץ פרעגט אים מיט אַ רויק קול. צוויי מענטשן פון דער „ערשטער הילף" האָבן אים געזען אומפאַלן און געלאָפן ראַטעווען. זיי האָבן אים גענומען צו ד"ר קעלער, וועלכער האָט באַטראַכט זיין וווּנד און זי באַנדאַזשירט. מיט זיין כאַראַקטעריסטישן יידישן הומאָר, צוליב וועלכן זיינע קאָלעגן האָבן אין זיין געבוירן־שטאָט אין נאַצי־דייטשלאַנד זיך געהאַלטן פון אים פון דער ווייטנס, האָט דער דאָקטאָר אים אַ שטויס געטאָן מיטן פינגער אין ברוסט און געזאָגט:

—האָסט אַ טריפה מזל. די קויל האָט קוים אָנגערירט אייניקע פעטס פון דיין קערפּער און ניט אַריין אינעם חלל פון בויך...

אַ דאַנק דער רו און זיכערקייט וואָס האָט געהערשט אין בונקער, האָט סעוועק זיך געפילט גוט און געווען דאַנקבאַר וואָס מ'האָט אים דערלאַנגט אַ ביסל ראָזשינקעס־זאַפט. ער האָט געהאַט הנאה, ווען פאַניע האָט אים אַ גלעט געגעבן איבערן פּנים און די האָר. בעצם האָט ער זיך געפילט גליקלעך ווי אַ קליין קינד, וואָס מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, גיט מען עס אַ קוש און מע לייגט עס אַוועק אין בעטל מיט אַ סך צערטלעכקייט.

בלויז פיר מענטשן האָבן פון סאַמע אָנהייב שלאַכט פאַרטיידיקט די פּאָזיציע נומער 1. הגם משה קלמן האָט שוין פון לאַנג זיך אויסגעצקערט פון דער באַראַטונג פון די קאָמאַנדירן פון די פּאָזיציעס צוזאַמען מיט אַ יונגן פלמ"חניק, האָט מען נאָך אַלץ ניט געזען צוריק סעוועקן און אַנדערע. זיגי, דער עלטסטער פון אַ גרופּע, איז איצט געוואָרן עלטסטער פון דער פּאָזיציע. אַזוי ווי די פּאָזיציע פריער געהאַט אויסצושטיין אַ סך אַטאַקעס, האָט זיגי געפאָדערט, אַז אייגער זאָל תמיד זיך געפינען אויף אָבסערוואַציע. דער בנין־ציכטלער יורעק און קלמן האָבן לויט אַ ריי גענומען אויף זיך די דאָזיקע אויפגאַבע. זיי האָבן געזען ווי פון דער זייט פון „פּילבאָקס" דער־

גענטערן זיך טאַנקן, פאָרן פאַרביי זייער פּאָזיציע און לענקן זייער פייער אויף דער פּאָזיציע נומער 2. דער פלמ״חניק האָט פון זיין קוילנוואַרפער גענומען שיסן אויף די פוסגייער, וועלכע האָבן באַגלייט פון דער זייט דעם טאַנק. דער מרחק איז ניט געווען קיין גרויסער און ער האָט געזען ווי די מצרישע זעלנער ווערן געטראָפן פון זיינע קוילן. פּלוצים האָט דער קוילנ־וואַרפער זיך פאַרהאַקט. מיט כעס האָט זיגי אים אָנ־עהויבן פאַרריכטן, ס'איז אים אָבער ניט געלונגען.

— קלמן איז פאַרווונדעט — האָט יורעק אַ געשריי געטאָן. ער האָט זיך געלאָזט לויפן אַהין, כדי אים אַוועקנעמען פון אָבסערוואַציע־פּונקט. ער איז שוין אָבער געווען טויט.

אין אַ מינוט שפּעטער האָט אין דער אָקאָפּע אויפגעריסן אַ גראַנאַט און דער יונגער פלמ״חניק איז דערהרגעט געוואָרן. דעם גראַנאַט האָבן הינטערוויילעכץ אַריינגעשליידערט די עגיפּטער, וועלכע טוביה האָט געזען אַריינגיין אין דער אָקאָפּע. זיגין און יורקען איז גאָרניט געשען. דער אויסבייג פון דער אָקאָפּע האָט זיי באַשיצט; די צוויי איינציקע פּאַרטיידי־קערס וועלכע זענען געבליבן לעבן אין דער פּאָזיציע.

— לויף! — האָט זיגי געשריען. — לויף צו דער פּאָזיציע נומער 2!

— לויפנדיק איינגעבויגן, האָבן זיי פאַרלאָזט זייער פּאָזיציע. אַרום זיי האָבן אויפגעריסן סנאַריאַדן; איז מען אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד און אָנגעהויבן קריכן. אין דער פאַרטיפונג צווישן צוויי פּאָזיציעס האָבן זיי געטראָפן אַלעקסן און אים דערציילט וועגן דעם פּונקט וואָס איז געפאַלן.

— מיר וועלן אים צוריק דעראָבערן, אַ ביסל שפּעטער — האָט אַלעקס געזאָגט מיט אַ זיכערן טאָן. — איצט דאַרפן מיר טרעפן אין די עגיפּטער, וועלכע געפינען זיך הינטער אונדז. זיי פּרובירן זיך אַריינרייסן אין דער פּאָזיציע נומער 2. גיי דאָרט אַהין, יורעק, מיט דיינע האַנט־גראַנאַטן. דו, זיגי, לאָז אין גאַנג דעם קוילנוואַרפער און צעקלאַפּ דאָרט דאָס בערגעלע.

— דער קוילנוואַרפער אַרבעט ניט.

זיגי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין דער אויסהוילונג פון דער ערד, גענומען דעם קוילנוואַרפער אויף די קני און אָנגעהויבן מיט אים זיך מטפּל זיין. אַלעקס האָט דערווייל אויסגעפונען אַ פּאַסיקן אָרט ווו אַוועקצושטעלן דעם „פּיאַט״. ס'האָט ניט גענומען קיין סך צייט און דער קוילנוואַרפער האָט אָנגעהויבן שיסן.

צווישן דעם דאָזיקן „באַזונדערן כוח״ און דער פּאָזיציע נומער 2, האָט זיך איצט באַוויזן אַ פאַרשטאַרקונג, וועלכע איז דורך טוביהן אַלאַרמירט געוואָרן פון די שטילערע פּאָזיציעס אין קיבוץ. זיבן מאַן פון דער פאַרשטאַרקונג זענען געווען באַוואָפנט מיט בלויזע ביקסן און כדי דער

שונא זאָל מיינען אַז זיי באַזיצן אויטאָמאַטיש געווער, האָט מען אויף אַ באַפעל געשאָסן מיט איין מאָל. דער אויפטו איז זיי געפעלן געוואָרן. שווער צו וויסן, אויב דאָס האָט טאַקע פאַרפירט די עגיפטער. די דאָזיקע מענטשן, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט פאַרבראַכט אין די דרומדיקע פּאָזיציעס און בלויז פון דער ווייטנס זיך צוגעקוקט צו די קאַמפן, האָבן איצט מיט סאַטיס־פאַקציע געקעמפט מיט אַ מין צאָרנדיקער מונטערקייט.

אין די נאָכמיטאָג־שעהן האָט אַלעקס באַשלאָסן, אַז ס׳איז געקומען די צייט ווידער דעראָבערן די פּאָזיציע נומער 1. ער האָט ניט געוווּסט וואָס קומט פאָר אין דער פּאָזיציע, נאָר געווען ביי דער מיינונג, אַז דער כוח וואָס געפינט זיך דאָ־ט איז אוודאי אַ גרויסער. אַ קאָנטר־אַטאַקע איז, פאַרשטייט זיך, געווען פאַרבונדן מיט אַ ריזיקע און הגם ער האָט דאָס געוווּסט, האָט זיך אים ניט געוואָלט מיט דעם רעכענען. די עגיפטער דאַרף מען פאַרטרייבן פון קיבוץ; דעריבער דאַרף ער אָרגאַניזירן אַ קאָנטר־אַטאַקע. דער טאַנק האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום סימנים פון לעבן און מ׳האָט געקענט וועמען שיקן צו די היגער־שטייגן, כדי אַלאַרמירן פון דאָרט מענטשן, געווער און אַמוניציע. זיגי האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן צו דער שליחות. ענדלעך האָבן אַ זיבן קעמפערס זיך צונויפגעזאַמלט אין דער פאַרטיפונג צווישן ביידע בערגלעך, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די פּאָזיציעס. זיי זענען געווען באַוואָפנט מיט אַ לייכטן מאַשינגעווער „ברען", אַ האַנט־מאַשינגעווער „טאָמי", אַ „שמייסער", ביקסן און גראַנאַטן. אַלעקסן איז איבערגעבליבן איין סנאַריאַד צום „פיאַט". זיי האָבן זיך געלאָזט פאָרויס, געוואַגט צוגיין וואָס נענטער און אַלעקס האָט „דערלאַנגט" דעם סנאַריאַד אין דער אָקאָפּע. ער האָט געוווּסט, אַז אַ סנאַריאַד פונעם „פיאַט" איז ספּעציעל פּלאַנירט אויף אַדורכצודרינגען פּאַנצערס, ער האָט אָבער געהאָפט, אַז דאָס קול פונעם רעש און אויפרייס, וועט אַרויסרופן אַ כאַאָס ביי די עגיפטער. דער סנאַריאַד האָט זיך איינגעגראָבן אין זאמד — און ניט אויפגעריסן. די מענטשן האָבן אַ שפּרונג געגעבן פאָרויס, געשאָסן און געוואָרפן גראַנאַטן. אַז זיי זענען דערגאַנגען צום אויבערשטן עק פון דער אָקאָפּע, האָט זיך באַוויזן אַ מצרישער זעלנער מיט אַן אָנגע־צילטער ביקס אויף אַלעקסן, וועלכער האָט דאָס אפילו ניט באַמערקט.

— אויף דער ערד! — האָט פינעק אַ געשריי געטאָן. ער האָט אָנגעכאַפּט אַלעקסן ביי די פיס און אים אומגעוואָרפן. עמעץ האָט געשאָסן צום עגיפּטער. דאָס איז געווען דער איינציקער זעלנער פון שונא, וועלכן מ׳האָט געזען אין שטח. די אַנדערע האָבן, ווייזט אויס, זיך פאַרשטעקט אין די אויסבייגן פון די אָקאָפּעס. וואַרפנדיק פאַר זיך גראַנאַטן, האָבן די מענטשן זיך באַוועגט אין דער אָקאָפּע מיט גרויס פאָרזיכטיקייט. אויפן

וועג האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף נאָך צוויי קערפּערס פֿון עגיפּטער. די דאָזיקע דריי זעלנער, וועלכע טוביה האָט געזען אַריינגיין אין דער אָקאָפּע, זענען געווען די איינציקע, וועמען ס'איז געלונגען צו דערשלאָגן זיך צו דער פּאָזיציע. דאָס פֿייער פֿון די הינער־שטייגן איז געווען פּינקט־לעך און עפֿעקטיוו און אַ דאַנק דעם האָט דער שונא ניט געקענט שיקן קיין פֿאַרשטאַרקונג אין דער אַזוי וויכטיקער פּאָזיציע. ביין אָדער צען עגיפּטער זענען דערהרגעט געוואָרן נאָענט פֿון דער אָקאָפּע און אין איר.

אַז די פּאָזיציע איז ווידער געווען אין די פּאַרטיידיקערס הענט, איז אַלעקס אַוועק אינעם בונקער פֿון שטאַב. ביי די מענטשן וועלכע ער האָט געלאָזן הינטער זיך, איז ניט געווען גאָרניט פֿון נצחון־פֿרייד. זיי איז ניט איינגעפֿאַלן, אַז דער מוט און געוואַגטקייט פֿון דער באַר־וואָס אַדורכגעפֿירטער קאָנטר־אַטאַקע, זענען געווען די קרוינונג פֿון דער שלאַכט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער דערפֿאָלג איז נאָר אַ צייטווייליקער. דעם שונאס טאַנקען האָט נאָך אַלץ געוואַרט אויסער דער פּאַרצוימונג. די עגיפּטער וועלן אוודאי אויסנוצן זייער איבערגעוויכט אין געווער און שיקן נאָך טאַנקען, וואָס וועלן האָבן גענוג כוח צו פֿאַרניכטן דעם קיבוץ און זיינע מענטשן. די פּאַרטיידיקערס האָבן זיך גענומען ציילן די פֿאַרבליבענע אַמוניציע. זי איז כמעט אין גאַנצן אַוועק בעת דער קאָנטר־אַטאַקע צו דעראָבערן די פּאָזיציע. אַלץ וואָס איז זיי פֿאַרבליבן — איינצלנע קוילן און עטלעכע האַנט־גראַנאַטן.

דריי מענטשן זענען נאָענט געשטאַנען אין איינער פֿון די אָקאָפּעס־אויסבייגן, ניט ווייט פֿונעם עק בערגל. זייענדיק פֿאַרצווייפֿלט און אַנטוישט, האָבן זיי זיך ניט גערעכנט מיטן בפֿירוש באַפֿעל: ניט שטיין נאָענט און צונויפֿגעדרענגט. מיט אַמאָל האָבן זיי דערהערט דעם רויש פֿון אַ טאַנק־מאָטאָר און דערזען ווי אַ רויך־פֿאַרהאַנג הייבט זיך אויף איבער דער דורכגעריסענער פּאַרצוימונג. מעגלעך, אַז מיט אַ טאָג צי אַ שעה פֿריער, וואָלטן זיי אַזוי ניט רעאַגירט ווי איצט.

— זיי רייסן זיך אַריין אינעווייניק! זיי דרינגען אַריין אַהער! — האָט רפאל געשריען.

— וואָס וועט זיין מיט די פֿרויען?

די אכזריות פֿון די אַראַבער כלפּי יידישע פֿרויען איז אַלעמען געווען באַוווסט. איינער פֿון די מענטשן האָט אויסגעבראָכן אין אַ היסטעריש געוויין.

— נאָך אַזעלכע שלאַכטן וועלן זיי זיך ניט באַציִען צו אונדז ווי צו קריגס־געפֿאַנגענע — האָט געזאָגט מנחם. — דאָ וועט זיין אַ שחיטה ווי אין כפֿר־עציון.

— בעסער מיר זאָלן זיך אַליין ליקווידירן — האָט פּינעק געזאָגט

און אַרויסגעשלעפּט דעם פּאַרזיכערער פונעם האַנט־גראַנאַט. האַלטנדיק אין האַנט דעם גראַנאַט גופא. די דריי מענטשן האָבן זיך אַרומגענומען, געפאַלן איינער אויפן צווייטנס האַלדז; זייערע הערצער פול מיט צער. אָט אַזוי נעמט אַ סוף צו זייערע יוגנט־חלומות, זייער בשותפותדיק לעבן און אַרבעט...

— וואַרט, וואַרט! — האָט מנחם געשריען. — זיי האָבן ניט בדעה צו אַטאַקירן. קוקט, זיי שלעפּן דעם טאַנק וואָס אין קיבוץ. דערווייל נאָך ניט, פּינעק! ווו איז דער פּאַרזיכערער, ווו איז ער?

פּינעק האָט געקענט אַ שליידער טאָן פון זיך דעם גראַנאַט וואָס ווייטער, נאָר אויב זיי האָבן בדעה ווייטער צו לעבן, איז דער גראַנאַט טייער און פון גרויס ווערט. מנחם האָט מיט די פינגער געניש׳טערט אינעם זאַמד און געפונען דעם פּאַרזיכערער.

— גיב אים אַריין צוריק אויפן אָרט! קער אום דעם פּאַרזיכערער! לאָמיר ניט שטאַרבן, ניט איצט!

פּינעק האָט אויף גיך צוריק אַריינגעשטעלט דעם פּאַרזיכערער און פּאַרזיכערט דעם גראַנאַט. לאַכנדיק און וויינענדיק האָבן די מענטשן זיך אַרומגענומען, נאָר דאָס מאָל איז עס געווען אַן האַלדזונג פון צוריק לעבעדיק געוואָרענע.

מיט אַמאָל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ פינצטערניש אויף דער ערד. די באַשיסונג האָט אויפגעהערט. דער רויך־פאַרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן און די מענטשן האָבן געקענט זען ווי דער „טויטער" טאַנק איז איינגעשפּאַנט געוואָרן צו אַ שלעפּ־טאַנק, וועלכער האָט אים אַרויסגעצויגן אויסער דער צעשטערטער פּאַרצוימונג.

אין פראָנט פון דער פּאָזיציע נומער 2 האָבן די עניפּטער מיטן „ברען" זיך צוריקגעצויגן און זיך געדוקט הינטערן ווייסן בערגל. די טאַנקן וועלכע האָבן באַדראָט די פּאָזיציע, האָבן זיך אויך צוריקגעצויגן. זלמן און מאָריץ האָבן זיך געאיילט פאַרלאָזן די טערקישע פּאָזיציע, פון וואַנען זיי האָבן דערלאַנגט פייער פונעם קוילנוואַרפער. גלייך ווי זיי זענען פון דאָרט אַרויס און אָנגעהויבן קריכן אין אָפענעם שטח, האָט אַ סנאַריאַד געטראָפן דירעקט אין דער טערקישער פּאָזיציע.

— איך באַדויער וואָס איר האָט פאַרשפּעטיקט — האָט מאָריץ געשריען. — ס׳האָט זיך אַלץ געקענט ענדיקן, נאָר איר האָט פאַרשפּעטיקט און דער סנאַריאַד האָט ניט געטראָפן אין ציל.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד.

— איך בין אַזוי מיד און פאַרמאַטערט, אַז כ׳וואָלט געוואָלט דער סנאַריאַד זאָל ניט האָבן פאַרשפּעטיקט... — האָט ער געמורמלט.

— דאָס איז געווען אַ מזל־זאַך — האָט זלמן געזאָגט, אַ דערשי־טערטער פון דעם וואָס ער איז אָקערשט ניצול געוואָרן פון טויט. אין די אַלע באַכמיטאָג־שעהען האָט ער געשטוינט ווי אַזוי האָט פּאַסירט, אַז אַזוי ווינציקע פון זיי זענען געטראָפן געוואָרן טראָץ דער מערדערלעכער באָמ־באַרדירונג און באַשיסונג. דער מאַן וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין דער טערקישער פּאָזיציע כדי פון דאָרט אָבסערווירן, איז פאַרוווּנדעט געוואָרן גראָד ביים זוכן שוץ אין דער אָקאָפּע. אַן אַנדערער ווידער האָט צעבראָכן דעם פוס; חביבה, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער דערבייִיקער אָקאָפּע, האָט זיך מיט אים פאַרנומען. די פאַרוווּנדעטע זענען אָפּגעקומען מיט לייכטע ווונדן בלויז. אים גופא האָט גאָרניט געשאַדט.

קיינער האָט ניט געוווּסט געוווּ וויפל מענטשן האָבן פאַרלאָרן זייערע לעבנס אין דעם דאָזיקן אומאָרגאַניזירטן קאַמף. מע האָט זיך געלאָזט זוכן די הרוגים. ס'איז געוואָרן נויטווענדיק צו גראָבן אַ בייעם קבר. מ'האָט אויס־געטיילט אַ שטיק ערד נאָענט פונעם בונקער, וועלכער האָט געדינט אַלס ברידער־קבר פאַר די וועלכע זענען פריער דערהרגעט געוואָרן. די מידע מענטשן האָבן זיך געטוישט בעתן גראָבן.

משה קלמנען האָט מען פון דער פּאָזיציע נומער 1 איבערגעפירט אינעם ברידער־קבר. משה האָט לכתחילה געהאַט אַ געפיל אַז ער וועט אומקומען אין שלאַכט. נאָך דעם זעלבן אָוונט, ווען ער האָט זיין פרוי רעיה געהאָלפן איינפּאַקן זייערע און די קינדערס זאַכן, האָט ער זיך פאַרגעברייט צו אַ מעגלעכן טויט. איר איבערגעלאָזט זיין צוואה: „דו וועסט דאַרפן טראָגן דעם עול...".

אויך דער בחור פון פלמ"ח, וועלכער איז דערהרגעט געוואָרן אין דער פּאָזיציע נומער 1 איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה. אין משך פון עטלעכע יאָר איז ער געווען פאַרשריבן אַלס אומבאַוווּסטער צווישן די חללים פון יד־מרדכי. ערשט שפּעטער איז אַנטדעקט געוואָרן זיין נאָמען, באַכן קאָנטראָלירן די דאָקומענטן פון פלמ"ח. ער האָט געהייסן פּרץ ראבינאָווו. מער איז גאָרניט געווען באַוווּסט וועגן אים, אויסער דאָס אַז ער איז געקומען אין לאַנד עטלעכע וואָכן פריער איידער ער איז געפאַלן.

אויך וועגן אַן אַנדערן פלמ"חניק, מאַרק שניידער, איז ניט געווען באַוווּסט קיין זאַך, אפילו ווי אַזוי ער איז אָנגעקומען. ער האָט באַדינט אַ קוילנוואַרפער און געקעמפט אין דער פּאָזיציע נומער 10, ווען מצרישע פּוסגייער האָבן זי אַטאַקירט — נאָר זיין קערפּער איז געפונען געוואָרן אויף אַ צווייט אָרט. היינט געפינט זיך זיין בילד אין קיבוץ צוזאַמען מיט די בילדער פון די אַנדערע געפאַלענע און ווערט אויסגעשטעלט אין יאָר־טאָג

פון די שלאַכטן. ווייזט אויס, אַז דאָס בילד איז געווען באַשטימט פּאַר אַן אַלגעמיינער פאָטאָגראַפיע פון אַבסאָלווענטן פון דער גימנאַזיע. דאָס איז אַן איינציק בילד פון דער זאַמלונג, וווּ דער אייגנטימער איז פאָטאָגראַפירט מיט אַ שטייפן קאָלנער און קראַוואַט.

עובדיה כהן איז ניט דערגאַנגען צו דער פּאָזיציע נומער 10, נאָך זיין דורכפאַל מיטן לאָזן אין באַוועגונג דעם „פּיאַט". כדי זיך דערשלאָגן צו דער פּאָזיציע און נעמען פון דאָרט די פאַרבליבענע סנאַריאַדן, איז געווען פּאַר אים אַ זיכערער וועג — אַ פאַרמאַטערנדיקער, איינגעבויגענער גאַנג דורך די זיגזאַגיקע אָקאָפּעס ביזן שטאַב און פון דאָרט צו דער פּאָזיציע דורך נאָך אַ פאַרבינדונגס־אָקאָפּע. עובדיה האָט אוודאי אויסגעקליבן אַ קירצערן וועג, אויף דער ערד. זיין קערפּער איז אַנטדעקט געוואָרן נאָענט פון די הינער־שטייגן, דריקנדיק דעם „פּיאַט" פעסט אין זיינע הענט. ווען ער איז מיט דער פאַרשטאַרקונג פון פלמ"ח אָנגעקומען קיין יד־מרדכי, האָט ער מיט אַ שאַלנדיק קול געזאָגט:

— כ'האָב ניט אויסגעזאָגט מיין מאַמען, אַז כ'גיי אַוועק אין נגב. זי מיינט, אַז איך געפין זיך אין תל־אביב. ווען זי וואָלט געוווּסט ווו איך קלייב זיך אַוועקצוגיין, וואָלט זי אוודאי ניט דערלויבט.

אַז שמעון איז אָנגעקומען אינעם בונקער פון שטאַב, כדי צוויסן געבן אַלעקסן אַז ער דאַרף אָנהייבן אַרבעטן מיטן „פּיאַט", איז דער יונגיטש־קער דב אויפגעשפּרונגען פון זיין געלעגער:

— איך וועל גיין, כ'ווייס ווי אַזוי לאָזן אין באַוועגונג דעם „פּיאַט".

— בשום אופן ניט! — האָט זיך קעגנגעשטעלט די סאַניטאַרין. — דו ביסט פאַרווּנדעט. קענסט ניט גיין.

ניט געקוקט אויף דער ווונד אין קאָפּ, האָט דב זיך אַרויסגעשאַרט פון בונקער אין דרויסן. ער איז אפילו ניט דערגאַנגען צום אָרט פון דער שלאַכט, ווייל ער איז געטראָפן געוואָרן אויפן וועג צום עוקאַליפּטוס־וועלדל. צוויי טעג נאָך זיין טויט איז אין שטאַב פון דער נגב־דיוויזיע אָנגעקומען אַ באַפעל צו באַפרייען אים. אַזוי ווי ער איז אַלט געווען בלויז 16 יאָר, האָט זיין מוטער געפאָדערט זיין באַפרייונג. ניט געווען דער מאַן וואָס זאָל פאָדערן חזקה אויפן רעוואָלווער, וועלכן ער האָט געטראָגן מיט אַזאַ שטאָלץ, נאָך דעם ווי ער האָט אים גענומען פון אַ דערהרגעטן מצרישן אָפיציר.

אויף הערצלס קערפּער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה. זיינע צונויפ־געצויגענע ברעמען האָבן אויף זיין פּנים איבערגעלאָזט אַ מין אויסדרוק פון כמורנעקייט — אַן אויסזען וועלכן ער פלעגט אָפט ביים לעבן אַרויפ־נעמען אויף זיין געזיכט. ער איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט פּראָבלעמען אויף פּראָבלעמען. אַזוי ווי ער האָט געהערט צו די אָנפירנדיקע חברים פון השומר הצעיר, איז זיין עליה קיין ארץ־ישראל אָפּגעלייגט געוואָרן ביזן

אויסברוך פון קריג. ווען ער האָט באַדאַרפט עולה זיין צוזאַמען מיט מרים און חאסקע, האָט זיך מיט אַמאָל אַרויסגעוויזן, אַז אַלע זיינע דאָקומענטן האָט מען צוגענבעט. ער האָט זיך צוריקגעצויגן צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי, געאַרבעט אין אַ קאָלכאָז און נאָך דער מלחמה אָרגאַניזירט אומ־לעגאַלע עליה פון איטאַליע קיין ארץ־ישראל. ער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו ווידמען פון זיין ענערגיע און ליבשאַפט פאַרן אויפבוי פון קיבוץ.

אַרעלע מעלער איז געווען דער לעצטער וועלכער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה. דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די בעטלעך־טרעגערס, לייב דאָרפמאַן, האָט ניט געהאַט קיין האַרץ צו גיין ברענגען אַרעלעס קערפּער. ביידע זענען געבאָרן געוואָרן אין דעם זעלבן קליינעם שטעטל אין פּוילן און געווען באַפריינדעט נאָך פון די קינדער־יאָרן. לייב איז אַפילו ניט געווען מסוגל שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק אַז אַרעלע איז שוין ניט מער צווישן די לעבעדיקע. ענדלעך האָבן די בעטלעך־טרעגערס, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן ראַיאָן פון די שלאַכטן וווּ ער האָט געקעמפט, געבראַכט דעם צעריסענעם קערפּער.

זלמן, וועלכער איז געשטאַנען אין קבר, האָט איבערגענומען דעם קערפּער. צומערשט האָט ער ניט געקענט אים דערקענען, ווייל אַרעלעס פּנים האָט זיך שטאַרק פאַרענדערט נאָכן טויט. די יסורים און איבערלעבונגען זענען געווען אויף אים קענטיק. דערנאָך האָט זלמן דערזען דעם גוט־באַקאַנטן האַנט־זייגער, אין גאַנצן ענלעך צו זיינעם. ביידע האָבן זיך געקויפט די זעלבע זייגערס אין איטאַליע, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיט אַמאָל האָבן אים פאַרפלייצט דערינערונגען פונעם גוטן חבר — דער אַרעלע, וועלכער האָט געפאָדערט מ'זאָל אים אַלס שאָפער איבערפירן אין דער בריגאַדע בלויז דערפאַר, ער זאָל ניט בלייבן אין אַפריקע אַלס ניט־קעמפער; אַרעלעס פריילעכקייט, ווען ביידע האָבן באַזאַמען פאַרבראַכט זייערע קורצע אורלויבן; זייער בשותפותדיקע בענקשאַפט נאָכן קיבוץ, נאָך זייערע פרויען און חברים. בלויז צוויי יאָר זענען פאַריבער זינט ביידע האָבן זיך אומגעקערט אַהיים נאָכן פאַרענדיקן דעם קריג. אַ טייל האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז אַרעלע האָט אַ דאַנק זיין העלדישן טויט אָפּגעראַ־טעוועט דעם קיבוץ. נאָר בעתן קובר זיין אים, איז זלמן ניט געווען פעיק שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זיין בעסטער חבר איז אומגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט און זיך צעכליפּעט.

ביז איצט האָט דער קיבוץ פאַרלאָרן 23 פון זיינע פאַרטיידיקערס. מער פון אַ דריטל פון די אַרבעטס־פעיקע קיבוץ־חברים זענען געווען אומפעיק, די אַנדערע האָט באַהערשט דערדריקטקייט, מידקייט און אַ מורא: ווי אַזוי

**ממשיך זיין און אויסהאַלטן? אַלעקס האָט דיקטירט זיין לעצטן טעלעגראַם פּאַגיע און רעיה האָבן זי איבערגעשיקט מיט דער הילף פון אַ טאַשן־לאַמטערל — אַ שפּילצייג:**

אַלע זענען פולשטענדיק דערשעפּט. די אַמוניציע האָט זיך אויסגעלאָזט. מיר בעטן אַ דערלויבעניש צו באַפרייען די לעבן־געבליבענע מענטשן.

# 9

# דער צוריקטריט

אַ זייגער צען ביינאַכט, האָט אַ פאַרבינדלער זיך אַריינגעריסן אין בונקער פון שטאַב און געמאָלדן, אַז פון קיבוץ ניר־עם שיקט מען איבער ליכט־סיגנאַלן. אַז די טעלעגראַמע איז דעשיפרירט געוואָרן, איז אין שטאַב געוואָרן פריילעך. דער פלמ״ח האַלט ביים שיקן פאַרשטאַרקונג און אויך געפּאַנצערטע לאַסט־אויטאָס, כדי עוואַקוירן די פאַרוווּנדעטע. אין אַ שעה אַרום דאַרפן די אויטאָס אָנקומען אַהער.

אין קיבוץ זענען געמאַכט געוואָרן אַלע צוגרייטונגען אויפצונעמען די הילף פון דרויסן. דער אַריינפאָר וועט זיין דורך דער פּאָזיציע נומער 7, פון דער צפון־מזרח־דיקער זייט. דאָרט האָט זיך פאַרענדיקט דער וועג וואָס האָט אין משך פון עטלעכע טעג פאַר דער באַלאַגערונג, געדינט אַלס לעבעדיקער פאַרבינדונגס־פּונקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט, הגם ר׳איז ניט געווען פון די גאָר זיכערע וועגן. אַנטקעגן דער פּאָזיציע האָט זיך געשלענגלט אַ זייטיקער, 3־מייליקער אספאַלט־שאָסיי, וועלכער האָט געפירט אין אַ פאַרלאָזטן בריטישן לאַגער. פון יענער זייט לאַגער האָט אַ ליים־וועג געפירט צו זאַמד־בערגלעך, פונוואַנען עטלעכע סטעזשקעס האָבן פאַרבונדן פאַרשידענע ישובים. אויף דעם דאָזיקן וועג האָט גרשון אַרויסגעפירט די קינדער אויף אַ זיכערן וועג, אָבער שפּעטער האָבן די פלמ״חניקעס באַדאַרפט מיט געווער אין האַנט קעמפן דערפאַר, אַז דער וועג זאָל בלייבן אָפן. אין אַ נאַכט־אַקציע האָבן די פלמ״ח־מענטשן ווידער אַמאָל באַהערשט אַן אַראַביש הויז וואָס האָט געהערשט איבער דעם אָפּשניט — אַן אָפּשניט, אויף וועלכן אויך די עגיפּטער האָבן געלויערט. אָבער איצט איז דער וועג געווען געפערלעך און כמעט ניט דורכצוגיין, ווייל מיט אַ טאָג פריער האָבן די עגיפּטער אַוועקגעשטעלט אויף עטלעכע בערגלעך אַרום גראַנאַטן־וואַרפערס און לייכט מאַשין־געווער.

גבריאל רמתין און אורין האָט מען געשיקט אויסער דער פאַרצוימונג אָפּצוּוואַרטן די אויסשפּירערס. דער אָפּגערעדטער צייכן איז געווען — שיקן ליכט־סיגנאַלן פון אַ לאַמטערל, פאַרשטעקט אין אַן אַרבל פון אַ בגד, כדי

ניט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די עגיפּטער און זייערע קוילנוואַרפֿערס. די מענטשן זענען אַוועקגעקראָכן ווייט פונעם קיבוץ, ביזן פּונקט ווו מ׳האָט געקענט זען אַז דער זייטיקער וועג צווייגט זיך אָפּ פונעם הויפּט־שאָסיי. דאָרט האָבן זיי געוואַרט, לייכטנדיק אָפּס מיט זייערע לעמפּלעך.ביידע מענטשן האָבן זיך באַטייליקט אין דער שלאַכט קעגן טאַנק; ביידע זענען זיי געווען טויט־מיד, בלויז די געשפּאַנטע נערוון האָבן זיי דערמעגלעכט גובר צו זיין דעם שלאָף. פון צייט־צו־צייט האָבן די עגיפּטער אויסגעשאָסן ראַקעטעס און באַלויכטן דעם שטח. צוויי מענטשן האָבן אויסגענוצט די אויסטיפונג אין דער ערד, באַהאַלטנדיק זיך דאָרט.

ס׳איז פאַריבער אַ שעה. אויף די ליכט־סיגנאַלן פון קיבוץ, איז ניט געקומען קיין שום ענטפער. די עגיפּטער האָבן פון זייערע גראַנאַטן־וואַרפֿערס און לייכטן מאַשין־געווער געעפנט אַ פייער אויפן שאָסיי.

— אַ סברה, אַז די פּלמ״חניקעס וועלן מיט כוח דאַרפן זיך אַדורכברעכן דעם וועג — האָט געזאָגט אורי. ניט געקוקט אויף דער ריזיקע, זענען די צוויי מענער אַרויס פון דער פאַרטיפונג. פאַרבייגעלאָפן עטלעכע פעלזן און זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ צווייטער פאַרטיפונג. קריכנדיק אין א גרויסן אויסבייג, כדי ניט פאַרזען דעם ענטפער מיט ליכט־סיגנאַלן. ענדלעך האָבן ביידע באַמערקט אַ שוואכן ליכט־אָפּשיין — דעם אָפּגערעדטן סימן. צוויי פּל־מ״חניקעס האָבן קריכנדיק זיך דערנענטערט צו זיי. דאָס איז געווען גרשון, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיטן עוואַקוירן די קינדער און נאָך אַ קעמפער.

— שוין אַ צייט ווי מיר זוכן אייך — האָט גרשון זיך. אָפּגערופן. — מיר האָבן געמיינט, אַז איר האָט ניט אויפגעכאַפּט אונדזער סיגנאַליזאַציע, אָדער אַז איר אַלע זענט טויט.

ער האָט זיי מגלה סוד געווען, אַז דריי געפּאַנצערטע לאַסט־אויטאָס וואַרטן אין וואַדי, אויף יענער זייט באַן־ליניע, אַ 400 מעטער פון דער פאַרצוימונג. נאָך פינף אויטאָס מיט פאַרשטאַרקונג איז ניט געלונגען אַהער צו קומען.

די פיר מענטשן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום בונקער פון שטאַב נאָכן אַדורכקריכן די פאַרצוימונג און פאַרבייגעגאַנגען די פּאָזיציע נומער 7. די קאָמאַנדירן האָבן צונויפגערופן אַ זיצונג פון דער זיכערקייטס־קאָמיסיע, נאָר זי אָפּגעהאַלטן אין דרויסן. זיי האָבן דאָס דערקלערט דערמיט, וואָס אין בונקער איז הייס, נאָר דער אמתער מיין דערפון איז געווען, צו באַראַטן זיך מיט גרשונען, אַז וואָס ווייניקער מענטשן זאָלן זיין דערביי. איצט האָט מען באַדאַרפט אָננעמען באַשלוסן נאָר דורך מיליטער־לייט און ס׳איז ניט געווען קיין צייט אויסצוהערן מיינונגען פון די קיבוץ־חברים. אַז זיי האָבן פאַרנומען ערטער אין איינער פון די אָקאָפּעס ניט ווייט פונעם צעשטערטן

קינדער־הויז, האָט דינה אָנגעוויזן אויף צוויי טונקעלע געשטאַלטן אויפן דאַך — קוקט — האָט זי אויסגערופן מיט שטוינונג. — אונדזערע פּאַוועס. ווו זענען זיי געווען די גאַנצע צייט? וואָס האָבן זיי געגעסן? ווו האָבן זיי זיך באַהאַלטן?

דאָס איז געווען אייגער פון די ווונדערלעכע פאַלן אין די קאַמפן, אַז פון אַלע בהמות און עופות, זענען בלויז די פּאַוועס געבליבן לעבן.

גרשון האָט געוואָלט וויסן פּרטים פון דעם וואָס קומט פאָר אויפן אָרט און טוביה האָט אים דערציילט וועגן דער שלאַכט איבערן טאַנק. דערנאָך האָט ער אים אָפּגעגעבן אַן אַלגעמיינעם באַריכט. וואָס שייך געווער און אַמוניציע איז די לאַגע געווען אַ פּיל ערגערע. אַ לייכטער מאַשין־געווער און גראַנאַטן־וואַרפער האָבן שוין צו גאָרניט געטויגט, מ׳האָט אין זיי דירעקט געטראָפן. די אַמוניציע פאַרן ענגלישן געווער האָט זיך כמעט אין־גאַנצן אויסגעלאָזט. פיל קוילנוואַרפערס „ברען״ און ביקסן האָט מען שוין ניט געקענט באַנוצן.

— וויפל צייט, מיינט איר, וועט מען אויסהאַלטן, אויב מ׳וועט נאָך אַמאָל אַטאַקירן? — האָט געפרעגט גרשון.

— נאָטעק האַלט, אַז ניט מער ווי צוויי שעה, ווייל דערנאָך וועלן מיר ניט האָבן מער קיין אַמוניציע.

וואָס שייך די מענטשן, האָט טוביה אויסגערעכנט די פאַרלוסטן. ר׳האָט אָנגעוויזן, אַז אייניקע אומלעגאַלע עולים, די א.ג. מעפּילים, וואָס זענען אין דער צווייטער נאַכט געקומען אין קיבוץ, זענען אַזוי צערודערט, אַז זיי קען מען ניט באַטראַכטן אַלס קאַמפּס־פעיקע. ביי אַ טוץ יוגנטלעכע זענען מסוגל צו דערפילן די אויפגאַבן בלויז פון פאַרבינדלערס און צו גראָבן אָקאָפּעס און גריבער; אַז פּאַקטיש זענען צוזאַמען מיט די קאַמפּס־פעיקע פאַרוווּנדעטע געבליבן ביי אַ זעכציק מאַן, וועלכע מ׳דאַרף צעשטעלן אין 10 פּאָזיציעס. און אויך די זענען טויט־מיד. פונדעסטוועגן האָט טוביה געגלייבט, אַז דער קיבוץ וועט אויסהאַלטן, אויב מען שיקט אים פאַרשטאַרקונג אין מענטשן, אַמוניציע, אויסשטאַטונג.

— כ׳האָב געבראַכט מיט זיך אַן אָפּטיילונג, אויב זי וועט זיך קענען צו אייך אַדורכשלאָגן — האָט געזאָגט גרשון.

— דרייסיק מאַן וועלן גאָרניט אויפטאָן — האָט טוביה דערווידערט.

— מיר נייטיקן זיך כאָטש אין צוויי אָפּטיילונגען. מיר דאַרפן אַ 3־אינטשיקן גראַנאַטן־וואַרפער. און דורך אַטאַקעס פון דרויסן דאַרף מען אָפּשוואַכן דעם מצרישן דרוק אויף אונדז.

ער האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען נאָך נייטיקע זאַכן: מער געווער און אַמוניציע, רידלעס צום גראָבן און מעדיקאַמענטן.

— מיר נייטיקן זיך אין נאָך עפּעס — האָט זיך אָנגערופן דינה. — אונדזערע פּרימוסן טויגן צו גאָרניט. מיר קאָנען ניט אפילו סטעריליזירן דעם דאָקטאָרס אינסטרומענטן. מען מוז באַקומען נייע פּרימוסן, אָדער קיכן. כאָטש וואַרעמע געטראַנק דאַרף מען געבן די קעמפּערס. קיין שפּייז פעלט ניט. נאָר וואָס איז מכוח אַ דאָקטאָר? דער וואָס איז מיט אונדז איז פולשטענדיק דערשעפּט. מ׳דאַרף אַהער שיקן נאָך אַ דאָקטאָר.

— מיר פאָדערן אויך עוואַקוירן די פּרויען — האָט געזאָגט טוביה.

— זיי פאַרנעמען די בונקערס, וועלכע וואָלטן בעסער געניצט פאַר די פאַרוווּנדעטע, אָדער פאַר די קעמפּערס. זיי זאָלן האָבן ווו זיך אָפּצורוען.

— איך האָב אַ פאַראָרדענונג צו עוואַקוירן בלויז די פאַרוווּנדעטע — איז געווען גרשונס ענטפער.

— טאַקע ריכטיק, אָבער דו ביסט דאָך אויפן אָרט און קענסט אַליין זען אין אַ וואָסער לאַגע מיר געפינען זיך — האָט טוביה ניט נאָכגעגעבן. — מיר זענען אויף דער פייער־ליניע און אונדזער געביט איז אויסצוהאַלטן אויף דעם אָרט. מיר וועלן דאָ אויסהאַלטן, אויב איר דערלאַנגט די געפאָדערטע הילף. מיר האָבן פאַרשאַפט די עגיפּטער שווערע פאַרלוסטן און נאָך דער היינטיקער שלאַכט זענען זיי נאָך מער דערשלאָגן.

אַלעקס איז ניט נוטה געווען מסכים צו זיין מיט טוביהס אָפּשאַצונג.

— טאַקע אמת, אַז מיר האָבן די עגיפּטער גורם געווען אַ סך פאַרלוסטן, מער ווי ביי אונדז, נאָר זיי קענען זיך דערלויבן — האָט ער געזאָגט. — לאָמיר אָפּשאַצן די סיטואַציע אַזוי ווי זי איז. די היינטיקע באַשיסונג האָט געמאַכט אייניקע דורכברוכן אין דער פאַרצוימונג פון שטעכלדראָט. אונדזערע קעמפּער זענען מיד און דערשעפּט, נאָר זיי קענען ניט רוען. איצט אַרבעטן זיי ביים פאַרבעסערן די אָקאָפּעס. מיר האָבן ניט קיין וואַסער. אַפילו ווען דער פלמ״ח שיקט אַ פאַרשטאַרקונג פון צוויי אָפּטיילונגען, וואָס איז אין ספק, וועלן זיי אויך צושטעלן וואַסער, מע זאָל אויסהאַלטן אַ לענגערע באַלאַגערונג? ניטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו פאַרריכטן די וואַסער־פּאָמפּע, דאָס אָרט געפינט זיך טאָג און נאַכט אונטערן פייער פון „פילבאָקס״. מיין מיינונג איז אָפּטרעטן, כל־זמן ס׳איז נאָך דאָ אַ מעגלעכקייט דערצו.

— אויב מיר וועלן ניט טאָן אַלץ וואָס ס׳איז מעגלעך, כדי דאָ בלייבן און איבערהאַלטן, איז דאָס אַ פאַרלייקענונג צום נאָמען פון אונדזער קיבוץ, צו מרדכי אַניעלעוויטש און צו די געטאָ־קעמפּערס — האָט טוביה אויסגערופן מיט ברען.

— אָבער וואָס וועט זיין, אויב דער פלמ״ח וועט ניט קענען שיקן קיין הילף? — האָט דערווידערט אַלעקס. — שוין עטלעכע טעג אַז מיר

פאָדערן פאַרשטאַרקונג און זי איז נאָך אַלץ ניט ביז איצט דאָ אָנגעקומען.

— איך וועל אויך זאָגן מיין מיינונג — האָט געזאָגט ראובן. — אונדזער קיבוץ איז געגליכן צו אַ פעסטונג, וואָס איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אויף די פאַרטיידיקונגס־ליניעס פון דער מדינה. אַזאַ פעסטונג קען אויסהאַלטן אַ שטיק צייט, נאָר אויב מע דערלאַנגט איר ניט קיין הילף, האָט זי אַ ברירה צו פאַלן. מיר דאַרפן גוט באַטראַכטן די באַדייטונג פון פאַרטיליקן אונדז דאָ — לגבי די אַנדערע טיילן פון לאַנד. ווען די פאַרטיידיקערס פון די פראָנט־פאָזיציעס ניט דערגיין צו דער מסקנה, אַז דער גאַנצער ווידערשטאַנד איז געווען אַן אומזיסטיקער? מיר שיינט, אַז דער חוב פון אַזעלכע פעסטונג־קעמפער איז זיך אָפּצוטראָגן, ווען מע דערגייט צו אונדזער לאַגע. מיר האָבן דערלאַנגט דעם שונא און צעשטערט זיינע פּלענער. מיר האָבן דערפילט אונדזער פליכט.

וואָס לענגער ס'האָט געדויערט דאָס געשפּרעך, האָט זיך געשטאַרקט דאָס געפיל, אַז די לאַגע פון קיבוץ איז אַ פאַרצווייפלטע. דער פּלמ״ח קען ניט באַקומען זייערע פאָדערונגען ניט מיט אויסשטאַטונג, ניט מיט מענטשן, אַזוי, אַז זיי שטייען איצט פאַר צוויי מעגלעכקייטן: אַ זיכערער טויט, אָדער אַ ריקצוג. זלמן האָט רעזומירט:

— איך גלייב ניט, אַז אין פאַרלויף פון די עטלעכע שעה וואָס זענען אונדז פאַרבליבן, וועט מען אונדז קענען דערלאַנגען הילף. מיר דאַרפן טאָן דאָס וואָס איז בשעתו געטאָן געוואָרן אין דונקערק. מיר דאַרפן פאַרלאָזן דאָס אָרט, כדי זיך קענען אומקערן און דערווייל קעמפן אויף אַן אַנדער אָרט.

גרשון אַליין איז געשטאַנען אַ דערשלאָגענער צוליב דער אַלגעמיינער לאַגע — די פאַרלוסטן, די מאָראַל פון די לעבן־געבליבענע און די גרויסע צעשטערונג. ער איז אָבער געווען אַ מיליטער־מאַן און געהאַט באַפעלן, וועלכע ר'האָט באַדאַרפט אויספילן.

— ניט איך האָב די מעגלעכקייט דערלויבן אייך פאַרלאָזן דאָס אָרט — האָט ער דערקלערט פאַר די מיטגלידער פון דער זיכערקייט־קאָמיסיע. — די באַפעלן זענען די, אַז איר בלייבט אויפן פּלאַץ און דאַרפט אויסהאַלטן. כ'וועל זיך באַמיען מיטנעמען מיט זיך, די פרויען וואָס געפינען זיך דאָ, וויפל כ'וועל נאָר קענען. כ'וועל באַריכטן וועגן אַלץ וואָס כ'האָב געזען און דורך סיגנאַליזאַציע אָדער אַ פאַרבינדלער וועלן מיר צוויסן געבן וועגן דער מעגלעכער הילף.

— מיר וועלן מאַכן אַלע צוגרייטונגען דאָ צו בלייבן, אָבער אויך זיך גרייטן צום פאַרלאָזן — האָט אַלעקס געענטפערט. — אויב מיר באַקומען ניט פון אייך קיין תשובה ביז 3 פאַרטאָג, הייבן מיר אָן דעם ריקצוג.

אַזוי ווי גרשון האָט מסכים געווען צו עוואַקוירן אַ טייל פון די פּרויען, איז דער זיכערקייט־קאָמיסיע שווער געווען צו אַנטשיידן: ווער פון זיי דאַרף בלייבן צוליבן אָנטייל אינעם מלחמה־אָנשטרענג און ווער מעג פאַרלאָזן דעם קיבוץ. די קאָמיסיע האָט באַשלאָסן, אַז 9 פרויען מוזן בלייבן, מ'טאָר ניט אויף זיי מוותר זיין: מרים, דינה, די דריי פאַרבינדלערינס, די צוויי סאַניטאַרינס, לאה — די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר שפּייז־פאַרזאָרגונג און רחל — די פאַרבינדלערין פון פּלמ"ח. אין די לאַסט־אויטאָס איז אָבער ניט געווען גענוג אָרט פאַר אַלע פאַרווונדעטע און פאַר די פרויען. ווי אַזוי קלייבן צווישן איין חברטע און צווייטער, בעת אויף יעדער פון זיי האָט געדריקט די טרויעריקע מחשבה, צי וועט בכלל עמעץ בלייבן לעבן פון די וועלכע מען לאָזט אין קיבוץ. ענדלעך האָט די קאָמיסיע באַשלאָסן, אַז 8 מיידלעך פון דער יוגנט־גרופּע וואָס האָט געלערנט אין קיבוץ, פאַרבלייבן. און די אַנדערע פרויען, דער רוב פון זיי מאַמעס פון קינדער, זאָל מען עוואַקוירן.

בעת די אַלע פראַגן זענען באַהאַנדלט געוואָרן, האָט לייב דאָרפמאַן צונויפגענומען אַלע פאַרווונדעטע, כדי זיי צוגרייטן צו דער עוואַקואַציע. געווען צווישן זיי אַ מאַן זעכצן, וועלכע מ'האָט געמוזט טראָגן אויף בעטלעך. לייב האָט אָבער ניט געהאַט מער ווי 7 בעטלעך. בלית־ברירה האָבן די בעטלעך־טראָגערס באַדאַרפט 3 מאָל אַדורכמאַכן דעם זעלבן וועג. מ'האָט די פרויען און מענער צייטווייליק אָוועקגענומען פון זייערע אויפגאַבן, כדי זיי זאָלן העלפן די פאַרווונדעטע זיך דערשלאָגן צו די וואַרטנדיקע לאַסט־אויטאָס. די לבנה האָט נאָך אַלץ געלויכטן און מ'האָט געמוזט צענפאַכיק זיין פאָרזיכטיק אינעם געדריי פון די אָקאָפּעס, ניט אַרויסרופן די עגיפּטערס אויפמערקזאַמקייט און ניט ציען אויף זיך זייער פייער.

ווען די בעטלעך־טראָגערס זענען געקומען נעמען איינעם פון די פאַר־ווונדעטע צום אויטאָ, האָט יענער געבעטן אים איבערלאָזן אין קיבוץ. דאָס איז געווען לעאָן בלאַו, וועלכער איז שווער געטראָפן געוואָרן אין די לונגען. ער איז פאַרווונדעט געוואָרן נאָך אין ערשטן טאָג פון דער אַרטילערישער באַשיסונג און במשך 2 טעג איז ער געשטאַנען אין בונקער, ווייל די שווערע וואונד האָט אים ניט דערלויבט צו ליגן. ביז ס'איז אים געלונגען זיך אָוועקדרייען פונעם וואַכזאַמען אויג פון ד"ר קעלער און ער איז אַרויס פון בונקער. ער האָט געוואָלט שטאַרבן און געהאָפט, אַז אַ מצרישע קויל וועט אַ סוף מאַכן צו זיינע יסורים. ס'האָט אים אָבער צר דערזען אין דרויסן און געצוווּנגען זיך אומצוקערן אין בונקער.

— נעמט מיך ניט! — האָט בלאַו זיך געבעטן ביי די בעטלעך־טראָגערס. — ס'האָט ניט קיין זין. כ'וועל במילא ניט איבערטראָגן די וואַגלענישן פון וועג. נעמט מיך ניט — כ'בין אַ געענדיקטער.

— דו מוזט גיין — האָט פּלוצים זיך אָנגערופן דער ד"ר קעלער. — מע וועט דיך גלייך נעמען אויפן אָפּעראַציע־טיש און וועסט דערנאָך געזונט ווערן*.

אַ סך פון די פאַרוווּנדעטע האָבן זיך געשראָקן פאָרן וועג צו די לאַסט־אויטאָס. ווען מ'האָט זיי פאַרבייגעטראָגן דער פּאָזיציע נומער 7, האָט רפאל רודער דערפילט, אַז עמעץ טאַפּט אין זיין פּאַסעק און נעמט פון דאָרט אַרויס אַ האַנט־גראַנאַט.

— צו וואָס דאַרפסטו דעם גראַנאַט? — האָט רודער געוואָלט וויסן.

— גיב אים צוריק, מיר וועלן אים נאָך דאַרפן.

— אויב די עגיפּטער וועלן אונדז טרעפן אין וועג, בעסער זיך באַנוצן מיטן האַנט־גראַנאַט, איידער אַריינפאַלן אין זייערע הענט — האָט געענטפערט דער פאַרוווּנדעטער.

— הער אויף זיך דאגהן — האָט רפאל געזאָגט זיין פריינד. — טראַכט ניט אַזוי. דיין משפחה און דער קיבוץ נייטיקן זיך אין דיר. כ'וועל דיך באַגלייטן אַ שטיקל וועג, ביז דעם אויטאָ, און פון דאָרט און ווייטער וועט שוין גרשון פאַר דיר זאָרגן.

דער פאַרוווּנדעטער האָט זיך צעכליפּעט און צום סוף אָפּגעגעבן רודערן דעם גראַנאַט.

נאכן באַשלוס, וועלכע פּרויען צו עוואַקוירן, איז פאָרגעקומען אַן אייליקע געזעגענונג. די פרויען, וועמענס מענער האָבן ניט געקענט קומען זיך געזעגענען, צוליבן געפינען זיך אין די ווייטע פּאָזיציעס, האָבן צו זיי אויף פּאַפּירלעך אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער צו דער צעשיידונג. די פאַרשריבענע צעטלען האָט מען איבערגעגעבן פריינד. אייניקע ווייבער זענען אַוועק אין זייערע צעשטערטע היימען, כדי פון דאָרט כאָטש אָפּראַטעווען דעם אַלבום מיט די בילדער, נאָר דער רוב איז געקומען צו די געפּאַנצערטע לאַסט־אויטאָס זייער לייכט אָנגעטאָן.

הגם די לבנה האָט געשיינט מיט איר פולער ליכט, האָבן די עגיפּטער זיך ניט געכאַפּט אויף דער לעבהאַפטער באַוועגונג אין קיבוץ. נאָר בעתן איבערפירן די פאַרוווּנדעטע צו די אויטאָס, זענען די עגיפּטער געוואָרן

* 6 חדשים נאָך די קאַמפן, איז די קויל אַרויס גענומען געוואָרן פון בלאַוס קערפּער. אייגע פון די ריפּן איז צעבראָכן געוואָרן און אַ שפּיץ אירער האָט געשטאָכן די לונג. אַז כ'האָב געפרעגט לעאָנען ווי פילט ער זיך איצט, האָט ער געענטפערט: „איך באַמי זיך צו זיין געזונט".

אַקטיוו. די גראַנאַטן־וואַרפערס און מאַשין־געווער וועלכע זענען געשטאַנען אויף די קעגנאיבערדיקע בערגלעך, האָבן געעפנט אַ פייער. צוויי פון די פאַרווונדעטע זענען ווידער געטראָפן געוואָרן, צום גליק — די לייכט־פאַרווונדעטע. די לאַסט־אויטאָס האָבן גערירט פון אָרט, באַגלייט מיט אַ כסדר זיך שטאַרקנדיק פייער.

לייב דאָרפמאַן און זיינע העלפערס האָבן געבראַכט דעם 14־טן פאַר־ווונדעטן, סעוועקן, בעת דער שאָפער פון לעצטן אויטאָ האָט געלאָזט אין גאַנג זיין מאַשין.

— אַ מאָמענט, וואַרט! — האָט לייב אויסגערופן. — פאַראַן נאָך 3 פאַרווונדעטע.

— כ׳קען ניט וואַרטן, ס׳איז צו געפערלעך — האָט געענטפערט דער שאָפער. — זיי צו עוואַקוירן, וועט מען שיקן אַן אַמבולאַנס.

— נעם בלויז אים — האָט לייב געשריען. — ער איז דאָך שוין דאָ. קענסט אים ניט איבערלאָזן.

מ׳האָט סעוועקן אַריינגענומען אין דער צונויפגעדרענגטער מאַשין, וועלכע האָט גערירט פון אָרט. דער אָפּשניט פון לאַסט־אויטאָ ביזן קיבוץ גבר־עם, אַ מרחק פון 8 קילאָמעטער, האָט זיך געפונען אונטערן מצרישן פייער. די עגיפּטער האָבן זיך באַמיט צו טרעפן די לאַסט־אויטאָס, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין און די פאַנצערקעס פון פלמ״ח, וועלכע ס׳איז ניט געלונגען צוצוקומען צו יד־מרדכי, האָבן געענטפערט מיט פייער. אַלע לאַסט־אויטאָס זענען בשלום אַדורכגעפאָרן. בלויז דער לעצטער איז אָנגעקומען קיין גבר־עם מיט אַ ברענענדיק גומי־ראָד.

דערווייל האָט מען די לעצטע צוויי פאַרווונדעטע געבראַכט צום טרעף־פונקט, נאָר דער לעצטער לאַסט־אויטאָ איז שוין דאָרט ניט געווען. צו זייערע אויערן האָט זיך בלויז דערטראָגן דער רעדער־געראַש אויפן שאָסיי.

— דער שאָפער מוז דאָ צוריק קומען, — האָט וועער פון די בעטלעך־טראָגערס זיך אָנגערופן און זיך געלאָזן לויפן נאָכן אויטאָ. פאַרגעסנדיק אין אַלע פאַרזיכט־מיטלען, האָט ער אָנגעהויבן פייפן און הויך שרייען. דער לאַסט־אויטאָ איז זיך אָבער ווייטער געפאָרן און די עגיפּטער האָבן איצט געצילט זייער פייער אין דער ריכטונג פון די געשרייען. דער מאַן האָט זיך אַראָפּ געלאָזט אין איינעם פון די ריוון, פאַראַלעל צום שאָסיי. לויפנדיק איינגעבויגן, איז ער אָנגעקומען קיין גבר־עם.

לייב און די בעטלעך־טראָגערס האָבן איצט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. — דער שאָפער האָט געזאָגט, אַז מע וועט אַהער שיקן אַן אַמבולאַנס — דעריבער לאָמיר דאָ וואַרטן.

לייב מיט די מענטשן האָבן זיך פאַרשטעקט אין אַ דערבייִיקן וואַדי.

טוביה איז געבליבן אין דער פּאָזיציע נומער 7, כדי אַכטונג געבן אויף דער עוואַקואַציע פון די פּאַרוואונדעטע און פון די פרויען, בעת אַלעקס איז צוריק אַוועק אין שטאַב, כדי אָרגאַניזירן די ווייטערדיקע פּאַרטיידיקונג פון אָרט. אַלע מענטשן וועלכע האָבן זיך געהאַט אָפּגערוט אין די בונקערס, זענען צעשיקט געוואָרן אין די פאַרשידענע פּאָזיציעס, כדי פונדאַסניי גראָבן די צעשטערטע אָקאָפּעס. נאָכדעם האָט מען געבעטן פּאַרטיילן צווישן די קעמפערס דאָס גאַנצע געווער און אַמוניציע. אויב ס׳וועט טאַקע באַשלאָסן ווערן צו בלייבן אויפן אָרט און ווייטער קעמפן, וועט מען זיך נייטיקן אין יעדער קויל; אויב מע וועט באַשליסן זיך צוריקציען, טאָר גאָרניט אַריינפאַלן אין שונאס הענט, אפילו איין שטיקל געווער.

נאָכן פאַרענדיקן די זיצונג פון דער זיכערקייט־קאָמיסיע, האָט זלמן זיך ניט אומגעקערט אין זיין פּאָזיציע, נאָר אַוועק צום באַראַק איבעם עוקאַליפּטוס־וועלדל, וואָס האָט בשעתו געדינט פאַרן סעקרעטאַריאַט. הגם די ווענט זענען געווען דורכגעלעכערט פון קוילן און די טיר אויפגעריסן — איז זיך דער באַראַק געשטאַנען ווי פריער. ער האָט אָנגעצונדן זיין טאַשן־לעמפּל. אים האָט זיך אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט זיך אומגעקערט צו דער וועלט פון נעכטן. אַלץ האָט זיך געפונען אויפן אָרט, ווי פאַרן אָנהייב פון די קאַמפן. אויף איינער פון די שענק איז געלעגן די פאָן פון קיבוץ, צוליב וועלכער ר׳האָט אַדורכגעמאַכט דעם וועג אַהער. אויפן טיש — די טעקע מיט דאָקומענטן, מיט וועלכע ר׳האָט זיך באַשעפטיקט בעת דעם ערשטן אָנפאַל פון די מצרישע עראָפּלאַנען. ער איז געוואָרן טרויעריק, דערמאָנענדיק זיך ווי אַרעלע האָט באַזוכט אין סעקרעטאַריאַט אין שייכות מיט די פּראָבלעמען פון דער סטאָלעריי. ער האָט הינטער זיך דערהערט אַ גערויש און אויסדרייענדיק זיך, האָט ער באַמערקט ראובנען, וועלכע איז געשטאַנען אין דער טיר.

— כ׳האָב געטראַכט וועגן אונדזער פאָן — האָט ער געזאָגט. — מיר קענען זי ניט איבערלאָזן פאַר די עגיפּטער. — זלמן האָט גענומען די פאָן, אָנעם שטעקן.

— אויך איך האָב געטראַכט וועגן דעם — האָט ער געענטפערט. דערנאָך האָט ער די פאָן אַרומגעוויקלט אויפן קערפּער, כדי זיך פאַרגרינגערן דאָס טראָגן זי און צוגעגעבן מיט אַ פּאַטעטישן טאָן: — ווען די יידן זענען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט דורך די רוימער, האָבן זיי מיט זיך מיטגענומען די זיבן־רעריקע מנורה. כ׳האָב דאָס געזען אין רוים, אויפן טיטוס־טויער. מיר וועלן נעמען מיט זיך די פאָן.

ווען זיי האָבן זיך שוין געקליבן צום אַוועקגיין, האָט זיך פלוצים באַוויזן לאהקע.

— כ'בין געקומען נעמען דעם שטעמפּל פון קיבוץ — האָט זי געזאָגט. — מיר טאָרן אים ניט דאָ איבערלאָזן. די עגיפּטער קענען זיך נאָך מיט אים באַנוצן פאַר זייערע צוועקן און אַחוץ דעם וועלן מיר זיך אים נייטיקן. פאַראַן דאָ 20 ל״י און בעסער, אַז מיר וועלן דאָס געלט נעמען מיט זיך; אויב מיר וועלן פון דאַנען אַרויס, וועט עס אַוודאַי צונוץ קומען.

אַזוי טאַקע האָבן זיי זיך געגרייט צום אָפּטרעטן, אויב מ'וועט זיין געצווונגען דאָס צו טאָן — ניט דורך צונויפזאַמלען פּערזענלעכע זאַכן, נאָר דורך אָפּראַטעווען דאָס געלט און די סימבאָלן פון זייער קאָלעקטיוון לעבן.

עטלעכע מינוט נאָך 3, האָט זיך טוביה אומגעקערט אין בונקער פון שטאַב און איבערגעגעבן די דערהאַלטענע מעלדונג פון פלמ״ח: ניטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו שיקן הילף.

די קאָמאַנדירן האָבן געגעבן דעם באַפעל פון צוריקטרעטן.

טראָץ דעם וואָס זיי האָבן אַדורכגעמאַכט, האָבן אַ סך אויפגענומען די ידיעה מיט אומצופרידנקייט. אין דער פּאָזיציע נומער 1 האָט קיינער ניט געגלייבט, אַז אַזאַ פאַראָרדענונג איז טאַקע געגעבן געוואָרן. דער פאַרבינד־לער וועלכער איז געשיקט געוואָרן אין דער פּאָזיציע, האָט געמאָלדן, אַז אַלע קיבוץ־חברים דאַרפן זיך צושטעלן אין שטאַב.

— איצט? וואָס עפּעס? — האָט מאָרדוק געשטוינט. — די לבנה לאָזט זיך אַרונטער און מיר וועלן ווייטער קענען גראָבן.

ער האָט געמיינט, אַז דער דעמאָקראַטישער גייסט וועלכער האָט געהערשט אין קיבוץ, און באַר ער, באַהאַלט זיך הינטער דער דאָזיקער אומלאָגישער פאָדערונג. אַ סברה, אַז מען רופט די חברים אויף אַ פאַרזאַמ־לונג. — אַלס קאָמאַנדיר פון דער פּאָזיציע פאַרוואָר איך אָפּשטעלן די אַרבעט — האָט ער באַפוילן. די מענטשן האָבן ווייטער געגראָבן. אַ ביסל שפּעטער איז געקומען צו לויפן נאָך אַ פאַרבינדלער, דאָס מאָל — פון די פלמ״חניקעס.

— אַרויס מיט אַלע מענטשן צו דער פּאָזיציע נומער 7. מיר גייען פאַרלאָזן דאָס אָרט.

— צוריקציען זיך? פאַרלאָזן? ווער האָט דאָס באַפוילן? — האָט מאָרדוק געשריען.

— יאָסקע האָט באַפוילן דעם צוריקטריט. און איצט — האַלט אונדז ניט אָפּ. איך דאַרף לויפן צו די אַנדערע פּאָזיציעס.

אַנעם וויסן פון די קעמפער, האָט יאָסקע געהאַט פון גרשונען די פולמאַכט צו פאַרלאָזן דעם קיבוץ, אויב די חברים וועלן אַזוי באַשליסן. יעדער פּרווו ווייטער זיך צו האַלטן אין יד־מרדכי מיט דער הילף פון בלויז 30 קעמפערס, וועט זיין אַן אַקט פון זעלבסטמאָרד. „דאָס איז דיין

פליכט צו ראַטעווען די אָפּטיילונג" — האָט אים גרשון געזאָגט. — „וועגן דעם באַשלוס וועל איך באַריכטן דער העכערער אָנפירונג. אין דער אָפּטיילונג זענען פאַראַן דערפאַרענע קעמפערס..." ער האָט שוין ניט באַדאַרפט פאַרענדיקן די רייד. ביידע האָבן פאַרשטאַנען און געוווּסט, אַז ס'האָט ניט קיין טעם, די מענטשן פון דער אָפּטיילונג זאָלן זיך אומנייטיק מקריב זיין.*

איצט איז מאָרדוק געוועזן דער, וואָס האָט באַפוילן זיינע מענטשן אָפּצוטרעטן. צומערשט האָט ער געשיקט די קיבוץ־חברים. דערנאָך האָט ער געגעבן די לעצטע פאַראָרדענונגען. דער 18־יאָריקער מאָרדוק האָט גערעדט מיט אַן ערנסטקייט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קאָמאַנדיר וועלכער דאַרף באַפעלן עלטערע פון אים מענטשן.

— יעדער וועט נעמען מיט זיך זיין געווער. איך וועל דורכפירן אַ קאָנטראָל, ווען מיר וועלן אָנקומען אין דער פּאָזיציע נומער 7. מע דאַרף זען בעמ׳ען אַלץ, ניט איבערלאָזן אַפילו איין קויל.

מרימס פּאָזיציע איז געווען פון די לעצטע, וועלכע איז פאַרלאָזט געוואָרן. דער אָנגעקומענער פאַרבינדלער האָט זי געטראָפן גראָד אין אַ מאָמענט, ווען זי האָט געהאָלפן אַוועקלייגן אויפן אָרט אַ זאַק מיט זאַמד. די פאַראָרדענונג האָט זי דערשטוינט. אין איר פּאָזיציע איז אַלץ געווען גרייט צו דער מאָרגנדיקער אַטאַקע — די אָקאָפּעס זענען פונדאַסנײַ צעגראָבן געוואָרן, די אָבסערוואַציע־פּונקטן פאַרבעסערט, די אַמוניציע איז געוואָרן אָפּגעצײלט. מרים איז געווען אַ צו גוטער זעלנער ניט צו וויסן, אַז זי גרייט זיך צום לעצטן פאַרמעסט, נאָר גלייכצייטיק האָט זי זיך באַמיט צו פאַרגעסן די דאגות און פאַרטריבן יעטוועדער שווערע מחשבה וועגן איר מאַן און קליינטשיקן זונדעלע. „מיר וועלן קעמפן ווי יענע יידן וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די מויערן פון ירושלים" — האָט זי גערעדט צו זיך. „לאָמיר דאָ, אין יד־מרדכי, זיך פירן ווי די פאַרטיידיקער פון מצדה".

איצט האָט אויסגעזען, אַז אַזוי וועט ניט זיין. איר איז ניט גרינגער געוואָרן, הגם דער באַקומענער באַפעל האָט זי געקענט לאָזן אַ לעבעדיקע. זי האָט דערפילט ווי ס'באהערשט זי א צער, דער צער פון דורכפאַל: נאָך דעם אַלעמען וואָס די פאַרטיידיקערס האָבן דאָ איבערגעלעבט, נאָכן טויט

* די זעלבע אָפּטיילונג האָט שפּעטער געקעמפט אויפן בערגל 138, אַ שליסל־פּונקט נאָענט פון חוליקאת און אָפּגעהאַלטן די עגיפּטער צו אטאקירן די ישובים וואָס האָבן זיך געפונען אויף זייער וועג. אין די לעצטע שלאַכטן פון דער מלחמה איז דאָס בערגל אריבער פון האנט צו האנט. אין די קאַמפן האָט די אָפּטיילונג פאַרלאָרן א דריטל פון אירע מענטשן.

פון אַ סך טייערע חברים, וועט מען די עגיפּטער לאָזן פאַרכאַפּן דעם קיבוץ. זי האָט באַפוילן די מענטשן:

— נעמט דאָס גאַנצע געווער און אַמוניציע. נעמט מיט זיך טרינק־וואַסער, אויב ס׳איז נאָך געבליבן. פאַרלאָזט די פּאָזיציע איינער נאָכן אַנדערן.

צוועלף יאָר שפּעטער, האָט מרים ניט געקענט איינהאַלטן אירע טרערן, ווען זי האָט דערציילט וועגן יענעם מאָמענט...

אַז די מענטשן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט ביי דער פּאָזיציע נומער 7, האָט יעדער פון זיי דערפילט אַ באַדערפעניש ווידער אַמאָל וואַרפן אַ לעצטן בליק אויף דעם צעשטערטן קיבוץ. די לבנה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און אירע ליכט־שטראַלן האָבן געוואָרפן דראַמאַטישע שאָטנס אויף דער פרעמדער, אומרע־אַלער לאַנדשאַפט. די אַזוי גוט באַקאַנטע געביידעס, אין וועלכע מ׳האָט גע־אַרבעט און געלעבט, זענען ניט געווען די זעלבע. די דעכער און פענצטער האָבן זיך ניט געפונען אויף זייערע ערטער און די טירן — אויפגעפּראַלט פאַר די ווינטן. צונויפגעוואַלגערטע ברעטער האָבן באַצייכנט די ערטער, ווו ס׳זענען פריער געשטאַנען שיינע באַראַקן. די געפלעגטעביימער זענען באַ־שעדיקט געוואָרן און זייערע קרוינען און צווייגן זענען געלעגן אויף דער ערד. בלויז דעם כינעזישן באַהעניע־בוים האָט צוגעשפּילט דאָס מזל. זייענדיק באַשיצט פון אַ בערגל, האָבן איצט זיינע ווייסע קנאָספּן געגלאַנצט אין ליכט פון דער פאַרשווינדנדיקער לבנה. איבער די חורבות האָט זיך אָנגעזען דער וואַסער־טורעם, דער דאָזיקער אייביקער סימבאָל פון חלוציזם, גרעאַנגל און פון באַפרוכפּערן די וויסטעניש. דער טורעם האָט זיך איצט געהאַלטן אויף דריי פיס און די גרויסע צאָל לעכער זיינע האָבן אויסגעזען ווי ווונדן. שווער געווען זיך צו שיידן פון דעם אָרט, אַפילו ווען ס׳איז איצט פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ וויסטער חורבה. אַ גרויסער טרויער, אויסגעמישט מיט דערשיי־טערונג, האָט זיך אָנגעזען אויף זייערע פּנימער.

יענער געוואַגטער ריקצוג פון מידע קעמפערס, פון פּרויען און פאַרוונ־דעטע, וועלכע זענען געווען מסוגל צו גיין אויף די פיס — איז געווען פּלאַנירט געוואָרן. צוויי וועגן האָבן זיי געהאַט פאַר זיך — און יעדער פון זיי מיט זיינע געפאַרן. זיי האָבן זיך געקענט באַנוצן מיט דעם וועג, אויף וועלכן עס זענען עוואַקוירט געוואָרן די פאַרווונדעטע; די לאַסט־אויטאָס איז געלונגען צו קומען אויפן אָרט און מעגלעך, אַפילו צוריק קומען, מ׳זאָל זיי ניט באַ־מערקן. די צווייטע מעגלעכקייט איז געווען צו פירן די מענטשן אויף צפון, דורך די פעלדער און וויינגערטנער. מיט דריי נעכט פריער, ווען יאָסקע האָט אויף דעם וועג אַהער געבראַכט די פאַרשטאַרקונג, זענען דאָרט קיין עגיפּטער

ניט געווען. ס'איז אָבער געווען אוממעגלעך פעסטצושטעלן, אויב פאַר דער צייט איז דער וועג ניט פאַרכאַפּט געוואָרן דורכן שונא. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו לאָזן זיך מיטן וועג אויף וועלכן מ'האָט עוואַקוירט די פאַרוווּנדעטע. דאָס איז געווען אַ קירצערער וועג — און דאָס האָט טאַקע דעצידירט, נעמענדיק אין באַטראַכט די מידקייט פון די קעמפּפערס.

דער ריקצוג איז באַשטימט געוואָרן אויף אַזאַ אופן: טוביה און סאַלעק זענען געגאַנגען פאָרויס, אַלס אויסשפּירער. נאָך זיי — זיגי מיט צען פון זיינע בעסטע מענטשן. הינטער זיי האָבן געשפּאַנט פּרויען און מענער, 10 אין אַ גרופּע, בראַש מיט אַן עלטסטן. אַלעקס האָט באַדאַרפט בלייבן אין דער פּאָזיציע נומער 7, ביזן איבערצייגן זיך, אַז אַלע האָבן פאַרלאָזט, ס'איז קיינער ניט געבליבן. דעמאָלט וועט ער צושטיין צו די פּלמ"חניקעס און מיט זיי אָוועקגיין אַלס הינטערשטע וואַך. בסך־הכל זענען געווען 110 מאַן. 25 פון זיי — האָבן געשפּאַנט פאַרוווּנדעטע; געווען נאָך מיט זיי 17 פרויען און אַ טוץ יוגנטלעכע פון דער יוגנט־גרופּע. די פּלמ"ח־איינהייט איז אַוועק מיט אַ באַזונדערן שטעג, מער צפונדיק.

מאָרדוק, דער אָריערגאַרדניק פון די פּלמ"ח־מענטשן, דערציילט: „ביי דער פאַרצוימונג האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו וואַרפן אַ לעצטן בליק אויפן קיבוץ. איך דערזע — כ'בין ניט דער לעצטער. ניט ווייט פון מיר האָב איך באַמערקט אַלעקסן, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט הינטער אַלע. אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען ווי אַ קאַפּיטאַן, וועלכער פאַרלאָזט דער לעצטער די שיף".

די באַטייליקטע אין ריקצוג האָבן ניט גענומען מיט זיך זייערע פּערזענלעכע חפצים, נאָר געשלעפּט דאָס גאַנצע געווער און פאַרבליבענע אַמוניציע: 35 ביקסן, דעם „שמייסער", דעם „שפּאַנדאו", די „ברענס" און סטענס, 50 האַנטגראַנאַטן און 100 ביקסן־קוילן. דער רוב אַמוניציע האָט ניט געפּאַסט צו די ביקסן וועלכע זיי האָבן באַזיצט; דאָס זענען געווען קוילן צו איטאַליענישע, אומטויגלעכע ביקסן. הגם דער באַגאַזש זייערער איז ניט געווען פון די לייכטע, האָבן זיי גענומען מיט זיך דעם גראַנאַטן־וואַרפער, הגם זיין אַמוניציע האָט זיך געהאַט אויסגעלאָזט. שמאי און רחל האָבן געטראָגן די באַוועגלעכע פאַרבינדונגס־מכשירים. איינער אַזאַ מכשיר, וועלכע האָט בכלל אויפגעהערט צו עפּעס טויגן, איז אַ באַשעדיקטער געבליבן אין קיבוץ.

נאָך דעם ווי די אויסשפּירער זענען אַריבער דעם הויפּט־שאָסיי, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף צוויי בעטלעך־טראָגערס. לייב דאָרפמאַן האָט זיי אויפגעקלערט, אַז ער מיט זיינע מענטשן וואַרטן נאָך אַלץ אויפן אַמבולאַנס,

מיט וועלכן מ׳האָט צוגעזאָגט צו עוואַקוירן די פאַרבליבענע צוויי פאַרוווּנ־דעטע.

— פאַרנעמט אַן אָרט הינטער דער ערשטער גרופּע — האָט טוביה באַפוילן. קיין שום הילף וועט ניט קומען. מיר וועלן דאַרפן טראָגן די פאַרוווּנ־דעטע אַ גאַנצן וועג. אַז איר וועט זיך בייטיקן אין הילף, וועלן אייך טוישן די וואָס גייען נאָך אייך.

טוביה און סאַלעק האָבן געוואַרט אין וואַדי, כדי שיקן די מענטשן צום פּראָוויזאָרישן אריבערגאַנג, וועלכער איז דאָרט אָוועקגעלייגט געוואָרן, נאָך דעם ווי די אַראַבער האָבן אויפגעריסן די בריק אין די ערשטע טעג פון דער באַלאַגערונג.

— מיר וועלן מוזן אַראָפּנעמען די מענטשן פונעם אַספאַלט, ווייל דער טומל וואָס זיי מאַכן, איז אַ צו גרויסער — האָט געזאָגט סאַלעק.

מ׳האָט אַלעמען געהייסן גיין אין אַ ניט־טיפן ריוו, ביי די זייטן פון וועג. די מענטשן האָבן זיך באַמיט צו באַוועגן שטיל און איינער האָט דעם צווייטן געהאָלפן. די לבנה איז פאַרשוווּנדן און אין דער פינצטערניש איז שווער גע־ווען אונטערצושיידן דעם וועג, וואָס פאַר זיי. לייב דאָרפמאַן, האָט זיך מיט אַמאָל אויסגעגליטשט און אומגעפאַלן און דער פאַרוווּנדעטער פלמ״חניק, וועל־כן ר׳האָט געהאָלפן טראָגן אויפן בעטל, איז שיער ניט אַראָפּגעפאַלן. לאהקע איז שנעל צוגעלאָפן און פאַרביטן לייבן.

— פאַרלאָזט מיך ניט, פאַרלאָזט מיך ניט! — האָט געשריען דער פאַרוווּנ־דעטער.

רעיה איז צו אים צו און גענומען זיין האַנט אין אירער. — האָב ניט קיין מורא, מיר וועלן דיך בשלום ברענגען קיין גבר־עם — האָט זי אים באַ־רויקט. — מע וועט דיך שיקן אין שפּיטאָל, דאָרט וועט מען דיר היילן די וווּנדן און נאָך אַ קורצער צייט וועסטו זיך אומקערן אין דיין קיבוץ. זאָרג זיך ניט, אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג.

— מיר וועלן אַלע זיין אין אָרדענונג, נפתלי — האָט לאהקע זיך אָנגע־רופן מיט פריילעכקייט. — צומערשט האָבן אַלע געמיינט, אַז מיר וועלן דאָ שטאַרבן, אין קיבוץ. אָבער איצט, ווי דו זעסט, זענען מיר געראַטעוועט.

— נאָך צו פרי זיך צו פרייען — האָט איר דאָרט אַ פּליסטער געטאָן פון הינטן.

— אונדז זענען באַקאַנט די מצרישע פּירעכצן — האָט לאהקע געזאָגט מיט אַ זיכערן טאָן. — אין דער פינצטער וועלן זיי ניט אַטאַקירן. אין גיכן וועלן מיר זיין אין גבר־עם.

בראש האָבן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט געשפּאַנט טוביה און סאַלעק. צומ־ערשט האָבן זיי אויסגעקוקט דעם וועג פאַר זיך און דערנאָך געוואַרט אויף




דער צוריקטריט

זיגיס מענטשן, כדי אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט*. זיי האָבן אָפּגעשאַצט, אַז אין אַ האַלבער שעה וועלן זיי אָנקומען צו די בערגלעך צווישן זייער קיבוץ און גבר־עם. ווען די קאַלאָנע, וועלכע האָט זיך געצויגן אויף אַ לענג פון אַ 400 מעטער, האָט דורכגעמאַכט ביי אַ דריטל פון וועג, האָבן זי די עגיפּטער אַנט־דעקט און געעפנט אַ פייער. די סנאַריאַדן פון די גראַנאַטן־וואַרפערס האָבן זיך געטראָגן מיט אַ געוואָי און אויפגעריסן מיט אַ פאַרטויבנדיקן רעש. מ'האָט אויך געהערט דאָס שנעלע קלאַפּן פון די קוילנוואַרפערס; לייכטנדיקע קוילן האָבן מיט זייער פאָספאָר דורכגעשניטן די נאַכט־פינצטערניש. פּאַקטיש האָבן די מצרישע אַרטילעריסטן געשאָסן איבערן וועג, נאָר די מאַרשירנדיקע האָבן דאָס ניט געוווּסט. יעדער פון זיי האָט זיך געפילט איינזאַם, הילפלאָז און אָנטבלויזט פאַרן שונאס פייער. ניט געווען איצט קיין מעגלעכקייט צוריק ענטפערן מיט מלחמה, וואָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די בהלה. יעדער האָט געמיינט, אַז עס זענען אוודאי פאַראַן פאַרוווּנדעטע. פאַר אים אָדער הינטער אים איז ווער געטראָפן געוואָרן און אָט קומט אויך זיין ריי. דער געניט־פּלאַנירטער ריקצוג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אַנטרינונג. די מענטשן זענען אַרויס פון די גלייכע רייען און געזוכט שוץ צווישן די אָנגעהויפטע ציגל און שטיינער פונעם בריטישן לאַגער, וועלכער איז צענומען געוואָרן דורך די אַראַבער. זיי האָבן זיך דאָרט איינגעגראָבן און ניט געוואָלט זיך רירן פון אָרט. אַנדערע האָבן געטאַפּטשעט אין זאַמד, געפאַלן אויף דער ערד, זיך אויפגעהויבן און גענומען לויפן פאָרויס. די מער דערפאַרענע האָבן גע־וואַרט ביז דער גראַנאַט וועט אויפרייסן און ערשט דערנאָך געלאָפן פאָרויס, טיילמאָל זיך אַראָפּגעלאָזט איבעם מערזער, וואָס האָט זיך געשאָסן פונעם אויפגעריסענעם סנאַריאַד. אַנדערע האָבן זיך אָפּגעטראָגן אויף צפון, צו די ווײַנגערטנער און מאַראַנצן־סעדער. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך גוט געהאַלטן און געבליבן צוזאַמען, נאָר דער רוב האָט געפילט אַ באַדערפעניש זיך אָפּצוטראָגן אין דער פינצטערניש, בעת הינטער זיי איז געווען שרעק, און פאַר זיי — דאָס אומבאַוווּסטע.

* ווי אויסטערליש און איראָניש איז דער גורל. דער זעלבער סאַלעק, וועלכער האָט געקעמפט אונטער ווינגייטס קאָמענדע און אפילו ניט צעראַצט געוואָרן אין די קאַמפן פאַר יד־מרדכי, איז שפּעטער געפאַלן פון אַ סנייפּערס קויל. אין יאָר 1955 איז סאַלעק געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די זיכערקייט־ענינים פון יד־מרדכי. אין איינער אַ נאַכט איז ער אַרויס אויפקלערן וויפל איז פאַראַן אמת אין די קלאַנגען, אַז אַריינדרינגלער האָבן זיך באַוויזן אין נאָענטן שטח — און דעמאָלט האָט מען צו אים געשאָסן פון אַ לויער. אַ האַלבע שעה נאָך זיין טויט איז אויף דעם אָרט אָדורכ־געפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ מיט קינדער פון שכנותדיקן קיבוץ. מעגלעך, אַז מיט זיין טויט, נאָכן אַנשטויסן זיך אויפן לויער, האָט ער געראַטעוועט דאָס לעבן פון אַ סך נפשות.

בלויז איינער פון די מענטשן איז ניט געווען מסוגל צו לויפן — נתן. זייענדיק אין אַ סאָוויעטישער קאָמאַנדאָ־אייַנהייט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ער ביים פאַרסירן די ווייסל געוואָלט כאַפּן אַ געפאַנגענעם. ווי נאָר ר׳האָט באַטרעטן די יבשה, האָט אַן אויפגעריסענער דייטשער גראַנאַט אים צעשמעטערט אַ פוס. ניט געקוקט אויף זיין אינוואַלידנשאַפט, האָט נתן, במשך צוויי טעג, געקעמפט אין קיבוץ ווי יעדער איינער. שפּעטער האָט אים טוביה איבערגעפירט פון דער פּאָזיציע און צוליבן כוח זיינעם, אים צוגעטיילט צו די אָקאָפּן־גראָבערס. ווען נתן איז געווען פאַרנומען מיטן פאַרריכטן די אָקאָפּע לעבן שטאַב, האָט אים טוביה געהייסן זיך אָנשליסן צו די עוואַ־קוירטע מיט גרשונס לאַסט־אויטאָס. נאָר זיין שטאָלץ, דער שטאָלץ פון אַ זעלנער, האָט אים ניט געלאָזט פאַרנעמען אַן אָרט צווישן די פאַרוווּנדעטע.

— כ׳וועל גיין זיך ברענגען די קוליעס — האָט ער געזאָגט, דערזעענדיק די פאַרפולטע אויטאָס. — אַז די קוליעס זענען לעבן מיר, קאָן איך דאָ בלייבן.

ווען דער ריקצוג האָט זיך אָנגעהויבן, האָט ער גענומען מיט זיך די צוויי ביקסן, וועלכע זענען געווען ביי דער פאַרצוימונג. ניט געווען לייכט פאַר נתנען אַדורכגיין און זיך אַרויסדרייען פון צווישן דעם פאַרפּלאָנטערטן שטע־כלדראָט, מיטביידע ביקסן אויף די אַקסלען און די קוליעס אין די הענט, בעת די פוס־פּראָטעזן איז ניט אַזוי עלאַסטיש. אייניקע פּרויען האָבן אים געהאָלפן גיין. איצט, אַז די עגיפּטער האָבן געעפנט אַ פייער, האָט נתן אָנ־געהויבן שפּאַנען אַן אויסגעגלייכטער, מיט זיין גאַנצער הייך, ווי ר׳וואָלט געדינט אַלס אויסגעצייכנט צילברעט פאַר די שיסערס. נאָר זייענדיק אַ דער־פאַרענער זעלנער, האָט ער אונטערשיידעט, אַז די קוילן פליען צו הויך — און אויב ער וועט יאָ געטראָפן ווערן, וועט דאָס נאָר זיין אַ שלעכט מזל. און אַזוי שפּאַנענדיק געלאַסן, מיט ביידע ביקסן אויף זיינע ברייטע אַקסלען, איז ער דערגאַנגען צום זיכערן אָרט ביי די בערגלעך.

ווי נאָר די שיסעריי האָט זיך אָנגעהויבן, האָט רחל פאַרלאָרן אירע שיך. זי איז צוזאַמען מיט שמאין געלאָפן נאָך עטלעכע הונדערט מעטער און דער־נאָך, אין סאַמע ברען פון דער שיסעריי, זיך אַוועקגעזעצט, כדי אַרויסנעמען אַ דאָרן וואָס איז איר אַריין אין פוס.

— פאַרהאַלט זיך ניט דאָרט — האָט שמאי אויסגערופן. — מיר טאָרן דאָ ניט בלייבן.

— ס׳טוט מיר אַזוי וויי — האָט רחל געענטפערט מיט גרויס רויקייט און אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם צווייטן פוס.

— אויב מיר בלייבן דאָ, וועט מען אומקומען. איך וועל דיך איבער־לאָזן — האָט שמאי געדראָט.

רחל האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט לויפן, נאָר אָפּט זיך אָוועק־געזעצט און באַטראַכט אירע באָרוועסע פּיס. אַז זיי זענען אַרויס פונעם ציל־דיסטאַנץ, ווו די גראַנאַטן האָבן געקענט טרעפן, האָט רחל זיך פאַרעקשנט און אָפּגעזאָגט זיך ווייטער צו גיין, ביז זי וועט ניט פאַרבינדן די פיס מיט שטיקלעך שטאָף, וועלכע זי האָט אָפּגעריסן פון איר קלייד.

נאָך דעם ווי אַלע זענען געלאָפן בערך אַ קילאָמעטער, האָבן די סנאַ־ריאַדן זיי שוין ניט באַלעסטיקט. סאַלעק און טוביה האָבן געהייסן די מענטשן גיין צו די בערגלעך. די פאַרבייגייענדיקע קעמפערס האָבן זיי געפרעגט וועגן גורל פון די פאַרווונדעטע, ווען און ווו האָבן זיי דאָס לעצטע מאָל געזען די בעטלעך־טראָגערס.

— מיט אַ צייט צוריק האָב איך געטראָגן ווע מען פון די פאַרווונדעטע, נאָר עמעץ האָט מיך פאַרביטן.

— די בעטלעך־טראָגערס האָב איך ניט געזען זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די באַשיסונג. — אַזעלכע און אַנדערע ענטפערס האָבן זיי באַקומען. קיינער האָט גאָרניט געוווּסט אויף זיכער.

דער קאַיאָר האָט זיך באַדאַרפט שטעלן. ענדלעך זענען אָנגעקומען די בעטלעך־טראָגערס. אַז זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד מיט דער משא, האָט טוביה באַמערקט ווי זיי פאַלן פון די כוחות. ער האָט פאַרביטן צוויי פון די סאַניטאַרן און פון דער צווייטער זייט אָוועקגעשטעלט אַ פּלמ״חניק.

— ווו איז דאָס צווייטע בעטל? — האָט געפרעגט טוביה. די בעטלעך־טראָגערס האָבן ניט געוווּסט; אינעם אַלגעמיינעם כאַאָס האָבן זיי זיך פאַר־לאָרן. — אפשר זענען זיי צוזאַמען מיט אַלעקסן און מיטן אַריערגאַרד — האָבן זיי געענטפערט.

טוביה איז אַוועק מיטן פאַרווונדעטן אויף יענער זייט בערגלעך, ווו ס׳האָבן געוואַרט די געפאַנצערטע לאַסט־אויטאָס. דעם פאַרווונדעטן האָט מען תיכף איינגעאָרדנט אין דער מאַשין — דאָס איז געווען משה, פון די פּלמ״ח־קעמפער.

שפּעטער איז אָנגעקומען די פּלמ״ח־אָפּטיילונג, וועלכע האָט מאַרשירט אין מיליטערישער אָרדענונג. מיט דער אָפּטיילונג איז מיטגעקומען אַלעקס און די לעצטע קעמפערס פון יד־מרדכי, די פון דער פּאָזיציע נומער 10. זיי האָבן זיך ניט צוריקגעצויגן אויפן באַשטימטן וועג, נאָר אַוועק צפונדיק, אויסגעמיטן די מאַראַנצן־גערטנער ניט ווייט פון בית־דזשירדזשא.

— מיר האָבן פאַרלאָזט דעם קיבוץ, ווען מ׳האָט געעפנט אַ פייער — האָט יאַסקע דערקלערט. — כ׳האָב ניט געקענט זיך דערוויסן, צי דער וועג מיט וועלכן מיר האָבן באַדאַרפט גיין, איז טאַקע פריי. מעגלעך, אַז עגיפּטער

האָבן זיך געפונען אין די מאַראַנצן־סעדער, נאָר כ׳האָב געהאַלטן, אַז בעסער גיין מיט דעם וועג, אַנשטאָט דעם צווייטן, וועלכער איז באַשאָסן געוואָרן.

אַ בעטל, אַ פאַרווונדעטער און די טראָגערס פעלן אונדז — האָט טוביה געזאָגט אַ באַזאָרגטער. — כ׳האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז זיי זענען מיט דיר. האָסט זיי ניט געזען?

— ניין. מיט אונדז איז קיין בעטל און די מענטשן ניט געווען — האָט אַלעקס געענטפערט. — אפשר זענען די בעטלעך־טראָגערס דערגאַנגען קיין גבר־עם דורך אַן אַנדערן וועג. לאָמיר האָפן.

די זון האָט אויפגעשיינט און ס׳איז געוואָרן געפערלעך צו בלייבן אַנטדעקט אין שטח. די קאָמאַנדירן האָבן אַוועקגעאײַלט קיין גבר־עם. אָנקומענדיק אין קיבוץ, האָט מען געטראָפן די חברים, באַהערשט פון צער און יאוש. געווען אַזעלכע וואָס האָבן זייער צער אַרויסגעבראָכן אויפן הויכן קול און אייניקע מענער און פרויען האָבן אַפילו געכליפעט. נאָך איידער זיי האָבן געפרעגט וואָס ס׳איז געשען, האָט מען צוויסן געגעבן, אַז די בעטלעך־טראָגערס מיטן פאַרווונדעטן זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די עגיפּטער.

סאַלעק ביעלסקי האָט דערציילט וואָס ס׳האָט פּאַסירט. אומקערנדיק זיך אויפן דורכגעמאַכטן וועג, כדי קאָנטראָלירן צי עס זענען ניטאָ קיין פאַרווונדעטע, האָט ער באַגעגנט די בעטלעך־טראָגערס. בלויז צוויי האָבן געטראָגן דעם פאַרווונדעטן: יעקב און לאהקע. זיי זענען געפאַלן פון מידקייט. סאַלעק איז געלאָפן אַלאַרמירן מענטשן וואָס זאָלן זיי פאַרבייטן. דערווייטערנדיק זיך פון דעם אָרט, האָט ער געהערט הינטער זיך אויס־געשרייען אין ענגליש און אַראַביש: „ווער איז דאָרט? די הענט אין דער הייך!" דערנאָך האָט ער דערהערט ביקסן־שאָסן. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ פּאַטרול, וועלכן די עגיפּטער האָבן אַרויסגעשיקט אין באַגינען. אַזוי ווי ר׳האָט ניט געקענט זיך אומקערן צו די בעטל־טראָגערס, איז ער שנעל אַוועק צו דעם געפאַנצערטן אויטאָ; דאָ זענען צו אים צוגעשטאַנען עטלעכע פלמ״חניקעס און אַלע האָבן זיך אומגעקערט, כדי פּרובירן ראַטעווען די סאַניטאַרן מיטן פאַרווונדעטן. אָנקומענדיק אַהין, איז שוין דאָרט קיינער ניט געווען. ערשט שפּעטער, אויף איינעם פון די באַרג־רוקנס, האָט מען געזען די סילועטן פונעם מיידל און יעקבן, ווי זיי טראָגן דאָס בעטל מיטן פאַרווונדעטן. זיי זענען געווען אַרומגערינגלט פון אַ מצרישן פּאַטרול.

— מיר זענען שולדיק וואָס מ׳האָט זיי געכאַפּט! דאָס איז אונדזער שולד! — האָט טוביה געשריען, ממש אויסגעבראָכן אין אַ געוויין פון צער און צאָרן.

די אַנדערע האָבן מיט אים מיטגעהאַלטן, באַשולדיקנדיק זיך אַליין.

— מיר האָבן באַדאַרפט זיין צוזאַמען. פאַר וואָס האָט מען זיי געלאָזן אַליין, קיינער פון די מענטשן איז ניט צוגעשטאַנען, כדי זיי העלפן. האָבן זיי פאַרבלאָנדזשעט? זענען זיי געווען אַזוי מיד, ניט געקענט שנעל גיין?

דריי מאַן זענען געכאַפּט געוואָרן דורך די עגיפּטער: יעקב יהלום, לאהקע שפּיר און נפתלי האַלצמאַן פון פלמ״ח. זיי זענען אָבער געווען געפאַנגענע, ניט טויט. אייניקע האָבן באַרויקט שפרהן, יעקבס ווייב.

— ער איז אַ קריגס־געפאַנגענער. אַלס בעטל־טראָגער ווערט ער באַטראַכט ווי אייגער פון רויטן קרייץ. אין עטלעכע חדשים אַרום וועט מען אים אויסטוישן אויף אַ מצרישן געפאַנגענעם.

— ער איז געקומען צום לאַסט־אויטאָ, כדי זיך געזעגענען מיט מיר און אַפילו געזאָגט „שלום״ — האָט געזאָגט שפרה. — ער האָט מיר אָנגעזאָגט „טראַכט וועגן אונדזער טאָכטער״, ווי ער וואָלט געפילט אַז מיט אים וועט עפּעס פּאַסירן. איצט באַדויער איך וואָס כ׳בין ניט געבליבן מיט אים. כ׳וואָלט אים געקענט העלפן טראָגן דאָס בעטל און קיינמאָל אים ניט פאַרלאָזן.

שפרה מיט יעקבן האָבן חתונה געהאַט מיט 4 יאָר צוריק. זיי האָבן זיך באַגעגנט, ווען מ׳האָט אים געשיקט פון אַ צווייטן קיבוץ דינען אין דער אייגהייט צו באַוואַכן דעם ים־ברעג אין נתניה. פאַרליבנדיק זיך אין איר, האָט ער פאַרלאָזט זיין קיבוץ און זיך אָנגעשלאָסן אין יד־מרדכי. יעקב איז געווען אַ קולטורעלער מענטש, גרינטלעך געקענט פיר שפּראַכן און געלערנט א פינפטע. ער האָט געאַרבעט אין גאָרטן פון גרינוואַרג און בעת דער באַלאַגערונג, האָט ער אין די נעכט באַדאַרפט באַוואַסערן דאָס גרינס. ווייל בלויז דעמאָלט איז מעגלעך געווען אויסצוטיילן עלעקטרישן שטראָם אויף צו לאָזן אין גאַנג די פּאָמפּע. ער האָט אַפילו געבעטן דערלויבן אים צו באַנוצן זיך מיט דער עלעקטריע ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, כדי הערן דעם לעצטן נייעס־קאָמוניקאַט אין ראַדיאָ. יעדע נאַכט, נאָכן אויסהערן די נייעס, האָט ער זיי פאַרשריבן אויף פּאַפּיר און דאָס אויפגעהאַנגען אויפן טאָוול פון די מעלדונגען. אַז די מענטשן זענען געקומען אין דער פרי אין עס־זאַל, האָבן זיי געהאַט פאַר זיך די לעצטע נייעס.

נפתלי האַלצמאַן איז געווען אַ הויך־וווקסיקער און שווער־וואָגיקער און ס׳איז ניט גרינג געווען אים צו טראָגן. ער איז געווען אַ חבר אין קיבוץ דליה, איז מאָביליזירט געוואָרן אין פלמ״ח און מ׳האָט אים געשיקט פאַרטיידיקן דעם באַלאַגערטן יד־מרדכי.

כמעט אַ גאַנצן וועג האָט לאהקע געטראָגן דאָס בעטל. זי איז שטענדיק געווען אַ קעמפערישע פרוי און אַ געפיל פון אחריות האָט זיך אין איר

פאַרוואָרצלט פון דער קינדהייט אָן. זייענדיק עטלעכע חדשים אַלט, איז זי פאַריתומט געוואָרן פון די עלטערן און אַריבער אין דער היים פון זיידן, אַ ייד אַ קפדן, ווו ס׳האָבן זי דערצויגן דריי ניט חתונה־געהאַטע מומעס. איר פאַמיליע האָט קיינמאָל ניט מסכים געווען מיט איר שטרעבונג צו זיין אַ חברטע אין „השומר הצעיר”, באַטייליקן זיך אין זייערס אַ קאָלאָניע, אָדער עולה זיין קיין ארץ־ישראל. זי איז אָבער געווען אַנטשלאָסן מיט אירע מיינונגען און ניט געלייגט קיין אַכט אויף די קרובים. צום סוף האָבן זיי זיך געווענדט צום רב נאָך אַן עצה. „לאָזט איר לויפן” — האָט דער רב געפסקנט. „בעסער אַזוי, איידער זי וואָלט זיך געווען שמדן”. אַזוי האָט זי זוכה געווען צו א דערלויבעניש עולה צו זיין, נאָר זי האָט דאָס געמוזט טאָן מיט אייגענע כוחות. דאָס האָט ניט געהערט צו די לייכטע זאַכן. איר שוועסטער, אַ קאָמוניסטין, איז אַרעסטירט געוואָרן. לאהקע האָט באַדאַרפט באַשליסן: אַוועקגעבן איר געלט אַן אַדוואָקאַט צו פאַרטיידיקן די שוועסטער אין געריכט, אָדער זיך דערמיט באַנוצן, כדי עולה צו זיין. זי האָט די עליה אָפּגעלייגט. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען איינע פון די מומעס איז קראַנק געוואָרן, האָט זי ווידער באַדאַרפט אָננעמען אַן ענלעכן באַשלוס. ענדלעך איז איר געלונגען עולה צו זיין און מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זי אָנגעקומען אין לאַנד.

אַ סך חדשים האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי געהאָפט, אַז די דריי וועלן זיך אומקערן. עס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן פאָרשונגען מיט דער הילף פון רויטן קרייץ און פון אונ״אָ. הגם ראַדיאָ קאיר האָט איבערגעגעבן וועגן נעמען זיי אין געפאַנגענשאַפט, האָבן די עגיפּטער געלייקנט, אַז זיי ווייסן עפּעס וועגן צוויי מענער און אַ פרוי. זיי זענען אַוודאי דערהרגעט געוואָרן, אָבער ווי אַזוי און ווען — ווייסט מען שוין קיינמאָל ניט וויסן. מיטן טויט פון די געפאַנגענע, איז די צאָל הרוגים פון יד־מרדכי דערגאַנגען צו 26 — 8 פון פּלמ״ח און 18 קיבוץ־חברים.

# 10

# אויסערן קיבוץ און דער צוריקקער

די מענטשן פון יד־מרדכי האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין גבר־עם נאָר אַ האַלבן טאָג. אייניקע פון זיי האָבן זיך אַרומגעוואַשן און געפרישטיקט, אײדער זיי האָבן זיך געלייגט שלאָפן. אַנדערע ווידער זענען געווען צו מיד דאָס צו טאָן. איינער פון די קעמפערס, וועלכער האָט אין פעלד אָפּגעריסן עטלעכע ציבעלעס צום עסן, האָט אייַנגעדרימלט, אײדער ער האָט באַוויזן זיי אַראָפּ צו שלינגען.

מצרישע עראָפּלאַנען האָבן זיי צוויי מאָל באַאומרויקט, און זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן די ערטער און אַוועק אין די בונקערס. אויס געוווינהייט, האָבן די עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט גבר־עם, נאָר זייער עיקר־ציל איז געווען יד־מרדכי. שוין נאָך דעם ווי דער פּלמ״ח האָט בייטאָג עוואַקוירט די פּליטים פון יד־מרדכי, האָבן די עגיפּטער שווער באַשאָסן דעם קיבוץ. ס'איז געווען קלאָר, אַז זיי גלייבן נאָך אַלץ נישט אַז מ'האָט דעם קיבוץ פאַרלאָזן — די דריי גע־פאַנגענע האָבן געהאַלטן דעם סוד. עס וועלן אוודאי פאַרבײַ נאָך אַ 24 שעה, ביז די עגיפּטער :וועלן וואַגן אַרייַנגיין אינעם לגמרי פאַרלאָזטן קיבוץ.

צומערשט האָט מען די פּליטים גענומען אין קיבוץ ברור־חיל, ניט ווייט פונעם פאַרלאָזטן אַראַבישן דאָרף ברייער. הגם מען האָט פון דאַנען געקענט זען זייער קיבוץ, זענען זיי דאָך געווען מער אינעווייניק אין לאַנד. די מענטשן פון ברור־חיל האָבן וואַרעם אויפגענומען זייערע שכנים, צו וועמענס געראַנגל זיי האָבן זיך צוגעקוקט אין פאַרלויף פון 5 טעג. דאָ האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי, נאָך אַ לאַנגער צייט, געגעסן דאָס ערשטע וואַרעמע מאָלצייט. דאָס עסן איז צוגעגרייט און אויפגעגעסן געוואָרן אונטערן פרייען הימל, ווייל דער דאָזיקער נייער קיבוץ האָט נאָך ניט באַוויזן זיך אויפצושטעלן אָן עס־זאָל. די פאַרוווּנדעטע זענען דורכגעגאַנגען ברור־חיל נאָך אין דער פרי, אויפן וועג קיין ניר־עם, דאָרט האָט אויף זיי געוואַרט אַ טיפער בונקער און אַ דאָק־טאָר. די מענטשן פון יד־מרדכי האָבן מיט פרייד אויפגענומען די ידיעה, אַז

די פֿאַרוווּנדעטע זענען בשלום אָנגעקומען קיין ביר־עם און אַז דעם זעלבן אָוונט וועט מען זיי איבערפֿירן קיין תּל־אָבֿיבֿ.

נאָכן מיטאָג האָבן די פּליטים זיך צעזעצט אָדער אויסגעלייגט אויף דער ערד, נאָענט פֿון אַ בנין — און באַהאַנדלט זייער לאַגע. אַלע זענען געווען דערשיטערט פֿון זייער מפּלה. די הערצער האָבן נאָך אַלץ געפּלאַטערט מיט זייער קיבוץ. די נערוון זענען געווען געשפּאַנט צוליב דער כּסדרדיקער מצ־רישער באָמבאַרדירונג, וועלכע זיי האָבן געקענט אי זען, אי הערן. ס'האָט אויסגעזען מאָדנע דאָס זיין פֿאַרטריבן פֿון זייער ערד און הייזער, וועלכע זיי האָבן מיט שווייס זיך אויפֿגעבויט. אַ טייל האָבן געפֿאָדערט זיך אומקערן אין קיבוץ. זיי זענען געווען זיכער, אַז מיט דער הילף פֿון אַ געהעריקער פֿאַר־שטאַרקונג, וועט מעגלעך זיין צוריק צו דעראָבערן יד־מרדכי. הגם אַ סך האָבן זיך באַצויגן מיט רעזערוו צו דעם פֿאָרשלאָג, האָבן זיי דאָס ניט אַרויס־געבראַכט הויך אויפֿן קול. די באַגייסטערונג וואָס האָט באַהערשט די אַלע מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט צוריק, האָט ווי פֿאַרדעקט זייערע ספֿיקות. אַלנפֿאַלס, קיין ממשותדיקן באַשלוס האָט מען ניט אָנגענומען, ווייל איצט איז אַלץ געווען אָפּהענגיק פֿונעם צוגאַנג פֿון פּלמ״ח.

אַלעקס און טוביה זענען אַוועק אין שטאָב פֿון דער פּלמ״ח־בריגאַדע, וועלכער האָט זיך אומגעקערט אין קיבוץ דורות, נאָך דער באַשיסונג אַ טאָג פֿריער. דאָרט האָבן זיי געטראָפֿן דעם בריגאַדע־שעף נחום שריג, פֿאַרנומען אין אַ געשפּרעך מיטן יידישן קאָלאָנעל פֿון דער אַמעריקאַנער אַרמיי דוד מאַרקוס, וועלכער איז פֿרייוויליק געקומען זיך באַטייליקן אין באַפֿרייונגס־קריג און שפּעטער באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פֿון ירושלימער פֿראָנט און דאָרט אומגעקומען אין די קאַמפֿן.

— אָ, איך פֿריי זיך צו זען אייך — האָט געזאָגט דער בריגאַדע־שעף — מיר האָבן ניט געגלייבט, אַז ווער פֿון אייך וועט בשלום אַרויס פֿון דער נעכטיקער באָמבאַרדירונג.

אַלעקס און טוביה האָבן דערציילט די געשיכטע פֿון דער פֿינף־טאָגיקער שלאַכט און איבערגעגעבן וועגן זייער טאַקטיק, וועלכע איז טאָג־טעגלעך געוואָרן אָנגעוואָנדן קעגן שונא. דאָס איז ניט געווען דער סאָרט ראַפּאָרטירן פֿאַר אַ העכערן אָפֿיציר, ווי עס פֿירט זיך אין אַ רעגולערער אַרמיי. דער פּלמ״ח איז געווען אַ קעמפֿנדיקער כּוח פֿון אַ גאָר אַנדערן כאַראַקטער ווי געווינלעך. די קאָמאַנדירן האָבן ניט געטראָגן די אָפּצייכענונגען פֿון זייערע ראַנגעס און די מאָראַל פֿון די קעמפֿערס האָט זיך געשטיצט אויפֿן גייסט פֿון גלייכהייט. דעריבער איז עס געווען נאַטירלעך, וואָס טוביה און אַלעקס האָבן זיך געפֿילט פֿריי צו זאָגן אַלץ וואָס אויפֿן האַרץ. טוביה, וועלכער איז געווען טעטיק אויף דער פֿייער־ליניע, האָט מיט אַ סך התלהבֿות דערציילט ווי זיי

האָבן אָפּגעשטויסן די מצרישע אַטאַקעס. אַלעקס, וועלכער האָט בדרך־כלל געוווּסט צו רעדן מיט צוריקגעהאַלטנקייט, האָט זיך כמעט „איינגעבראָכן", ווען ער האָט געגומען פונאַנדערוויקלען די געשיכטע פונעם קיבוצס חורבן און דעם טויט פון די פאַרווּנדעטע, וועלכע מען וואָלט נאָך געקענט ראַטעווען, אויב מען וואָלט זיי בייצייטנס עוואַקוירט. ער האָט דערציילט וועגן יאוש, וואָס האָט באַהערשט די קעמפערס, וועלכע האָבן געזען ווי זייער אַמוניציע לאָזט זיך אויס און דאָס געווער ווערט אומנוצלעך. ער האָט געשילדערט, ווי די מאָראַל האָט געהאַלטן אין איין פאַלן. ביידע האָבן אויך ניט אָפּגעהאַלטן זיך פון קריטיקירן די עלטסטע איבער זיי.

— מיר וואָלטן אויסגעהאַלטן, ווען איר דערפילט אייערע צוזאָגן — האָט אַלעקס דערקלערט מיט אַנטשלאָסנקייט — מען האָט אונדז געזאָגט, אַז מיליטערישע איינהייטן זענען אַוועק אויף דרום, כדי אונדז פאַרבייטן. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז עזרה וועט באַמבאַרדירט ווערן פון דער לופטן און אַז איר וועט די עגיפטער אַטאַקירן פון רוקן. וואָס איז געשען? פאַר וואָס האָט איר ניט דערלאַנגט קיין הילף?

— אַלע צוזאָגענישן האָט מען אייך געגעבן פון דער העכערער אַרמיי־אָנפירונג — האָט שריג געענטפערט מיט געדולד — איר זענט ניט געווען דער איינציקער איזאָלירטער קיבוץ אין לאַנד, וועלכער האָט זיך געפונען אין באַלאַגערונג. די סיטואַציע האָט זיך ניט געענדערט פון שעה צו שעה. מען האָט אייך ניט צוגעשיקט די ווייטערדיקע הילף, ווייל מען האָט זי ניט געקענט באַקומען.

אַלעקס און טוביה זענען ניט געוואָרן איבערצייגט.

דער בריגאַדע־שעף האָט ווייטער אויפגעקלערט:

— געווען אַ כוח וועלכער האָט געשפּאַנט אויף דרום — די גבעתי־בריגאַדע, אירע איינהייטן גרייטן זיך צו פאַרטיידיקונג אַ 25 קילאָמעטער צפונדיק פון אייך. די בריגאַדע האָט געהאַט אַ סך פּראָבלעמען — אירע מענטשן קעמפן שוין פון דעצעמבער, אָן איבעררייס. זיי האָבן ניט געקענט אויסטיילן פון זיך פאַרשטאַרקונג פאַר אייערטוועגן.

— און וואָס איז מיט אייך? — האָט טוביה געוואָלט וויסן — האָט איר ניט געקענט אונדז צושיקן איין אָפּטיילונג, דערפאַר ווייל איר האָט געהאַט בדעה צו שלאָגן די עגיפּטער הינטערווײַלעכץ? וואָס האָט פּאַסירט מיט דער אַטאַקע?

— איך דיספּאָניר ניט מיט קיין פאָרמאַציע — האָט שריג געענטפערט — און אויף מיר ליגט די אחריות פאַרן פאַרטיידיקן דעם גאַנצן צפונדיקן נגב. מיר האָבן אַלץ געטאָן, כדי צו באַלעסטיקן דעם שונא.

— דערלויבט מיר צו דערציילן וואָס עס איז פאַר דער צייט פאָרגעקר־

מען אין אַנדערע טיילן פון לאַנד — האָט אין געשפּרעך זיך אַריינגעמישט דער קאַלאָנעל מאַרקוס, האָט געגומען שילדערן די פּאַרצווייפלטע לאַגע פון ירושלים, די קאַמפן אין עמק־הירדן און דעם מצב אין גליל — מיר זענען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן — האָט ער געזאָגט — און אויף אַלע פראָנטן האָבן מיר ניט גענוג מענטשן און געווער.

— אָבער יד־מרדכי איז אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פּונקט — האָט טוביה געטענהט דאָס זייניקע — די עגיפּטער וועלן ניט קענען גיין אויף צפון, אויב מיר פאַרהאַלטן זיי דאָ. מיר וועלן קענען זיך אומקערן און דעראָבערן דעם קיבוץ, אויב מיר באַקומען פון אייך די געהעריקע הילף. אונדזערע מענטשן האָבן וועגן דעם גערעדט און זיי זענען גרייט צוריקצוגיין און קעמפן פאַרן אָפּנעמען דעם קיבוץ. די עגיפּטער זענען מיד און האָבן ניט גערן קיין נאַכטקאַמפן. איצט איז די צייט זיי צו שלאָגן, איידער זיי וועלן זיך פונדאַסניי רעאָרגאַניזירן.

— ניין, די זאַך איז אוממעגלעך — האָט אַלעקס ניט איינגעשטימט מיט זיין חבר — אונדזערע מענטשן זענען צו מיד. זיי וועלן ניט קענען זיך אומקערן און קעמפן, אַלנפאַלס, ניט באַלד. דאָס וואָלט געווען זעלבסטמאָרד.

— זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען שוין גרייט זיך אומצוקערן אין קיבוץ — האָט טוביה געהעכערט זיין שטים.

— איך ווייס וואָס זיי האָבן געזאָגט און איך ווייס וואָס זיי ווילן טאָן — האָט אַלעקס געענטפערט. — מיר דאַרפן אָבער ערנסט באַטראַכטן און באַשליסן צי איז דאָס מעגלעך. מיין מיינונג: דאָס איז אוממעגלעך.

ביידע האָבן מיט ברען דיסקוטירט, בעת טוביה איז געווען פעסט ביי דער מיינונג, אַז מען דאַרף גיין צוריק און באַפרייען דעם קיבוץ, איז אַלעקס דאַקעגן געווען קאַטעגאָריש קעגן דאַזיקן פּלאַן, באַצייכנענדיק אים אַלס אַוואַנטוריסטיש. צום סוף האָט אַלעקס פאַרגעלייגט: אויב די מענטשן פון יד־מרדכי וועלן זיך טאַקע פאַרעקשנען אומצוקערן אין קיבוץ, טראָץ אַלעמענס אָפּגעשוואַכטקייט, וועט מען זיי ניט אַוועקשטעלן אויף דער ערשטער קאַמפּס־ליניע. פאַר דעם צוועק דאַרף דער פלמ״ח אויסטיילן ווינציקסטנס אַ קאָמפּאַניע — אַ 120 מענטשן. שווער אָנצונעמען, אַז אַ קלענערער כוח פון דעם וועט זיך קענען פאַרמעסטן מיט אַ גאַנצער מצרישער בריגאַדע.

— איך מיין, אַז מיט צוויי אַזעלכע קאָמאַנדירן ווי איר, וועט גענוג זיין איין קאָמפּאַניע בלויז, כדי צוריק אָפּנעמען דעם פּונקט ביי די עגיפּטער — האָט באַמערקט קאָלאָנעל מאַרקוס מיט אויפריכטיקער פאַרערונג.

— ניין! — האָט אַלעקס זיך געהאַלטן ביי זיינעם, ניט מורא האָבנדיק זיך קעגנצושטעלן דער מיינונג פון אַ קאָלאָנעל, געוועזענער שטאַב־אָפיציר ביים גענעראַל אייזענהאוער — די עגיפּטער האָבן אַ מעכטיקן פייער־כוח.

ווינציקסטנס איין קאָמפּאַניע דאַרף טאָן דאָס שטיקל אַרבעט און נאָך בע־סער — אַנדערהאַלבן קאָמפּאַניעס.

דער בריגאַדע־שעף האָט באַשלאָסן: ער ברענגט דעם ענין פאַר דער העכ־סטער אָנפירונג און איר צווויסן געבן די מיינונג פון די קיבוץ־חברים, וועל־כע זענען גרייט זיך אומקערן צוריק צו דעראָבערן דאָס אָרט, אויב מען וועט אָננעמען זייערע באַדינגונגען. די העכסטע אָנפירונג וועט עס דאַרפן צושטעלן די מענטשן און אויסשטאַטונג. אָבער אויב ס'וועט אָנקומען אַ נעגאַטיווער ענטפער און איר וועט אַוועק אויף צפון, וועט איר דאָס געווער איבערלאָזן אין גבר־עם — האָט שריג צוגעגעבן.

— איבערגעבן דאָס געווער? — האָט טוביה אויסגעשריען מיט אַן אומצו־פרידנקייט, וועלכע ער האָט גאָרניט באַמיט זי צו באַהאַלטן.

— מיר בייטיקן זיך דאָ אין יעדער ביקס — האָט געענטפערט דער בריגאַדע־שעף — אַז איר וועט ווידער אַרויס אין קאַמף, וועלן מיר פאַר אייך אויסגעפינען געווער.

אַלעקס און טוביה זענען ממש געפּלעפּט געוואָרן פון דער פאָדערונג. זינט אַ סך יאָרן האָט יד־מרדכי זיך פאַרנומען מיטן צוגרייטן ביי זיך אַ געווער־סקלאַד. ווי גרויס זענען געווען די מאַטעריעלע קרבנות און די געפאַרן, מיט וועלכע דאָס איז געווען פאַרבונדן. דער געדאַנק, אַז זיי דאַרפן אַוועק־געבן דאָס געווער, האָט זיי שווער געטראָפן און אַפילו פאַרשטאַרקט דאָס געפיל פון דער געליטענער מפלה.

— דאָס געווער באַלאַנגט צום קיבוץ — האָט אַלעקס געזאָגט — מיר אַליין קענען ניט באַשליסן וועגן איבערגעבן עס. דער גאַנצער קיבוץ וועט דאַרפן וועגן דעם באַשטימען.

נחום שריג האָט גוטמוטיק אויפגענומען די רייד. אים זענען באַקאַנט געווען די איינגעשטעלטע דרכים אין די קיבוצים ביים אָננעמען באַשלוסן.

— איינער פון אייך וועט אין אָוונט פאָרן קיין תל־אביב, כדי באַריכטן דעם הויפּט־שטאַב וועגן אַלץ וואָס דאָ קומט פאַר — האָט ער געזאָגט — וועסט קענען אויפקלערן דיין שטאַנדפּונקט בנוגע אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיטן צוריק דעראָבערן דעם קיבוץ.

שריג האָט פאָרגעלייגט, אַז אַלעקס זאָל אַוועק קיין תל־אביב.

בעת טוביה האָט גערעדט מיט שריגן אין עברית, האָט קאָלאָנעל מאַרקוס זיך געוואָנדן צו אַלעקסן אין ענגליש:

— ווו האָסטו באַקומען דיין מיליטערישע אויסשולונג? — האָט ער אים געפרעגט מיט נייגיר.

— איך האָב געדינט אין דער בריטישער אַרמיי בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה — האָט אַלעקס געענטפערט.

— וואָס פאַר אַ ראַנגע האָסטו געהאַט, אויב מען מעג פרעגן?

— כ'בין געווען אַ סערזשאַנט — האָט אַלעקס געענטפערט.

קאָלאָנעל מאַרקוס האָט זיך צעלאַכט: „וואָלטן אין די אַליאירטע אַרמייען זיך געפונען אַ סך אַזעלכע סערזשאַנטן ווי דו, מעגלעך אַז מען וואָלט זיך ניט געניייטיקט אין אַזוי פיל קאָלאָנעלן.

אַלעקס האָט זיך פאַרויטלט. זיין שטימונג איז ניט געווען קיין געהויבענע און די שבחים פון אַמעריקאַנער אָפיציר האָבן אים בכלל ניט באַרויקט. אין משך פון דער נסיעה קיין תל־אביב, האָבן אים די געדאַנקען ניט צורו געלאָזט. איז ער געגעכט געווען מיט זיין פאָדערונג צו עוואַקוירן דעם פונקט? איז ער געווען צופיל אַנגעשראָקן און ווייכהאַרציק, האָט אים דער מוט פאַרלאָזן? אויך אין דעם לעצטן וויכוח מיט טוביהן איז ער געווען קעגן דעם פלאַן צוריק צו דעראָבערן דעם קיבוץ. האָבן אים די דרייסטקייט און דער כוח צו אַנטשיידן פאַרלאָזט? ווי אַ געוויסנהאַפטיקער מענטש, האָבן אים די געדאַנקען ניט אויפגעהערט צו דריקן און באַלעסטיקן.

דער ערשטער, מיט וועמען ער האָט זיך געטראָפן אין תל־אביב, איז געווען ישראל גלילי, שעף פון הויפט־שטאַב און שפּעטערדיקער וויצע זיכער־קייט־מיניסטער. אַלעקס האָט פון לאַנג געקענט גלילין, נאָך פון יענער אַוואַנ־טורע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען מען האָט פון אַ בריטישן מילי־טערישן לאַגער אַרויסגעגנבעט די פלענער פון קוילנוואַרפערס און מאַשינ־געווער. ער האָט איצט גלילין דערציילט וועגן די שלאַכטן און דעם ריקצוג און דערנאָך אַרויסגעברענגט זיינע ספיקות וועגן צוריק דעראָבערן דאָס אָרט.

— איר האָט געטאָן אַ ריכטיקע זאַך — האָט גלילי געזאָגט — מיר איז שווער צו פאַרשטיין, פונוואַנען האָט איר געשעפּט כוח אויסצוהאַלטן אַזאַ לאַנגע צייט. מיר זענען ניט דערפאַר, אַז ישובים זאָלן קאַפּיטולירן, אָבער דאַרפסט ניט האָבן קיין געוויסנסביסן. יד־מרדכי האָט דערפילט זיין חוב און דאָס אָפּטרעטן איז געווען דער איינציקער וועג, וועלכער איז אייך פאַרבליבן.

צום ערשטן מאָל פאַר די לעצטע צוויי טעג, האָט זיך אַלעקס עטוואָס באַרויקט. שפּעטער האָט מען אים גערופן אויף אַ זיצונג פון דער העכסטער אָנפירונג. דאָרט האָט אַלעקס איבערגעגעבן ווערטפולע ידיעות וועגן כוח פון שונא, זיינע מאַנעווערן, פעיקייטן און באַוואָפענונג. אויף זיין ערנסטן שטייגער, האָט ער ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל געבעטן אַלץ טאָן, כדי פונדאַסניי דעראָבערן דעם סטראַטעגישן פונקט, מיט אַ כוח וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דער אויפגאַבע. ער איז אַוועק פון דער זיצונג נאָך דעם, ווי מ'האָט אים צוגעזאָגט, אַז דער הויפט־שטאַב וועט אַזוי שנעל ווי מעגלעך, צוווישן געבן דעם קיבוץ זיין באַשלוס.

דינסטיק פרי האָבן די חברים פון יד־מרדכי זיך צונויפגעזאַמלט, כדי

באַהאַנדלען זייער לאַגע. טוביה האָט דערציילט וועגן זיין געשפרעך מיט נחום שריג און וועגן דעם פאָרשלאַג צוריק אָפּצונעמען ביי די עגיפּטער זייער היים. די פאַרזאַמלונג איז געווען זייער אַ שטורמישע. די אַלע, וועלכע האָבן נעכטן ניט געהאַט קיין שום באַוואָרענישן לגבי דעם פּלאַן, האָבן איצט אַרויסגעברענגט זייערע ספיקות. זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז איצט, זייענדיק אַנדערהאַלבן טעג אויסער דעם קיבוץ, פילן זיי זיך נאָך מער אומבאַהאָלפן ווי בעתן צוריקציען זיך. די שפּאַנונג פון דער לעצטער וואָך לאָזט זיך איצט פילן. וועט טאַקע אַ פּלוצימדיקע נאַכט־אַטאַקע זיין אימ־שטאַנד גובר זיין די שטאַרקע פייער־קראַפט און די גרויסע צאָל מצרישע זעלנער? אויב אפילו די אַטאַקע וועט געלינגען און דער פונקט וועט ווערן אָפּגענומען — ווי אַזוי וועלן די דאָזיקע אָפּגעשוואַכטע קיבוץ־חברים ביישטיין אַ צווייטע מצרישע באַלאַגערונג? ענדלעך איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויב דער פּלמ״ח וועט יאָ אָנגרייפן דעם פאַרכאַפּטן פונקט, וועט יד־מרדכי אויסשטעלן צען פון אירע מענטשן אַלס וועגווייזער און אויסשפּירער פאַרן פּלמ״ח. הגם אין דעם באַשלוס איז געווען אַן אָנדייטונג, אַז דער רוב קיבוץ־חברים וועט זיך ניט באַטייליקן אין דער באַשטימטער אַקציע, האָט אָבער שריגס פאָדערונג אָפּצוגעבן דאָס געוועזער אַרויסגערופן אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט. בלויז בעת דער ענדגילטיקער עוואַקואַציע פון ראַיאָן, האָבן זיי מסכים געווען „אויסצובאָרגן״ זייער געוועזער דעם פּלמ״ח און געפאָדערט אויף דעם אַ געטריע קבלה.

אינצווישן איז אַ דעלעגאַציע פון דריי חברים, מיט טוביהן בראש, אַוועק אין קיבוץ דורות. זיי האָבן געהאָפט, אַז טראָץ אַלעמען, וועלן זיי שריגן איבערצייגן אין דער סטראַטעגישער וויכטיקייט פון זייער קיבוץ, אַ וויכטיקייט, וואָס פאַרפליכטעט צוריק אָפּצונעמען אים ביי די עגיפּטער. קומענדיק אַהין, איז זיי באַוווּסט געוואָרן, צום גרויסן באַדויערן, אַז די הויפּטאָנפירונג האָט באַשלאָסן די אַקציע ניט אַדורכצופירן. דער באַשלוס איז געווען, אַז מען דאַרף די עגיפּטער אָפּהאַלטן צפונדיק פון יד־מרדכי. דער בריגאַדע־שעף, וועלכער איז דעמאָלט געווען פאַרנומען מיט זיינע מאַפּעס, האָט אויף אַ ווײַלע זיך באַפרייט און איבערגעגעבן דער דעלע־גאַציע דעם באַשלוס פון הויפּט־שטאַב — און דערנאָך צוגעגעבן:

— איר דאַרפט זיך אָפּרוען. אַלע נייטיקן זיך אין רו.

מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, זענען די פּליטים אַוועק אויפן וועג צום קיבוץ דורות און דאָרט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָלאָנע לאַסט־אויטאָס, מיט קינדער, עוואַקוירטע פון פאַרשידענע ישובים אין נגב. באַגינען איז די קאָלאָנע אָנגעקומען קיין רחובות, דאָרט האָבן די אויטאָס גענומען

בענזין. היגטער דער בענזין־סטאַציע האָט זיך געפונען אַ בעקעריי. דער פרישער ריח פון ברויט האָט זיך געטראָגן אין דער לופט. נאָר קיינער פון די קיבוץ־חברים האָט ניט געהאַט קיין געלט. די קיבוצישע קאַסע, וועלכע וואָלט איצט צונוץ געקומען, איז פאַרלאָרן געגאַנגען צוזאַמען מיט לאהקען. ביז איינער פון די חברים האָט אַרויסגענומען זיין גאָלדן זייגערל.

— פאַר דעם זייגער וועט מען קענען קויפן ברויט — האָט ער געזאָגט מיט איבערגענומענקייט.

— ווער זענען די דאָזיקע מענטשן? — האָבן די בעקערס זיך פאַר־אינטערעסירט, ווען מען האָט זיי פאָרגעלייגט צו באַצאָלן מיט אַ געלט־ווערטיקער זאַך. איינער פון די שאָפערן האָט זיי אויסגעזאָגט, אַז דאָס זענען די פליטים און ניצול געוואָרענע פון דער שלאַכט איבער יד־מרדכי. איצט איז שוין ניט געווען קיין פּראָבלעם פון באַצאָלן. די פליטים האָבן באַקומען ברויט וויפל זיי האָבן געוואָלט און גיורא ביבער האָט צוריק פאַרשטעקט אין טאַש זיין גאָלדן זייגערל, וואָס ער האָט בשעתו באַקומען אַלס מתנה פון שווער. אין קיבוץ דערמאָנט מען דעם פאַל ביזן היינטיקן טאָג. אַז עמעץ באַקלאָגט זיך, אַז די צוגעטיילטע סומע אין מזומן איז ניט גענוג צו קויפן זיך עטלעכע קלייניקייטן, וועט ווער פון די חברים זיכער אים באַמערקן: „וואָס, האָסט ניט קיין גאָלדענעם זייגער?״

אַ זייגער 7 אין דער פרי איז די קאָלאָנע אָנגעקומען קיין תל־אביב. נפתלי, דער קאַסיר פון קיבוץ, וועלכער איז בשעתו מיטגעשיקט געוואָרן מיט די קינדער, האָט זיי דאָ אויפגענומען. ער האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז די מענטשן זאָלן זיין איינגעאָרדנט אויף צוויי ערטער, ווו עס זענען אויך געווען די קינדער. פאַרן אָוועקגיין אויף די באַשטימטע פלעצער, האָבן די קיבוץ־חברים זיך געלאָזט אין מאַגאַזין פון „השומר הצעיר״, כדי דאָרט אויסטוישן זייערע בגדים. די קינדער פון „עלית הנוער״, וועלכע האָבן געלערנט אין יד־מרדכי, האָבן באַקומען קליידונג אין די מאַגאַזינען פון דער עליה־אָפּטיילונג פאַר קינדער און יוגנט. מיט די קינדער האָט זיך פאַרנומען רעיה. טראָץ איר גרויסער מידקייט נאָך פינף טעג זיין באַשעפ־טיקט אַלס פאַרבינדלערין פון שטאַב, איז זי אָוועק אין די סוכנות־מאַגאַזינען און דערלאַנגט איר בקשה צו באַקליידן די קינדער.

— איר האָט דאָך ערשט מיט 6 חדשים צוריק באַקומען נייע בגדים פאַרן קליינוואַרג — האָט די מאַגאַזינערין זיך געבייזערט — איצט ביסטו ווידער דאָ! ווייסטו דען ניט, אַז מיר דאַרפן זיך מטפל זיין מיט נאָך טויזנטער קינדער און יוגנטלעכע?

רעיה האָט בלויז געדאַרפט זאָגן, אַז „דאָס זענען די געראַטעוועטע

קינדער פון יד־מרדכי״ — און אַלע טירן וואָלטן זיך פאַר איר געעפנט. נאָר אירע ליפּן האָבן דאָס ניט געקענט אַרויסברענגען. זי איז געווען אַזוי אויפגעברויזט, אַז זי האָט געפילט אַט־אָט ברעכט זי אויס אין אַ געוויין, אייב זי רעדט אַרויס נאָך אַ וואָרט. אַ דערשלאָגענע, האָט זי זיך אָפּגעקערט אין אַ זייט. דערנאָך האָט זי פאַרלאָזט דעם מאַגאַזין, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, כדי צונויפנעמען די געדאַנקען און באַשליסן וואָס ווייטער.

רעיה האָט איצט ניט געהאַט דעם מוט זיך אומצוקערן און פאַרפירן אַ שמועס מיט דער מאַגאַזינערין פון „עלית הנוער״. זי איז איינגעשטיגן אין אויטאָבוס און אַוועק אין ביורא פון „השומר הצעיר״. צומאָרגנס איז זי ווער פון דער אָנפירונג אַוועק אין דער סוכנות און באַקומען אָנטאָן פאַר די קינדער פון „עלית הנוער״.

בעת גבריאל רמתי האָט זיך געפונען אינעם בשותפותדיקן סקלאַד, האָט זיך צו אים געווענדעט נפתלי:

— ווייסט גאָרניט אַז ס׳איז דיר געבוירן געוואָרן אַ זון? וואָס שטייסטו דאָ ווי אַ גולם? גיי זיך אָפּגאָלן און אַרומוואַשן. קויף עטלעכע בלומען און לויף צום ווייב.

ניט טוענדיק גאָרניט פון דעם אַלעמען וואָס נפתלי האָט אים פאַרגעלייגט, איז גבריאל שנעל אַוועק אין שפּיטאָל, זיך אַריינגעריסן אין צימער פון מטי. זיין העמד איז אין גאַנצן געווען פאַרפלעקט מיט שוין פאַרטרוקנטע בלוט־צייכנס. דערזעענדיק אים, האָט מטי זיך צעוויינט.

— פאַר וואָס וויינסטו? — האָט געפרעגט די קראַנקן־שוועסטער. — זינט דאָס קינד איז געבאָרן געוואָרן, האָט זי ניט אויפגעהערט וויינען און ניט געוואָלט דערציילן פאַר וואָס — האָט די שוועסטער געזאָגט צו גבריאלן.

— כ׳בין געווען זיכער, אַז ער איז שוין ניט צווישן די לעבעדיקע — האָט מטי געכליפּעט. — מיין שוועסטער האָט געהערט אין ראַדיאָ, אַז אין יד־מרדכי זענען דערהרגעט געוואָרן זעכצן מענטשן. זי האָט מיר געזאָגט: „דאַרפסט זיין מוטיק, כדי קענען געבאָרן דיין קינד״. כ׳האָב געטראַכט, זי ווייסט, אַז ביסט אומגעקומען, זי האָט נאָר ניט געוואַגט מיר אויסצוזאָגן.

— איך בין אָבער דאָ, איך לעב, הגם כ׳וועל קיינמאָל ניט וויסן פאַר וואָס — האָט איר גבריאל דערציילט — און איצט וויל איך זען מיין קינד.

די קליינע קינדער איז שווער געווען צו פאַרשטיין, הלמאי וויינען אַזוי פיל זייערע עלטערן, ווען זיי געפינען זיך ווידער צוזאַמען. זיי איז אויך שווער געווען צו באַגרייפן, פאַר וואָס זענען עטלעכע טאַטעס בכלל ניט צוריק געקומען. געווען 12 אלמנות און 22 יתומים. ווי אַזוי צו דערקלערן דאָס די קינדער — איז געווען אַ פּראָבלעם פאַרן גאַנצן קיבוץ. איינער פון

די פסיכאָלאָגן פון „השומר הצעיר" איז געקומען זיי עצהן. ער האָט פאַר־געלייגט אויסזאָגן די קינדער, אַז די טאַטעס זענען ניטאָ, נאָר אויפקלערן דאָס געלאַסן און צוריקגעהאַלטן. דערפאַר האָבן די מאַמעס דערציילט די קינדער, אַז דער טאַטע איז פאַרווונדעט געוואָרן און געפינט זיך איצט אין שפּיטאָל. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן זיי צו זאָגן, אַז די לאַגע פון די פאַרווונ־דעטע האָט זיך פאַרערגערט און מעגלעך, אַז זיי וועלן ניט אויסהאַלטן. דער־ווייל זענען די טאַטעס, וואָס האָבן זיך ניט אומגעקערט מיט די חברים, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין העלדן אין די אויגן פון זייערע קינדער. אָבער צופיל מענטשן האָבן געוווּסט דעם אמת — און אַזוי איז ער אויך דער־גאַנגען צו די קינדער. דער זעקס־יאָריקער זון פון משה קלמן איז געקומען צו זיין מאַמען און מיט אַ שטיל, רויִק קול געזאָגט:

— היינט בין איך געזעסן מיט עדהן און יעקבן און געוויינט וואָס אונ־דזערע טאַטעס זענען אומגעקומען.

די קינדער האָבן אויף פאַרשידענע אופנים רעאַגירט אויף זייער פאַר־יתומטקייט. איינער פון זיי האָט אין משך פון אַ האַלב יאָר געפּרוּווט נאָכ־מאַכן די באַוועגונגען פון אַ נוטה למות. זיין קעפּל פלעגט דאַן אַראָפּפאַלן אויף דער ברוסט, אָדער פאַרוואַרפן אויף צוריק, גלייך ער וואָלט געטראָפן געוואָרן פון אַ האַרמאַטן־קויל. דאָס קינד פלעגט עס טאָן אין קלאַס, אין עס־זאַל און אומעטום, ווייזט אויס, אַז מיטן אונטערבאַוווּסטזיין צו פאַרשטיין געוויס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט זיין טאַטן, ווען די קויל האָט אים געטראָפן.

ביי אַנדערע קינדער זענען אַנטשטאַנען פּראָבלעמען פון אויפפירונג. אייניקע מוטערס האָבן אַנטפּלעקט, אַז די גרויסע קינדער הייבן אָן קאָנקורירן מיט די קלענערע בנוגע דער מוטערס אויפמערקזאַמקייט, הגם פריער האָבן זיי ניט געפילט אין דעם קיין שום באַדערפעניש. אַ פינף־יאָריק קינד, וואָס איז געווען באַזונדערס אַגרעסיוו כלפּי זיין קלייניקן שוועסטערל, איז פאַרן שלאָפן גיין איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ „שמועס" מיט דער מאַמען (אין יד־מרדכי גלייבט מען ניט אין אָנווענדן מער שאַרפערע פאַרמען).

— דו ווייסט — האָט געזאָגט די מוטער — אויב וועסט זיך אַזוי ווייטער אויפפירן, וועט מען אונדז אויסשליסן פון קיבוץ.

— ניין, דאָס וועט נים געשען. זיי קענען דאָס ניט טאָן — האָט דאָס קינד געענטפערט מיט ברען — מיין טאַטע איז דערהרגעט געוואָרן אין יד־מרדכי, דעריבער געהערן מיר צום קיבוץ. אַז מען וועט אונדז הייסן גיין, וועלן מיר זיך צוריק פאַרגנבענען צו דער פאַרצוימונג, ביז מ'וועט אונדז דערלויבן צו בלייבן.

פאַר די שלאַכטן פלעגן זיך די קינדער שפּילן אין מלחמות. נאָר איצט האָבן זיי אויפגעהערט. געוועהר האָט זיי ניט געלאָקט מער. אַנשטאָט דעם,

זענען זיי געווען באַשעפּטיקט מיט בויען בונקערס. אין משך פון א סך חדשים האָבן זיי פון זאַמד אויפגעשטעלט בונקערס און דאָרט פאַרשטעקט זייערע לאַלקעס און באַליבטסטע שפּילצייג. אָבער זיי פלעגן נאָך אַלץ צייכע־נען מלחמה־בילדער, דער עיקר עראָפּלאַנען, וואָס קרייזן פאַרן באָמבאַרדירן.

אין די נאָכמיטאָג־שעהן האָבן די אַלע יתומים ערשט דערפילט ווי די טאַטעס פעלן זיי.

— איך וויל האָבן אין צימער אַ טאַטן, ווי ביי אַלע אַנדערע קינדער — פלעגט זיך אַזאַ קינד צעוויינען און קלאָגן. כדי דאָס פאַרמיידן, פלעגן אַ סך קיבוץ־חברים מיטנעמען צו זייערע קינדער די יתומים צו שפּילן זיך מיט זייערע קינדער.

ווען די קינדער, וועלכע זײַנען בעת די שלאַכטן נאָך געווען זויגלינגען, זענען אונטערגעוואַקסן און אַנגעהויבן פאַרשטיין — האָבן זיי ערשט גענומען טרויערן אויפן טויט פון זייערע טאַטעס.

— כ'ווייס אפילו ניט ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען — האָט אַ קינדעלע זיך צעוויינט, קוקנדיק אויפן בילד פון טאַטן, וואָס איז געהאָנגען אין צימער פון דער מאַמען — מיין שוועסטער ווייסט ווער ער איז, זי האָט זיך אפילו מיט אים פאָטאָגראַפירט... ער איז דאָך אָבער אויך מיין טאַטע און איך האָב אים קיינמאָל ניט געזען און קיינמאָל ניט געטראָפן זיך מיט אים...

די מאַמע האָט גענומען אויף די הענט דאָס וויינענדיקע קינד, צוגעטראָגן עס נאָענט צום בילד און דערציילט ווי דער טאַטע פלעגט אים האַלטן אין די אָרעמס, ווי אַזוי ער איז מיט אים אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט, ווען ער איז געווען קראַנק, ווי אַזוי ער האָט ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיטן קליינינקן זונדעלע און ווי ער פלעגט אים געבן אַ וואָרף אין דער לופטן און דערנאָך אונטערכאַפּן. אָבער אַלע דערציילונגען וועגן דער פאָטערלעכער ליבע און זיין קינדהייט, וועלכע ער האָט בכלל ניט געדענקט, האָבן ניט געקענט באַרויקן דאָס קינד, אין וועמענס זכרון עס איז ניט געבליבן קיין שטריך פון טאַטן.

די מאַמעס און די פלעגערינס האָבן מיר דערציילט, אַז די קינדער האָבן פיל־ווייניק שנעל זיך צוגעוווינט צו זייער אומגליק, מעגלעך דערפאַר, וואָס אין דער זעלבער צייט זענען פיל קינדער פאַריתומט געוואָרן און דער צער און טרויער האָט געהערט צו אַ סך.

פונדעסטוועגן, ווי עס האָט מיר דערציילט איינע פון די פרויען, „האָבן מיר צום ערשטן מאָל אין אונדזער דערפאַרונג זיך איבערצייגט, אַז עס זענען פאַראַן זאַכן, ווי צער און טרויער, וועלכע לאָזן זיך ניט פאַרטיילן גלייך צווישן אַלע קיבוץ־חברים. הגם אַלע זענען געווען איבערגענומען מיטן

ווייטיק איבער די געפֿאַלענע, זענען געווען אלמנות און יתומים, וועלכע האָבן זייער טרויער געדאַרפֿט אַליין אויסטראָגן".

אין נתניה איז ניט געווען גענוג אָרט פֿאַר די קינדער און עלטערן צוזאַמען. דערפֿאַר זענען די דערוואַקסענע אַוועק אין קיבוץ גן־שמואל, וועלכער האָט מוטערלעך געזאָרגט פֿאַר יד־מרדכי, ווייל אַ העלפֿט חברים פֿונעם דרומדיקן קיבוץ, האָט ביים אָנקומען אין לאַנד געוווינט אין גן־שמואל. די אַנדערע העלפֿט האָט זיך איצט איינגעאָרדנט אין קיבוץ מעברות. אָבער אין ביידע ערטער האָבן די מענטשן ניט געהאַט קיין נחת. איצט, ווען די מענטשן האָבן קענען אייגענעם ווילן פֿאַרלאָזן די היימען, האָט זיי באַהערשט אַ געוויסע נערוועזיטעט און זיי האָבן זיך ניט פֿונאַנדערגעקליבן אין דעם וואָס קומט פֿאַר אַרום זיי. הגם פֿיזיש האָט זיי געצויגן צו רו, האָבן זיי ניט געקענט אַרומגיין אָן אַרבעט. נאָך עטלעכע טעג, האָבן זיי געפֿאָדערט, אַז מען זאָל זיי איינשליסן אין דער אַרבעט־פֿאַרטיילונג פֿונעם גאַסטגעבנדיקן קיבוץ — און מען האָט עס זיי צוליב געטאָן.

יעדער קיבוץ־חבר איז גרייט געווען טאָן די פֿאַר אים באַשטימטע אַרבעט, אָבער פֿאַקטיש זענען צווישן די מענטשן פֿון יד־מרדכי געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן יאָרן־לאַנג זיך איינגעאַרבעט אין אַ באַשטימטן צווייג, ווי אין דער מילכעריי, הינערצוכט, מאַראַנצן־גערטנער, פּרוכט־סעדער, צי אין פֿעלד. די אויפֿגאַבן האָבן אויסגעפֿירט די חברים פֿון גן־שמואל און פֿאַר די פֿון יד־מרדכי איז געבליבן צו טאָן אַלגעמיינע אַרבעטן, ווי גראָבן, העלפֿן אין דער וועשעריי און אַנדערע באַשעפֿטיקונגען, ווו עס האָבן זיך געפֿאָדערט אַרבעטס־הענט. מעגלעך, אַז אין רויקע צייטן, וואָלט די איינ־אָרדענונג אין אַ גאַסטגעבערישן קיבוץ אָנגעקומען פֿיל לייכטער. אָבער איצט האָבן זיי געפֿילט ווי זייערע געשפּאַנטע און צערודערטע נערוון, אין רעזולטאַט פֿון די דורכגעמאַכטע איבערלעבונגען, רעאַגירן אויף אַלעם. יעדע קלייניקייט האָט זיי אויפֿגערעגט און זיי פֿלעגן זיך אויפֿרעגן אָן אַ סיבה. ניט געקוקט אויף זייערע באַמיונגען צו באַהערשן זיך און שטילן דעם טעמ־פּעראַמענט, זענען ניט איין מאָל אויסגעבראָכן אומגעווונטשענע וויכוחים מיט זייערע גאַסטגעבער.

אויך די צייטווייליקע וווין־באַדינגונגען האָבן גורם געווען צו ניט־ווינציקע שוועריקייטן. אין קיין שום קיבוץ זענען ניט געווען קיין איבעריקע וווינונגען, דעריבער האָט מען די פּליטים אויפֿגענומען אין די צימערן פֿון די אָרטיקע חברים, ניט קיין ווונדער, אַז זיי האָבן זיך געפֿילט ווי זיי וואָלטן זיך אַריינגעריסן אין פֿרעמדע ערטער. פֿאַרלעך האָבן ניט געקענט זיין צוזאַמען, גראַד דעמאָלט ווען זיי האָבן זיך אַזוי שטאַרק

געניטיקט אין דער באַרויקונג, וואָס עס גיט באָענטקייט. אייניקע האָבן ליבערשט געוואָלט שלאָפן אויף די גראָז־פּלאַנטן.

ערגער פאַר אַלץ זענען געווען די איינאָרדענונגען פאַר די קינדער. די קלענערע פון זיי האָבן זיך געפונען צוזאַמען מיט די פּלעגערינס, דאַקעגן די גרעסערע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין נתניה, אַ מרחק פון אַ 15 קילאָ־מעטער. די קינדער פון אַ טייל עלטערן האָבן זיך געפונען אויף ביידע ערטער. ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו פאַראייניקן די משפחות. די קינדער האָבן געוואָלט האָבן טאַטע־מאַמע ביי זיך און געפילט זייער אָפּוועזנהייט, נאָר פאַר אַלעמען האָבן זיי זיך געניטיקט אין זייערע קליינע שול־קלאַסן און דעם גוט־באַקאַנטן לעבנס־שטייגער. די עלטערן האָבן דאָס פאַרשטאַנען און זיי איז אפילו ניט איינגעפאַלן צו ענדערן דעם איינגעשטעלטן סדר און פאַרלייגן עפּעס אַנדערש. אַ גרויסן טייל פון זייער צייט האָבן זיי איצט געווידמעט די נסיעות פון איין אָרט צום צווייטן, כדי זען די קינדער.

אויסער אַלע שוועריקייטן, טרויער, אומבאַקוועמלעכקייט און אומהיימ־לעכקייט, האָבן די מענטשן זיך געפילט ווי שולדיק אין דער מפּלה און אינעם ריקצוג פון יד־מרדכי. הגם זיי האָבן אויסגעפירט אַלע באַפעלן און געקעמפט וויפל ס'האָט זיך געלאָזט, איז זיי שווער געווען זיך צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז זיי האָבן טאַקע געדאַרפט פאַרלאָזן זייער קיבוץ. אַנשטאָט צו זען גבורה און דרייסטקייט אין זייער ריקצוג, האָבן אַ סך פון זיי געהאַט דאָס געפיל, ווי אין זייער אַנטלויפן אויף אַ זיכערן אָרט וואָלט געווען עפּעס אומאַנשטענדיקס און דערנידעריקנדיקס. ווען זייער שכן פון צפון, דער קיבוץ ניצנים, איז פאַרכאַפּט געוואָרן און די פאַרבליבענע קעמפערס זענען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי געזאָגט: „מיר וואָלטן זיי געקענט ראַטעווען פון דאָזיקן גורל. וואָלט מען אונדז געשיקט די פאַרשטאַרקונג וואָס מ'האָט געפאָדערט, וואָלט די עגיפּטער קיינמאָל ניט געלונגען צו גיין ווייטער פון אונדז, אויף צפון". אין זייער באַוווסטזיין זענען אַריינגעדרונגען געפילן פון פאַרלאָזנקייט און דורכפאַל. צו יענער צייט האָבן זיי בשום אופן ניט געקענט אָפּשאַצן דאָס וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין זכות פון זייער אויסדויער אויפן אָרט. אָבער זייער האַלטונג איז געווען ביז גאָר וויכטיק פאַר מדינת ישראל.

דער מצרישער שטאַב האָט זיינע שלאַכט־פּלענער געבויט אויף אַ יסוד־דותדיקן טעות — אַ טעות, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מיליטער־לייט, ווען זיי ווערן געשטעלט אַנטקעגן אַן אַרמיי פון בירגער וואָס קעמפן פאַר זייער היים און פרייהייט, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז דער „יידישער פעבל" וועט שטעלן בלויז אַ שוואַכן ווידערשטאַנד, האָבן די

מצרישע קאָמאַנדירן געהאָפּט אײַנצוברעכן יד־מרדכי און דעראָבערן דעם קיבוץ אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה. אַנשטאָט דעם, איז דאָרט דאָס מצרישע מיליטער פאַרהאַלטן געוואָרן אויף גאַנצע זעקס טעג. אויך די מצרישע פאַרלוסטן זענען געווען שווערע — אַ 300 הרוגים און פאַרוווּנ־דעטע. ס'איז אויך צעשטערט געוואָרן דער „קאַלענדאַר" פון דער מצרישער אָנפירונג און זייער ציל — דער מאַרש אויף תל־אביב — האָט פאַרלאָרן די איבעררעשונג און שווונג. אויב יעדער ישוב אויפן וועג וועט אַרויסווײַזן אַזאַ שטאַרקן ווידערשטאַנד ווי דאָס האָט געטאָן יד־מרדכי, איז דאָן דער פּלאַנירטער גרינגער און שנעלער נצחון־מאַרש — ניט דורכפירבאַר. די עגיפּטער האָבן זיך ניט געקענט דערלויבן נאָך אַזעלכע נצחונות. די שלאַכט איבער יד־מרדכי האָט זיי געצוווּנגען פונדאַסניי צו באַטראַכטן די געשאַפענע לאַגע און ענדערן זייער טאַקטיק.

דעם 25־טן מאַי, נאָכן פאַרנעמען דעם פאַרלאָזענעם קיבוץ, האָבן די עגיפּטער זיך אַ לאָז געגעבן אויף צפון. אָבער איצט האָבן זייערע אײַנהייטן ניט מאַרשירט אין איין קאָלאָנע אויפן הויפּט־שאָסיי. כדי זייער מיליטער זאָל זײַן פעיק צום מאַנעווורירן און זיך פאַרטיידיקן קעגן די איבערפאַלן פון פלמ״ח, האָבן די מצרישע כוחות זיך צעשפּרייט אויף מזרח. בעת אַ טייל אײַנהייטן זענען אַוועק מיטן שאָסיי לענגאויס דעם ים־ברעג, האָבן אַנדערע אײַנהייטן זיך גערוקט פאָרויס אויף אַ מער. אינערלעכן שאָסיי און צווישן ביידע שאָסייען איז איצט געפלאַסטערט געוואָרן נאָך אַ מיליטערישער וועג.

די עגיפּטער האָבן אַ טייל פון זייערע כוחות איבערגעלאָזט אין מידזשדאל, אַ 10 קילאָמעטער צפונדיק פון יד־מרדכי און צו זיי האָט זיך אָנגעשלאָסן אַ מצרישע קאָלאָנע, וועלכע איז פאַרבײַגעגאַנגען יד־מרדכי אויפן דריטן טאָג פון די קאַמפן. דעם 21־טן מאַי האָט דער פאַראײַניקטער כוח, צוזאַמען מיט אַן אײַנהייט פון די „מוסולמענישע ברידער", אַטאַקירט דעם קיבוץ נגבה, וועלכער ליגט ניט ווייט פונעם זייער וויכטיקן, מערב־מזרחדיקן שאָסיי. ווען די עגיפּטער געלינגט צו באַהערשן דעם שאָסיי, וואָלטן זיי דעם צפונדיקן נגב אָפּגעשניטן פון מדינת ישראל. דער שאָסיי וואָלט דערמעגלעכט די עגיפּטער צו פאַראײַניקן זיך מיט זייערע אײַנהייטן, וועלכע זענען אַרײַן קיין באר־שבע און זיך געלאָזט אויף צפון, קיין ירושלים. דערפאַר איז פאַר די עגיפּטער געווען אַזוי וויכטיק, אַז נגבה זאָל קאַפּיטולירן.*

* בעת דער עיקרדיקער מצרישער כוח האָט זיך מיט אַ צוויי־טראַסיקן וועג געלאָזט אויף צפון, זענען עטלעכע אײַנהייטן געבליבן פון הינטן, כדי שטאַרקן דעם כוח, וועלכער האָט באַלאַגערט נגבה.

אין יענע זעקס ביז גאָר ווילטיקע טעג, וועלכע די פּאַרטיידיקערס פון יד־מרדכי האָבן געשאַנקען דער מדינה, האָט די „גבעתי״ בריגאַדע זיך אַוועק־געלאָזט אין דעם ראַיאָן, גרייטנדיק זיך באַגעגענען דעם שונא. די מענטשן פון דער בריגאַדע האָבן זיך פאַרפעסטיקט און פאַרגראָבן, צוגעגרייט גריבער־פולאַפּקעס פאַר טאַנקען און אויפגעריסן עטלעכע ווילטיקע בריקן אויפן הויפּט־שאָסיי. אייניקע פיינדלעכע אַראַבישע דערפער, וועלכע האָבן געקענט העלפן די עגיפּטער אין זייער פאַרויסמאַרש, זענען פאַרנומען געוואָרן.

פיר טעג האָט געדויערט דאָס מצרישע רוקן זיך פאָרויס ביז אישדוד, אַן אַראַביש דאָרף 25 קילאָמעטער צפונדיק פון יד־מרדכי. פאַרן דאָרף האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן אויפגעריסענער בריק. נאָר איידער זיי האָבן באַוויזן אויפצושטעלן אַ ביילי־בריק, כדי אַריבערצופירן זייערע מאַשינען און מעכאַנישע כלים, האָט זיי דער ישראלדיקער לופט־פלאָט באָמבאַרדירט. יענעם טאָג האָבן זעלנער פון לופט־פלאָט, וועלכער איז דעמאָלט נאָך געווען אין די וויקעלעך, צונויפמאָנטירט אויפן פלי־פּלאַץ אין לאַנד 4 קאַמפּס־עראָפּלאַנען פונעם טיפּ „מעסערשמידט״ — די ערשטע וואָס האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד. הגם די עראָפּלאַנען זענען געווען דרינגענדיק אויף אַנדערע פראָנטן, איז דער שעף פון דער „גבעתי״־בריגאַדע, שמעון אבידן, שנעל אַוועק אויפן פלי־פעלד און קאַטעגאָריש געפאָדערט צו שיקן די עראָפּלאַנען קיין דרום, כדי אָפּהאַלטן דעם פאַרויסמאַרש פון די עגיפּטער. דער פּלוצימדיקער אָנגריף האָט ניט פאַרשאַפט קיין גרויסע שאָדנס די עגיפּטער און איינער פון די עראָפּלאַנען איז אפילו אַראָפּגעשאָסן געוואָרן דורך זייערע זעניט־האַרמאַטן. נאָר די פּסי־כאָלאָגישע ווירקונג אויף די עגיפּטער איז געווען אַ שטאַרקע. זיי האָבן אָנ־געהויבן זיך צו פאַרגראָבן, כדי בלייבן אויפן אָרט אַ לענגערע צייט. דאָס איז געווען דער סוף פון דער מצרישער באַרימעריי, אַז זייער רומפולע אַרמיי וועט אין משך פון אַ וואָך זיגט דער אינוואַזיע אויף ארץ־ישראל, אַריין קיין תל־אביב. דער מצרישער אָנפירונג איז ניט געבליבן מער ווי צו רימען זיך מיטן באַהערשן אַ זייטיקן וועג און אַז זיי האָבן שווער געאַרבעט, כדי אָפּצו־שניידן דעם יידישן נגב. ווייטער ווי צפונדיק פון אישדוד — זענען די עגיפּ־טער קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

אַ געוויסע צייט האָבן די מענטשן פון יד־מרדכי געהאָפט, אַז זייער קיבוץ וועט אינגיכן ווידער דעראָבערט ווערן און זיי וועלן זיך דאָרט אומקערן און אים רעסטאַווורירן. נאָר אין צווישן־צייט, דעם 11־טן יוני, 28 טעג נאָך די קאַמפן, איז אַריין אין קראַפט דער ערשטער פייער־איבעררייס, אונטער דער אויפזיכט פון אונ״אָ. דער איבעררייס איז געווען באַשטימט אויף אַזוי פיל טעג,

וויפל עס האָבן זיך געצויגן די שלאַכטן. לויט די באַדינגונגען, איז יעדן צד דערלויבט געווען צו האַלטן די שטחים, וועלכע ער האָט פאַרכאַפּט.

אָנהייב יולי האָט דער אונ"אָ־פאַרמיטלער, גראַף פאָלקע בערנאַדאָט, פאַר־עפנטלעכט זיינע פאָרשלאָגן וועגן ענדגילטיקן איינשטעלן די גרענעצן. ער האָט פאָרגעלייגט איבערצוגעבן די אַראַבער דעם גאַנצן נגב. אויב נעמען אין אַכט, אַז אויך די רעקאָמענדאַציעס פון דער פאַרטיילונגס־קאָמיסיע האָבן ניט אַריינגענומען יד־מרדכי אין שטח פון דער יידישער מדינה, האָבן די שטרע־בונגען פון די פּליטים זיך אומצוקערן איז זייער קיבוץ אויסגעזען ניט מער ווי אַן אוטאָפּיע.

כדי בולטער אונטערשטרייכן די אויסזיכטלאָזיקייט זיך אומצוקערן ווען עס איז אין זייער קיבוץ, האָט דער מצרישער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז דער מלך פאַרוק האָט באַזוכט די „מאַזשינאָ־ליניע פון די יידן" — יד־מרדכי. זיין קע־ניגלעכע מאַיעסטעט — האָט ווייטער דערציילט דער מצרישער ראַדיאָ — האָט מיט די אייגענע אויגן באַטראַכט „איינע פון די באַפעסטיקטע און שטאַרק־סטע פונקטן פון די ציוניסטישע ישובים, אַ פעסטונג וואָס איז געבויט געוואָרן אין איינקלאַנג מיט די מאָדערנסטע כללים פון פאַרטיידיקונג. אין דער פעס־טונג זענען געווען צוויי־שטאָקיקע אָבסערוואַציע־פונקטן, אין יעדן פון די 4 ווינקלען דאָרט איז איינער געווען באַשטימט פאַר שווער געווער און די אַנ־דערע פאָזיציעס — פאַר לייכט געווער און אָבסערוואַציע. די דאָזיקע באַפעס־טיקונגען זענען געווען אַרומגעשטעלט מיט אַ קייט אָקאָפּעס — די ערשטע אָקאָפּע אין דער טיף פון אַ מעטער, נאָך איר אַן אָקאָפּע פון איבער אַ מעטער און צום סוף — אַ צוויי־מעטערדיקער גרוב. די לעצטע פאַרפעסטיקונג־ליניע איז באַשטאַנען פון עלעקטריזירטע שטעכלדראָטן". דערמאָנענדיק זיך ווי זיי האָבן זיך געראַנגלט מיטן זאַמד וואָס האָט זיך אַראָפּגעזעצט און פאַרשיט דעם גרוב — האָבן די געראַטעוועטע קעמפערס אומעטיק געשמייכלט איינער צום צווייטן. זיי האָבן געוווּסט, אַז דער מלך פאַרוק נייטיקט זיך אין נצחונות, כדי שטאַרקן זיין צעטרייסלטן טראָן און דעריבער האָבן זיי אויסגעצייכנט גוט פאַרשטאַנען די איבערטרייבונג פון דער ידיעה אין מצרישן ראַדיאָ. אַמיינסטן האָט זיי ווי געטאָן די מעלדונג, אַז די מצרישע פאָן „פלאַטערט שטאָלץ" אויפן צעשטערטן וואַסער־טורעם.

ענדלעך זענען די פּליטים, מיט אַ שווער האַרץ, דערגאַנגען צו אַ טרויעריקן באַשלוס. זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדערע ברירה ווי אַלץ אָנהייבן פונדאָסנייע, אויף אַן אַנדער אָרט. זיי האָבן באַטראַכט דעם באָדן, וועלכער איז פאַרגעלייגט געוואָרן דורך דער יידישער אַגענץ. צומערשט האָבן זיי באַשלאָסן אַריבערגיין אין אַ פאַרם, וואָס די אַראַבישע אייגנטימער האָבן פאַרלאָזט, צווישן תל־אביב און נתניה. די פאַרם

האָט זיך געפֿונען אויפֿן אַראָפּהאַנג פֿון אַ בערגל און צופֿוסנס איז געשטאַנען דאָס שטיין־הויז פֿונעם שייך. די פּליטים האָבן זיך ניט באַזעצט אין הויז, ווייל זיי האָבן באַקומען אין אַרענדע די בלויזע ערד, וויסנדיק פֿון פֿאָרויס, אַז אויב עלי־קאַסעם, דער אייגנטימער, וועט זיך אומקערן, דאַרפֿן זיי עס אים צוריקגעבן גאַנצערהייט. איצט האָבן זיי זיך אומגעקערט צו זייערע חלוצישע טעג און געוווינט אין געצעלטן און באַראַקן. אויפֿן אָרט איז געווען אַ מאַראַנצן־סאַד, אַ ווייצן־פֿעלד און גרינוואַרג־גאָרטן. די קאָלאָניסטן האָבן אויפֿגעשטעלט אַ שטאַל, זיך איינגעשאַפֿט דרייסיק קי, איינגעקויפֿט צוויי טראַקטאָרן און מאַשינען מיט אויסשטאַטונג פֿאַר אַ סטאָלעריי. כדי שטאַרקן דעם קיבוץ מיט מענטשן־קאַדערן, האָט די הויפּט־אָנפֿירונג פֿון הקיבוץ הארצי זיי צוגעטיילט פּופּציק יוגנטלעכע, וועלכע האָבן עולה געווען פֿון רומעניע און נאָכן אויפֿ־האַלטן זיך אַ לענגערע צייט אין ציפּערן, אומלעגאַל געקומען אין לאַנד. די דאָזיקע יוגנטלעכע זענען געווען אין מאָביליזאַציע־עלטער. די כּוונה איז גע־ווען, אַז די חבֿרה זאָל מיט דער צייט זיך אויפֿשטעלן אַן אייגענעם קיבוץ, נאָר דערווייל העלפֿן יד־מרדכי.

סוף יולי האָבן די מענטשן פֿון יד־מרדכי זיך באַזעצט אין דער פֿאַרם פֿון עלי־קאַסעם. אין סעפּטעמבער האָבן זיי דעם יומטובֿ ראש־השנה געפּראַ־וועט אין זייער פּראָוויזאָרישן עס־זאַל. דאָס איז ניט געווען קיין פֿריילעכע מסיבה. קיינער האָט ניט געפֿילט קיין ספּעציעלע באַדערפֿעניש צו ווינטשן דעם אַנדערן „אַ גוט גליקלעך יאָר". הגם די פֿון קיך האָבן אַלץ געטאָן, כּדי צוגרייטן אַ פֿייערלעכן מאָלצייט, האָט אָבער די אָרעמע שפּייז־צוטיילונג ניט געלאָזט דאָס טאָן. עס האָט אויך ניט געהערשט דאָס געפֿיל פֿון איין גרויסער משפּחה, וועלכע פֿייערט דעם ראש־השנה, ווי ס'האָט זיך פֿריִער געפֿירט אין קיבוץ. די אָנוועזנהייט פֿון פֿרעמדע, וועלכע האָבן ניט געקענט יד־מרדכי און ניט געבראַנגט פּאַר אים קיין קרבנות, האָט נאָך בולטער ארויסגעבראַנגט דעם צער פֿון די וואָס זענען ניצול געוואָרן פֿון דער שלאַכט. דעם יומטובֿ, וועלכן זיי האָבן ניט געפּראַוועט אין זייער פֿאַרלאָרענעם קיבוץ, האָבן זיי זיך גע־פֿילט ווי מען וואָלט אָפּגעריכט גלות. זייער האָרץ האָט געבלוטיקט, ווי אין מזמור „על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו, בזוכרנו את ציון"...

15 יידישע ישובֿים, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין אַ גרויסן קוואַדראַט פֿונעם צפֿונדיקן נגבֿ, זענען איצט געווען אַרומגערינגלט דורך די מצרישע כּוחות. די ישובֿים האָבן אויסגעהאַלטן די באַשיסונגען און לופֿט־באָמבאַרדי־רונגען. איינער פֿון די פּונקטן פֿונעם הסכּם וועגן פֿייער־איבעררייס האָט געלוי־טעט, אַז די עגיפּטער דאַרפֿן דערלויבן יידישע קאָלאָנעס זיך באַוועגן אויפֿן מערבֿ־מזרחדיקן שאָסיי, וועלכע איז דורך זיי באַהערשט, כּדי צושטעלן שפּייז די דאָזיקע באַלאַגערטע ישובֿים. די עגיפּטער האָבן אָבער לכתחילה ניט דער־

לויבט דער יידישער קאָמוניקאַציע צו באַנוצן זיך מיטן קרייצוועג פּאַלודזשאַ. אַלע פּרווון פונעם אונ"אָ־פּאַרמיטלער איבערצוצייגן די עגיפּטער, זיי זאָלן יאָ מסכים זיין — האָבן זיך ניט איינגעגעבן. ענדלעך האָט די העכסטע ישראלדי־קע אַרמיי־אָנפירונג באַשלאָסן צו עפענען דעם וועג מיט כוח, דורך אַ מיליטערישער אַקציע. געווען אויך אַ האָפענונג, אַז אין רעזולטאַט פון אַזאַ אַקציע, וועט מען די עגיפּטער דערווייטערן פון נגב און עס זאָל זיך שאַפן אַ שאַנס צו ענדערן די קאָנסטעלאַציע פון די גרענעצן. אויך דער גורל פון יד־מרדכי האָט זיך איצט אַנטשידן.

די העכסטע אָנפירונג האָט באַשלאָסן צו אַטאַקירן די עגיפּטער פון פראָנט און פון רוקן. דאָס האָט געפאָדערט נאָך רעסורסן און מענטשן, וועלכע זאָלן באַזאָרגט ווערן מיט אַלעמען פון דער לופט. ניט געקוקט אויפן קריג, האָט ישראל באַקומען עראָפּלאַנען און געווער. איצט האָט זי שוין ניט געדאַרפט זיך באַנוצן צום באַמבאַרדירן און טראַנספּאָרט מיט די צוויי־פּערזאָניקע ספּאָרט־עראָפּלאַנען. נאָענט פון רוחמה — דער קיבוץ, ווו עס זענען אָנגעקומען די קינדער פון יד־מרדכי, איידער די שלאַכטן האָבן זיך אָנגעהויבן — איז איינ־געאָרדנט געוואָרן אַ פלי־פעלד און דער ערשטער עראָפּלאַן האָט זיך דאָרט אַראָפּגעלאָזט דעם 22־טן אויגוסט. אויף דעם פעלד זענען אַדורכגעפירט גע־וואָרן 400 לאַנדונגען און אַרויספליען; אַ 2 טויזנט טאָן אויסשטאַטונג איז גע־בראַכט געוואָרן אין נגב.

די העכסטע אַרמיי־אָנפירונג איז געשטאַנען פאַר אַ ריזיקער אַקציע. די יונגע מדינה האָט איצט דיספּאָנירט מיט טאַנקען און פּאַנצער־אויטאָס, 8 אַר־טילערישע באַטעריעס און שווערע מינען־וואַרפערס. אַ נאַר־וואָס געשאַפענע פּאַנצער־בריגאַדע האָט געדאַרפט געשיקט ווערן אין שלאַכט. מער פון צוויי דיוויזיעס פוסגייער־מיליטער האָבן זיך געדאַרפט באַטייליקן אין דער שלאַכט. פון שטאַנדפּונקט פון מענטשן־מאַטעריאַל איז צווישןביידע צדדים ניט גע־ווען כמעט קיין אונטערשיד. בלויז דער פייער־כוח פון די עגיפּטער איז געווען שטאַרקער. יגאל אלון, וועלכער האָט פריער אָנגעפירט מיט די אייבהייטן אין אויבערשטן גליל, איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמאַנדיר פון דער אַקציע.

דעם 15־טן אָקטאָבער האָט ישראל צווויסן געגעבן דעם שטאָב פון די אונ"אָ־אויפזעער, אַז זי האָט בדעה צו שיקן אַ טראַנספּאָרט־קאָלאָנע צום פּאַ־לודזשער קרייצוועג. ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, איז די קאָלאָנע אַטאַ־קירט געוואָרן דורך די עגיפּטער. איין אונטערגעצונדענער לאַסט־אויטאָ איז געבליבן אויפן הויפּט־וועג, בעת די אַנדערע האָבן זיך אומגעקערט אויף זייער באַזע. דאָס איז געווען אַ צייכן אָנצוהייבן די ישראלדיקע אָפענסיווע.

די „גבעתי"־בריגאַדע, אונטער דער אָנפירונג פון שמעון אבידן, האָט אַטאַקירט פון צפון, בעת די „יפתח"־בריגאַדע, אונטער דער אָנפירונג פון יגאל

אלון, האָט געווירקט אין דעם זעלבן גרויסן, מדברישן קוואַדראַט. נאָך שווערע קאַמפּן, האָט די „גבעתי"־בריגאַדע געדאַרפט אָנגרייפן דעם מצרישן שטאַב אין מידזשדאַל. דערווייל האָבן אייניקע פּלמ"ח־איינהייטן אַריינגעדרונגען אין עט־לעכע שטחים, באַהערשטע דורכן שונא, כדי צו צעשטערן זיין קאָמוניקאַציע. אַזאַ אַריינדרינגונג איז דורכגעפירט געוואָרן ביי יד־חנון, אַ 7 קילאָמעטער דרומדיק פון יד־מרדכי. בעת צפונדיק פון דעם פּונקט האָט זיך געפירט איי־נער פון די שווערסטע שלאַכטן פון באַפרייונגס־קריג, זענען די פּלמ"ח־איינהייטן אַריין וואָס טיפער צום ים־ברעג, אַז זיי האָבן געקענט באַשיסן די באַן־ליניע און דעם הויפּט־שאָסיי קאַיר—תל־אביב. הגם די דאָזיקע מענטשן זענען באַשאָסן געוואָרן פון די מצרישע פּאָזיציעס נעבן יד־מרדכי, האָבן זיי געוווּסט ווי געהעריק זיך צו פאַרגראָבן און אויסהאַלטן. ווען די עגיפּטער האָבן געזען, אַז עס דראָט זיי אַ געפאַר אָפּגעשניטן צו ווערן פון זייער שטאַב, האָט זיי אַרומגעכאַפּט אַ בהלה. דעם 17־טן אָקטאָבער האָבן זיי אָנגעהויבן עוואַ־קוירן זייערע כוחות — צומערשט די אָפיצירן, דערנאָך די זעלנער. זייערע אויטאָ־קאָלאָנעס זענען איצט געווען אויסגעשטעלט אויפן שטאַרקן פייער פון די פּלמ"חניקעס, וואָס האָט זיי גורם געווען אַ סך פאַרלוסטן. מצרישע אינזשע־נירן האָבן צוגעגרייט אַ זייטיקן וועג, אויסער דער שיס־דיסטאַנץ פון ישראל־דיקן געווער, כדי אויסמיידן אבידות. צוליב דער קורצער צייט, האָבן די עגיפּ־טער שווער געהאָרעוועט, כדי לייגן נעצן און ברעטער אויפן ברעג פון ים און אַזוי אַרום דערמעגלעכן דעם דורכפאָר פון זייערע מאַשינען. די מצרישע קאָ־מוניקאַציע האָט זיך באַנוצט מיט דעם וועג און פון צייט צו צייט האָבן צווישן די מצרישע קאָלאָנעס זיך אַריינגעריסן פּריוואַטע אויטאָס, אָנגעפּולטע מיט אַראַבישע פּליטים. כמעט אַלע דאָרפישע איינוווינער, די שכנים פון יד־מרדכי, זענען אַנטלאָפן מיטן אָפּטרעטנדיקן מיליטער.

ווען עס איז דעם 22־טן אָקטאָבער דערקלערט געוואָרן נאָך אַ פייער־איבעררייס, האָבן די ישראלים געהאַט אָפּגעהאַלטן ווירכטיקע נצחונות. דער וועג צום נגב איז געווען אָפן, באר־שבע איז באַפרייט געוואָרן, די מצרישע געפאַר פאַר תל־אביב איז לגמרי צונישט געוואָרן. דער איינציקער מצרישער כוח, וועלכער איז נאָך געבליבן אין צפונדיקן נגב, איז געווען די פערטע בריגאַדע, אין וועלכער עס האָט געדינט אַלס אָפיציר דזשאַמאַל אבדול נאַצער. די דאָ־זיקע בריגאַדע איז געווען אַרומגערינגלט אין דעמאָלט אַזוי גערופענעם „פאַ־לודזשאַ־זאַק". הגם דער איבעררייס איז נאָך געווען אין קראַפט, זענען יש־ראלדיקע איינהייטן נאָך אַלץ געווען באַשעפטיקט מיט רייניקונג־אַקציעס.

דעם 5־טן נאָוועמבער זענען איינהייטן פון דער „גבעתי"־בריגאַדע, אין זייער מאַרש אויף דרום, אַריין קיין יד־מרדכי. דער שונא האָט מיט אַזאַ איי־

ליקייט עוואַקוירט דאָס אָרט, אַז די מצרישע פּאַן האָט נאָך אַלץ געפלאַ־טערט אויפן וואַסער־טורעם.

בעת דער ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן וועגן ישראלדיקן פּאָרויסמאַרש, האָבן די מענטשן אין דער פאַרם פון עלי קאָסעם טעג־לאַנג זיך געפונען אין טיפער געריררטקייט. ווען זיי האָבן געהערט, אַז די ישראלים זענען אַריינגעדרונגען נאָענט פון בית־חנון און אַז די קאַמפן שפּילן זיך אָפּ ביי מידזשדאַל, האָבן זיי געפילט, אַז ניט ווייט איז דער טאָג ווען יד־מרדכי וועט ווערן באַפרייט. דעם 5־טן נאָוועמבער, אין די נאָכמיטאָג־שעהן, איז אין דער פאַרם אָנגעקומען אַ מאַן אויף אַ ראָווער, וועלכער האָט געשריגן אויפן גאַנצן קול. דאָס איז געווען אַ ספּעציעלער שליח פון יגאל אלון, אָנצוזאָגן די מענטשן פון יד־מרדכי, אַז זייער קיבוץ איז באַפרייט געוואָרן.

ניט געווען איצט קיין שום ספיקות בנוגע זייער ווייטערדיקן שריט. די פרייד, וואָס האָט זיי איצט אַרומגענומען, לאָזט זיך נאָר פאַרגלייכן מיט יענע איבערלעבונגען, ווען זייערע פיס האָבן דאָס ערשטע מאָל באַטראָטן די פּאַ־טערלענדישע ערד. די אַלע מענטשן, וועלכע זענען גרייט געווען מוותר צו זיין אויף דעם צייטווייליקן זיין אין דער ווירטשאַפט, האָבן זיך געלאָזט לויפן צום הויפּט־שאָסיי. צוויי לאַסט־אויטאָס פון קיבוץ האָבן צו יענער צייט זיך געפונען אין נתניה און זיך געדאַרפט אומקערן אין פאַרם, נאָר די מענטשן האָבן ניט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן ביז זייער אומקערן זיך. זיי זענען געווען אַזוי איבערגענומען, אַז מ׳האָט פאַרגעסן, אַז אין נאָוועמבער איז אין לאַנד קאַלט און ניט גענומען מיט זיך קיין וואַרעמע בגדים און קאָלדרעס. צוקומענדיק צום הויפּט־שאָסיי, זענען גראָד אָנגעפאָרן די לאַסט־אויטאָס.

— מיר האָבן ניט גענוג בענזין ביז יד־מרדכי — האָבן געטענהט די שאָפערן.

— אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג, דער פון דער בענזין־סטאַציע וועט אונדז געבן אויף באָרג — האָבן די אַנדערע געענטפערט.

דער אייגנטימער פון דער בענזין־סטאַציע האָט מיטגעלעבט זייער פרייד און זיי געשאָנקען אַ פאַרציע ברענשטאָף. די וואָך פון פלמ״חניקעס האָט אָוועקגערוקט די וועג־פאַרצוימונגען און געגעבן אַ פרייען דורכפאָר די צוויי לאַסט־אויטאָס, וועמענס פּאַסאַזשירן האָבן געזונגען פונעם גאַנצן האַרצן...

מיטן דערנענטערן זיך צום קיבוץ, איז זייער געריררטקייט געשטיגן. די וואָס האָבן פאַרן אויסברוך פון קריג זיך באַטייליקט אין די קאַלאָנעס, האָבן אָנגעוויזן אויף די באַזונדערע סימנים אויפן וועג. „אָטאָ דאָ זענען געווען מינעס! דאָ האָט מען אויף אונדז געשאָסן! דאָ האָט זיך איבער־געקערט אַן אויטאָ און איז פאַרברענט געוואָרן!״ דערזעענדיק דעם וואַסער־

טורעם אויפן בערגל, האָבן זיי שוין ניט געקענט באַהערשן די געפילן. ווי אזוי איז דער טורעם מיט די פיס געבליבן שטיין און זיך ניט צעפאַלן?* אַלע זענען געווען גליקלעך. הגם דער וואַסער־טורעם איז געווען צעלעכערט ווי אַ זיפּ, איז ער אָבער געווען פאַר זיי אַ סימבאָל פונעם לעבן אויפן דאָזיקן אָרט. די שמחה איז דעריבער געווען גרויס. נאָר ווען זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען נעבן דער פלאַנטאַציע און סאָד, איז שטיל געוואָרן.

— די ביימער! — האָט זלמן אויסגערופן און זיך צעכליפּעט. — זיי האָבן אויסגעהאַקט אַלע ביימער!

דער שונא האָט אויך פאַרניכטעט דעם ווייגאָרטן און די טרויבן־פלאַנצונגען, וועלכע זענען געוואָרן אַזוי טיף פאַרזעצט אין דער ערד, זענען געווען ברוטאַל אַרויסגעריסן. די פעלדער, וועלכע האָבן געגרינט, בעת זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס אָרט, האָבן איצט אויסגעזעזן נאַקעט און פאַרטרוקנט. אויף דעם היזק וועט מען דאַרפן צורעכענען צו די ביזאיצטיקע מלחמה־שאָדנס.

ווען די צוריקגעקומענע פּליטים זענען אַראָפּ פון די אויטאָס, איז זייער בליק געפאַלן אויף אַן אויפשריפט מיט גרויסע אותיות: „געבענטשט זאָל זיין אייער קומען, העלדן פון יד־מרדכי!". די אויפשריפט איז געמאכט געוואָרן דורך די זעלנער וואָס האָבן זיך געפונען אויפן אָרט. ניט געווען דאָ די מענטשן פון דער „קילאָמעטער־אָפּטיילונג", אָדער ווער פון גרשונס באַקאַנטע (גרשון איז אומגעקומען בעתן דעראָבערן באר־שבע). אָבער די מענטשן פון יד־מרדכי, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, זענען געווען אַזוי גליקלעך, אַז זיי האָבן געהאַלדזט און געקושט די אומבאַקאַנטע זעלנער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען.

נאָך דעם ווי מען האָט זיי געוואָרנט ניט אַרומדרייען זיך אין קיבוץ אָן אַ סיבה דערצו, קוים וועלן זיי זיך אָנשטויסן אויף מינעס, האָבן די צוריקגעקומענע באַשלאָסן צו פאַרברענגען די נאַכט אין זייער עס־זאַל. אַריינקומענדיק אינעווייניק, איז מען פאַרביי דעם טאָוול מיט מעלדונגען, וועלכער איז געהאַנגען אויפן אָרט. אַ צעריסן און שמוציק בלעטל איז דאָרט פאַרבליבן אָנגעקלעבט. דאָס איז געווען דער נייעס־קאָמוניקאָט. „די פול־פאַרזאַמלונג פון די פאַראייניקטע נאַציעס האָט באַהאַנדלט די אינוואַזיע אויף ארץ־ישראל און דער פּרעזידענט טרומאַן האָט דערקלערט, אַז די

* עטלעכע חדשים נאָכן אומקערן זיך קיין יד־מרדכי, האָבן מיט אַמאָל זיך איינ־געבראָכן די פיס פונעם וואַסער־טורעם, וועלכער האָט זיך אַראָפּגעזעצט. אייניקע מענטשן האָבן דעמאָלט געאַרבעט באַזונדער, נאָר זענען על־פּי נס ניצול געוואָרן פון טויט.

פאַראייניקטע־שטאַטן וועלן טאָן אַלץ וואָס אין אירע מעגלעכקייטן, כדי פאַרמיידן בלוט־פאַרגיסונג״. דאָס איז געווען דער לעצטער נייעס־קאָמוניקאַט, וואָס איז אָנגעשריבן און אויפגעהאָנגען געוואָרן אויפן טאָוול דורך יעקב יהלום — דער זעלבער, וועלכער איז פאַרלאָרנגעגאַנגען בעתן ריקצוג.

באַגינען זענען די מענטשן אַוועק אין זייערע צימערן, וועלכע זענען געווען ניט צום דערקענען. בלויז די ווענט און דעכער, אַנטבלויזטע פאַר די ווינטן, זענען געשטאַנען פעסט. מעבל, בילדער, פערזענלעכע זאַכן — אַלץ איז געוואָרן צוגענומען. דער צער פון די צוריקגעקומענע אהיים איז ביט געווען באַזונדערס גרויס צוליב די צוגענומענע קליידער און מעבל ; נאָך אַ יאָר־צוויי וועט דער קיבוץ באַזאָרגן דערמיט די חברים. אפשר וועט פאַריבער מערער צייט, ביז זיי וועלן ווידער האָבן ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, געווען פריער צייטן, ווען זיי האָבן בכלל ניט פאַרמאָגט קיין ראַדיאָ. דער צער איז בעיקר גרויס געווען צוליב די פאַמיליע־אַלבומען, ווו ס׳זענען געווען בילדער, וועלכע האָבן אַזוי גערעדט צום האַרצן. הגם ווינציקע האָבן געהאַט פאָטאָ־אַפּאַראַטן, האָבן זיי אויסגעפונען א סך וועגן ווי צו פאָטאָגראַפירן דאָס קינד אין די ערשטע שריט פון אַנטוויקלען זיך. איצט זענען אַלע אַלבומען נעלם געוואָרן. אויך די בילדער פון די הכשרה־פונקטן אין פוילן, פאָטאָס פון די עלטערן, קרובים, ברידער און שוועסטער, פון וועלכע זיי האָבן ניט געוווּסט זינט דעם חורבן אין אייראָפּע. בלויז איין אַלבום איז צוריק אָנגעקומען צו זיין אייגנטימער. דער אַלבום איז געפונען געוואָרן ביי אַ געפאַנגענעם מצרישן זעלנער בעתן דעראָבערן באר־שבע. אַזוי ארום זענען די מענטשן פון יד־מרדכי דערגאַנגען צו דער מסקנה, אַז זייערע פערזענלעכע זאַכן האָבן די עגיפּטער זיך גענומען אַלס אָנדענק.

אין די מיטאָג־שעהן זענען נאָך מענטשן אָנגעקומען אין צעשטערטן קיבוץ. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך די פאָן פון קיבוץ און א סך בלומען־קרענץ. פון תל־אביב איז אַהין געקומען ישראל גלילי, פון די „הגנה״־עלטסטע און אַ פריינד פון קיבוץ און דער פאָרשטייער פון לאַנדווירט־שאַפטלעכן צענטער פון ערד־אַרבעטער אברהם הערצפעלד, וועלכער האָט מיטגעבראַכט אַ פלאַש וויין, כדי פייערן דעם צוריקקער פון די מענטשן אויפן באָדן. זלמן, דער סעקרעטאַר פון קיבוץ, האָט געהייסן די חברים זיך צונויפזאַמלען. זיי זענען איצט געזעסן אויף דער נאַקעטער ערד, וועלכע איז אַמאָל געווען באַדעקט מיט פרישן גרינעם גראָז. גלילי האָט איבער־געחזרט די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט אַלעקסן אין דער נאַכט נאָך דעם ריקצוג.

— אייער קאַמף דאָ האָט געשאָנקען דער מדינה ווערטפולע זעקס טעג, בעת וועלכע מיר האָבן מצליח געווען צו שטאַרקן אונדזער פאַרפעסטיקונג און אָרגאַניזאַציע און צובאַקומען געווער. דאָס פאָלק איז אַ סך פאַרפליכטעט צו יד־מרדכי. ווי קרעטן, האָבן די חברים פון קיבוץ זיך פאַרגראָבן אין די אָקאָפּעס, ניט פאַרלאָזנדיק דאָס אָרט, ווייל זיי האָט באַהערשט אַן אינסטינקט, אַז ניט בלויז זייער ישוב פאַרטיידיקן זיי, נאָר דאָס האַרץ פונעם גאַנצן יידישן ישוב, אַז דער שונא זאָל זיך ניט אַהין אַריינרייסן.

דער גאַנצער מצרישער פּלאַן בנוגע דעם נגב איז נאָך די בלוטיקע צו־זאַמענשטויסן מיט קעמפערס פון יד־מרדכי, געענדערט געוואָרן. די שלאַכט פאַר יד־מרדכי, ווי דער קאַמף פאַר תל־חי — וועט אייביק דערמאָנט ווערן ווי איינער פון די פּרעכטיקסטע עפּיזאָדן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאַרטיידיקונג.

מיט זיין כאַראַקטעריסטישן אָפּטימיזם און הומאָר האָט האַרצפעלד באַרירט אַן ענין, מיט וועלכן די קיבוץ־חברים האָבן חדשים לאַנג זיך ארומגעטראָגן:

— „ווענדעט אייערע בליקן צו דער צוקונפט — האָט ער געזאָגט — איר דאַרפט דאָ גלייך באַשליסן אָפּצוווישן דעם חורבן און פאַרוויסטונג און אַלץ אָנהייבן בויען פונדאָסניי. לאָמיר טרינקען לחיים פאַרן נייעם לעבן — לחיים!" ער האָט דערשטער אַ זופּ געטאָן פון דער פלאַש וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך. די פלאַש ווייַן איז אַריבער פון האַנט צו האַנט; די יוגנטלעכע, וואָס זענען געבליבן נאָך די קאַמפן, האָבן געטרונקען לחיים פאַר זייער צוקונפט; די חלוצים, וועלכע האָבן געזען אַרום זיך אַזוי פיל חורבן און טויט, האָבן איצט געטרונקען „לחיים"; אַפילו ד"ר קעלער האָט איצט מוותר געווען אויף זיינע פּרינציפּן און געטרונקען מיט אַלע.

ווען דער עולם האָט אָנגעהויבן זיך פונאַנדערגיין, איז די אַלגעמיינע פרייד אויסגעמישט געוואָרן מיט אַ טאָן פון טרויער און אומעט. די מענטשן האָבן זיך איצט אומגעקערט צום ברידער־קבר. זייענדיק אויסערן קיבוץ, האָבן זיי ניט איין מאָל געטראַכט, צי די עגיפּטער האָבן ניט אַנטדעקט די קברים און זיי געשענדט. איצט האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז קיינער האָט די קברים ניט גערירט. אַ שפּיץ פונעם אייזן־צודעק, וואָס איז געלעגן אויפן פאַרלאָזענעם בונקער, האָט אַרויסגעשטאַרט פון זאַמד און באַצייכנט דאָס אָרט וווּ די געפאַלענע זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה. די עגיפּטער האָבן אויף דעם אָרט געוואָרפן מיסט, אָבער ניט אַנטדעקט וואָס עס האָט זיך געפונען אונטער דעם אייזערנעם צודעק.

דער עולם האָט אַוועקגעלייגט אויף די קברים די קרענץ בלומען און

אַ לאַנגע צייט זיך מתיחד געווען מיטן אָנדענק פון די געפאַלענע. זיי האָבן זיך דערמאָנט אין אַלע גרוילטאָטן פון קריג, פון וועלכע זיי זענען געווען עדות און בלויז דורך אַ צופאַל געבליבן לעבן. זיי, די וואָס שטייען דאָ — און ניט יענע געפאַלענע, וואָס ליגן אין דער ערד. שפּעטער, ווען אַלע זענען צוריק געווען אין קיבוץ, האָבן זיי דערפילט אַז מען דאַרף אָפּטיילן די קערפּערס, פאַר די יתומים, אלמנות און פאַר זיך גופא, כדי אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד יעדן פון די קעמפערס, וועלכער האָט מקריב געווען זיין לעבן ביים פאַרטיידיקן דאָס אָרט. די קערפּערס זענען איבערגעפירט געוואָרן אויף איינעם פון די בערגלעך, אַנטקעגן דעם וואַסער־טורעם. ביי אַ זיך שלענגלענדיקער סטעזשקע האָבן 23 ניט געטעסעטע שטיינער באַצייכנט די קברים; נאָך 3 שטיינער, וועלכע זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ ספּעציעל אָרט, האָבן סימבאָליזירט די דריי, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן בעתן ריקצוג. אין אַ סך ישובים געפינען זיך די בית־עלמינס ווייט פון די הייזער, אָבער דאָ האָט מען די געפאַלענע קובר געווען אין צענטער פון קיבוץ. טייל־מאָל רייסט זיך אָפּ אַ קינד פון די שפּילערייען מיט אַנדערע קינדער, לויפט צום קבר פון זיין טאַטן און איז זיך מתיחד מיט זיין אָנדענק. אויך די אלמנות קומען אָפּט צו די קברים. אַלטע פריינד קלעטערן אַרויף אויפן בערגל, דאָרט ווו מען דאַרף אַדורכפירן אַן אַרבעט צי אַן אויפגאַבע. יעדעס יאָר אין פרילינג, ווען די שול־קינדער אין לאַנד לאָזן זיך אַוועק באַזוכן היסטאָרישע ערטער, פאַרזאַמלען זיך הונדערטער יונגע באַזוכער ביי די קברים און הערן אויס דאָס קאַפּיטל פון די קאַמפן פאַר יד־מרדכי. אָפטמאָל ווייזט אָן דער וועגווייזער אויפן פונקט אונטערן וואַסער־טורעם, ווו מען האָט קובר געווען די געפאַלענע ווי נאָר מ'האָט זיי דערהרגעט. די וואָס זענען געבליבן פון יענער שלאַכט, האָבן דאָס אָרט באַצייכנט מיט לעבנס־סימנים: 26 ציפּריס־ביימער זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן אויפן אָרט. איצט זענען די יונגע ציפּריסן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין הויכע גרינע ביימער — אַ לעבעדיקע מצבה פאַר די געפאַלענע.

# 11

# און נאָך דעם...

די אַנטשיידונג, פאַר וועלכער אברהם האַרצפעלד האָט אַוועקגעשטעלט די מענטשן פון יד־מרדכי, איז ניט געווען פון די לייכטסטע. די מלחמה האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט; קיינער האָט ניט געוווּסט ווי אַזוי זי וועט זיך ענדיקן און וועלכע ענדגילטיקע גרענעצן די מדינה וועט האָבן. מעגלעך, אַז זייער גורל וועט אַנטשידן ווערן דורך מיליטערישע דעראָבערונגען. ס׳איז אָבער אויך געווען אַ מעגלעכקייט, אַז ראַיאָנען, ניט באַזעצטע דורך יידן, זאָל מען איבערגעבן די אַראַבער. אויב יד־מרדכי בלייבט אין איר פאַרוויסטונג, האָט זי אַ ברירה בכלל ניט אייגעשלאָסן ווערן אין דער יידישער מדינה.

אַלזאָ, די מענטשן פון יד־מרדכי האָבן טאַקע געקענט בלייבן אין דער פאַרם פון עלי־קאַסעם אין צענטער פון לאַנד און באַאַרבעטן מער פרוכטבאַרע ערד, ווי זיי האָבן געהאַט פריער. וואָלט עס אָבער ניט געווען אַ פאַרלייקענונג פון זייער חלוצישן וועג? בשעתו זענען זיי אַוועק אויף דרום, כדי צוגרייטן נאָך באַדן און אים איינשליסן אין דער נעץ פון די יידישע ישובים. זיי האָבן געפילט אַן אחריות כלפי דעם באָדן, וועלכן זיי האָבן באַלעבט און אַרויסגעריסן פון דער וויסטעניש און אים פאַרטיידיקט מיט די אייגענע לעבנס. זיי האָבן געפילט, אַז מען טאָר ניט ברענגען פאַרן מויל „מיר האָבן געטאָן אונדזערס, איצט לאָזט אונדז רויק לעבן".

קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט די אילוזיע, אַז דער צוריקקער אין קיבוץ וועט זיין באַצירט מיט רויזן. עס וועלן זיין נייע געפאַרן און ס׳וועלן אויפקומען נייע שוועריקייטן. קיינער האָט דערויף ניט פאַרמאַכט די אויגן. אויב זיי וועט געלינגען טאַקע צוריק אויפצושטעלן דעם קיבוץ, דאַרף די נייע גרענעץ־ליניע פון דער מדינה דורכגיין צווישן זיי און עזה. זייער ישוב וועט זיין אַ גרענעץ־פונקט און די שכנים פון יענער זייט גרענעץ וועלן ניט איין מאָל באַלעסטיקן (הגם זיי האָבן ניט געקענט פאַרויסזען דעם פ אַ ר נ ע ם פון אַזאַ באַלעסטיקונג). אויב עס וועט ווידער זיין אַן אינוואַזיע, וועלן זיי נאָך אַמאָל שטיין די אַריינדרינגלער אין וועג און ווידער געבן מענטשלעכע און מאַטעריעלע קרבנות כדי אָפּשטעלן דעם שונא. פונדעסטוועגן, איז נאָך לאַנגע

און ערנסטע דיסקוסיעס באַשלאָסן געוואָרן זיך אומצוקערן קיין יד־מרדכי, מיט דער האָפענונג, אַז דאָס רעסטאווירירן אים וועט געבן דער מדינה אַ גרונט צו פאָדערן איינשליסן דעם ראַיאָן אין שטח פון ישראל.

ניט אַלע האָבן מסכים געווען מיטן באַשלוס צוריקצוגיין אינעם צע־שטערטן ישוב; אין יענעם יאָר האָבן צוואַנציק מענטשן פאַרלאָזט דעם קיבוץ. זיי האָבן ניט געזאָגט אָפן, אַז זיי זענען ניט אימשטאַנד צו פאַרטראָגן דאָס אומקערן זיך צו די חורבות. דאָך האָט ביי די פאַרבליבענע געהערשט אַ געפיל, אַז בעצם איז דאָס געווען די סיבה פון זייער האַנדלונג. דאָס דאָזיקע פאַרלאָזן, צוזאַמען מיט די געפאַלענע, האָט פאַרקלענערט די צאָל צוריקגע־קומענע חברים פון יד־מרדכי — ביז אַ דריטל. ביים היינטיקן טאָג בילדן די געקומענע פון פוילן, וועלכע האָבן בשעתו געגרינדעט דעם קיבוץ, בלויז אַ העלפט פון די אָרטיקע מענטשן. די צווייטע העלפט באַשטייט פון בולגאַרן און דרום־אַמעריקאַנער; אַ גרויסער טייל פון די לעצטע איז אויך פון פוי־לישן אָפּשטאַם.

דער היינטיקער יד־מרדכי איז אַ ישוב וואָס ציילט אַ 500 איינוווינער, אַרומגערינגלט מיט אַ סך ביימער, צופוסנס פון דעם בערגל, ווו עס ליגט דער צעשטערטער וואַסער־טורעם. די באַהעניע־ביימער בליען מיט זייערע ווייסע קנאָספּן און איבער די ברייטע גראָז־פּלאַנטן ציען זיך ציפּריסן־וועלד־לעך. דאָס גערטנדל מיט רויזן, דער קליינטשיקער וואַסער־באַסיין און די בענק נעבן צעוואַקסענע קוסטעס, פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון שלווה און שטילקייט אויפן אָרט. אויסער אייניקע סימנים פון קוילן, וועלכע מען זעט אין עטלעכע שטיין־בנינים, זענען אָפּגעווישט געוואָרן אַלע צייכנס פון די קאַמפן און פון חורבן.

ווען איך בין אין יאָר 1960 געווען אין יד־מרדכי, האָבן די דערוואַקסענע זין פון קיבוץ געדינט אין מיליטער און זייערע עלטערן האָבן געטראַכט: וואָס וועלן טאָן די קינדער, נאָכן אומקערן זיך אין קיבוץ? „איצט, אַז זיי זענען אַוועק פון קיבוצישן תחום, פאַרברענגען אין די גרויסע שטעט, געזען אַן אַנדער לעבן, וועט זיך זיי וועלן מַמשיך זיין און לעבן אין קיבוץ?” זייער זאָרג איז געווען שטאַרקער ווי די געוויינלעכע זאָרג פון עלטערן, וואָס ווילן זען זייערע קינדער פאַרזיכערטע אין לעבן. וואָס וועט געשען, האָבן גע־טראַכט די עלטערן, אויב נאָך יענע יאָרן פון שווערער, מיפּולער פּראַצע, פון אַ באַשיידן און פּשוט לעבן, אויב נאָך יענע קרבנות פון אויסהאַלטן אין דער שלאַכט, פון בויען פונדאַסניי דעם צעשטערטן קיבוץ, וועלן די קינדער זיך אָפּזאָגן ווייטער אָנגיין מיט זייער לעבן אין יד־מרדכי? דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער דורכפאַל.

זייערע קינדער זענען אָבער דערצויגן געוואָרן אין פולשטענדיקער פריי־

הייט און די אַנטשיידונג בנוגע זייער צוקונפט איז געלעגן אין זייערע הענט, בעת די עלטערן האָבן געדאַרפט שטיין אָן אַ זייט און זען וואָס פון דעם אַלעמען וועט אַרויסקומען.

אַז כ'האָב אין יאָר 1962 ווידער באַזוכט יד־מרדכי, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אַלע יוגנטלעכע, אויסער איינעם, האָבן אויסגעקליבן צו לעבן אין קיבוץ (איין מיידל, וואָס האָט חתונה־געהאַט, איז אַריבער וווינען אין באר־שבע). דערפאַר האָבן 4 מיידלעך פון יד־מרדכי געבראַכט אַהיים זייערע אויסדערוויילטע, וועלכע האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין קיבוץ. די חתונה־צערעמאָניע פון די דאָזיקע יונגע פּאָרלעך איז געווען אַ פּאַרכאַפּנדיקער ספּעקטאַקל, אויף וועלכן די יונגע חברה האָבן עפנטלעך פאַרבונדן זייער צוקונפט מיטן קיבוצישן לעבן. דאָס איז שוין ניט געווען יענע באַשיידענע חתונה־פייערונג פון די בראשית־טעג. נאָך דעם ווי זיי האָבן גענומען חופה־וקדושין פון רב, זענען געקומען אַ סך געסט פון דרויסן צו פרייען זיך מיטן יומטוב פון די יוגנטלעכע. עס זענען צוגעגרייט געוואָרן 1000 ערטער און די גרויסע צאָל געסט האָבן זיך אויסגעזעצט ביי די אימפּראָוויזירטע טישן אויף די גראָז־פּלאַנטן. די מסיבה האָט זיך אָנגעהויבן, ווען די חתנים מיט די כלות האָבן זיך אויפגעזעצט אויף איינער פון די פּלאַטפאָרמעס, וועלכע איז דאָס מאָל געווען באַלויכטן מיט אַ שלל פאַרביקע לעמפּלעך. די כלות האָבן געטראָגן ווייסע קליידער און אין די הענט — בלומען; די חתנים זענען געווען אָנגעטאָן אין גראָע הויזן און ווייסע העמדער מיט אָפענע קאָלנערס. די פּאָרלעך זענען פאַרבייגעגאַנגען אונטער אַ טויער פון גרינס, געפירט ביי די הענט פון זייערע ברידערלעך און שוועסטערלעך, ביז זיי זענען צוגעקומען צו זייערע עלטערן, וואָס האָבן געוואַרט נאָענט פון דער פּלאַטפאָרמע. די פייערונג גופא איז געווען זייער אַ פּשוטע. גדעון האָט געלייענט אַ קאַפּיטל פון תנ"ך און די יונגע פּאָרלעך האָבן זיך אונטערגעשריבן אינעם חתונה־ספר פון קיבוץ און געטרונקען לחיים איינעם צום צווייטן. דאָס איז געווען די שמחה ניט נאָר פון די יוגנטלעכע, ווייל די עלטערן און די חברים האָבן ביי דער געלעגנהייט געהאַט אַ סאַטיספאַקציע פאַר זייער אַרבעט און מי אין פאַרלויף פון די אַלע לאַנגע, שווערע יאָרן.

די אַלטע קיבוץ־חברים האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך אינטערעס צו מיין שרייבערישער אַרבעט און ניט געקאַרגט קיין קריטיק און עצות אָן אַ צאָל. אויף איינעם פון די ערשטע צוזאַמענטרעפן, האָבן עטלעכע זיך אָפּגעגרענעצט פון מיינע רייד בנוגע זייערע העלדנטאַטן. זיי האָבן מיך געוואָרנט קעגן צו־פיל לויבן זייערע מעשים, ווייל זיי זעען ניט אין יענער שלאַכט קיין טראַגעדיע. זיי האָבן געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער עצם פאַקט פון זיין זעלנער

אויף דער ערשטער פייער־ליניע, איז בלויז אַ רעזולטאַט פון אַ געאָגראַפישן צופאַל. זיי האָבן דערפילט זייער חוב. אַז זיי האָבן געמוזט הרגענען, האָבן זיי עס געטאָן, הגם זיי זענען פרידלעכע מענטשן.

— דערציילט אין אייער בוך ווי אַזוי מיר האָבן געקעמפט, נאָר טוט עס אַזוי, אַז פון יעדן בלעטל זאָל אַרויסשרייען אַ רוף צו שלום — אַזוי האָבן זיי פאַרלאַנגט פון מיר אויף דער לעצטער באַגעגעניש.

ביט געקוקט דערויף, וואָס די מלחמה האָט פאַקטיש אויפגעהערט און זיי זענען צוריק געקומען און זיך אויפגעשטעלט אַ פּרעכטיקע היים, הערשט ניט קיין רו אין זייער סביבה. פונעם בערגל, אויף וועלכן ס'איז פריער געשטאַנען דער וואַסער־טורעם, זעען זיך די געלע זאַמד־דיונעס פון דער גרענעץ, ווייט בלויז אַ קילאָמעטער פון דאַנען. מ'קען זען די הויכע פאַרצוימונג, וואָס נעמט אַרום דעם קיבוץ; אויף ביינאַכט ווערט דער טויער אין דער פאַרצוימונג פאַרשלאָסן. באַוואָפנטע היטערס דרייען זיך אַרום אין די נעכט.

הגם דער הסכם וועגן וואָפנשטילשטאַנד איז געחתמעט געוואָרן מיט 14 יאָר צוריק, איז אַלץ ביט שטיל ביי דער גרענעץ. אַריינדרינגלער און שפּיאָנען, וועלכע קומען אין לאַנד פונעם עזה־פּאַס, דערגייען ביזן קיבוץ און שעדיקן אים וויפל עס לאָזט זיך. בעת מיין זיין אין יד־מרדכי, זענען עטלעכע אַזעלכע אַריינדרינגלער געכאַפּט געוואָרן. איינער פון זיי האָט געשאָסן צו אַן אַמבולאַנס, וועלכער איז געפאָרן אויפן שאָסיי; איינער האָט דערמאָרדעט אַ ייד אין דער שכנותדיקער אשקלון. קיינער רעדט ניט וועגן די צוגרייטונגען צו אַן עווענטועלער איבוואַזיע פון מצרישן מיליטער, הגם אַזאַ מעגלעכקייט איז אוודאי גענומען געוואָרן אין באַטראַכט. פאַראַן היינט טיפע בונקערס, בלויז זייערע ווענטילאַציע־רערן און די טרעפּ וואָס פירן אַהין, לאָזן זיך זען פון אויבן. די אָקאָפּעס אין די פּאָזיציעס 1 און 2 זענען ניט פאַרשאָטן געוואָרן און מען רעקאָנסטרוירט זיי אַלס אָנדענק. מעגלעך, אַז אויפן אָרט איז פאַראַן אַ געוועער־מאַגאַזין, נאָר עס האָט מיר קיינער ניט דערציילט וועגן דעם. ישראל האָט אַ שטאַרקע אַרמיי און אויב עס וועט איצט ווידער אויסברעכן אַ מלחמה, וועט מען זיי ניט איבערלאָזן מער דעם אייגענעם גורל.

# נאָכן איבערלייענען דאָס בוך

פון שמעון אבידן

ענדיקנדיק לייענען, האָב איך געטראַכט, צי זענען די בלעטער אַנדערש פון די אומצאָליקע ביכער, וואָס שילדערן די איבערלעבונגען פון מענטש אין שלאַכט און די גרויליקייטן פון קריג. זענען דאָך אין אַלע דורות געווידמעט גרויסע שאַפונגען דער דאָזיקער טעמע — אַ טעמע, וואָס האָט ווי אַן אומ־פאַרמיידלעכע קאַטאַסטראָפע געטראָפן אַלע פעלקער. וועסט אין די ביכער געפינען קרעפטיקע שילדערונגען פון גבורה פונעם מענטשן, וועלכער האָט געוווסט מקריב צו זיין זיין לעבן, אויב דאָס געוויסן האָט אים געהייסן אַזוי טאָן. וועסט געפינען געשיכטעס פון אַ פאָלק, וואָס האָט געקעמפט פאַר זיין פרייהייט, געוווסט ווי אַזוי זיך פאַרמעסטן מיט אַן אומפאַרגלייכלעך שטאַר־קערן קעגנער, מיט אַ דערפאַרענער און פולקאָמער קריגס־מאַשין — און זיי ביייגעשטאַנען, ווייל די זיכערקייט אין דער גערעכטיקייט פון זייער קאַמף האָט זיי באַוואָפנט מיט איבערמענטשלעכע גייסטיקע כוחות, מיט אַן אומבאַ־שרייבלעכער אויסהאַלטעוודיקייט.

דאָס אַלץ איז שוין געשריבן געוואָרן. פונדעסטוועגן איז אין דעם ספר פאַראַן עפּעס וואָס אַנדערש, ספּעציפיש פאַר אונדז, פאַר די וואָס פאַרטיי־דיקן דאָס שעפערישע לעבן אין לאַנד און פילן זייער פליכט לגבי אַנדערע אויסער די גרענעצן פון אונדזער לאַנד. די קליינע, אָרעמע מדינת ישראל, האָט ניט קיין סך צו געבן, ניירערט פון איר גייסט, פון דער דביקות, וואָס די מענטשן האָבן צו זייער שליחות, פון דער גבורה, וואָס איז פאַראַן אין דעם גראָען און מיפּולן אַרבעטס־טאָג; פון צונויפפלעכטן די וויזיע פאַר סאָציאַלן יושר און זעלבסט־פאַרווירקלעכונג, פון סאָציאַלער גלייכהייט, וואָס איז פאַראַן אין דער אַרבעטנדיקער קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג אין מדינת ישראל.

די שלאַכט פאַר יד־מרדכי האָט זיך ניט אָנגעהויבן דעמאָלט ווען דער ערשטער שאָס האָט איבערגעריסן די שטילקייט. דער געראַנגל מיטן פאַר־אויסמאַרשירנדיקן מצרישן מיליטער איז ניט געווען דער ערשטער געראַנגל פון יד־מרדכי. און די שלאַכט האָט זיך ניט פאַרענדיקט מיטן בהלהדיקן און מפלהדיקן ריקצוג פון די עגיפּטער. די מענטשן פון יד־מרדכי זענען ניט קיין צופעליקער צונויפשמעלץ פון פריוואַטע פערזאָנען, וועלכע דער גורל אָדער אַ

באַפעל האָט אַוועקגעשטעלט אויף דעם אָרט. זיי זענען אַ טייל פון אַ באַ־וועגונג, וואָס האָט אויף איר פאַן אויסגעקריצט „נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַפרייונג". דערצויגענע אין „השומר הצעיר", האָבן זיי גענומען אויף זיך פרייוויליק, לויט אייגענער אַנטשיידונג, דעם קיבוצישן לעבנס־וועג און אַליין זיך דערצויגן פאַר דיסציפּלין. אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן האָבן זיך געוועבט אינטימע מענטשלעכע באַציונגען. זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן מיט דער אָרעמ־קייט און מיט נאַטור־קאַטאַסטראָפעס און געוואָרן געהאַרטעוועט. זיי האָבן דערפילט יעדער אויפגאַבע וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן. זייער געשיכטע פאַרפולט איינעם פון די געוויינלעכע בלעטער אין דער מגילה פון אונדזער פאָלק אויף זיין וועג צו פרייהייט. איר וועט ביזן היינטיקן טאָג זיי געפינען אויף יעדן אָרט פון אַ פורעניות.

די פעיקייט אויסצודויערן אין שלאַכט מיט אַזאַ אומגלייכן כוח האָבן זיי דערוואָרבן אין געזעלשאַפטלעכער דערפאַרונג, אין זייער געראַנגל מיטן מדבר, אין זייער גלויבן אין דער ריכטיקייט פון זייער וועג. איר וועט צווישן זיי געפינען אויך געוויינלעכע בשר־ודמס — און די זענען געפרוווט געוואָרן מיט גייסטיקע דורכפאַלן און אָפּהענטיקייט. פאַראַן אָבער אין דער קיבוצישער חברה דער כוח צו דערהייבן דעם שוואַכן צו די הייכן פון גייסטיקער התרוממות און טאַט. דאָס איז איינע פון די לעקציעס פון דער שלאַכט פאַר יד־מרדכי. אַ כינעזישער חכם האָט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק פאַרצייכנט: „די שטאַרקייט פון דער מויער איז ווי די טריישאַפט פון אירע פאַרטיידיקערס". דאָס איז נאָך אַ לעקציע.

דער פלמ"ח האָט זיך אַליין אויסגעקליבן אַלס עמבלעם זאַנגען מיט אַ שווערד. דאָס איז ניט געווען קיין צופאַל. דער עמבלעם איז אַן אויסדרוק פון דער גרייטקייט צו דעראָבערן די וויסטענישן פון לאַנד, אָבער דאָס איז ניט גענוג און מען דאַרף האַלטן די שווערד, כדי פאַרטיידיקן דאָס דעראָבערטע. דער קיבוץ יד־מרדכי איז ניט געווען איינזאַם אין זיין שלאַכט. אינעם ברייט־דער־קבר ליגן צוזאַמען די קערפּערס פון צה"ל־זעלנער, פלמ"חניקעס און קיבוץ־חברים, וועלכע האָבן מקריב געווען זייערע לעבנס. דאָס געפיל פון אָנגעהעריקייט צו אַ קעמפנדיק פאָלק, די זיכערקייט, אַז יעדער שעה וואָס די חברים פון יד־מרדכי האַלטן אָפּ די מצרישע קאָלאָנע, איז גורלדיק פאַר דעם גאַנצן געראַנגל — פאַרוואַנדלט די־אָ זיכערקייט אין אַ פאַקטאָר פון כוח. דער ברידער־בונד צווישן דעם ישוב און די פלמ"ח־איינהייטן, האָט דערמעגלעכע אַזאַ האַלטונג. דאָס איז אַ לעקציע, וואָס האָט גאָרניט פאַר־לאָרן פון איר קראַפט.

די שלאַכט האָט זיך געענדיקט. די חברים פון יד־מרדכי האָבן זיך אומ־געקערט צו זייערע געפאַלענע חברים, צום צעשטערטן קיבוץ. די האָרעוואַניע

פון יאָרן איז פֿאַרשלונגען געוואָרן דורכן מדבר. וועט סטייען כּוח אָנצוהייבן פֿונדאָסניי? וועלן זיך לאָזן פֿאַרהיילן די ווונדן אויפֿן אָרט, ווו ס'איז פֿאַרגאָסן געוואָרן דאָס בלוט פֿון די טייערסטע? וועט דער קיבוץ קענען ווידער אויפֿשטעלן זיין היים, אַנטקעגן די אויף אים אָנגעצילטע האַרמאַטן? דער פּרט האָט געקענט באַשליסן צו גיין מיטן לייכטסטן וועג. יד־מרדכי איז געווען פֿאַרפּליכטעט ממשיך צו זיין אין דערפֿילן זיין אויפֿגאַבע.

היינט גרינען די גראָז־פּלאַנטן, בלומען־בייטן האָבן פֿאַרדעקט די גריי־בער פֿון די אויפֿגעריסענע שראַפּנעלן, קינדעריש געלעכטער זיכערט אַ צוקונפֿט. דער קרייז איז געשלאָסן. יד־מרדכי שטייט פֿעסט. פֿאַרשטעלט ווידער די אַקס, אויף וועלכער עס קען זיך באַוועגן דער שונא אין האַרץ פֿון לאַנד. הלוואי און מיר זאָלן ניט דאַרפֿן ווידער אַמאָל זיך פֿאַרמעסטן.

# אינהאַלט

